סטעפאן זשעראמסקי

# ערב־פרילינג

(„Przedwiośnie“)

ראמאן אין 3 טיילן

אויטאָריזירטע איבערזעצונג פון יצחק טורקאָוו

פארלאג ח. בזשאָזא
ווארשע 1926

in POLAND

געזעצט: פ. קרימער, פולאַוו
געדרוקט ביי בר. וואָיציקעוויטש, פּאַוויע 10
געבונדן ביי א. קאַמיען, עלעקטאָראַלנע 21

„PRZEDWIOŚNIE"
STEFANA ŻEROMSKIEGO

Wydawnictwo
Ch. BRZOZA
Warszawa, Leszno № 27

Druk· B-ci Wójcikiewicz, Pawia 10

קאָנראַד טשאַרנאָצקין,
אַלס צייכן פון אמתער פריינטשאַפט
— דער מחבר

דאָ גייט נישט — צו אַלדע רוחות! — וועגן זיין הערב,
נישט וועגן דער שורה פאָרגענגער מיט אונטערראַזירטע קעפּ און
קאַראַבעלן — נישט וועגן די אויסדעקאָלטירטע עלטער-באָבעס
אין פּיאָקן. דער טאַטע מיט דער מאַמען — דאָס איז דער גאַנ-
צער יחוס-בריוו בײַ אונדז, אינם לעבן פונם הײַנטיקן מענטש אָן
אַ נעכטן. צוליב נויטווענדיקייט ווערט דערמאָנט איין זיידע, צוליבן
מוז אַ פּאָר ווערטער וועגן איין-איינציקן עלטער-זיידן. מיר וועלן
זיך נישט אַנטקעגנשטעלן דעם, מיט סעמיטישן גייסט און גע-
שמאַק דורכגעזאַפּטן, אומוילן פון הײַנטצײַטיקע מענטשן צום באַ-
לאַסטן דעם מוח מיט ידיעות וועגן דעם, אין וועלכער קירכע,
אָדער אויף וועלכן בית-עולם דער זיידע ליגט.

אַלזאָ — דעם פאָטערס פאַמיליע-נאָמען איז געווען באַרי-
קאַ, דער נאָמען — סעווערין, וואָס האָט נישט שטאַרק שאָקירט
אינם בריטן רוסלאַנד. „סיעווערין גריגאָריעוויטש באַריקאַ" —
איז ווי עס איז אָנגעגאַנגען, דורכגעגליטשט זיך אומבאַמערקט.
די מאַמע איז געווען אַ פשוטע, אַן אייגענע, גרונט-געווײַנטלעכע
יאַדוויגאַ דאָמבראָווסקאַ, געבוירן אין שעדלעץ. זײַענדיק דאָס גאַנ-
צע לעבן אין רײַסלאַנד, אין די פאַרשידנסטע גובערניעס און או-

יעזדן, האָט זי נישט באַוויזן צו באַהערשן די רוסישע שפּראַך; דער מאַמעס גייסט איז נישט געווען ערגעץ־דאָרט אויפן אוראַל, אָדער אין באַקו; אין סימבירסק, אָדער גאָר אין טולע, נאָר כסדר אין שעדלעץ. נאָר אין שעדלעץ זענען פֿאָרגעקומען פֿאַר איר וויכטיקע, אינטערעסירנדיקע געשעענישן, וואָס זענען ווערט געווען זי זאָל זיי געדענקען און בענקען נאָך זיי — כאָטש זי האָט גע־ווּסט וועגן זיי בלויז פֿון ציימונגען און בריוו. דאָס איבעריקע, אויסער איר מאַן און זון, איז געווען אַ צופֿעליקער, מאָמענטאַלער, פֿאַרבייַלויפֿנדיקער סכום פֿון זאַכן און געשעענישן, וואָס האָט דער־וועקט אַלץ אַ גרעסערע בענקשאַפֿט דווקא נאָך שעדלעץ. אין דער שענסטער געגנט — דער אָאַזע אויפֿן נאַפֿט־מדבר, אין באַקו — אין דעם אַמאָליקן „זיך", אין דער בוכטע פֿונם אַפּשעראָנישן האַלבאינזל, וואָס האָט געשמעקט מיט בלומען און מזרח־צמחים, ווו דער דורכזיכטיקער ים האָט אָנגעפּילט מיט אַ געמורמל די שאָטנס פֿון די לעבן־ימיקע וועלדער — האָט די פֿרוי באַריקאַ נישט געהאַט עפּעס וויכטיקערס צו באַמערקן, ווי, אַז אויך סע־קולע איז „אויך" געווען זייער אַ שיינער טייך; אין ראַקאָוויעץ זענען חוץ דעם געווען לאָנקעס — שענערע, ווי אַלע אין דער וועלט. און ווען די לבנה האָט געלויכטן איבער דער מוכאַווקע און געשפּיגלט זיך אינעם וואַסערל באַ דער מיל... דאָ האָט זיך אָנגעהויבן אַן אומפֿאַרמיידלעך באַלעקן זיך מיט אַ לאַנג־דויערדיקן דערמאָנען די שיינקייט פֿון עפּעס נאַסע לאָנקעס באַ איגאַניע, פֿון וועלדל באַ סטאָטשעק, אפֿילו פֿון דעם שאָסיי צו מאָרדעס־צו, וועלכער איז, — גאָט, דערבאַרעם זיך! — פֿול געווען נישט נאָר מיט בלאָטע, שטויב און גריבער, נאָר אויך מיט חן.

באַלד נאָך דער חתונה, פֿאָרנדיק צום ערשטן מאָל קיין מאָסקווע, האָט זיך שוין די פֿרוי באַריקאַ (יאַדוויגאַ דאָמבראָווס־קאַ) באַרימט געמאַכט אין דער פּויליש ער קאָלאָניע מיט אירע פֿאַר ווערטער צו אַ „יאַמשטשיק". ווייל ווען די קאַרעטע, אין וועלכער זי איז געזעסן, האָט זיך אומדערבאַרעמדיק געשאָקלט צוליב די גריבער אויף דער בריק־גאַס, האָט זי געמוסרט דעם „קוטשער",

וואָס איז, אַן אָנגעשטאָפּטער אין אַלע זייטן, זיך געזעסן אויף די קאָלעס: — „וואָס זענען עפּעס באַ אייך אַזעלכע פלאָכע ברוקי*)“. זי האָט דעם פאָרוואורף איבערגעחזרט איינמאָל, צוויי און דריי מאָל, כסדר, ווי ס'האָט זי אומגעדולדיקט דאָס טרייסלען זיך, ביז ס'איז געקומען צו דער קאַטאַסטראָפע. דער קוטשער האָט זיך אַ פּאָר מאָל אומגעקוקט אויף איר מיט כעס, און ווען זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט דעם פאָרוואורף פון „פלאָכע ברוקי“, האָט ער פאַרהאַלטן זיין גרויע פערדל און אַ דונער געטון:

„דאַ טשטאָ ווי, באַרינאַ, וו סאַמאָם דיעלע ק מאָים בריוקאַם פּריסטאַלי! פלאָכיע בריוקי, דאַ פלאָכיע בריוקי! יש באַבו! פלאָ-כיע, טאַק פלאָכיע, אַ טיעבע באַבאַ, טשטאָ זאַ דיעלאָ“!**)

אַן אַנדערשמאָל האָט זי שוין אַלס ווייב פון אַ גוט־סיטויִרטן באַאַמטן, וועלנדיק ווי ווייט מעגלעך מיטהעלפן צום דערפאָלג און שטייגן פון איר מאַן — אים שטאַרק געשאָדנט מיט איר קנאַפּן קענען די רוסישע שפּראַך און אירע אייגנטלעכקייטן. ס'איז גע-ווען אויף אַן עפנטלעכן באַל אין אַן אוראַלער גובערניע-שטאָט. דעם באַל האָט באַערט מיט זיין אַנוועזנהייט דער אָרטיקער גו־בערנאַטאָר מיט זיין טאָכטער. די פרוי באַריקאַ האָט געהאַט דאָס גליק צו געפינען זיך, נאָכן דורכטאַנצן אַ וואַלס, אין דער שכנות פון גובערנאַטאָרס טאָכטער. זי האָט חשק געהאַט אָנצוהייבן אַ געמיטלעכן שמועס מיט דער יורשטע פון דער מאַכט באַם אוראַל. זי האָט געוואָלט אויסנוצן דעם מאָמענט און עפּעס טון פאַר איר מאַן, דורכן געווינען די סימפּאַטיע פון גובערנאַטאָרס טאָכטער. אָבער זי האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי אָנצוהייבן דאָס געשפּרעך, און געוואַקלט און געפּלאָנטערט זיך אין אומרו פון נישט וויסן וואָס צו זאָגן... לסוף האָט זי געפּאַקט: זעענדיק אַ שיינע רויז,

*) פּויליש — שלעכטע גאַסן־דעקונג. אויף רוסיש „בריוקי“ — הויזן.

**) „וואָס האָט איר זיך עס אַזוי, מאַדאַם, צוגעטשעפּעט צו מיי-נע הויזן! שלעבטע הויזן, איז שלעכטע! שלעכטע איז שלעכטע, אָבער אייער עסק איז עס נישט!“

צוגעשפיליעט צום סטאַניק פון גובערנאַטאָרס שיינער טאָכטער, האָט די פרוי באַריקאַ אַרויסגעזאָגט מיט אַנטציקונג, ווערנדיק צעשוווּ-מען אין עקזאַלטאַציע און דערטרונקען אין פאַרערונגס-שמייכ-לען:

„אַך, קאַקאַיאַ או וואַס קראַסנאַיאַ ראָזשאַ!“*)

ווי גרויס איז אָבער געווען איר פאַרוווּנדערונג, וואָס זאָג איך! מוראַדיקע איבעראַשונג, ווען דאָס גובערנאַטאָרישע מיידל האָט אָנגעהויבן צו רופן אין דער ריכטונג פון איר פאָטער מיט אַ פאַרחלשט-ווייטיקדיק ווייך שטימעלע:

— פּאַפּיענקאַ! פּאַפּיענקאַ! מיעניאַ זדיעס אָביזשאַיוט!**)

פון וואַנען האָט די פרוי יאַדוויגאַ (געבוירן דאָמבראָווסקאַ) געזאָלט וויסן, אַז די פוילישע רויז איז נישט „ראָזשאַ“. ס'איז דאָך אַזוי ענלעך אין קלאַנג!

דאָס חתונה האָבן מיט סטווערין באַריקאַ איז אויך פאָרגע-קומען אויף אַן אַ יסערגעוויינטלעכן אופן.

האַבנדיק אַ גוטן פּאָסטן, אַ „יונגערמאַן“ אַ געזונטער, אין בליענדער עלטער — האָט ער באַשלאָסן חתונה צו האָבן. פאַר-שטייט זיך — אין זיין היימלאַנד. האָט ער גענומען אורלויב אויף איין חודש און אין משך פון דער צייט, אין וועלכער ער איז אינגאַנצן פריי געווען, אַראָפּרעכנענדיק די צייט פון דער נסיעה, האָט ער באַוויזן אַלץ צו דערליידיקן: אויסגעזוכט זיך אַ לעבנס-באַגלייטערין, דורכגעמאַכט דאָס אָנגענומענע „שדכנען זיך“, באַ-קומען די הסכמה פון אירע עלטערן, די כלה האָט אים „ליב גע-קריגן“ (כאָטש זי האָט שטאַרק ספּאַזמיריט נאָך עפּעס, צי נאָך עמעצן), חתונה געהאַט, דורכגעמאַכט די נסיעה צוריק און נישט פאַרשפּעטיקט זיך אפילו אויף אַ שעה צו זיין אַרבעט אויפן פּאָסטן, ערגעץ צופוסנס פון דעם מיטלסטן אוראַל.

*) אַן איבערדרייונג פון פוילישער „רוזשאַ“ — רויז, אין רוסיש — מאָרדע.

**) מען באַליידיקט מיך דאָ.

אין דער יוגנט האָט סעווערין באַריקאַ נישט באַקומען קיין ספּעציעלע בילדונג און ער האָט אויך נישט געהאַט קיין פעסטגעשטעלטע באַשעפטיקונג. ווען ס'איז געווען די צייט דערצו, האָט ער נישט געהאַט קיין גרויסן חשק זיך צו פאַרנעמען דעם קאָפּ מיט לימודים, און שפּעטער איז די לאַגע געוואָרן אַזאַ, אַז ס'איז אוממעגלעך געווען אָנצוהייבן שטודירן. דערפאַר איז ער געווען אַ לענגערע צייט אַ פּשוטער מענטש, וואָס זוכט אַ פּאָסטן. און ווען ער האָט געפונען אַ נישט שטאַרק פּאַסיקן, האָט ער בסוד געזוכט אַן אַנדערן, בעסער-באַצאָלטן פּאָסטן — אויף וועלכן ס'איז געביט. עס איז בלויז געגאַנגען וועגן דער הייך פון דער פּענסיע, דירה, באַהייצונג, באַלייכטונג, פּראָצענטער און ענלעכע צוגאָבן, און וואָס מען האָט געטון פאַר די פּראָבענטער, דאָס איז לחלוטין נישט געווען וויכטיק. מ'דאַרף דערמאָנען, אַז סעווערין באַריקאַ איז געווען בטבע און דורכאויס אַן אָרנטלעכער מענטש, דעריבער וואָלט ער אפילו פאַר דער גרעסטער פּענסיע און שענסטער דירה נישט געטון קיין שום געמיינע זאַך. ער איז נאָר גרייט געווען צו טון אַלץ, וואָס די „גאַטשאַלסטווע" וועט הייסן, אַבי ס'זאָל נישט אַרויס פון דער דורך דער בירגערלעכער וועלט-אָנשויונג אָנגעצייכנטער גרענעץ צווישן גוטס און שלעכטס. דאָס פאַרמלחמהדיקע רוסלאַנד איז געווען אַן אויסגעחלומטע אַרענע פאַר מענטשן פון דעם טיפּ, וואָס האָבן געוואָלט זיך דערשלאָגן צו עפּעס, בפרט נאָך פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן געשטאַמט פון קרוין-פּוילן. דאָס באַקומענע וויסן אין די גימנאַזיאַלע „קלאַסן", די איינגעבוירענע אינטעליגענץ, וואָס האָט באַגלייט דעם פּאָסטן-זוכער צוזאַמען מיט זיין געזונט און איז אויף זיין יעדן רוף אויסגעוואַקסן „ווי מ'האָט זי נישט געזייט" — די אויסהאַלטעוודיקייט, מוטיקייט, לוסטיקייט און אַ קאַפּעטשקע ליצנות-טרייבעריי פונם „פּאָניע", בײַ וועלכן מען דינט און אַ חוץ דעם הערשט מען איבער אים — אָט דאָס אַלץ האָט אים געבאַנט אַ וועג פון אַ נידעריקערער פּאָזיציע צו אַ העכערער. מען דאַרף מודה זיין, אַז אין דער דאָזיקער אָפּערע האָט נישט קיין קליינע ראָל געשפּילט אויך די פּראָטעקציע, די שטילע, הכנעהדיקע, גוטע פּירערקע, וואָס האָט אים בײַ דער האַנט דורכגעפירט

פון איין לאַנדסמאַן צו אַן אַנדערן, אַ העכערן, וועלכער האָט זיך באַ דער רוסישער לייטער געהאַלטן מיט אַ האַנט אָדער פוס.

ס'איז נישט אַוועק קיין סך צייט פון דער התונה אין שמידלעך, און ס עווערין באַריקאַ איז שוין געווען נישט נאָר אַ פאָטער פון אַ גערעטן זונדעלע — וועלכעס מ'האָט אַ נאָמען געגעבן צעזאַרי גזשעגאָזש — נאָר אויך פאַרזען מיט אַ שפּאָר קניפּל. די גערעכטיקייט צווינגט אונדז מודה צו זיין, אַז ער האָט נישט געהוליעט, נישט געוואָרפן זיך מיט געלט אָן אַ פאַרוואָס. ער האָט אָפּגעשפּאָרט און געזאַמלט, אויב נישט לעבעדיקע גראָשנס און גאָלד, איז פאַרשיידענע חפצים: מעבל, דיוואַנעס, צירונג, אפילו בילדער, אפילו ביכער — נישט כדי צו קוועטשן די שטול זיצנדיק איבער זיי, נאָר סתם — אַלס טייערע אַנטיקן. בשעת ס'איז אָבער אַנגעשטאַנען דאָס באַדערפעניש זיך צו טרעפן מיט דער באַלעזערנער און בעסערער וועלט, איז געקומען אויף דער מוז צו לייענען יענע טייערע, פיין-געביבנדעגע פוילישע „ווייסע קראָען" פון זיין ביבליאָטעק. פון דעם אָפּטן לייענען האָט זיך אַריינגעוועבט אין זיין לעבן אַ געוויסער גייסט, אַ סובטעלער, אומקלאָרער, ווי אַ פאַרשווונדנדיקער ריח. צווישן די ביכער, וואָס זענען פּראַכטפול געבונדן געווען אין געגילדעטער לעדער, מיט די אויסגעדרוקטע נעמען, איז געלעגן אַ נישט-באַמערקבאַר ביכל, וואָס איז ספּעציעל געווען געצערטלט, אַ שטייגער, ווי דאָס טייערסטע צירונג אין אוצר-קעסטל. דאָס איז געווען אַ ספר-הזכרונות פון דער מלחמה אין 1831 יאָר, וואָס איז אָנגעשריבן און אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַן אַנאָנימען מחבר און אַנטהאַלטן די באַשרייבונג פון גענעראַל יוזעף דווערניצקיס אָנגריף אויף בערעסטעטשקאַ און ראַדזשיווילאָוו.

צווישן די פאַרשידנסטע קלייניקייטן, וואָס זענען געווי און אויף אַ העכסט פאַרפּלאָנטערטן אופן באַשריבן געוואָרן, איז דאָרט אויך געווען אַ ידיעה אויפן זיבן און דרייסיקסטן זייטל, אַז צווישן די פּופּצען בירגער, וואָס זענען אין אוקראַינע צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד און געשטיצט אים מיט זייער גאַנצן האָב און גוטס, איז אויך געווען קאַליקסט גזשעגאָזש באַריקאַ, דער פּריץ פון סאָ-

לאָווייווקע מיט די שכנותדיקע דערפער. דאָס איז געווען, אין אַ גלייכער ליניע, דער זיידע פון סעווערין באַריקאַ. דער זיידע קאַליקסט איז מיט זיין באַטייליקונג אינם אויפשטאַנד מיאוס אַרייננעפאַלן. ווייל ווי נאָר דער גענעראַל דווערניצקי האָט געמוזט נאָך דער שלאַכט בא באָרעמל לעבן סטיר אַריבערגיין די גרענעץ פון גאַליציע בא ווילינ יעץ, זייענדיק אָנגעגריפן דורך אַ שטאַרקערער מחנה פונם רוסישן גענעראַל רידיגער — האָט די רוסישע רעגירונג זיך געוואָרפן מיט דער גאַנצער פאַרביסנקייט אויף אַלע די, וואָס האָבן געשטיצט די באַוועגונג. סאָלאָווייווקע איז קאָנפיסקירט געוואָרן, דאָס פאַמיליען-הויז איז לכתחילה באַרויבט און לסוף ביזן גרונט פאַרברענט געוואָרן, און יענער זיידע קאַליקסט האָט געמוזט, אויפן לעצטן פערד פון זיין אַמאָל רייכער שטאַל, אַרויסוואַנדערן אין דער וועלט אַריין, דאָס הייסט, אין דעם גרויען, פינסטערן תהום פון דלות, וואָס האָט געהערשט נאָכן אויפשטאַנד. ער איז געוואָרן פון אַ פריץ אַן אביון, וואָס מוז אין דער פרעמד ביגיעת־כפים פאַרדינען זיך דאָס שטיקל ברויט. די ידיעה, טרוקן אָנגעשריבן, אָן אַ ברעקל איבערנעמונג מיטן גורל פון דעם אומגליקלעכן, אָבער אויספירלעך, איז געווען אונטערגעשטראָכן פון ביידע זייטן דורכן זון פון יענעם קאַליקסט און סעווערינס פאָטער. די צוויי לעצטע, פון דער פריִער־דערמאָנטער סאָלאָווייווקע מיט די שכנותדיקע דערפער, האָבן וועגן דער געשעעניש פאַרמאָגט בלויז אַ ווערסיע, וואָס איז אָנגעגעבן אין דער בראָשורע, און אַ לעגענדע בעל־פה. סאָלאָווייווקע איז געוואָרן אַ משפחה-געשיכטע, אַ מעשהלע, וואָס איז דערציילט געוואָרן אַלעמאָל אין אַן אַנדערער פאָרם אַלס עפעס אַ ווייטע געשעעניש, אַ באַרימטע, רומפולע, אויסערגעוויינטלעך גרויסע. די דאָזיקע לעגענדע גופא, ווי ס'געשעט שטענדיק מיט אַזעלכע לעגענדעס, האָט פאַרגרעסערט דעם זיידנס עשירות, פאַרברייטערט זיינע גיטער און דער טאַט גופא צוצוגעבן דעם אָפשיין פון אַ כמעט איבערמענטשלעך ווערק. די טרוקענע ידיעה אין דער בראָשור פונם אַנאָנימען מחבר איז געוואָרן ווי אַ שפינער, אַרום וועלכן ס'האָט זיך געוויקלט אַ דינער און טייערער גלויבנס־פאָדעם פון די אָרימע נאָכפאָלגער.

זיי האָבן געגלייבט, אַז זיי זענען עפּעס העכערע, וואָס ס'האָט אין זיי אַריינגעפּרענגט אַ שטאָלץ. סעווערינס פֿאָטער האָט אונטערן נאָמען פֿון ביכל אָנגעשריבן מיט גרויסע אותיות אַ באַפֿעל, נישט צו וויסן פֿאַר וועמען ער איז, פֿאַר זיין איינציקן זון, צי פֿאַר דער גאַנצער שורה נאָכפֿאָלגער: „היטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ!“ און באמת האָט סעווערין באַריקאַ אָפּגעהיט דאָס ביכל ווי אַן אויג אין קאָפּ. ס'האָט מיט אים געוואַנדערט איבערן ברייטן רוסלאַנד, ליגנדיק שטיל, אויפֿן דנאָ פֿון זיין קעסטעלע, צווישן ברודיקע קעלנערלעך און אָפּגעצטראַגענער וועש, אין דער שכנות מיט נישט שטאַרק צוציענדיקע שקאַרפּעטן און קאָפּיעס פֿון בקשות וועגן אַ פּאָסטן, געשריבענע צו פּאַרשידענע גדולים, ווייל ס'איינציקע פֿונם לייכטזיניקן און ברייט-האַרציקן זיידן איז דאַמאָלס געווען אָרעם, ווי אַ קירכע-מויז. שפּעטער האָט עס גערוט אין שיפֿלאָדן פֿון טישל, צווישן די וויכטיקסטע פּאַפּירן. שפּעטער האָט עס אַריינגעוואַנדערט אין דער טעקע פֿון העכערן באַאַמטן, אין אַ באַהאַלטן שיפֿלעדל פֿון אַ גדול, לסוף — אין אַ גלעזערנער שאַנק, אָרום עקלאָפּט מיט בראָנז, אָנגעפּולט מיט יקרי-המציאות, אוצרות פֿון דרוק און באַנד. 'קען נישט זאָגן, אַז דער תוך פֿון דעם היסטאָרישן ביכל זאָל האָבן עפּעס אַ באַזונדערס טיפֿע שייכות מיטן גייסטיקן לעבן פֿון סעווערין באַריקאַ. ער איז אָבער געווען אין דעם לעבן עפּעס גרויסעס, חלומדיקס, צוציענדיקס. דאָס ביכל האָט אַנטהאַלטן עפּעס ווי אַ רעליגיע, אין וועלכער מ'גלייבט אַפֿילו נישט און מ'דינט זי נישט, נאָר מען טאָלערירט זי מיט דרך-ארץ. ס'האָט געהאַט אין זיך עפּעס ווי אַ ריח פֿון אַ פֿרילינגס-בלום, וועלכע אַ געזונטער פּראַקטישער מענטש, וואָס איז פֿאַרנומען מיט געשעפֿטן, באַמערקט גאָרנישט, כאָטש ער קוקט אויף איר, אָבער די בלום קוקט טריי אַרויף אויף אים פֿון דער נידעריקער ערד און פֿון שאָטן, און אַ חוץ אַלעם גיסט זי אויס איר ריח צו אים. חוץ דעם איז צום ביכל צוגעוואַקסן אַ משפּחה-שטאָלץ און באַהאַלטענע אַמביציע: מ'איז נישט אַרויסגעפֿאַלן — צו אַלדע רוחות! — פֿון אַ סראָקעס אונטערווייגדל, ווי דער ערשטער בעסטער פֿון יענע, וועלכע מ'טרעפֿט אויפֿן וועג צו אַ קאַריערע און פֿאַר וועלכע

מ'דאַרף זיך בוקן ביז צו דער ערד!

גייענדיק פון אַ נידעריקן שטאַפּל צו אַ העכערן, וווינענדיק אין פאַרשידענע שטעט, האָט זיך סעווערין באַריקאַ ענדלעך געפונען אין באַקו, אין די דאָרטיקע נאַפט־„אינדוסטריען", שוין אַלס העכערער באַאַמטער, וואָס האָט אונטער זיך אַ גאַנצע ביוראָ. די אַמאָל באַשיידענע דירה האָט זיך געביטן אין אַן אַפּאַרטאַמענט, וועלכנס פּאָדלאָגעס זענען באַלייגט געווען מיט פּערסישע דיוואַנעס. אויף די דיוואַנעס האָט מען אויסגעשטעלט מעבל, נישט סתם קינסטלערישע, נאָר פּשוט טייערע, וואָס זענען געווען באַהאָנגען מיט אוצרות־קאָסטנדיקע קאַווקאַזישע אַטלאַסן, שווערע סערוועטן האָבן באַדעקט די טישן, און אויף די ווענט זענען געהאָנגען „האַנט־געמאָלעכצן", אייל־בילדער פון פאַרשידענע מייסטערס, וואָס זענען אין די מעבל־געשעפטן אַזוי הויך געשאַצט געוואָרן, ווי דאָס מעבל גופא. אַ סך כּלים פון זילבער און גאָלד זענען פאַרבאַהאַלטן געווען אין די דעמבענע און ניסנהאָלצערנע שענק, מאַסיווע, ווי די באַסטיאָנען פון אַ פעסטונג.

פיינדליק כּסדר אַ שפּאַרזאַם לעבן, האָט סעווערין באַריקאַ געהאַט אָנגעזאַמלט אַ פּאָר הונדערט טויזנט רובל אויף אַ שלעכטער צייט. ער איז געווען אַ הויך־געשעצטע סאָלידע פּערזאָן, פאַר וועלכער מען האָט איבעראַל דרך־ארץ געהאַט. ווי נאָר דער גורל האָט אים פאַרוואָרפן, איז ער געוואָרן אַן אָנזעעוודיקע פיגור אין פּוילישן וועלטל. דאָס שטילע ווייב, וואָס האָט כּסדר און אייביק און אַלץ שטאַרקער געכליפּעט נאָך דער געבורטס־שטאָט, האָט אויף אים אַזוי געווירקט, אַז אויך אים האָט אַמאָל... פון צייט־צו־צייט... געשמעקט דער געדאַנק פון אומקערן זיך אינעם היימלאַנד, איבערטראָגן דאָס משפּחה־פייערל צו די ברעגן פון דער ווייסל, און דאָרט אָנהייבן עפּעס אַ ברייטערע טעטיקייט. אָבער דער אויסגעצייכנטער פּאָסטן אין באַקו, די מטבע, וואָס איז געפלאָסן אין זיין קעשענע מיט אַן אמתן שטראָם — דער ווילשטאַנד, די רו — לסוף דאָס לאַנד, דאָס ארץ זבת חלב ודבש — האָבן אים אָפּגעהאַלטן אויפן אָרט. ער איז אַפילו אַ ביסל צוגעוווינט געוואָרן טאַקע צו יענעם ווילשטאַנד. דער וואַרעמער קלימאַט, די אויסגעצייכנטע און אויסער-

געווײנטלעך ביליקע מזרח-פּירות, די אומגעהייערע ביליקייט פון פראַכטפולן זייד, דער קליינער ווערט פון מענטשלעכער אַרבעט, די מעגלעכקייט צו פאַרברענגען די הייסע חדשים אויפן „זיד", די באַקוועמלעכקייט און רייכקייט פון דער הייז-איינאָרדנונג — דאָס אַלץ האָט אים נישט אַרויסגעלאָזט פון דעם דאָזיקן לאַנד.

אומבאַוווּסטזיניק, אָדער אונטערבאַוווּסטזיניק האָט אים נאָך געהאַלטן די צוגעבונדנקייט צו די אַלטע פאַרהעלטענישן, צו דער גאַנצער צאַריש-רוסישער גרויס-מאַכט, אויף וועלכער מען איז געזעסן ווי אַ פליג אויף אַ געשפּאַן, וואָס דריקט דעם קאָפּ און זייטן פון אַ ווילדן פרעמדן לאָשאַק, אַזוי האָט עס סעווערין באַריקאַ חלומענדיק יעדעס יאָר וועגן אומקערן זיך אין היימלאַנד און ווערנדיק גלייכצייטיק באַוואַקסן מיט זילבערנע און גאָלדענע פעדערן — אַרייַנגעלייגט זיין גאַנצע נשמה אין זיין געזונטן און געראָטענעם טשאַרוש.

דאָס ייִנגל האָט געהאַט פון די פריִעסטע יאָרן אָן די טייערסטע לערערינס פון פראַנצויזיש, ענגליש, דייטש און פויליש, און די בעסטע, גוט-באַצאָלטע קאָרעפּעטיטאָרן, בשעת ער האָט זיך געלערנט אין גימנאַזיע. ער האָט זיך גאָרנישט שלעכט געלערנט, אָדער בעסער געזאָגט, ער וואָלט זיך געלערנט אויסגעצייכנט, ווען די אין אים פאַרליבטע עלטערן וואָלטן אים נישט געשטערט מיט זייערע שרעק און צערטלערייען, צי ער אַרבעט זיך, חלילה, נישט איבער, צי ער שטרענגט זיך נישט צופיל אָן. אין אַ שטילן קאַבינעט, וואָס איז אויסגעבעט געווען מיט אַ פוכיקן דיוואַן, אַזאַ פוכיקן, אַז דער טריט איז אין אים פאַרזונקען געוואָרן, האָט מערסטנטיילס דער טאַטע מיטן זון וואָס אָפטער פאַרברענגט אין אַ גענוספולן התבודדות. דאָס ייִנגל, אַ שילער פון ערשטן קלאַס, ליגנדיק אויפן פאָטערס ברוסט, קאָפּ בײַ קאָפּ, — און דער פאָטער, וואָס האָט זיך געהוידעט אין אַ וויג-שטיל, האָבן זיך אַריינגעקושט פון מויל אין מויל די כפלונגס-טאַבעלע, אַ פראַנצויזיש מעשהלע, וועלכעס ס'האָט ביז מאָרגן באַפוילן אויסצולערנען זיך דער שטרענגער לערער, אָדער זיי האָבן ביז אָנמאַכט זיך געחזרט

עפּעס אַ קליין פּויליש לידל, כדי נישט צו פאַרגעסן די גוטע אויסשפּראַך פון דער דאָזיקער שווערער שפּראַך. נאָר די שול האָט געטון ס׳איריקע: טשאַרוש האָט אַ סך בעסער גערעדט רוסיש, ווי פּויליש. ס׳האָט נישט געהאָלפן דאָס אָפּהיטן אין דער היים די פּוילישע שפּראַך, און נישט דאָס, וואָס די דינסטן זענען געווען פּוילישע. די מאַמע האָט, ווי באַוווּסט, נישט געהאַט קיין שולד אין איר זונס רוסיפיצירונג. דער פאָטער האָט אויך נישט געבראַכט צו טשאַרושס רוסיפיצירונג — כאָטש ער האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען די נויטווענדיקייט פון קענען די מלוכה-שפּראַך און ער האָט שטאַרק אונטערגעשטראָכן דידאָזיקע נויטווענדיקייט — ווייל אויך דעם פאָטער האָט שוין דאַמאָלס געשמעקט דאָס דעליקאַטע, ווייכע, שרהשע, וואָס האָט זיך געטראָגן פון ווייטן לאַנד. דאָס לעבן גופא, וואָס איז דורכגעזאַפּט געווען מיטן רוסישן גייסט, האָט דאָס זייניקע געטון. און אַזוי זענען עס טשאַרושס טעג געשוווּמען אין די אָרעמס פון טאַטע-מאַמע, אויף זייערע קני׳ען, אונטער דער שוץ פון זייערע פאַרליבטע אויגן.

ע ר ש ט ע  ט ײ ל

# גלעזערנע הײזער

טשאַרוש איז גראָד איבערגעגאַנגען פון פירטן אין פיפטן
קלאַס און געענדיקט דאָס פערצענטע לעבנס-יאָר, ווען סעווערין
באַריקאַ איז גערופן געוואָרן אין מיליטער אַריין, אַלס רעזערוו-
אָפיציר — די מלחמה איז אויסגעבראָכן. — גיך, אין משך פון
אַ פּאָר טעג, איז צעשמעטערט געוואָרן די פאַמיליען-אידיליע. צע-
זאַרי איז אַליין געבליבן מיט דער מוטער אין דער פּאַרטומטער
דירה. בשעת מ'האָט דעם טאַטן אָפּגעפירט צו דער קריגס-שיף,
וואָס האָט אים באַדאַרפט אוועקפירן קיין אַסטראַכאַן, האָט ער
נישט געפילט קיין טראָפּן טרויער. אַ נייעס! ס'האָבן אים פאַר-
כאַפּט טויזנטער אייגנצלהייטן און קלייניקייטן, דאַטן, נעמען, ציפערן,
וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו זיין פאָטערס אָנטייל זיך אין אַן
אָפּיצירישן מונדיר. ער האָט געהאָלפן פּאַקן די וואַליזקע, דעם
פאָטערס אויסגעצייכנטע וואַליזקע פון גראָבער, געלער לעדער,
מיט מעטאַל אַרומגעשמידט, מיט אויסגעדרוקטע איניציאַלן און אַן
אַ צאָל סודותפולע אָפּטיילונגען. ער האָט זיך נישט באַטייליקט און
נישט פאַרשטאַנען די ספּאַזמען און געוויין פון זיין מוטער, וואָס
איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרצווייפלטע פון באַגינען ביז אין דער
נאַכט. ערשט, ווען דער פאָטער איז צוזאַמען מיט אַנדערע אָפי-

צירן געבליבן אויף דער שיף, און ער איז אַליין געבליבן מיט דער מוטער באַם ברעג, און מ'האָט מיט אַ רעש אָוועקגעשטופּט דאָס בריקל פון שיף, איז צעזאַרי ווילד מבולבל געוואָרן ווי קיינמאָל נישט אין זיין לעבן. אונטערן דרוק פון דעם געפיל האָט ער אויסגעצויגן די הענט און אָנגעהויבן צו שרייען ווי אַ פּיצל קינד.

אָבער דעם פאָטערס באַרויִקנדיקע צייכנס, וועלכע ער האָט געמאַכט אין דער לופטן מיט זיינע ווייסע הענט, האָבן אים אַזוי פּלוצלינג געשטילט, ווי פּלוצלינג ס'איז געקומען זיין בלינדער, קינדערישער ווייטיק.

דאָס איז דאָך אויף אַ קורצער צייט! ממש מאַנעוורן! די מלחמה וועט דאָך לאַנג נישט דויערן. מסתמא עפּעס אַ פּאָר וואָכן. אפשר אַ חודש. אין ערגסטן פאַל צוויי חדשים. די רוסישע פּרעס וועט זיך דורכרוקן איבער די פעלדער פונם שונא, צעשמעטערן די שטערונגען, ווי מייערן אָדער קוקוריזע און אַלץ וועט ווידער דערפירט ווערן צו אַ סדר. אַזוי האָבן אַלע גערעדט און אַזאַ מיינונג האָט צעזאַרי באַקומען פון זיין אָוועקפאָרנדיקן פאָטער. ווען ער האָט זיך אומגעקערט פון פאָרט צוזאַמען מיט דער מוטער, וואָס האָט באמת געשוויגן ווי אַ קבר, איז ער שוין געווען פריילעך. ס'האָט אים דערפרייט דאָס און יענץ, און בעיקר די פרייהייטס-פּערספּעקטיוו. דער פאָטער, וואָס האָט אויף אים קיינמאָל נישט געשריגן, קיינמאָל נישט געשטראָפט, נאָר געמוסרט האַלב-וויצלדיק, מיט אַ לייכטן חוזק, שמייכלענדיק, — האָט געהאַט אַן אייזערנע, אומצעברעכבאַרע שליטה איבער אים. קעגן דעם פאָטערס ווייכן שמייכל, קעגן זיינע רויִקע אָנווייזונגען און הכנעהדיקע עצות, גוטהאַרציקע בקשות, וואָס זענען געוואָרפן געוואָרן צווישן חנדלען און שפּילן — קעגן דעם אַלעם איז נישט געווען קיין ווידערשטאַנד. דאָס זענען געווען פּונקטן און פּאַראַגראַפן פון ווילן, וואָס איז אָנגעוואָרפן געוואָרן מיט אַ שמייכל און אינמיטן צערטלערייען. דאָס איז געווען אַן אַליינהערשנדיקע מאַכט און אַ אַ אומצעברעכבאַרע דיקטאַטור, אַז ס'איז גאָרנישט, בפירוש גאָרנישט געווען בכוח זי צו ברעכן. איצט איז די

אייזערנע רייף לויזער געהאָרן און אליין דורכגעפאַלן. די פּאַנישע שרעק אין דער מאַמעס אויגן: — וואָס וועט דער טאַטע זאָגן דערצו? — איז פאַרשוואונדן. דער פאָטער האָט זיך אָפּגערוקט פון דער דירה און פון דער וועלט, און זיין אָפּוועזנהייט האָט געזאָגט: — טו, וואָס דו ווילסט?

די פרייהייט האָט צעזאַרי, באַגליקט. אויף זיין מוטער האָט זי געוואָרפן אַ פחד.

— וואָס וועט איצט זיין? — האָט זי געשעפּטשעט, צונויפּברעכנדיק די הענט.

צעזאַרי האָט זיך אַזעלכע פראַגן נישט געשטעלט. ער האָט צוגעזאָגט דער מאַמען צו זיין געהאָרכזאַם, פּונקט אַזוי, ווי דער טאַטע וואָלט נאָך געווען אין קאַבינעט. ער האָט באַשלאָסן צו זיין געהאָרכזאַם און באַרויִקט די מאַמען מיט מיליאָנען האַרציקסטע צערטלערייען. אָבער אין דער אמתן האָט ער זיך מיטן גוף און נשמה געריסן, ווו דער פעפער וואַקסט. וואָס ער האָט נישט געקענט פועלן בא דער מאַמען מיט קאַפּריזן, האָט ער אויסגעבעטן מיט חנדלען, אָדער גאָר סקאַנדאַלן. ער האָט איצט אַלץ אויסגעפּירט, געטון, וואָס זיין האַרץ האָט געגלוסט. נישט באַמערקנדיק די גרענעצן פון יענע שטחים, וועלכע זענען פאַר אים אַמאָל געווען פאַרבאָטן, האָט ער זיך געוואָרפן אויף רעכטס און לינקס, פאָרויס און צוריק — כדי אַלץ, וואָס איז אַמאָל געווען פאַר אים פאַרבאָטן, גענוי צו באַטראַכטן.

גאַנצע טעג האָט ער איצט פאַרבראַכט אויסער דער היים, וואָיעוועדיק מיט זיינע חברים, שפּילנדיק, שטיפנדיק און מאַכנדיק קונדייסישע שטיק.

נאָך די וואַקאַציעס איז ער „געגאַנגען" אין גימנאַזיע און אין דער היים ווייטער זיך געלערנט פראַנצויזיש און דייטש, ענגליש און פּויליש, אָבער די לעקציעס זענען גיכער געווען אַ שורה פון סקאַנדאַלן, און אָפּטמאָל אויך געשלעגן. מיט יעדן „בעלפער" האָט ער זיך איצט געקריגט, געריסן און געפירט אומענדלעכע פּראָצעסן, ווייל ער איז כסדר געווען אַ „בעוולטער", קעגן אים איז מען כסדר באַגאַנגען אומגערעכטע טאַטן, פאַר וועל־

כע ער האָט ווידער געמוזט אַלס ערנהאַפטער מענטש נקמה נעמען אויף אַ פּאַסיקן אופן, און דער פּאַסיקער אופן האָט טאַקע געמוזט זיין דער, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן אַלס פּאַסיקער אין די מאָסגעבנדיקע ספערן, דורך די „עלטערע" חברים פון פיפטן קלאַס.

די שפּילן — לעולם אומשולדיקע — שטיפערישקייט און קונדסישקייט האָבן אים פאַרכאַפּט, ווי עפּעס אַ סטיכיע. אין דער סביבה פון אַ פּאָר אַלטע חברים האָט ער געמאַכט פּיס פון די לימודים און אַרומגעלאָפן איבער דער געגנט, און אפילו אינמיטן דער נאַכט געלאָפן איבער די גאַסן, איבער לעכער, גריבנס און איבערבלייבענישן פון גווערבישע טעמפּלען, איבער חורבות פון אַלטע מעטשעטן. אַרויסרייסנדיק זיך פון פאָטערס צוים, האָט ער שוין נישט געקענט פאַרטראָגן קיין שום שטריק. די אומגליקלעכע מוטער האָט דעם קאָפּ פאַרלוירן, צעשוומען געוואָרן אין טרערן און פאַרלאָשן געוואָרן אין אומרו. דערזעענדיק די ביטערע טרערן, וואָס האָבן אים געלאַנגווייליקט ביז צום טויט, איז צעזאַרי בעסער געוואָרן אויף אַ טאָג, מיט גרויס מי — אויף צוויי. אויפן דריטן טאָג האָט ער שוין ווידער עפּעס אָנגעבראָיעט. ער האָט באַ טאַטאַרן אויסגעשלאָגן די שויבן, אַרויפגעקלעטערט אויף די פלאַכע דעכער פון פאַרשידענע הייזער און, אַ פאַרבאַהאַלטענער דאָרט, האָט ער געשאָסן פון אַ שטיינוואַרפער צו די הויז־איינוווינער. דאָרט האָט ער אויסגעבויערט אַ לאָך אין אַ וואַנט פון אַ רייכן מאַכמעדאַנערס הויז, כדי זיך צוצוקוקן צו יענעמס „ווייבער", וואָס זענען אַרומגעגאַנגען אין דעם בוימלאָזן גערטנדל אָן טשאַרטשאַפן, דאָס הייסט, די זיידענע פנים־דעקן. — דאָ ווידער האָט ער אָרגאַניזירט אַ קאַצן־יאָמער פאַר אַן אומדערטרעגלעכן בעלפער. באַנאַכט האָט ער זיך אָן אַ ציל אַרומגעשלעפּט איבער דעם נישט פאַרענדיקטן בולוואַר פון דער נייער שטאָט, אָדער גאָר זיך געיאָגט, ווי אַ היימלאָזער הונט, דורך די הינטער־געסלעך און דורך די שמאָלע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט, געדרייט זיך אין פאָרט, אין שמוץ און טשאַד פון דער „שוואַרצער שטאָט", אָדער צווישן די וואָלקאַנען, וואָס האָבן אַרויסגע-

וואָרפן פון די אויסגעלאָשענע קראַטערן שטראָמען געזאַלצענע בלאָטע. די נויטווענדיקייט פון אַרומשלעפן זיך, אָן־ציליקן רייסן זיך מיט אַן אימפּעט פון אָרט צו אָרט, איז געוואָרן בײַ אים אַן אײַזערנע געוווינהייט און ליידנשאַפט. ער האָט נישט געקענט אײַנזיצן אויף איין אָרט. אויסערדעם — די שפּילן. די שפּיל אין באַל, אין פּאַסקעס, אין שטיינדלעך, „קינשקעס", אין פּאַרשידענע גרוזינישע בײַנדלעך. צעזאָריס פּוסט־און־פּאַסטע טעג זענען אָבער אויך געווען אָנגעפּילט מיט נישט אַבי־וואָס פּאַר אַן אַרבעטן. ער האָט זיך געלערנט אַ ראָל צו דער חברישער טעאַטער־שפּיל, מיט אַן אינהאַלט פון רוצחים־לעבן, וואָס האָט געזאָלט געהיים אויסגעפירט ווערן אין די חורבות פון די אַלטע באַקינישע פאָרטן. ער האָט צוזאַמען מיט אַנדערע געבויט באַהעלטענישן אין פעלזיקע היילן, און אין לאַבירינט פון אַלטע מויערן, כדי דאָרט צו פאַרבאָרגן פאַרבאָטענע ביכער, נישט אָנשטענדיקע לידער פון פּושקין און אַנדערע פּאָרנאָגראַפן. דאָרט איז אויך געווען באַהאַלטן אַ דורות־אַלטער רעוואָלווער אָן קוילן און אַ געצירטער גרוזינישער קינזשאַל, וועלכער האָט נאָך „לעת־עתה" נישט געהאַט קיין באַשטימטע פאַרווענדונג.

דער רעוואָלווער און קינזשאַל, וואָס זענען געווען אײַנגעוויקלט אין קאָלירטע ביבעלע־פּאַפּירן און אָפט איבערגעוויקלט, האָבן געדולדיק געוואַרט אויף זייער גורל. דערווייל האָט מען דורכגעפירט אָנפאַלן אויף בורזשויען פון טאַטאַרישן, ווי אויך אַרמענישן מין, מיט ווייניקער מיליטערישע כלי־זין. צום האַקן שויבן זענען גענוג געווען געוויינטלעכע שטיינער. די מאַמע איז נישט בכח געווען צו פאַרהאַלטן אים אינדערהיים, צווינגען אים אַוועקצוואַרפן זיין צעלאָזענעם לעבנס־אַרט, אָפּהיטן אים און אויספאָרשן זיינע באַהעלטענישן. כמעט אָן אַן איבעררייס האָט זי געוואַרט אויף זיין צוריקקומען. ווען ער האָט געכאַפּט זיין היטל און אייַלנדיק אַרויסגעלאָפן פון דערהיים, האָט זיך איר עפּעס צוגערוקט צום האַלדז און פאַרכאַפּט דעם אָטעם; זי האָט שוין נישט געהאַט קיין כוח צו בעטן איר קינדס, ער זאָל נישט אַוועקגיין. לכתחילה האָט ער געמאַכט דעם אָנשטעל פון געהאָרכזאַמקייט: ער האָט

זיך געהאַלטן, געהנדלט, אויסגעבעטן אַ דערלויבניש אויף אַ ביסל אַרומצוהוליען. שפּעטער האָט ער באַקומען אַ חוצפּהדיקן מוט. מיט דער צייט איז ער געוואָרן אומפאַרשעמט, שטענדיק, בייסיק, כּסדר געשטימט צום קריגן זיך און אָנגרייפנדיק. לסוף האָט ער שוין אינגאַנצן נישט גענומען אירע ווערטער פאַר ערנסט. זי האָט צונויפגעדריקט די ציין און געשוויגן, דורכלעבנדיק אומענדלעכע שעהן פון מורא צוליב איר בן־יחידל. די פרעמדע שטאָט איז פאַר איר נאָך פרעמדער געוואָרן, ווילד־פרעמד, אומפאַרשטענדלעך, מוראדיק, מסוכּנדיק. נאָך איר מאַנס אָפּפאָר, האָט זי פאַר אַלץ דאָ מורא געקריגן. כּל־זמן דער מאַן איז געווען אינדערהיים, איז ער געווען די פּערזאָן, זי — אַ הכנעהדיקער, שטילער שאָטן פון דער פּערזאָן. איצט האָט דער שאָטן געמוזט ווערן אַ טעטיקע פיגור. דער שאָטן האָט געמוזט זיך אָננעמען מיט ווילן, מאַכט און באַשלוס. ווי אומדערטרעגלעך איז עס געווען דער מוז, ווי שווער! זי האָט וועגן אַלעם געמוזט וויסן, פאָרויסזען, פאַרלויפן דעם וועג, באַפעלן. זי האָט זיך פאַרלוירן אינם פלאָנטער פון אירע פליכטן, זי האָט נישט געוווּסט פון וואָס זי זאָל אָנהייבן, ווו איז דער וועג און ווי אַזוי גייט מען מיט דעם וועג. זי האָט זיך געשעמט און געשראָקן. זי האָט דורכגעלעבט איינע פון די האַרבסטע מאַטערנישן, די מאַטערניש פון טאַט, וואָס איז אָנגעוואָרפן געוואָרן דורך דער אָנמעכטיקער פּאַסיוויטעט. זי האָט געליטן, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן. די שרעק וועגן איר זון, וועלכער איז, ווי צו להכעיס, צעלאָזן געוואָרן, האָט זי דערשלאָגן. די איינציקע דער־לייכטערונג פאַר איר איז געווען די נאַכט, ווען ס'ייִנגל איז האַרט געשלאָפן. זי האָט דאַמאָלס געהערט זיין אָטעם, געוווּסט, אַז ער איז לעבן איר, אַז ס'דראָט אים נישט קיין שום סכּנה. אָבער אַליין איז זי שוין דעמאָלס נישט געשלאָפן. זי איז אַריינגעפאַלן אין שלאָפלאָזיקייט. זי האָט אָבער בעסער געהאַלטן די שלאָפלאָזיקייט פון דער שוואַרצער נאַכט, איידער די מורא פונם ווייסן טאָג. אָך, ווי גוט איז עס געווען צוצושאַרן זיך אויפן געלעגער, אַריינרוקן זיך אין אַ ווינקל און קוקן אויף איר ייִנגלס שיינעם קאָפּ, וואָס איז אַרומגענומען געווען מיט דער געדיכטקייט פון דער כוואַליק־צע־

קרייזלטער טשופּרינע און — קוקנדיק אויף אים אַזוי וועגן אים צו טרוימען!... ווי שיין ער איז, ווי טייער און געליבט איז דער דערדאַזיקער לאַבוז, דערדאַזיקער קונדס, דערדאַזיקער מזיק!

וואָס חלומט זיך אים, — וואָס שטראָמט איצט אַדורך אונטער דער באַצויבערנדיקער משופּעדיקייט פון זיין שטערן? וואָס זעט זיך אין די פעסט-פאַרמאַכטע אויגן, אונטער די שאָטנדיקע אויגנדעקלעך? וואָס פאַר אַ ליידנשאַפטלעך קול רייסט זיך אַרויס פון דעם פולסירנדיקן האַלז! עפּעס אַ גוואַלטיקע, ווילדע, שרעקליכע זעונג באַווייזט זיך פאַר אים, ווייל די גלייכע נאָז ווערט אָנגעצויגן ווי דער רומען בײַ אַ פייַלנבויגן, די נאָזלעכער ציטערן און די ליפּן פון זיין אומפאַרגלייכלעכן מויל האָבן אַנטפּלעקט די ווייסע ציין, וואָס וואַרפן אַ דראָונג און שרעקן אַ וואָלף! וואָס פאַר אַ ליידנשאַפט פילט זיך אין זיין שלאָף-שמייכל! און קוקנדיק אַזוי אויף איר בן-יחידס קאָפּ, האָט זי טיף אין זיך געטראַכט:

— באַ גאָט! ווער איז עס, דאָס יינגל? אַן אומדערפאַרשלעכער סוד האָט אים אָנגעהויבן אין איר אינגעווייד. אָט איז ער געווען אַ קליינער, נישט-פעיקער צו גאָרנישט — אַ ברעקל פון איר גוף, איינגאַנצן אָפּהענגיק פון איר — אַ טייל פון איר גאַנצקייט, ווי אַ נייער אבר פון איר גוף, אַ האַנט אָדער פוס... זי האָט אים אָנגעזויגן, אָפּגעהיט, אויסגעהאָדעוועט. מיט יעדן יאָר איז ער געוואַקסן אין אירע הענט, אין אירע אויגן, אין אירע אָרעמס. זיין יעדער טאָג איז אָפּהענגיק געווען פון איר, פון איר זיך אָנגעהויבן און מיט איר זיך געענדיקט. אירע כוחות האָט זי איבערגעגאָסן, איר לעבן אַריינגעזאַפּט אין אים, אַ טראָפּן נאָך אַ טראָפּן... זי האָט אָנגעשטעלט און אויסגעגלייכט די דרכים פון זיין בלוט. זי האָט אים געגעבן דאָס קול, געשריי, געזאַנג, און אָט ווערט ער איר איצט פרעמד און פיינטלעך געשטימט. ער ווענדט זיך קעגן איר. פון אים פליסט אַרויס עפּעס אַ רעה פאַר איר. איר גרענעצלאָזע ליבע צו אים ווערט איבערגעבויט און איבערגעבוירן, איז אַן עולה פאַר איר שוואַכן גוף און חלשנדיקן גייסט. ווען זי זאָל אים נישט ליב האָבן אַזוי גרענעצלאָז, וואָס

וואָלט זי געאַרט, אַז ער ווערט קאַליע, אַז ער הוליעט ערגעץ־ווו אַרום? אָבער ער טרעפט אין איר ליבע, ער ווייסט זיך מיט דעם כח, וועלכן ס'האָט אים געשאָנקען די שוואַכע איבערבלייבעניש פון איר ווילן.

אָפטמאָל האָט שוין געטאָגט, ווען זי איז, אַ דורכגעמאַטערטע, אַריינגעפאַלן אין אַ דרימל, אין אַ קורצער פאַרגעסונג, אין אַ האַלב־וואַכן. ס'האָט זי אויפגעוועקט יעדע באַוועגונג פונם יינגל, זיין שנאָרכן אָדער רעדן פון שלאָף, אין דעם מצב פון האַלב באַוווסטזיין איז זי שטענדיק אַנטלאָפן פון די פרעמדע ערטער צו זיך „אַ היים„. דאָס הייסט קיין שעדלעץ זי האָט געהערט אין דער טיפעניש פון איר מח די קלאַפערייי פון די אייזנבאַן־רעדער און זי האָט געזען די גרענעצלאָזע שטחים פעלדער, וועלדער, וויסטענישן און לאַנקעס פון דעם איבערגרויסן לאַנד — רוסלאַנד — וואָס איז געווען פאַר איר אַ תפיסה פאַרבאָרגענע, פריידיקע אמת־גנבישע חלומות האָבן איר אונטערגעשעפטשעט אַ מחשבה פון טאַט. נעמען טשאַרושן, פאַרפאַקן אַ ביסל זאַכן און אַנטלויפן. אַנטלויפן פון דעם גלות! פאַרשווינדן! בײַ יעדער דערוואַכונג האָט זי געוווסט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, אַז דאָס קען נישט זיין, אַז סעווערין וועט דערויף קיינמאָל נישט מסכים זיין. אָבער האָט זי דען נישט געהאַט קיין רעכט צו זאָגן, אַז זי איז אַנטלאָפן דערפאַר, ווייל אין שעדלעץ איז דאָ שימאָן גאַיאַוויעץ? דער דאָזיקער נאָמען האָט פאַר איר געהאַט אַ כישופדיקע קראַפט, ער האָט פאַר איר אַנטפּלעקט אַמאָליקע פריילינגס באַגינענס און זומער־טעג, וועלכע זענען שוין אויף דער ערד נישט בנמצא. זי איז ווידער געוואָרן אַ זיבעצן־יעריק מיידל און זי האָט ווידער געהאַט אין האַרצן יענע שמחה, וועלכע איז שוין אויף דער ערד נישט בנמצא.

וויסנדיק אַליין אויסגעצייכנט, אַז דאָס איז אַ גראָבע און לעכערלעכע נאַרישקייט, איז זי דאָך ווידער געוואָרן דאָס אַמאָליקע, יונגע מיידל. זי האָט ווידער ליב געהאַט שימאָן גאַיאַוויעצן, בסוד, פאַרבאָרגן, דאַמאָלס טויט ליב געהאַט — ווי דאַמאָלס. זי איז ווידער ביזן טויט געליבט געווען דורך דעם שלאַנק, שיינעם

בחור — אַזוי ווי דאַמאָלס. זי האָט דורכגעלעבט איר שטומען ראָמאַן. זי וואַרט ווידער אויף זיין דערקלערונג — לאַנג, בענקענדיק. אָבער ער האָט איר קיינמאָל קיין וואָרט נישט געזאָגט. קיין איין קרעכץ, קיין האַלב וואָרט נישט. נאָר אין זיינע טונקעלע, טיפע אויגן ברענט די ליבע. אַך, נישט קיין ראָמאַן, נישט קיין ליבעס־שפּיל, נישט קיין לוסטיקער פלירט, נאָר אַ פאַרכמאַרעטע ליבע. וויזשע האָט ער דען געקענט וואַגן צו דערקלערן זיך אין ליבע צו איר, אַ מיידל פון אַ שעדלעצער „הויז“, — ער, אַן אָרימער באַאַמטער פון דער „פּאַלאַטע“, דערצו נאָך מיט זיין יחוס־בריוו פון פּאָדלאַסישע פּויערים, אָדער פון עפּעס קליינע ווינקל־פּריצים? האָט ער טאַקע געשוויגן, ביז ער האָט זיך דערשוויגן! סעווערין איז געקומען צו פאָרן און מ׳האָט זי אויסגעגעבן אָן אַ פּיפּס.

זי האָט זיך ווידער דערמאַנט איר נסיעה קיין רוסלאַנד מיט איר מאַן.

אָט שטייט זי אין ווינקל פון אַ וואַגאָן, אַ שמייכלענדיק, גליקלעך, יונג ווייבל. אַ מענגע מענטשן, אַלע באַקאַנטע, די גאַנצע שטאָט. אַ רעש, בלומען, דריקן די הענט, ברכות, ווונטשן. און אין טיף פון פעראָן שטייט איינער אַליין אָנגעלענט אויפן שאַלטער פונם פענסטער — יענער. אַ יאָמער האָט ווידער דורכגעשניטן איר נשמה. זי האָט געזען זיינע אויגן און זיין שמייכל, וואָס איז פול געווען מיט אַ טויט־ווייטיק. זי האָט זיך דערמאַנט יענע טעג, די פייערלעכע מינוטן, ווען זיי האָבן שפּאַצירט בײַ די וואַסערן אין סעקולע, בײַ די אומפאַרגעסלעכע וואַסערן, וואָס זענען באַדעקט געווען מיט וואַסער־ליליעס. זי האָט געדענקט זיין יעדעס וואָרט, דעם שטילן שמועס וועגן דער פּאָדלאַסישער אוניע, וועגן מאַרטירערטום, פּייניקונגען און צוואַנג. אין איר נשמה האָט די פּאָדלאַסישע אוניע און דאָס גאַנצע טרויעריקע לאַנד, פול מיט סודות — געהאַט עפּעס ווי אירס אַ מזבח. נאָר ער האָט וועגן דעם אַלעם געוווּסט, אַלץ געקענט פון די אַקטן, פון אָפיציעלע פּאַפּירן און געהיימע ראַפּאָרטן. ער איינער איז געשטאַנען איבער די וועגן פון דעם לאַנד, ווי אַן איינזאַמער צלם. נאָר איר איינער

האָט ער אָנפֿאַרטרויט די סודות. און זי האָט אים אַזוי פֿאַראַטן... זי האָט זיך דערמאָנט אַן אויספֿלוג קיין דראָהיטשין אין אַ צאָלרייכער געזעלשאַפֿט פֿון יונגע מענטשן. מען איז געפֿאָרן מיט לייטער-וואָגנס.

ווי פֿריילעך איז דאַמאָלס געווען, וואָס פֿאַר אַ פֿרילינג אין די נשמות!

אויפֿן וועג איז מען שטיין געבליבן לעבן אַ קליינער אוניאַטישער קירכע, וואָס איז געווען פֿאַרהאַקט מיט טשוועקעס און פֿאַרמשפּט צום אונטערגאַנג. זי האָט זיך דערמאָנט גאַיאָוויעצעס אויגן, וואָס זענען אויפֿגעהויבן געווען און געקוקט אויפֿן שרעקלעכן בילד. אַ גאָט, דעם מענטש האָט זי אַוועקגעוואָרפֿן, צעטרעטן, דערהרגעט זיין נשמה!... זי האָט זיך צום טויזנטסטן מאָל דערמאָנט זיין אחריותדיקן בריוו, וואָס איז געשריבן געווען אין דער צייט, ווען מ'האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן איר שידוך מיט סעוועריגען — אַ בריוו פֿון זעקס זייטן, אַ בעטנדיקער, שנאָרענדיקער, אַ באַשמירטער מיט שטראָמען טרערן, גאַיאָוויעצעס וואַנזיניקער בריוו. זי האָט דעם בריוו דאַמאָלס צעריסן, אָבער זיינע ווערטער האָבן געלעבט אין איר נשמה. זי האָט אים געלייגט אין זכרון, אַזוי ווי דאַמאָלס אויפֿן בוידעם, ווען זי האָט זיך די האָר געריסן און געכליפּעט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. דערמאָנענדיק זיך דעם נאָמען פֿון דעם מענטש, וועלכן זי האָט קיינמאָל די האַנט נישט געדריקט, צו וועלכן זי האָט קיין איין האַרציק וואָרט נישט אַרויסגעזאָגט — האָט זי דערפֿילט אין איר נשמה דעם ריח פֿונעם פּאַטערלענדישן פֿרילינג. ער איז עס געווען איר לערער, פֿירער, שטילער לעבנס-מדריך — און, ווי! דער אויסדערוויילטער פֿון אַלע מענטשן אויף דער ערד! אַלץ איז פֿאַרביי, ס'איז אָנגעקומען אַ שרעקלעכע דערווייטערונג פֿון צייט, אָרט — טשערוש איז געבוירן געוואָרן — און דאָך האָט יענער געלעבט אין איר נשמה. ווען ער זאָל שוין אפֿילו נישט זיין אויף דער וועלט, וואָלט זי אויך געבענטשט זיין נאָמען...

פֿון איר מאַן האָט זי גאַנץ אָפֿט באַקומען בריוו. ער איז געווען אויף דער קאַמפּס-ליניע, ערגעץ אין מזרח-פּרייסן, בײַ די

מאזורישע אזוערס. זיינע בריוו זענען געווען איינטאָניק, כמעט אָפיציעל, טרוקן און זיי האָבן שטענדיק אַנטהאַלטן דיזעלבע פראַגן. פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט זיך פאַר איר מאַן נישט באַקלאָגט אויף איר זון — זי האָט דווקא אויף אַ שקרדיקן אופן געריימט זיינע גוטע מעשים, וועלכע ער איז גאָרנישט באַגאַנגען. דער פאָטער האָט געדאַנקט צעזאַרין פאַר אַזאַ גוטער אויפפירונג און פאַרן דערפאָלג אין די לימודים. די מאַמע האָט עס פאַרגעלייענט דעם פאַרהאַרטעוועטן רעצידיוויסט און ס'האָט אויף אַ רגע געווירקט, ווי עפּעס אַ תשובה און באַדויערונג פאַר די אָפּגעטויענע חטאים. אָבער זאָל נאָר עפּעס אַ חבר, אַ מישקאַ אָדער קאָליאַ, אַ פייף טון באַם פענסטער, איז אין איין רגע געוואָרן אויס פון דער תשובה און פעסטן באַשלוס צו פאַרבעסערן זיך!

איינמאָל איז עפּעס געשען אין צעזאַרין. ס'איז געווען אַ מנהג, אַז אין דער אָרטיקער קאַטוילישער קירכע זאָל יעדן זונטיק זינגען אַ כאָר. צעזאַרי האָט געהאַט זייער אַ שיינע שטימע און ער האָט שוין אַ פּאָר מאָל געזונגען באַם אַקאָמפּאַניאַמענט פון אַ פוס-האַרמאָניע. דער גלח, אַ גרויזינער, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אין טיף-רוסלאַנד און איז נישט גוט געשטימט געווען צו די פּאָליאַקן, האָט אומגערן געקוקט אויף די געזאַנגען. ער האָט זיי אָבער געמוזט טאָלערירן צוליב דער גרויסער פּוילישער קאָלאָניע. אין אַ געוויסן האַרבסט-טאָג האָט צעזאַרי געזונגען אין כאָר אַן אַלטן פשוטן שיר:

„אָ האַר, דו, וואָס האָלטסט דעם גורל פון דער
מענטשהייט אין דיין האַנט,
לאָז צו צו דיר, די שטייענדע באַם שוועל פון
אייביקן לאַנד“...

ווען ער איז אַזוי מיטגעריסן געוואָרן פונם איינזאַמען געזאַנג, האָט אים עפּעס פאַרקלעמט באַם האַרץ. אַן אומפאַרשטענדלעכע, טיפע בענקשאַפט נאָכן פאָטער האָט דערגרייכט ביז דער

טיפסטער טיפעניש פון זיין נשמה. ער האָט געפילט, אַז אָט־אָט וועט אים אָנכאַפּן אַ געוויין. זיין געזאַנג איז געוואָרן דורכדרינגענדיק און, איבער אַלע שבחים, שיין. אַן אַלטער, אויסגעמאַטערטער, פאַרשיכורטער באַמטער, וואָס האָט שוין שוואַך געדענקט זיין מאַמע־לשון, האָט זיך קוים געקענט אַן עצה געבן מיטן אַקאָמפּאַניאַמענט — מיט ציטערנדיקע פינגער האָט ער אַרויסבאַקומען די טענער, כּדי גאָרנישט דורכצולאָזן, כּדי — גאָט באַהיט! — גאָרנישט קאַליע צו מאַכן אין דעם שיר, וואָס איז געוואָרן איבערמענטשלעך, אַן אמתער הללויה. די צוהערער האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס איז אַ הימלישער מלאך אַראָפּגעשטיגן פון אַ בילד, זיך אַוועקגעשטעלט באַם קלאַוויקאָרד און געזונגען אַ תּפילה פאַר די זינדיקע מענטשן.

דידאָזיקע קירכע־שטימונג איז אָבער אַוועקגעגאַנגען אַזוי גיך, ווי זי איז געקומען. פון יענער זייט קירכע־טיר איז טשאַרוש צוריק געוואָרן דערזעלבער, אָדער בעסער געזאָגט, ער איז צוריק אַרונטער־געפאַלן אונטער דער שליטה פון דעם שגעון, וואָס האָט פאַרכאַפּט אים און זיינע חברים. דאָס בענקשאַפט־געפיל נאָכן פאָטער, דאָס טיפע און שטאַרקע געפיל האָט זיך אָנגעטראָפן אויג אויף אויג מיט דער מורא פאַרן פאָטערס צוריקקומען. די ריזיקע פרייהייטס־בלאָז וואָלט באַלד געפּלאַצט. ער וואָלט זיך ווידער געמוזט באַהאַלטן, מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ גוט, געהאָרכזאַם, אַרבעטסזאַם זונדעלע, וואָס טראַכט נישט וועגן עפּעס אַנדערש, ווי וועגן די לימודים אין און אויסער דער שול. דאַמאָלס וואָלט ער שוין נישט געטאָרט קיין פּיפּס טון וועגן זיין אייגענעם ווילן, וועגן פרייען לויפן זיך, ווו די אויגן טראָגן און וועגן דעם אייביק נישט־געזעטיקטן באַגער צו פאַרשיכּורן זיך מיט דער פרייער לופט, ווי עס איז מעגלעך נאָר בשעת דעם יונגלערישן אַרומלויפן. אָפּטמאָל אַפילו האָט דאָס אַרומלויפן אָנגענומען מאָדנע פּשוטע פאָרמען. די חברים האָבן זיך פאַרזאַמלט בײַ איינעם פון די פּוסט־און־פּאַסניקעס און, מאַכנדיק דעם אָנשטעל פון אַ גרויסן סוד, האָבן זיי געזונגען די אָממייַנסטן באַקאַנטע און אויסגעדראָשענע רוסישע לידער. נאָך די לידער זענען געקומען קאָרטן. דער אין

יענער איז פאַרליבט געווען. צעזאַרי איז נאָך אין קיינעם נישט געווען פאַרליבט, ער האָט אָבער געוווסט, אַז אַזאַ ענין איז פאַראַן און אַז דאָס איז אין דער מאָדע.

סעווערין באַריקאַ האָט נישט מנצח געווען די דייטשן באַ די מאַזורישע אָזיערעס. פאַרקערט — ער האָט געמאַכט פּ״ס צו מזרח־צו, צוזאַמען מיט דער גאַנצער אַרמיי. אַ לאַנגע צייט איז פון אים נישט געווען קיין ידיעה, און ווען עס איז לסוף געקומען אַ בריוו, איז עס געווען גאָר פון אַן אַנדער אָרט. ער איז געווען אין די קאַרפּאַטן, געגאַנגען אויף אונגאַרן. פון דאָרט האָט ער געשיקט בריוו, אויך אַזעלכע טרוקענע און איינטאָניקע. יעדער בריוו האָט זיך אָנגעהויבן מיט אָנפרעגעס וועגן צעזאַרין און איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט אומענדלעכע גרוסן פאַר אים. קיין איין וואָרט נישט, קיין איין אָנצוהערעניש וועגן צוריקקומען! קאַמפן, באַלאַגערונגען, מאַרשן, שנייען, טאָלן און בערג, בערג, וועלכע צעזאַרי האָט בשום אופן אויף דער מאַפּע נישט געקענט געפינען.

---

די מאַטעריעלע לאַגע פון דעם ווייב און זון איז געווען אַ געזיכערטע. שוין די אָפיצירישע פּענסיע, וואָס איז רעגולער אויסגעצאָלט געוואָרן, וואָלט פולשטענדיק געווען גענוגנדיק חוץ דעם האָט סעווערין באַריקאַ, פאַרן אַוועקגיין אויף דער מלחמה, אַרויסגענומען אַ גרויס טייל געלטער פון זיין באַנק־קעסטל, איבערגעביטן עס אויף גאָלד און באַגראָבן עס אין קעלער צו אַמען מיט דער בייזשוטעריע און טייערע זאַכן פון גאָלד און זילבער „אויף אַ שלעכטער צייט״. בלויז געלט איז געווען אַ פּאָר הונדערט טויזנט רובל. באַ דער באַגראַבונגס־צערעמאָניע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער פאַרזיכטיקייט און אויסגערעכנטקייט, איז אָנוועזנדיק געווען די פרוי באַריקאַ און צעזאַרי. דער איבעריקער טייל פון קאַפּיטאַל, וואָס איז געבליבן אין באַנק

ווידער „אויף אַ שלעכטער צייט", האָט געדינט צו אַ תּיכּפדיקער פאַרנוצונג און פרייער דיספּאָזיציע. דערפון האָבן די מאַמע מיטן זון געקענט שעפּן, וויפל זיי האָבן געוואָלט, אויף אַלע זייערע באַדערפענישן, צו באַצאָלן די לעקציעס פון שפּראַך, מוזיק, געזאַנג, טאַנץ, פּאַר רייט אויף פערד, גליטשערס, מאָטאָציקלען, וועלאָסיפּעדן, מאָטאָר־שיפלעך, אַעראָפּלאַנען, אויטאָמאָבילן און אַלע אַנדערע מאַניעס פונעם בן־יחידל, צו וועלכע זיין האַרץ האָט נאָר געגלוסט. צעזאַרי האָט שטאַרק געזאָרגט דערפאַר, אַז דער „לויפנדיקער חשבון" זאָל נישט פאַרשימלט ווערן אין באַנק. ער האָט געפּרוּווט אַלץ, וואָס איז אים נאָר איינגעפאַלן אין קאָפּ אַריין. די מאַמע האָט אים אַלץ מסכּים געווען, אָדער בעסער געזאָגט, זי האָט געמוזט מסכּים זיין, אויף אַלעם, וואָס ער האָט איר דיקטירט. איז ער טאַקע געפאָרן אויפן ים און אויף יבשה און אַפילו אין דער לופטן. מ'קען נישט זאָגן, אַז ער זאָל זיך איינגעגעבן נישט לערנען, אָדער אַפילו שלעכט זיך לערנען. ער האָט למשל ליב געהאַט מוזיק און אַ סך געשפּילט, בשעת דער לעקציע און אויסער דער לעקציע. ער האָט געלייענט אַ סך פאַרשיידענע ביכער. ער איז איבערגעגאַנגען פון איין קלאַס אין דער אַנדערער, לאַטענדיק ווי־נישט־איז די פעלערס אין די סיסטעמאַטישע לימודים און גרעסערע שטודיעס, אַזוי ווי ס'איז געווען פאַרן פּאָטערס צייטן, ווען ער האָט געמוזט יעדן טאָג קוועטשן די באַנק און אַלץ ווי געהעריק דורכאַרבעטן, ביז דער לעצטער „אודאַרעניע".

ס'האָט געדויערט אַ יאָר, צוויי, דריי — פון פּאָטער איז קיין ידיעה נישט געקומען. ער איז אַלץ געווען אין דער אַרמיי. אָפּענסיווע, דעפענסיווע, אָבער אַהיים איז ער נישט צוריקגעקומען. אַמאָל האָט ער ווידער געשריבן, אַז ער איז געווען פאַרוווּנדעט, געלעגן אין אַ שפּיטאָל, ערגעץ ווייט, בײַ די גרענעצן פון פוילן. דערנאָך האָט ער ווידער אַ לאַנגע צייט נישט געשריבן, ווען ס'איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו, איז עס שוין געווען פון גאָר אַן אַנדער אָרט.

דערווייל איז צעזאַרי אויסגעוואַקסן און געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקער, אָדער בעסער געזאָגט — אַ זעלבסטהערשנדיקער

יונגערמאַנטשיק. וועגן פאָטער — האָט ער ווי פאַרגעסן. דער גע-
דאַנק וועגן זיין פאָטער איז בײַ אים געווען, אַ געשטאַלט פון
פאַרעלטערטע פאַרבאָטן, אַ פינסטערער תהום, פון וועלכן ס'האָט
געבלאָזן אַ מאָדנע ווייטיקדיק געפיל, אַ האַרץ-קלעמעדיקס און
בעיקר אַ טרויעריק בענקשאַפטס-געפיל, וואָס איז פאַר אים געווען
אַזוי אייגן און נאָענט. צעזאַרי האָט נישט ליב געהאַט צו טראַכטן
וועגן זיין פאָטער. גאָר מינוטנווייז האָט אים אײַנמיט, וועגן אַרומ-
געכאַפּט, ווי עס וואָלט אים גענומען אין די אָרעמס, עפּעס אַ
משוגעהדיק געשפּענסט — מינוטנווייז האָבן אים אומזעבאַרע הענט
פאַרהאַלטן בשעת אַ שפּיל. עפּעס האָט אים טיילמאָל געשלעפּט
אין תהום פון טרויער און צער, וועלכער האָט זיך געעפנט אונ-
טער זיינע פיס. די געפילן, וואָס האָבן צווישן זיינע חברים גע-
הייסן „כאַנדראַ", האָט מען באַדאַרפט דערשטיקן דורכן אַרומפאָרן
אויף שיפלעך, וועלאָסיפּעדן, מאָטאָציקלען, אָדער ווילדע קאָזאַקישע
פערד. אין משך פון די לאַנגע מלחמה-יאָרן איז די מוטער פאַר
אים געוואָרן עפּעס אַזוי נאָכגיביק, שווייגנדיק, געהאָרכזאַם אויף
זיין יעדן ריי און חשק, אַז זי איז באמת פאַר אים געוואָרן ווי
אַן אבר פון זיין גוף, אַ האַנט אָדער פוס. דאָס הייסט נאָך נישט,
אַז צעזאַרי זאָל האָבן געווען אַ שלעכטער זון און זיין מוטער אַ
שלימזלניצע. אָבער די ביידע אָרגאַניזמען האָבן זיך אַזוי שטאַרק
צונויפגעוואַקסן, איינער האָט אַזוי פיל אָנגעהערט צום צווייטן, אַז
זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט איין גייסטיקן גוף. צעזאַרי האָט
פאַמעלעך און קאָנסעקווענט פאַרנומען סעווערינס אָרט, אַלס דער
באַשטימער און עצה-געבער, דעה-זאָגער און שאַפער פון פּלענער
אויף אַ לענגערער צייט. ער האָט זיך נישט באַשעפטיקט מיטן
הויז און די הויז-אָנגעלעגנהייטן, נאָר אַלץ איז אָפּהענגיק געווען
פון אים. אַלע האָבן געוווּסט, אַז די פרוי בײַ יקאַ נעמט אָפּ און
צאָלט אויס אַלע געלטער, אַז זי פירט דורך אַלע ענינים, אָבער
דער שיינער צעזאַרל פאַרוואַלטעט.

אין דער שיין אײַנגעאָרדנטער דירה איז אַלץ געבליבן אַזוי,
ווי פאַר סעווערינס אַוועקפאָר. קיין איין שווער מעבל-שטיק איז
נישט געוואָרן איבערגעשטעלט אין סאַלאָן, קיין איין בוך האָט

מען נישט אַנדערש אַוועקגעלייגט אויפן טישל פון דעם „הערס״־קאַבינעט. אַלץ איז געבליבן אויפן זעלבן אָרט, אַזוי ווי דער באַלעבאָס וואָלט נאָר וואָס אַוועקגעגאַנגען צו זיין אַרבעט „אין די אינדוסטריען״. אָט איז די צייטונג, וועלכע ער האָט געלייענט ערב זיין אַוועקפאָרן, אָט דאָס מעסער צום פּאַפּיר־שניידן, וועלכעס זעט אויס צו זיין נאָך וואַרעם פון דעם „הערס״ האַנט און ליגט אויף די בלעטער פון אַ געעפנט בוך. מען קען זאָגן, אַז די דירה איז געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער מעכטיקער מלוכה, אין וועלכער זי האָט זיך געפונען. דאָ, אַזוי ווי דאָרט, איז אַלץ געשטאַנען אויפן אָרט, אַוועקגעשטעלטע דורך מעכטיקע הענט און אַ לאַנגע צייט שוין גוט געהאַלטן אין אַ צוים.

דער באַלעבאָס איז נישט צוריקגעקומען. אין דעם דריטן מלחמה־יאָר איז פון אים אַזאַ לאַנגע צייט נישט אָנגעקומען קיין ידיעה, אַז דאָס ווייב, אַפילו דער לייכטזיניקער זון, זענען פאַרצווייפלט געוואָרן. די אינפאָרמאַציעס פון די פאַרשידענע מיליטערישע זייטן זענען געווען פאַרנעפלט און אומזיכער. איין מאָל האָט מען געזאָגט, אַז דער מאַיאָר „סיגוועריאַן גריגאָריעוויטש באַריקאַ״ — איז פאַרפאַלן געוואָרן. דאָס צווייטע מאָל האָט מען דערקלערט, אַז ער איז וואַרשיינלעך געפאַנגען געוואָרן דורך די דייטשן אָדער דורך די עסטרייכער. לסוף האָט מען אָפּגעקלאַפּט די כסדרדיקע אָנפראַגעס מיט איין קאַלטן קלאַפּ, צוזאַמען מיט אַ געוויסן איראָנישן פאַרזשמורען די אויגן מצדן באַאַמטן: ער איז פאַרפאַלן געוואָרן אין מלחמה־תהומות, יעדער שפור זיינער איז פאַרלוירן געגאַנגען, אַזוי ווייט, אַז מ׳ווייסט גאָרנישט נישט וועגן דעם מענטש. די פאַרצווייפלונג פון דער אומגליקלעכער פרוי איז צַר בערגעשטיגן אַלע גרענעצן.

---

נישט דאָס זענען אָבער געווען די גרענעצן און אַפילו נישט די מלוכה פון פאַרצווייפלונג. עס האָט זיך אָנגערוקט די גרויסע.

און ווילדע, אומגלייבלעכע און אומפאַרשטענדלעכע — אמתע פאַרצווייפלונג, ווי אומצייליקע טאַבונעס, ווילדע טאַטאַרישע פערד פון טיף רוסלאַנד און תהום פונם עבר. אין אַ העלן טאָג האָט זיך פאַרשפרייט אַ ידיעה, ווי אַ בליץ איבער דער שטאָט באַקו: — רעוואָלוציע! וואָס דאָס וואָרט האָט באַדייט אין דער ווירקלעכקייט, האָט קיינער נישט געקענט דערקלערן. ווען מען וואָלט געפרעגט דעם גרעסטן חכם, וואָלט ער בלי-שום-ספק געזאָגט דאָס קאַפּויערדיקע דערפון, וואָס עס האָט געזאָגט דער פריערדיקער מבין, און גאָר עפּעס אַנדערש, ווי עס וואָלט געזאָגט אַן אַנדערער חכם. אויב עס האָט עמעצער געוווּסט עפּעס רעאַלס וועגן דעם תוך פון רעוואָלוציע — איז עס נאָר געווען צעזאַרי באַריקאַ, ווייל ער האָט זי טאַקע אָנגעהויבן אין יענער שטאָט. קודם-כל, ווייסנדיק פון לאַנג, אַז עס קומט ערגעץ פאָר עפּעס אַ רעוואָלוציע, האָט ער אויפגעהערט צו „באַזוכן" זיין אַכטע קלאַס, און מיט אים אַלע איבערגעבליבענע תלמידים פון זיין אַרט דענקען און האַנדלען. חוץ דעם האָט ער זיך אָנגעטון ציוויל. כאָטש נישט אינגאַנצן: דאָס גימנאַזיע-היטל אָבער אָן דעם קריינדל און אַ ציוויל רעקל. און ווען ס'האָט אים געטראָפן אין שטאָט דער דירעקטאָר פון דער גימנאַזיע און מיט די אומשולדיקסטע כוונות אים געפרעגט, פאַרוואָס ער שפּאַצירט עפּעס אַרום אין ציווילע מלבושים מיטן היטל אויף אַ זייט און מיט אַ שפּיצרוט — „טראָסטאָטשקאָ" — אין דער האַנט, האָט צעזאַרי, אין דער פאָרם פון אַ תשובה, אים דערלאַנגט מיט דערזעלבער שפּיצרוט — „טראָסטאָטשקאָ" — צוויי אינדיווידועלע קלעפּ, וואָס זענען שוין לאַנג געווען אויסגעחלומט אין דעם שילער-קאָלעקטיוו: איין קלאַפּ אין רעכטן אויער, שפּעטער דער צווייטער, אין לינקן. דער צוזאַמענלויף, וואָס איז אין איין אויגנבליק געוואָרן אויף דער גאַס, האָט זיך נישט אָנגענומען פאַרן באַעוולטן דירעקטאָר, נאָר זיך געשטעלט אויף דער זייט פון אָנפאַלער, צעזאַרי איז זיך רויִק אַהיימגעגאַנגען, אַן אַרומגערינגלטער מיט אַן אַורעאָל, האַלטנדיק אין דער האַנט די פון דאַמאָלס אָן באַרימטע געוואָרענע „טראָס אָטשקע". און ווען דער דירעקטאָר האָט, צונויפרופנדיק דעם פּעדאַגאָגישן

ראַט, אויסגעשלאָסן צעזאַרין פֿון דער שול און פֿון אַלע אַנדערע באַקינישע גימנאַזיעס און בכלל פֿון אַלע שולן אין דער גאַנצער מלוכה, ווייל ער האָט אים באַשאַנקען מיט דעם אַזוי גערופֿענעם „וואָלפֿישן בילעט" — איז עס פֿאַר צעזאַרין געווען פֿולשטענדיק גלייכגילטיק, ווייל ער האָט זיך גאַרנישט געאײַלט צו גיין אין אַ שול. אַנדערע ווינטן האָבן שוין אַרומגעפֿײַפֿט אין זײַנע אויערן. דער צעשלאָגענער דירעקטאָר האָט אָנגעקלאָגט זײַן תּלמיד אין געריכט אַרײַן. אָבער איידער עס איז געקומען דער טערמין פֿון אַרײַנזעצן דעם אָנפֿאַלער אין תּפֿיסה אַרײַן, האָבן עפּעס פֿאַרבאָרגענע כּחות יעדע נאַכט אויסגעהאַקט ביז דער לעצטער שויב, — אָפּגעשמירט די טירן, שטיגן און ווענט מיט דזשעגעכץ און אַנדערע שמירעכצער, וואָס האָבן פֿונאַנדערגעטראָגן נישט קיין גוטן ריח, — אַרײַנגעוואָרפֿן אין קאַבינעט אַרײַן, דורך די אויסגעהאַקטע פֿענסטער, געפּגרטע שטשורעס, אײַנגעאָרדנט קאַצן-יאַמערס און אַלע אַנדערע יונגלערישע שטיקלעך. די פּאָליציי? די פּאָליציי איז אין יענער צײַט געוואָרן שרעקלעך פֿאַרשלאָפֿן און בשום אופֿן נישט געקענט כאַפּן און באַשטראָפֿן די סקאַנדאַליסטן, מ'קען זאָגן, אַז זי האָט מיאוס מורא געהאַט פֿאַר זיי, איבעריקנס — אַזוי ווי אַלע אין דער שטאָט. ווער האָט דען געקענט וויסן, צי די רעוואָלוציע באַווייזט נישט אויף אַזאַ אופֿן איר מאַכט, וואָס איז אַזוי מוראדיק און אַלמעכטיק אין צפֿון פֿון דער מלוכה. און מיט דער איבער-מאַכט האָט די פּאָליציי נישט געוואָלט אײַנרײַסן.

אַ לאַנגע צײַט האָט אין דער שטאָט באַקו געהערשט אַ פּוסטקייט, טויטקייט און אַ לאַנגווײַליקייט. אַלץ האָט זיך ווי אַמאָל גערירט און געקראָכן, אָבער אויסער'געווייניטלעך פֿאַרשלאָפֿן, שלימזלדיק אַפֿילו פּחדנותדיק. עס האָט גאָר אַנדערש נישט געקאָנט זײַן, ווען אַלץ איז געענדערט געוואָרן פֿון טאָג צו טאָג. די צוויי כּחות פֿון דער שטאָט — טאָטערן און אַרמענער, האָבן קעגנזײַטיק געלויערט אויף זיך מיט אויסגעשטשירעטע ציין און אָנגעשאַרפֿטע קינזשאַלן. די מאַכט, וואָס האָט רעגולירט די אַלטע מחלוקת לטובת דער רוסישער הערשאַפֿט, איז איצט אָפּגעשוואַכט געוואָרן,

ווייל אין דעם מקור פון דער מאַכט האָט זיך עפּעס איבערגעריסן און איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אראָפּ. לסוף איז אַלץ צעבלאָזן געוואָרן אויף אַלע פיר זייטן. עס איז אָנגעקומען דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיסאר — אָ, וווּנדער! — אַ פּאָליאַק לויט דער צעפּשטאַמונג. דערדאָזיקער האָט דונערדיק איינגעשטעלט אַ נייע מאַכט און איינגעפירט אַ נייעם סדר. די טאַטערן און אַרמענער האָבן פאַרוואָרפן דעם קאַמף און האָבן אויסגענוצט די סיטואַציע אויף זייער שטייגער. קודם-כל — זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן אַלע סחורות. מ׳האָט פאַרמאַכט אַלע געשעפטן. ס׳האָט אויסגעפעלט דערנערונגס-מיטלען. די באַנקן האָבן נישט אַרויסגעגעבן די קאַפּיטאַלן, וואָס זענען בײַ זיי איינגעלייגט געוואָרן און נישט געצאָלט קיין פּראָצענטער. קיינער האָט נישט באַקומען אויסגעצאָלט קיין געהאַלט. מ׳האָט אַרויסגעוואָרפן פון די דירות. די שטאָט איז באַהערשט געוואָרן דורך דער גאַס, דורך די נאַפט-און פאַבריק-אַרבעטער, הויז-און האַנדלס-אָנגעשטעלטע, דורך מאַטראָזן.

ס׳איז אָבער פאַרהעלטנישמעסיק געווען רויק.

די שטאָט איז אייגנטלעך געבליבן אָן אַ פאַרוואַלטונג, און זי האָט געשעפּט איר כּוח פון דעם קאַמף צווישן צוויי טיילן פון דער באַפעלקערונג. דער אָרימער טייל פון די איינוווינער האָט זיך געזעטיקט מיט מיטינגען, דרשות און איבערקערן אַלץ מיטן קאָפּ אראָפּ. צעזאַרי באַריקאַ איז, פאַרשטייט זיך, געווען אַ שטענדיקער באַזוכער פון די פאָלקס-פאַרזאַמלונגען. אויף איינע פון אַזעלכע פאַרזאַמלונגען האָט מען „אונטער די אויגן" געהאָנגען אַלע בורזשואַזע מלכים, הערשער, פּרעזידענטן, גענעראַלן, פירער — צווישן אַנדערע אויך אַ ליאַלקע, אָנגעקליידט פאַר יוזעף פּילסודסקי. דער המון האָט פרייִלעך אַפּלאָדירט און צעזאָרי צום העכסטן פון אַלע, כאָטש ער האָט נאָך, וואָס אַן אמת, אפילו גאָרנישט געוווּסט וועגן יוזעף פּילסודסקי. אַלץ, וואָס ס׳האָבן גערעדט די מיטינג-רעדנער, האָט אים איבערצייגט, ווייל ס׳איז געווען ווי אַרויסגענומען פון אים, אַרויסגעריסן פון זיין קאָפּ. דאָס איז טאַקע געווען דער תּוכן פון דער זאַך. ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים, האָט ער אַלץ איבערגעחזרט דער מאַמען פון א. ביז ת, אויפגעקלערט די פאַר-

נעפּלטע זייטן. ער האָט גערעדט מיט שמחה, מיט אַ משוגענער התלהבות פון אַן אַנטדעקער, וואָס האָט ענדלעך געפונען זיין וועג. די מוטער איז נישט געגאַנגען אויף קיין מיטינגען. זי האָט איצט טריב געקוקט אויף דער ערד און קיין וואָרט צו קיינעם נישט גערעדט. ווען זי איז געווען מיט צ ז רין אויף פיר אויגן, האָט זי אים געפּרוווט איבערשפּאַרן. אָבער דאַמאָלס איז ער אַרייַנגעפאַלן אין כּעס, געמוסרט זי, אַז זי קען גאָרנישט פאַרשטיין, כאָטש ס'איז אַזוי קלאָר, פּשוט און יושרדיק.

און גערעדט האָט זי עפּעס סתם אין דער וועלט אַרייַן.

זי האָט געהאַלטן, אַז כּדי עס זאָל קענען געשאַפן ווערן אַ קאָמוניסטישע געזעלשאַפטס-אָרדנונג, דאַרף מען צעטיילן די ערד אויף גלייכע טיילן, אַפילו דעם סטעפּ, בערג און מדבריות, און דאָרט מיט געמייַנזאַמע כּוחות צו אַקערן, זייען, בויען — שניידן און געניסן. אַלץ זאָל ווערן יושרדיק אָנגעהויבן פון גאָט און פון זיך. וואָס איז דאָס פאַר אַ קאָמוניזם, דאָס אַרייַנרייַסן זיך אין פרעמדע הייזער, פּאַלאַצן, קירכעס, וואָס זענען באַשטימט געוואָרן צו אַן אַנדערן צוועק און לאָזן זיך נישט גלייך פאַרטיילן. דאָס איז — זאָגט זי — אַ געוויינטלעכע גזלה. עס איז נישט קיין גרויסע קונץ צו מאַכן אַ מוזעאום פון אַ פּאַלאַץ. עס איז אַ קונץ, וואָס פּאַסט באמת פאַר נייע מענטשן, אַליין צו שאַפן מוזעאַלע ווערטן און זאַמלען זיי אין אַ בנין, וואָס איז מיט קאָמוניסטישע כּוחות געבויט געוואָרן צו זיין אַ מוזעאום. זי האָט אים אַזוי צערייצט מיט אירע פּלוידערייען, נאַרישע אַרגומענטן, אָדער בעסער געזאָגט, אַרגומענטן פון דער גרעבסטער „שעדלעצער" גאַס, וואָס זענען אַזש אַהער פאַרטריבן געוואָרן אויפן ליכט פון רעוואָלוציע, אַז עס האָט אים אַזש געקיצלט די האַנט צו דערלאַנגען איר אַ פּאָר מאָל פאַר אירע קאָנטער-רעוואָלוציאָנערע אַבסורדן, כּדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַרויסצוקלאַפּן פון איר די רעאַקציע.

דערווייל האָט ער איר נישט געקאַרגט קיין באַמערקונגען אין וואָרט און פאַרשידענע אַנטשפּרעכנדיקע עפּיטעטן.

זיין אומגעדולדיקייט האָט אים אָפטמאָל אַזוי ווייט פאַרטראָגן, אַז ער האָט שפּעטער באַדויערט אייניקע פון זיינע בולט-

אַרויסגעזאָגטע אַפּאָריזמען, ווען ער האָט זיך שוין גאָר שטאַרק געביזערט, איז זי שטיל געוואָרן, זי האָט זיך אפילו באַמיט אַרויסצווייזן איר הסכמה, אָדער גאָר געמאַכט דעם אָנשטעל פון רעוואָלוציאָנערן ענטוזיאַזם.

נישט בלויז אויף מיטינגען און פאַרזאַמלונגען האָט מען געזען דעם יונגן באַריקאַ. מיטן המון, מיט דער צעיושעטער, צע-רייצטער, צעברויזטער מענגע מענטשן איז ער אָפּטמאָל געלאָפן אין תפיסות, ווען מ'האָט פון די גריבער אַרויסגעשלעפּט און דער-מאָרדעט פאַרשידענע ווייס-גוואַרדיעיער און רעאַקציאָנערע גענע-ראַלן, וואָס זענען באַרימט געווען מיט זייער אכזריות. ער האָט געקוקט, ווי ס'האָבן זיך אויסגעצייכנט בײַ דער אַרבעט די מאַט-ראָזן און פאַרשידענע רעוואָלוציאָנערע באַאַמטע. ער האָט אָפּט-מאָל געוואַכט לאַנגע שעה, כדי בײַצוווינען אומאָפיציעלע עקזע-קוציעס און ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער אומבאַשרײַבלעכער ווילדקייט פון מענטשן, וואָס האָבן נישט-איילנדיק זיך, געהרגעט, נישט קוקנדיק אויף די בקשות פון די פאַרמשפּטע, וואָס האָבן זיך געבעטן אַ שנעלערן טויט.

בשעת ער איז צוריקגעקומען פון אַזעלכע סצענעס און דערציילט דער מאַמען יעדע איינצלהייט, וואָס ס'איז דאָרט אַלץ געווען און ווי אַזוי ס'איז פאָרגעקומען; בשעת ער האָט געהאַט ברייט-צעעפנטע אויגן, ציטערנדיקע באָזלעכער; בשעת ער איז געווען פאַריאַכמעט, געריירט, צעשמייכלט מיט אַ טייוולאָנישן האַלב-שמייכל — האָט זיך די מוטער אָפּגערוקט פון אים, פאַרטיפט אירע אויגן אין זיין פנים און געמורמלט אירע תפילות.

אין אַ געוויסער נאַכט, ווען ער איז פעסט געשלאָפן, איז זי אַראָפּגעגאַנגען אין קעלער אַריין מיט אַ לאַמטערן און אויסגע-גראָבן אַ באַדייטנדיקן טייל פונם אוצר, וואָס איז דאָרט באַהאַלטן געוואָרן דורך איר מאַן. דעם דאָזיקן גרעסערן און טייערערן טייל פונם אוצר האָט זי אַוועקגעטראָגן הינטער דער שטאָט און באַ-האַלטן אין די מויערן פון די אַלטע חורבות, אין אַ לאָך, וועלכן זי האָט פריער דורך און דורך באַטראַכט. די דאָזיקע פאַרזיכטי-קייט אירע, וואָס האָט געשטאַמט פון אַ פשוטער אינערלעכער אי-

בערקלערונג, פון אינסטינקט, וועלכער באַהערשט בשעת מלחמות און רעוואָלוציעס די אַזוי־גערופענע פינסטערע מענטשן, די פויע־רים, וחרימלעך, קליינע אינדוסטריעלער, אונטערשטעטישע בעל־מלאכות און בכלל אַלע קליינע פאַרדינער, — די פאַרזיכטיקייט אירע האָט זיך אין משך פון אַ קורצער צייט אויסגעוויזן פאַר אַ נויטווענדיקייט.

עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ דעקרעט פון קאָמיסאַר, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אַז אַלע, וואָס האָבן וועלכע עס איז פאַרבאָרגענע אוצרות, מוזן וועגן דעם מעלדן דער געהעריקער מאכט, אונטער דער דראָונג פון דער העכסטער שטראָף.

צעזאַרי איז תיכּף געקומען אַהיים מיט דער ידיעה וועגן דעקרעט און מיט זיינס אַ דערקלערונג, אַז ער וועט תיכּף־ומיד אָנווייזן דאָס אָרט, ווו עס איז באַהאַלטן דער משפּחה־אוצר. נישט צוליב מורא, נאָר פאַר דער אידעע! גענוג שוין צו לעבן אויפן חשבון פון פאָלק! ער וויל נישט האָבן קיין פאַרבלוטיקטע הענט! עס ברענט אים דעם פאָטערס גאָלד!

די מאַמע האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. זי האָט מכּים געווען, ווייל אַזוי וויל ער, דער באַלעבאָס פון הויז. ס'איז שוין קיין רייד נישט געווען וועגן פאָטער. צעזאַרי האָט אויסגעפירט זיין באַשלוס. ס'זענען געקומען מענטשן, וואָס זענען באַקאַנט געווען מיט אַזעל־כע ענינים, מייסטערס אין דער אַרבעט פון דורכזוכן קעלערס, פיפיקע מענטשן, וואָס וואָלטן אָן דער „אידעע" אויסגעפונען דעם פאָטערס אוצר, אויסגעשמעקט און אַרויסבאַקומען ס'גאָלד, כאָטש ס'זאָל זיך געפינען הונדערט איילן אין דער ערד אָדער אין אַ מויער. צעזאַרי האָט מיט שטאָלץ געקוקט, ווען מ'האָט אַרויסגע־טראָגן סעווערי באַריקאָס אוצרות. ווען אָבער ער איז געקומען צום מיטאָג אַ פאַריאָכמערטער און פאַרהונגערטער, האָט ער געפאָ־דערט עסן און געבייזערט זיך פאַרוואָס מ'גיט אים אַזוי ווייניק. און יעדן טאָג איז אַלץ ווייניקער געווען צו עסן, און דאָס עסן איז געוואָרן אַלץ אָרעמער: יעדן טאָג דאָס זעלבע — פיש און קאַוויאַר. קיין שפור נישט פון ברויט, פלייש, געמיזעס און פרוכטן! דער צופיר איז אָפּגעשטעלט געוואָרן און די געשעפטן פעסט פאַר־

שלאָסן. צעזאַרי האָט זיך קיינמאָל נישט געפרעגט, פונוואַנען נעמט זיין מוטער ס׳געלט אויף פיש און קאַוויאַר. ער האָט געבענקט נאָך ברויט און פּרוכטן, אָבער גלייכצייטיק האָט ער זיך געטרייסט, אַז די רעוואָלוציע לעבט וואַרשיינלעך צייטווייליק דורך דעם מאַנגל.

דערווייל האָבן די פיש און קאַוויאַר, — וואָס זענען דריי־מאָל אין טאָג געווען די איינציקע שפּייז פון אַלע איינוווינער, — אָנגעהויבן צו שאַטן אַלעמען. צעזאַריס מוטער האָט דערפון, פאַר־שטייט זיך, גאָר שטאַרק געליטן. זי האָט נישט געגעסן, זי איז דאַרער געוואָרן פון טאָג צו טאָג און אינגאַנצן נישט געקענט שלאָפן. בשעת דער יונגער אַצעפּט פון דער רעוואָלוציע האָט איצט פאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג אויסערהאַלב דער היים באַם אָב־סערווירן די דערשיינונגען פון דער געזעלשאַפטלעכער איבערקע־רעניש, אָדער, בעסער געזאָגט, — זאַמלענדיק פאַרשידענע אויס־סערגעוויינטלעך קאָמישע קריאַזן, וועלכע זענען געשען באַם אַריי־בערגן פון די קעלער־איינוווינער אין סאַלאָנען, און די פון סאַ־לאָנען אין קעלערס — אין דער צייט האָט די מוטער געזאַמלט זאַפּאַסן. זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון דער שטאָט אויף דער ווייטער פּראָווינץ. געמאַכט אויספלוגן אין דעם שפּע־פולן סטעפּ, — וואָס האָט זיך געצויגן צו די ברעגן פון דעם טייך קובאַן, — צו די טאָטערישע און גרוזינישע כאַטעס, אָדער צו די דייטשישע גיטער. אַ טייל וועג איז זי געפאָרן מיט דער אייזנבאַן, און שפּע־טער געגאַנגען צופוס, אָפּשטייענדיק באַ עפּעס אַ מינדערוויכטיק סטאַנציעלע. זי האָט מיט זיך געפירט גאָלדענע און זילבערנע חפצים, גאָלדענע אימפּעריאַלן און זילבערנע רובלס, און פאַר זיי האָט זי זיך אויסגעבעטן אַ פּאָר טעפּ ווייץ, קאָרן, ענדלעך גערשטן און אַפילו הירזש. אַ פּאָר מאָל איז איר אויך געלונגען פאַר אַ גרויסן פּרייז אַרויסצובאַקומען, ממש אויסשנאָרן אַ ביסל מעל.

זי האָט עס צוריקגעטראָגן גאַנצע וויאָרסטן ביז דער באַן־סטאַציע, פאַלנדיק אונטער דער משא, און שפּעטער האָט זי עס געשמוגלט, קורץ גערעדט, אונטערן קלייד. ווייל אין די וואַגאָנען

זענען אַרומגעגאַנגען פּאַטראָלן און קאָנפֿיסקירט דעם אַרט אינדיווידואַליסטישע און בורזשואַזע קאָנטראַבאַנדע.

ברענגענדיק צו שלעפּן תּבֿואה אין שטאָט אַריין, האָט עס די פֿרוי באַריקאַ אַוועקגעטראָגן אין מיטן דער נאַכט צו טאַטאַרן, מיט וועלכע זי האָט געהאַט אַלטע געשעפֿטן. זי האָט געגעבן צו מאָלן די תּבֿואה און געצאָלט דערפֿאַר גוואַלטיק גרויסע סומען אין גאָלד און זילבער. אין מיטן דער נאַכט האָט זי אויך געבאַקן ס'ברויט, בעסער געזאָגט, נישט אויפֿגעיורענע פּלעצלעך פֿון גערשטן, כּדי איר בן־יחידל זאָל קענען פֿאַרזוכן אַ היילִיק שטיקל ברויט, אַ מאכל פֿון מעל.

צעזאַרי האָט ווייניק וואָס געוווּסט וועגן דער מוטערס אויספֿלוגן. זי האָט אים דאָך נישט אינפֿאָרמירט פֿון וואַנען און ווי אַזוי זי באַקומט די טייערע חפֿצים, מיט וועלכע מ'דאַרף צאָלן פֿאַר מעל און תּבֿואה. זי האָט געוווּסט, אַז אין זיין הייליקער נאַרישקייט וואָלט ער אויך די באַהאַלטענע אוצרות אויסגעגעבן. האָט זי אים געמוזט דערציילן, אַז דער טאָטער, אָדער יענער אַרמענער גיט איר, אַלס אַן אַלטער באַקאַנטער, אַ פּאָר זשמעניעס קאָרן־מעל.

אָבער אירע כּוחות זענען אַלץ שוואַכע געוואָרן. די פֿיס האָבן זיך איר געפּלאָנטערט און געבויגן. פֿאַר אירע אויגן האָבן געשוועבט ווי אַ מענגע פֿליגלען פֿון שוואַרצע פֿלעדערמייז, און די נשמה איז פֿול געווען מיט פֿינסטערניש און מורא, זי האָט איצט מורא געהאַט פֿאַרן טויט. שרעקלעך, שרעקלעך מורא געהאַט! וואָס וועט ווערן מיטן אומגליקלעכן יינגל! ער וועט ווערן אַ תּלין, אַ רוצח, אַ מערדער! זיין נשמה וועט אַראָפּפֿאַלן אין שאול תּחתּיה! ער וועט דאָ פֿון הונגער שטאַרבן צווישן די מענטשן, וואָס וועלן זיך נאָך דערצו פֿיין אָנלאַכן פֿון זיין! יונגלערישער לייכטגלויביקייט!

סעווערין באַריקאַס דירה האָט מען קאָנפֿיסקירט, אין סאַלאָן, קאַבינעט, שלאָפֿצימער, עס־צימער האָבן שוין געוווינט ביידע מענטשן. צעזאַרי מיט דער מוטער האָבן איצט ביידע געוווינט אין דעם קלענסטן צימערל, און צעזאַרי האָט איצט געהאַט זיין

געלעגער אין אַן אַלקער, ווו עס איז אַמאָל געשלאָפן דאָס שטוב־מיידל.

בשעת מען האָט פאַרנומען דעם פאָטערס קאַבינעט, האָט זיך צעזאַרי דערמאָנט דעם באַפעל: — „היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ!" — וואָס איז אָנגעשריבן געווען אויפן קליינעם שיין־געבונדענעם ביכל, וועלכעס מ'האָט אים אָפטמאָל געוויזן. ער האָט געוואָלט אָפזוכן דאָס ביכל, ווייזן עס וועמען מען דאַרף אַלס אַן אומשולדיקער אָנדענק, און שפּעטער עס באַהאַלטן פאַרן פאָטער, אפשר לעבט ער נאָך צופעליק און וועט אַמאָל צוריקקומען. ער האָט דורכגעזוכט די גאַנצע שאַנק, דורכגעוואָרפן אַלע ביכער, אָבער די בראָשור וועגן גענעראַל דווערניצקיס אָנגריף אויף אוקראַינע האָט ער נישט געפונען. איז ער דאַמאָלס געקומען צום באַשלוס, אַז דער פאָטער האָט עס געמוזט מיט זיך נעמען.

די פערזענלעכע אומבאַקוועמלעכקייטן, וועלכע האָבן געטראָפן צעזאַרי באַריקאַן, — דאָס אויפריכטיקע און קרבנות־פולע אָנטזאָגן זיך פון אַלעם: — פון לוסטיקע שפּילן, ספּאָרטן, ירה, מאכלים, מלבושים, געלט — האָט אָבער אין אַ גרויסער מאָס, דערמונטערנדיק געווירקט אויף אים. ער איז אַ ביסל ערנסטער געוואָרן, טרויעריקער. ער האָט אָנגעהויבן צו באַמערקן זאַכן און דערשיינונגען, וועלכע ער האָט ביז דאַמאָלס נישט באַמערקט קודם־כל האָט ער פּלוצלינג און מיט אַ משונהדיקע ממשות דערזען — זיין מוטער. ס'האָט אים פּלוצלינג אַ קלאַפּ געטון אין פּנים, איר נישטרעדעוודיקייט, איר קוקן פון אונטערן שטערן, איר צאַרט האַנדלען, אָפּפערן און שווייגן. איינמאָל האָט ער זיך גוט צוגעקוקט צו איר און — אויפגעציטערט געוואָרן, ווי מ'וואָלט אים אָפּגעבריט מיט ווייס־צעגליט אייזן.

ער האָט אָנגעהויבן צו אָבסערווירן זי, פאָרשן אירע טריט, באַטראַכטן אירע מעשים און — ער איז נאָכמער אויפגעציטערט געוואָרן. זי איז דאָך נאָך נישט אַלט געווען, ערשט אַן ערך פון אַ פערציקער, און אויסגעזען האָט זי אויף זעכציק יאָר. זי איז איינגעהויקערט און קלענער געוואָרן, ווי עס וואָלט זי עפּעס צו־

נויפגעקאָלערט, זי איז געוועזן גרוי, איר פּנים געל און פול מיט קנייטשן, איר מלבוש: אַן אַלט אויסגעריבן קלייד. ווען זי איז געלאָפן פאַר צעזאַריס וועגן, געטראָגן די ברודיקע וועש זיינע, געוואַשן, אָדער ווען זי האָט אים באַדינט אַלס אַ שטוב-מיידל און קעכין, האָט זי זיך אָפטמאָל אָנגעכאַפּט באַם קאָפּ אָדער האַרץ. ער האָט געזען, ווי זי לענט זיך אָן אויף אַ גראָבן שטעקן, גייענדיק אויף די שטיגן — ווי זי טאַפּט מיט אירע הענט דאָס מעבל און די ווענט אין מיטן העלן טאָג, ווי זי וואָלט פּלוצלינג בלינד געוואָרן. אַ שמייסנדיק געפיל פון חרפּה האָט אים אַרומגענומען, ווען ער האָט זיך דערמאָנט, ווי די אומגליקלעכע און אָנמעכטיקע פרוי האָט אים באַדינט, אָפּגעהיטן אים, אַ געזונט עקסל, אָס האָט אין איר אָנוועזנהייט זיך אויסגעשלאָפן, געפרעסן, אויסגעגלייכט זיך די ביינער, דאַמאָלס ווען זי האָט נאָך אָנגעטריבן מיט, לעצטן אָטעם און די צעשרויפטע נערוון. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ענדערן מיטאַמאָל זיין גאַנצע אויפפירונג — געהייסן האָט עס, פּלומרשט צוליב דעם, וואָס די מאַמע וועט עס באַלד באַמערקן — און געווען איז עס דערפאַר, ווייל ס'האָט אים נישט דערלאָזט דע צו עפּעס אַ באַזונדערע בושה, אָדער עפּעס אַ שטאָלץ.

ער האָט אָנגעהויבן פאַמעלעך, ווי נישט ווילנדיק, העלפן איר אין דער אַרבעט:

טראָגן שווערע זאַכן, אַרויסוואַרפן דעם שמוץ פון זייער צימער, ווישן די פּאָדלאָגע אין ס'געפעס, אפילו וואַשן, [illegible], האַקן האָלץ, שלעפּן וואַסער און אויך זען, עס זאָל זיין עפּעס צו עסן. דער מאַמען האָט ער זיך באַמיט אויסצוקערן, מיט זיין אַמאָליקער אומגעדולדיקייט, אַז עס זענען איצט געקומען אַנדערע קאָמוניסטישע צייטן און אַלע מוזן אַרבעטן. ווער עס אַרבעט נישט, זאָל נישט עסן. „גראַבּיט נאַגראַבּלענאָיע“*) איז נאָר דאַמאָלס באַרעכטיקט, ווען מ'אַרבעט אַליין. נידער מיט די ווייסע הענטלעך! — און אַזוי ווייטער. לסוף האָט ער דערפ[illegible]

*) רויבן דאָס אָנגערויבטע.

מאַמעס סוד: די אויספֿלוגן הינטער דער שטאָט נאָך תּבֿואה. דאַ-
מאָלס האָט אים אַרומגעכאַפּט אַן אומבאַשרייבלעכער צער. ער
האָט געוויינט מיט אַ טיפֿן געוויין, טראַכטנדיק וועגן דעם, ווי זי
איז געלאָפֿן דורך פֿרעמדע פֿעלדער, טראָגנדיק און שלעפּנדיק
תּבֿואה פֿאַר אים; ווי זי האָט זיך באַ יעדן גרוב אַ וואַק געטון
אויף אירע אָפּגעשוואַכטע פֿיס; ווי זי האָט אין זיך אַ ייִנג צוגן
לופֿט, וועלכע אירע לונגען האָבן כּסדר געדאַרפֿט אין אַ גרעסע-
רער צאָל. ער האָט אָנגעהויבן באַנאַכט צו לויערן אויף איר
שלאָפֿלאָזקייט. ער איז אויפֿגעשטאַנען, באַדעקט זי מיט אַ קאָלדע-
רע, איינגעטוליעט, באַרויִקט און איינגעשטילט זי, די קליינטשקע
און דאַרינקע, וואָס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט גאָרנישט געווען.
ס'האָט געטראָפֿן, אַז זי איז אַנטשלאָפֿן געוואָרן, אַ זיס צעשמייכל-
טע און מיט אַ ליכטיקער שמחה אין האַרצן, אַ באַגליקטע דורך
זיינע ליבע רייד און לייכטן גלעטן.

אין דער צייט האָבן זיי זיך גייסטיק צוגעטוליעט איינס צום
אַנדערן און זיך קעגנזייטיק געהאָלפֿן מיט גייסט. צעזאַרי האָט
באַמערקט, אַז זיין מוטער, — וואָס האָט גאָרנישט געקענט באַ-
גרייפֿן, נישט פֿאַרשטאַנען די פּשוטסטע זאַכן", — איז נישט גע-
ווען אַזוי באַגרענעצט, ווי ער האָט געמיינט לכתּחילה. אייניקע
זאַכן האָט זי אויסערגעוויינטלעך קלאָר פֿאָרויסגעזען, אייניקע דער-
שיינונגען האָט זי אָפּגעשאַצט מיט, ממש, אַ מאַטעמאַטישער פּינקט-
לעכקייט. דאָ קלינגען אַזעלכע דערהויבענע לאָזונגען, ס'רייסט זיך
אַ יין אין לעבן אַזעלכע אייזערנע דירעקטיוון, מ'וואַרפֿט אַזעלכע
פּרעכטיקע באַפֿעלן, און זי זעט אַלס פּועל-יוצא דערפֿון עפּעס
פּונקט קאַפּויערדיקס. עפּעס לעכערלעך קעגנזעצלעכס. און אָט
איז אַלץ געשען, ווי זי האָט פֿאָרויסגעזען, און אירע נישט דער-
זאָגטע ספֿקות, ס'איז אַלץ געשען קאַפּויער דער לאָגיק פֿון דער
זאַך, קאַפּויער דעם כּוח און ריכטונג פֿונם איינפֿלוס. צעזאַרין האָט
דאָס געמאַכט טראַכטן, אָבער ס'האָט נישט באַוויזן אים אַראָפּצו-
פֿירן פֿון דעם דורך אים אויסגעקליבענעם וועג.

ווען ס'איז פֿון דער ריכטונג פֿון אַסטראַכאַן אָנגעקומען אַ
פּאַסאַזשירן-שיף און די מוטער האָט שטענדיק פֿריִער געוווּסט

וועגן דעם, זענען זיי ביידע געגאַנגען אין פּאָרט אַריין און אָפּ־געוואַרט — נישט צו ווייסן וואָס. לעולם האָבן זיי אפילו יאָ גע־וווּסט אויף וואָס זיי וואַרטן, זיי האָבן עס אָבער קיין מאָל נישט אַרויסגעזאָגט. זיי האָבן זיך פאַר זיך אַליין נישט געוואָלט מודה זיין און האָבן מורא געהאַט, ס'זאָל נישט פאַרטריבן ווערן זייער גליק. זיי האָבן אָפּגעוואַרט דעם טאַטן. איצט, ווען ס'איז שוין צו שפּעט געווען, האָט צעזאַר נישט מורא געהאַט פאַר זיין צוריק־קומען. זינט מ'האָט אים אָפיציעל געענטפערט, אַז זיין פאָטער איז געפאַלן אין שלאַכט־פעלד, האָט ער שוין פאַרלוירן יעדע האָפ־נונג. דער מוטער האָט ער עס נישט דערציילט, ווייל ער איז נישט בכוח געווען צו דערלאַנגען איר אַזאַ קלאַפּ אין איר אויסגעמו־טשעט האַרץ אַריין. און איבעריקנס, האָט ער נאָך אויך אַ ביסל געצווייפלט. ווייפיל מאָל זענען שוין צוריקגעקומען די, וועמען מ'האָט אָפיציעל דערקלערט פאַר טויטע!

זענען זיי געשטאַנען אין פּאָרט און געוואַרט, בשעת עס האָט זיי באַדאַרפט באַווייזן אַ נישט דייטלעך פּינטעלע פון דעם פאַרוויכעטן נעפּל איבער דעם בלוי־גרויען אָפּגרונט פון ים. דער מאַמעס פּנים איז דאַמאָלס פאַרגליווערט געוואָרן, די אויגן פאַר־נעפּלט, די ליפּן האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן, די הענט האָבן גע־דריקט דאָס טיכל, וואָס איז דורכגענעצט געווען פון אירע טרערן. פאַרבייגנגע, ווערטערלאָזע תּפילות זענען געפלאָסן פון איר אויס־געמאַטערטן גוף — די תּפילות פון דאָרטן, פון פּאָליאַסיע, וואָס זענען אויסגעהאַרעוועט געוואָרן אין דער צייט פון רעליגיעזע רדיפות און אַהערגעשלעפּט געוואָרן אויף אַזאַ ווייטן ברעג און צווישן אַזעלכע משונהדיקע געשעענישן...

זי האָט זיך אינגערלעך צונויפגעקאָליערט, געדרייט זיך אין די יסורים פון ספק און לעבעדיקן פּיין פון האָפענונג; זי איז גע־פאַלן אונטער דער משא פון איר שווערן צלם, זינדיק באַגאַטס־טירן און מתפלל געווען, אַז סעוועריין זאָל זיך באַווייזן אויף דער שיף, וואָס איז אַרויסגעוואַקסן פון די טונקעלע ווייטן בײַם שפּע־ראַנישן האַלב־אינדזל. צי האָט דען אָבער געקענט אַרויסוואַקסן — פון ים און פון דער רוסישער יבשה, וואָס איז פילפאַך גרעסער

געווען ווי דער ים, און פון דער מוראדיקער מלחמה און רעוואָ-
לוציע, שריפות און מענטשלעכן שגעון — דער איין-און-איינצי-
קער אויסגעחלומטער מענטש, ער, וואָס האָט זי אַהערגעבראַכט
אין דעם לאַנד אַריין און אַליין זי דאָ געלאָזן? זי האָט דורך
דעם נעפּל פון טרערן געקוקט אויף דער שיף, ווי אויף אַ זעונג
פון גאָטס מלאך, וואָס לויפט אַרום צווישן ים און דער יבשה,
טראַגנדיק גליק אָדער אומגליק.

איר האַרץ האָט געהאַקט אין איר ברוסט, ווי אַ גלאָק אויף
אַ לײדיקן טורעם, בשעת די שיף איז אָנגעקומען, אַרײַנגעשווומען
אין פּאָרט אַרײַן, געבליבן באַם ברעג... זי האָט זיך געוואָרפן
מיט אירע אויגן אויף יעדן פּנים און אויף יעדער געשטאַלט, בשעת
די רײזנדיקע זענען אַראָפּגעשטיגן פון דער שיף. זי האָט גע-
מאָסטן מיט אירע אויגן יעדן מענטש און יעדן אָװעקגעשטופּט מיט
איר אַנגסטיק-צעשראָקענער קללה.

— נישטאָ! — בשעת זײ זענען געגאַנגען אין איין
מאַסע.

— נישטאָ! — בשעת זײ האָבן זיך געשלעפּט אויפן
בריק.

נישטאָ! — בשעת זײ האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרײט איבער
די שטײנער אויפן ברעג.

און ווען ס'זײַנען לסוף אַרויסגעגאַנגען די לעצטע פון די
לעצטע און אויף דער שיף זענען בלויז די מאַטראָזן פאַרבליבן,
האָט זי זיך געמוזט אַליין מיט אָנשטרענגונג כאַפּן פאַר די הענט,
כדי נישט צו פאַלן אויף די פּעלזן פון ברעג, כדי נישט צו וואָ-
יען און נישט צו רײסן זיך די האָר פון קאָפּ. נאָר ס'איז דאָך
לעבן איר געשטאַנען איר דערוואַקסענער זון. ער האָט אויך גע-
קוקט אויף די אָנגעקומענע. ער האָט אויך דורכגעלעכערט מיט
זײַנע אויגן דעם המון אויף דער שיף און פּאַרטיפט זײ אין דער
מענגע, וואָס האָט זיך געשטופּט אויפן בריקל, באַלד נאָכן אַראָפּ-
קריכן פון דער שיף. און ער האָט געוואַרט. אָפּטמאָל האָט זיך אַ
שרעקלעכע רוסישע קללה פון זײַן מויל אַרויסגעקײַקלט. ער האָט
אָנגעהויבן צו שפּאָטן פון די אָנגעקומענע. ער האָט זײ אָנגעוויזן

דער מוטער מיט אַ שנאה, מיט דער נייער, ניימאָדישער שנאה, וואָס איז נאָך קיינמאָל נישט געווען אין זיין האַרץ. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז דאָס רוסישע טינוף. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס אָפּענע לאָך פון דער שיף איז ווי די עפענונג פון אַ קישקע, וואָס וואַרפט אַרויס דאָס מיסט פון דער גרויסער מלוכה. דעזערטערן! אַנטלאָפענע! בורזשויען! אָט מאַכן זיי פיס פון זייער פאָטערלאַנד. ס'אַנטלויפן — באַאַמטע, שררות, פּריצים, גרויסע מאַגנאַטן און אונטער-מאַגנאַטלעך, סוחרים, אינדוסטריעלער, פּויערים, פּאָפּן און אָפיצירן. די נעכטיקע מושלים, הויט-שינדערס, קאַריעריסטן, אַלע פינסטערע אינדיווידיומען אין די משונהדיקסטע מלבושים און רעשטלעך פון מונדירן. דער אָדער יענער טראָגט נאָך אַ שטערן, אַ „קרייגדל" אויפן היטל. פּריצים אין „אַרמיאַקעס", מאַגנאַטן אין פּויערישע „רובאַכעס", און צווישן זיך דברן זיי שטילערהייט פראַנצויזיש. זיי טראָגן זעק אויף די פּלייצעס, די פּעקלעך פּלאָנטערן זיך אַרום זייערע פיס, זייערע הענט זענען נישט בכּח נישט צו דערשלעפּן די גראַטעס און כּלים. זיי מאַכן ויברח פון זייער פאָטערלאַנד קיין קליין-אַזיע, קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל און, בכלל, אַבי אין דער ווייטער וועלט אַריין. זיי זענען גרייט געווען צו באַזיגן, באַהערשן, איינשלינגען די גאַנצע וועלט, און איצט וועט די וועלט זיי איינשלינגען. זיי גייען אין אַ גאַניק אונטעריאָכן די וועלט, אַ מורא, אַ געוואַלטיקע שרעק באַהערשט זיי און טרייבט זיי אַרויס מיט אַ קאַנטשיק פון זייער מאַכט-געביט. ס'האָט זיי גוט דורכגעקייט און דורכגעקנעטן אין אירע ציין און אין די טריבן פון די אינקוויזיציעס-טשערעזוויטשאַיקעס — די מעכטיקע רעוואָלוציע. זיי פליִען איצט ווי דער פּעפּער וואַקסט. ס'איז זיי איצט ליבער אַרומצוקריכן מיט אַ שטעקן אין האַנט און מיט שמאַטעס באַהאָנגען אַבי ווייטער און ווייטער צו זיין פון די נישט אויסגעמאָסטענע שטחים, איבער וועלכע ס'האָט געהערשט דער כּוח פון זייער פּאַראַגראַף און זייער קאָזאַקישער נאַהאַיקע.

איינמאָל, בשעת זיי האָבן, אַזוי ווי שטענדיק, געוואַרט באַם פּאָרט, ביז די שיף איז שוין ליידיק געוואָרן, ביז עס איז שוין אַראָפּגעשטיגן דער לעצטער מענטש — און געוואַרט האָבן זיי,

ווי שטענדיק, בחנם — האָבן זיי באַמערקט עפּעס אַ גרופּע אָרימע פרויען, וואָס האָבן זיך אַוועקגעזעצט אויף די שטיינער בײַם ברעג, אַרומגערינגלט מיט זייערע פּעקלעך און זעקלעך. דאָס איז געווען אַ משפּחה, פיר טעכטער מיט אַ מוטער, שוין אַן עלטערע פרוי.

די מיידלעך זענען געווען אויסגעדאַרט און אויסגעמאַטערט, זייערע מלבושים געוואַלטיק אָרים; אַנשטאָט שיך האָבן זיי געטראָגן ברעטלעך, וואָס זענען צוגעבונדן געווען מיט שטריקלעך צו די אויסגעדאַרטע פיס; זייערע שמאַטעס זענען געווען צעריסן אין אַ סך ערטער, און דורך די לעכער האָט מען געזען דאָס נאַקעטע לייב. די פרויען זענען אָבער נישט געווען קיין געבוירענע אָרימעלייט, זייערע פּנימער זענען געווען רעגולערע און סובטילע, און אין דער מוטערס פּנים האָט זיך דערקענט עפּעס אַ פיינקייט און איידלקייט, נישט געקוקט אויף אירע שמאַטעדיקע מלבושים. דאָס לײַדן גופא האָט זיך פון איר פּנים אַנדערש אַרויסגעוויזן: ס'האָט אויסגעזען, ווי גוט דערצויגן און אַריסטאָקראַטיש. צוליב איר איינגעבוירענער באַרמהערציקייט האָט זיך צעזאַרי'ס מוטער צוגערוקט צו זיי און אָנגעהויבן צו שמועסן.

צעזאַרי, וואָס האָט נישט געקענט פאַרטראָגן אַזאַ פּוטערדיקע ווייכקייט, איז אַוועקגעגאַנגען אין זיין ריכטונג.

דאַמאָלס האָט שוין זיין מוטער דרייסט פאַרבונדן אַ באַקאַנטשאַפט מיט די אָנגעקומענע. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז די פירשטין שטשערבאַטאָוו-מאַמאַיעוו און אירע טעכטער. זיי אַנטלויפן פון רוסלאַנד. זייער פאַרמעגן, — וואָס איז באַשטאַנען פון גרויסע שטחים ערד, וועלדער, פאַבריקן, פּאַלאַצן, ווילעס — איז קאָנפיסקירט געוואָרן, און זיי אַליין, — נאָכן אַרומשלעפּן זיך איבער פאַרשידענע קרימינאַלן, זייענדיק דורכגעפרעסן דורך חולאתן, קרעץ, קויט, לייז און איבערנאַטירלעכן דלות — האָבן זיך ענדלעך באַוויזן אַרויסצורייסן, און זיי אַנטלויפן, וווהין די אויגן וועלן זיי טראָגן.

די פרוי באַריקאַ, וואָס איז שטאַרק גערירט געוואָרן פון זייער אומגליק, האָט זיי איינגעלאַדן צו גיין שלאָפן צו איר אין

צימער און זי האָט זיי איינגעאָרדנט ווי עס איז נאָר מעגלעך געווען אין איר קליינעם צימערל. ווען די יונגע זענען איינגעשלאָפן אויפן געמיינזאַמען געלעגער, וואָס איז אויסגעשפרייט געווע אין דער ברייט פון צימער, האָט זיך די פירשטין שטשערבאַטאָוו-מאַמאַיעוו פאַרטרויט מיט אַ סוד פאַר דער גאַסטפריינטלעכער און באַרמהאַרציקער פוילישקע: זי האָט געטראָגן אויף אירע ביידע פיס אויסערגעוויינטלעך טייערע בראָנזלעטן, וואָס האָבן פאַרדאַנקט זייער הויכן ווערט נישט נאָר די טייערע שטיינער, וואָס זענען געווען אין זיי איינגעפאַסט, נאָר אויך זייער היסטאָרישער באַדייטונג אַלס פאַמיליען-אוצרות. די גאָלדענע קייטן האָבן זי שרעקלעך געפייניקט, ווייל זייענדיק האַלב-געעפנט, האָבן זיי זיך איינגעפרעסן אין איר גוף און אויסגעביסן מיט זייערע עפענונגען בלויטיקע לעכער אין די פיס. זיי האָבן ביידע אַראָפּגענומען די בראָנזלעטן פון דער פירשטינס צעווייטיקטע פיס. אין די „טיעפּלושקע-וואַגאָנען" און שפּעטער אויף דער שיף, האָט זי מורא געהאַט זיי אַראָפּצונעמען, כדי נישט צו דערפירן צו א רעוויזיע און קאָנפיסקאַציע. זיי האָבן באַהאַלטן די בראַנזלעטן אויף די אויוונס און די פירשטין איז ס'ערשטע מאָל אַנטשלאָפן געוואָרן נאָך אַ לאַנגער צייט פון שלאָפלאָזיקייט. צום אומגליק איז אָבער אין דערזעלבער נאַכט פאָרגעקומען אַ רעוויזיע בײַ דער פרוי באַריקאַ אין דירה. די חפצים האָט מען געפונען און צוגענומען, און צעזאַרי מיט זיין מוטער זענען באַשטראָפט געוואָרן פאַרן באַהאַלטן אַזוי פיל גאָלד און טייערע שטיינער. ביידע זענען זיי אַרויפגעשטעלט געוואָרן אויף דער שווארצער ליסטע. נאָר דער גוטער נאָמען, וועלכן דער „חבר באַריקאַ" האָט געהאַט צווישן די באָלשעוויסטישע טוערס, האָט געהאָלפן צו לינדערן אַ ביסל די שטראָף. די עמיגראַנטקעס, וועלכע מען האָט, פאַרשטייט זיך, נאַכגעשפּאַנירט, זענען ווידער אַריינגעפאַלן אין תפיסה.

די גאַסטפֿרייַנדלעכקייט לגבי דער פירשטין שטשערבאַטאָוו-מאַמאַיעוו האָט דער פרוי באַריקאַ נישט קיין טובה געטון. פון דער רגע אָן איז זי, ווייַזט אויס, געוואָרן נאָכשפּיאָנירט, ווייל מ׳האָט זי גראָד דעמאָלס פאַרהאַלטן, ווען זי האָט געוואָלט אַרויסנעמען עפּעס פון איר אוצר, וואָס איז געווען באַהאַלטן הינטער דער שטאָט, — כדי צו קענען אַרויספאָרן אין דאָרף נאָך אַ ביסל תבואה. באַקומענדיק אָרנטלעך אַרייַנגעפּאַטשט „אין דער מאָרדע“ האָט זי זיך מודה געווען, אַז זי האָט פאַרבאַהאַלטן אַן אוצר און אָנגעוויזן די באַהאַלטעניש. דאָס האָט איר אָבער ווייניק געהאָלפן. מ׳האָט זי געשיקט צו די געזעלשאַפטלעכע אַרבעטן אין פּאָרט. זי האָט נישט לאַנג געאַרבעט, אָבער די קורצע צייט פון דער אַרבעט איז פאַר איר געווען אַן אויסגעצייכנטע קוראַציע, וועלכע האָט געפירט פון דער אויף יענער וועלט. צעזאַרי האָט אויסגעבעטן, מען זאָל זי אויף אַ קורצער צייט אַרייַננעמען אין אַלגעמיינעם שפּיטאָל. ווען זי האָט זיך אָבער אַ ביסל אָפּגערוט, האָט זי ווידער געמוזט גיין צו דער שווערער אַרבעט. איר שוואַכער און אויסגעדאַרטער גוף האָט עס נישט איבערגעהאַלטן; ווען עס האָט זי אַ שטופּ געטון אַ וועכטער, איז זי געפאַלן אויפן וועג און אויסגעהויכט די נשמה. מ׳האָט זי געזאָלט באַגראָבן אין בשותפותדיקן קבר פון אַלע קאָנטער-רעוואָלוציאָנערן, אָבער אויך דאָ האָט דער זון אויסגעבעטלט אַ דערלייכטערונג. מען האָט די „בורזשויקע“ באַזונדער מקבר געווען אויפן קאַטוילישן בית-הקברות. דער גלח, דער גרוזינער, האָט אָפּגעריכט די פאַרגעשריבענע תפילות און אַרויסגעזאָגט אַ פּאָר אַלטע, לאַטייַנישע ווערטער, צו וועלכע עס איז אַזוי פעסט געווען צוגעבונדן איר קינדערישער גלויבן, די פרייד פון איר יוגנט און גרויסער צער פון איר לעבן. איידער מען האָט אָבער אַראָפּגעלאָזט אין קבר אַרייַן דעם פּשוט קאַסטן, האָט צעזאַרי געגאַרט נאָכאַמאָל אַ קוק צו טון אויף זייַן מוטער. ער האָט אָפּגעריסן די דעק פון דעם פּיכטענעם קאַסטן און צום לעצטן מאָל זיך אייַנגעקוקט אינעם פּנים פון דער פאַרשטאָרבענער.

צונויפפֿלעכטנדיק אירע פאַרגליווערטע פינגער צום אייביקן

שלאָף, האָט ער באַמערקט, אַז דאָס גאָלדענע חתונה-רינגל, וועלכעס ער האָט אַזוי פיל יאָרן געקושט און געפּילט אַזוי, אַז ס'איז געוואָרן באַ אים, ווי אַ טייל פון איר האַנט — אַז דאָס רינגל איז אַראָפּגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיט דער טויטער הויט פון איר פינגער, ווייל ס'רינגל האָט, ווייזט אויס, נישט געוואָלט זיך לאָזן מיט גוטן אַראָפּנעמען. אַ פאַרשוואַרצטע, פאַרבאַקענע ווונד איז געבליבן אויפן אָרט, וווּ ס'איז אַמאָל געווען אַ רינגל. צעזאַרי האָט אין זיך גוט איינגעזאַפּט דאָס בילד. קיינער האָט אים נישט געקענט דערקלערן, ווער ס'האָט צוגענומען זיין מאַמעס חתונה-רינגל. אויף דער פראַגע, צי אויך דאָ איז פאָרגעקומען אַ קאָנפיסקאַציע, האָט מען אַ מאַך געטון אַ באַוועגונג מיט די אַמטלעכע אַקסלען, מ'האָט געענטפערט מיט פאַרקרימען ס'מויל און אַ שמייכל, אַן איראָנישן, אַ פון אויבן-אַראָפּיקן. איצט איז ער ערשט מיט זיין געפיל געקומען צום באַוווסטזיין, פאַר וועמען ער האָט עס אין זיינע קינדער-יאָרן און אין, דער פריִעסטער יוגנט באַהאַלטן דעם קינזשאַל אין הייל פון אַ קאַווקאַזישן פעלז.

---

אַזוי אַרום איז צעזאַרי באַריקאַ געבליבן איינער אַליין, אויף דער וועלט. ער האָט שוין נישט געהאַט קיין מאַמען, נישט קיין טאַטן און גאָרנישט פון זיין אַמאָליקן וווילטאָג. אפילו דאָס צימער אין זיין אַמאָליקער דירה האָט מען אים צוגענומען און צוגעטיילט אַן אַנדערס, ווייט פון דעם אָרט, אין דער שוואַרצער שטאָט, צווישן די „אינדוסטריִען“.

נאָך דער מוטערס טויט האָט ער אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן פאָטער.

דער באָלשעוויסטישער אַמט האָט אים מיטגעטיילט אַ פאַטאַלע בשורה, בשעת ער האָט זיי אָנגעפרעגט וועגן זיין פאָטער. לויט דער אינפאָרמאַציע, איז דער מאַיאָר פון דער צאַרישער אַרמיי, סעווערין באַריקאַ, שוין לאַנג, לאַנג אַריבער אויף דער זייט

פונם שונא, צוגעשטאַנען צו די פוילישע לעגיאָנען, פאַראַטן זיין פאָן. מ׳האָט אָבער צוגעגעבן, אַז אויך אין די לעגאָנען איז ער שוין נישטאָ, לויט ווי ס׳האָט געמאָלדן דאָס אויספיר-ביוראָ. אויך דאָרט איז ער פאַרלוירן געגאַנגען און מ׳האָט וועגן אים נישט קיין ידיעות. — „פאָגיב!“— האָט מען אויסגעשטאַמלט מיט אַ באַהאַלטענער שמחה.

דאָס איז שוין געווען די לעצטע פאָרמול, נישט צו ענדערן שוין.

צעזאַרי איז אַרומגענומען געוואָרן דורך זיין איינזאַמקייט. ווען די מוטער האָט געלעבט, איז ער קיינמאָל נישט געווען אין אַזאַ מצב. אַזאַ גרויסער בחור, וואָס האָט אַזוי פיל, ריין פערזענלעך, אַרומגערודערט, איז געפירט געוואָרן בײַ דער האַנט. ערשט איצט איז ער פאַרשטאַרט געוואָרן, נישט געפינענדיק שוין בײַ זיך די קליינע, דאַרע, שוואַכע האַנט. ער האָט זיך פעסט אַנטקעגנגעשטעלט זיך אַליין, אויסטייטשנדיק זיינע געפילן, אַז דאָס איז דאָ גאַנץ נאַטירלעך, וואָס אַן אַלטע, קראַנקע דענערווירטע פרוי איז געשטאָרבן. בעיקר — אין אַזעלכע פאַרהעלטענישן, וואָס זענען בכלל נישט געווען צוגעפאַסט צו איר געזונט. אָבער זיין צער האָט זיך נישט געוואָלט מכניע זיין פאַר דער אויסטייטשונג און דער צער האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ מצב, וואָס איז ענלעך צו אַן אַלמעכטיקער היץ, וועלכע דערשיטערט אַ געזונטן אָ גאַניזם. די פיס האָבן אים אַליין אַוועקגעטראָגן אויפן בית-הקברות, צו דעם פרישן ליים-בערגל, דעם דורכגעזאַפטן מיט ערדישע גאַז, אונטער וועלכן עס האָט גערוט זיין פילגדיקע מוטער.

ער איז דאָרט געזעסן און געקוקט אויף דער ערד.

ערשט איצט האָט ער דערזען, ווי די שוואַכע פרוי איז געווען זעלבסשטענדיק, ווי באַוווסטזיניק זי איז געגאַנגען צו איר ציל, ווי זי האָט ריכטיק געזען אַלץ, וואָס איז געשטאַנען אויפן וועג, מיט וועלכן זי איז געגאַנגען צו איר ציל. נאָר זי איז פאָרגעברייט געווען צו אַלע אָנקומענדיקע געשעענישן. זי האָט זיי אויסגעצייכנט אין באַוווסטזיניק געכאַפּט אין אירע הענט און געוווסט, וואָס זי, אַ מאַמע, דאַרף טון אין דער געגעבענער רגע.

צוקוקנדיק זיך צום לעבן פון זיין מוטער דורך דעם בערגל רויט, באַקיגישן לייט, האָט צעזאַרי דערזען, אַז זי איז נישט געווען שוואַך, נאָר טאַקע שטאַרק. פאַרשידענע קרענק האָבן זי געפּײַניקט, אָנגעגריפן, געשלאָגן און אַרויסגעריסן פון איר יעדעס ביסל כּוח, די שלאָפלאָזיקייט, בלוט-אָרימקייט, לסוף דער דלות און הונגער — און דאָס אַלץ האָט זי נישט געקענט צעברעכן. זי האָט זיך דאָך אויף קיין איין רגע נישט אונטערגעגעבן, נישט אָפּגעשטאַנען, נישט צוריקגעצויגן זיך, נישט איינגעשטילט געוואָרן. ערשט דער געמיינער, הינטישער געוואַלט פון מענטשן און דער אומבאַזיגבאַרער פיזישער טויט האָבן געבראָכן איר אייזערנעם ווילן. ערשט איצט האָט ער דערזען זיינע חטאים לגבי איר, די נישט-געהערכזאַמקייט, גראָבקייט, כאַמישע ווידערשטאַנדן, דאָס געמיינע באַנוצן זיך מיט דער אומשאַצבאַרער כלי פון גייסט.

אָבער די נישט-מענערישע טרערן, וואָס זענען אַרויסגעקוועטשט געוואָרן דורך זיין טיפער תשובה, האָבן אים געלייטערט.

עס האָבן זיך צוריק געפונען — די מאַמע מיטן זון. האַנט אין האַנט האָבן זיי שפּאַצירט אין די ווייטע וועלדער אויף דער דרום-זייט פון די בערגלעך, אָדער אין דער געגנט „זיד" בײַ די ברעגן פון ים, אין די וועלדער, וועלכע אַ פרילינגס-ווינטל האָט גלעטנדיק באַזילבערט.

צעזאַרי איז געווען אַליין און נישט אַליין.

ער האָט געקוקט אויף אַ שיין אַפּריקאָזן-ביימל, דאָס אויסטײַלנדיקע זיך פון דער אַרומיקער בוימלאָזיקייט, וועלכע האָט געהערשט אין דעם שרעקלעכן לאַנד, מיט זיין ליכטיקער ראָזיקייט אויפן פאָן פון אַ שטיינערנעם פּאַרקאַן, בײַם הויז פון אַן אַרבעטסזאַמען טאָטער: ער האָט געקוקט אויפן ביימל און שטיל גערעדט צו זיין מוטער:

— זע, אַן איינזאַם אַפּריקאָזן-ביימל!

ער האָט אַראָפּגעריסן די פריִעסטע פרילינג-אַנעמאָנען און איבערגעגעבן זייערע ריח-לאָזע בעכערס עפּעס אַ נישט עקזיסטירנדיקער האַנט אין דער ריכטונג פון הימל. ער האָט געלייגט

די בלומען אין דער קאַלטער לופֿט, און בשעת זיי זענען געפֿאַלן אויף דער ערד, האָט ער געחלומט, אַז די בלום ווערט צוגעדריקט צו אַ צעשמייכלט מויל, דורך הענט, וואָס זײַנען שטענדיק גרייט עמעצן צוצודריקן צו זיך. ער האָט געפֿילט אויף זיך שטריק, וועלכע ס'איז אוממעגלעך גובר צו זײַן, — און די האָבן אים מיט דעמזעלבן כוח אַרומגענומען. לאַנגע שעהן האָט ער פֿאַרבראַכט מיט פֿאַרקוקן זיך אין ים, אייביק דעמזעלבן און אייביק געענ-דערטן, צו וועלכן ס'האָבן אַראָפּגענידערט אָפּשפּראָצונגען פֿון פֿעלזן, איבער וועלכע ס'הענגען קאַלטונעס פֿון צעשויבערטע דרום-סאָסנעס. ווען ס'האָבן זיך מיט אַ רײַכער און גלאַנצנדיקער פֿאַרב צעגריבט די גרעזן, וואָס האָבן אַרומגעטוליעט די גאָרטנס בײַ דער פּרעכטיקער בוכטע פֿון האַלב-אינדזל — און צווישן זיי האָבן גע-עפֿנט די לעבעדיקע אויגן און באַוויזן די פּנימלעך פֿאַרשידענע גאַנדז-בלומעלעך, פֿיילכלעך און סאָסאַנקעס, — האָט ער זיך דער-מאָנט די שריפֿטן פֿון פֿאַרשידענע דיכטער, שריפֿטן, וועלכע מ'האָט אים אַמאָל געהייסן לערנען זיך אין פֿאַרשידענע שפּראַכן און וועלכע ער האָט אַמאָל אַזוי פֿאַראַכטעט. און ווען זיי האָבן אַרי-בערגעגאָסן אין אים זייער ריח, וואָס האָט אייביק אַזוי גערירט, איז ער געקומען צו דער איבערצײַגונג, אַז צוויי זאַכן זענען באַר דאָ אויף דער וועלט, וואָס פֿאַלן נישט אונטער דער צעשטערונג פֿון טויט: דער אייביקער צוריקקער פֿון בלומען אין פֿרילינג און דאָס איבערגעבן זייער צוריקקער אין דעם דיכטערס לי-דער.

ער האָט איצט אַרויסגעזאָגט דער פֿאַרשטאָרבענער מוטער די דאָזיקע שטילע ווערטער, וואָס האָבן געשמעקט ווי פֿיילכלעך, די ווערטער, וואָס האָבן איצט פֿאַר קיינעם נישט געטויגט, די אַזוי אייגענע און פֿרעמדע, וועלכע ער וואָלט אַמאָל נישט פֿאַרשטאַ-נען און נישט געשעצט. ער האָט געשיקט דער מאַמען אין דער קאַלטער טיפֿקייט פֿון איר קבֿר אַ ידיעה, אַז דער פֿרילינג קומט ווידער אָן, אַז דער גאָלד-באַפֿעדערטער פֿויגל, דער „וויווילגאַ-גאַטס-ווילן", וועלכן זיי האָבן אַזוי ליב געהאַט זיך צו ווײַזן אין זייערע גליקלעכע, פֿאַרגאַנגענע טעג, וועלכנס געזאַנג זיי האָבן

ליב געהאַט צו הערן אין די פריילינגס-באַגינענס — אַז דער פויגל האָט זיך ווידער פון ערגעץ-ווו באַוויזן און איז מודיע מיט זיין אומפאַרשטענדלעכן לשון, צווישן די צווייגן פון איינזאַמען צעדער׳ דעם הימל, ים און יבשה, וועגן דעם גליק, אַז דער ערב פריילינג קומט אָן.

צעזאַרי איז איצט — נאָך דער צייט ! — אונטערטעניק געווען דער מוטער. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט בײַ איר האַנט אַזוי ווי דאַמאָלס, ווען ער איז נאָך קליין און מאַ־טלאָז געווען. ער האָט זיך באַמיט צו באַהערשן אירע אַלע געדאַנקען, פאַרשטיין זי, באַגרייפן זי ביזן סוף. און אַ גרויסע דערלייכטערונג פון זיינע ליידן איז געווען פאַר אים, ווען ער האָט זי — די גאַנצע ! — אַריינגעזאַפּט אין זיך. מיט דעם גאַנצן סכום פון אירע מחשבות, געפילן, מיט אַלע אָפּשפּראָצונגען, אָפּצווייגונגען אין אַלע זייטן פון איר נאַטור, מיט אַלע אירע פעלערן ! ער האָט איצט פאַרשטאַנען דעם כמות און איכות פון אירע פעלערן. ער האָט זיי מוחל געווען און פארגעלאָזט. אָט אַזוי האָט זי פאַלש עאורטיילט וועגן עולם-הזה-ענינים. ער האָט געזען דעם וועג פון איר געדאַנקענגאַנג, ווי ער וואָלט אים געהאַט בײַ זיך אויף דער האַנט. אַפילו דאָרט, וווּ זי איז באמת געווען איבערקלוג, אָן אַ ברעקל טעות, אויסגעצייכנט פאַרויסזעענדיק, האָט ער דערזען אַ פעלער און אים מוחל געווען פון טיפן האַרצן.

נישט קענענדיק איבערצייגן זי אַ לעבעדיקע, האָט ער איבערצייגט איר גייסט.

ער האָט אים, דעם גייסט אירן, קאָנגזייטיוו אַנטפּלעקט זיך אַליין. געלערנט אים דעם סוד פון זיין גייסטיקער איבערלעכער וועלט. ערגעץ ווייט, אויף אַן אומפּרוכטבאַרן באַרג, וועלכער איז געווען באַדעקט מיט קרומע הויקערדיקע קוסטעס, האָט ער געפירט מיט זיין מוטער לאַנגע שמועסן. ער האָט איר אַנטפּלעקט אַ סוד, אַז ער — צעזאַרי — איז דאָך נישט געווען זי, די מאַמע. ער איז געווען עפּעס אַנדערש, באַזונדערס, נייעס, האַרטס, שאַרפֿס, רירעוודיקס און נאָכגיביקס אויף שטורמען און ברויזן — ער איז געווען עפּעס יונגס און נישט אַלטס, ווי זי. אין זיין מענערישן,

יונגן האַרץ האָט אַן אַנדערער פּלאַם געברענט, ווי אין איר ווייבע-ריש, אַלט און מוטערלעך האַרץ. ער האָט איר אויפגעקלערט מיט אַ געוואַלטיקן דרך-ארץ און ליבע, אַז זי האָט נישט געקענט, נישט געוועןֹ בכּוח צוליב איר געשלעכט און ליבע, דעם דעפעקט פון ליבע — צו פאַרשטיין די ריזיקייט פון שטורם, וועלכן ס'האָט אין זיך אַנטהאַלטן די רעוואָלוציע. ער האָט איינגעזאַפּט די ריזיקייט פון שטורם, ווי אַ שוואָם זאַפּט איין דאָס וואַסער פון אָקעאַן, און זי, די מוטער, איז נישט געווען בכּח אַרויסצוזויגן עפּעס פאַר זיך, ווייל זי האָט צו שטאַרק זיך געשראָקן און געליבט, אַלס מו-טער.

און איצט, ווען עס איז פון איר אַוועק דאָס גאַנצע נישטיקע, ערדישע, שוואַכע, דאָס ציטערן פון ווייבערישען האַרץ, אָנמאַכט און מורא וועגן זון — ווען איר גוף ווערט נישט באַהערשט דורך אַ שלאָפלאָזן וואַכן — ווען זי איז געבליבן בלויז אַ פייער און ריינער גייסט — זאָל זי אַריינקוקן אין זיין האַרץ, זאָל זי זיך פאַרטיפן אין זיין מענטשלעך און יונג האַרץ. אַמאָל האָט זי דער-פילט אַלע באַדערפענישן פון זיין זויגלינג-אָרגאַניזם, אַריינגעריסן זיך אין דעם אמתן קערן פון זיין יש. זאָל אויך איצט זיין אַזוי!

די רעוואָלוציע — האָט ער געלערנט זיין מוטערס גייסט — איז אַ נויטווענדיקייט, אַ העכערע איבער אַלץ. דאָס איז אַ מאָ-ראַליש געזעץ. אין משך פון טויזנטער יאָרן זענען אומגליק-לעכע מענטשן געטרעטן, אונטערגעיאָכט און באַרויבט גע-וואָרן פון אַלע רעכט דורך פּריווילעגירטע מענטשן. ווי פילע מענטשן זענען געשטאָרבן פון קרענק, דלות, פּיין, פון גע-צוווּנגענער אָרעמקייט און ליידן, אונטערן עול פון דינסט — און דאָס אַלץ צוליבן חיהשן געזעץ פון הערשאַפט פאַר פּריווילעגיר-טע אויפן חשבון פון די אַרויסגעשטויסענע אויסערהאַלב די ראַ-מען פון יעדן געזעץ! אפילו אַן חזיון און מיט דער הייף פון דער שוועבנדיקסטער פאַנטאַזיע איז אוממעגלעך צו באַרעכענען די צאָל פון דערמאָרדעטע באַשעפענישן, די חרוב-געמאַכטע אוצרות פון גייסט, אויף אייביק צו-נישט געמאַכטע שיינקייטן. דאָס איז עפּעס אַ לאַנד פון לעבעדיק-באַגראָבענע, אַן אָן סופיקער

בית-הקברות, אויף וועלכן יעדעס זאַמד-בערגל רופט נקמה צו נעמען פון קין.

ווען די טויטע בערגלעך וואָלטן רעדעוודיק געוואָר, אָדער ס'וואָלט זיי מעגלעך געוואָרן צו מאַכן פאַרשטענדלעכע צייכנס, וואָלט דאָך יעדער שטיין פון די צערקוועס און קירכעס אַרויסגעלאָזט אַ קרעכץ, יעדע ציגל פון די פּאַלאַצן, יעדער זייל פון די סאַלאָנען וואָלט מיט בלוט זיך באַגאָסן און דער ברוקיר פון די גאַסן וואָלט פאַרפליצט געוואָרן מיט טרערן. ווייל אומעטום האָט דער מענטש געמוזט אַרבעטן אונטער אַ שרעקלעכן צוואַנג, אין יאָך, אונטער דער בייטש האָט ער געמוזט אַרבעטן און נישט פאַר זיך, נאָר פאַר אַן אַנדערן מענטש. אונדזער געלט, אונדזער פיל-ווערטיק און באַקוועם מעבל, אונדזערע טייערע כלים און די געשמאַקע מאכלים, וואָס געפינען זיך אין זיי, זענען באַשמאַלצן און דורך און דורך-געזאַפּט מיט מענטשלעכע עוולות.

אָ, מאַמע! כ'וויל שוין נישט טרינקען קיין טייערן ווייַן, ווייל ער איז דורכגעזאַפּט מיטן שווייס פון מאַרטירער. כ'וויל נישט שפּאַצירן איבער פּוכיקע דיוואַנעס, ווייל מיינע פיס וואָלטן דאַמאָלס געטרעטן איבער די כאָרכלענדיקע ברוסטן פון שווינדזיכטיקע. כ'וויל נישט טראָגן קיין שיינע מלבושים, ווייל דאָס וואָלט מיך געברענט ווי דער טוניק, וואָס איז באַשמירט געווען מיט בלוט פון דעם צענטאַורס נעסטאָסעס טויט-ווונד. מען האָט איין מאָל געמוזט מאַכן דעם לייבן-שפּרונג, כדי מיט געוואַלט אַראָפּצושטופּן די געוואַלט פון איר מעכטיקן טראָן.

ווי גליקלעך זענען מיר, אַז געשען איז דאָס אין אונדזערע צייטן, אַז געוואָרן איז דאָס פאַר אונדזערע אויגן! מיר האָבן געקוקט אויפן געבורט, מיט וועלכן ס'האָבן צייטן געשוואַנגערט. ענדלעך: נידער מיט דער עוולה! נידער מיט דער געוואַלט פון איין מענטש איבערן אַנדערן! דיין זון קען נישט זיין אין די רייען פון די אונטערדריקער. כ'וויל נישט! כ'וויל נישט זיין! כ'וויל נישט זיין! כ'וויל נישט זיין!

צערטלעך האָבן זיך געטרייסלט די צווייגן, די דורכגעוואַרעמטע פון דער זון. צווישן די קליינע בלעטלעך האָט זיך גע-

טראָגן ווי אַ קרעכץ. מיטן ווינט פון דרום איז אָנגעפלויגן ווי אַ שטיל קול, וואָס איז באַקאַנט געווען אין די קינדער-יאָרן, צו וועלכן ס'אויער האָט זיך שוין צוגעוווינט:

— יאָ, יאָ, מיין זונעלע! אויב דו זאָגסט, אַז יאָ, איז יאָ...

---

אַז אַנדערע וואַנדערונג האָט אָנגענומען דאָס לעבן אין באַקו, אויפן האַלב-אינזל און אין דער גאַנצער באַ-קאַווקאַזישער געגנט, ווען אַ טייל פון דער באַפעלקערונג — די אַרמענער, אונטער דער אָנפירונג פון שומיאַנץ — האָט אין מערץ 1918 אַהינגערופן פיר פּוילקן אַרמעניש-גרוזיניש מיליטער, וואָס האָט זיך צוריקגעצויגן פון אַזיאַטישן פראָנט צוליב די באַפעלן פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג. עס איז אויך געלונגען איבערצוצייגן דעם פירער פון ענגלישן מיליטער, ער זאָל באַזעצן מיט זיין מיליטער, אין דער צאָל פון צוויי טויזנט מענטשן — אַרטילעריע, אינפאַנטעריע און קאַוואַלעריע — דעם צענטער פון דער באַקינישער געגנט. דאָס האָט געוואָרפן אַ טויט-פּחד אויף דער צווייטער טייל באַפעלקערונג — די טאָטערן — וואָס האָט געהאַט אויף זיך שווערע חטאים, די שרעקלעכע שחיטה פון 1905 יאָר, וועלכע האָט אומגעבראַכט אַ גרויסע צאָל אַרמענער.

די טאָטערן האָבן טאַקע גאָרנישט איבערגעטריבן מיט זייערע השערות און זייער מורא. די אַרמענער האָבן פאַרברענט די מעטשעטן, צוזאַמען מיט די טאָטערישע פרויען און קינדער, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. פון מערץ ביז סעפטעמבער זענען זיי געווען פאַר די טאָטערן די הערשער איבער זייער לעבן און טויט, אָדער בעסער געזאָגט, די דיספּאָזיטאָרן פון טויט. איז טאַקע פאַר דער צווייטער טייל פון דער באַקינישער באַפעלקערונג נישט געבליבן קיין אַנדער אויסוועג, ווי צו זוכן הילף אינדרויסן. און געפינען הילף האָבן זיי נישט געקענט ערגעץ אַנדערש ווי

באַם באָספאָר, באַם קאַליף, דעם פאַרטרעטער פון אַללאַס נביא און נאַטירלעכן נוקם פון אַלע געשענדטע און פאַרברענטע מעטשעטן. דער קאַליף האָט פאַרנומען זייערע בקשות און די געשיכטע פון די עלות לגבי די גלויביקע טאָטערן און טורקמענער. אַ גרויסע טערקישע אַרמיי, אַ דריי דיוויזיעס, האָט אונטער דער אָנפירונג פון נורי־פּאַשאַ, איבערמאַרשירט איבער דער קוראַ, אויסשחטנדיק גאַנצע אַרמענישע דערפער און אויסבעטנדיק מיט מענטשלעכע גופים די באַרגיקע וועגן פאַרן דורכפאָרן פון די האַרמאַטן.

די שטאָט באַקו האָט זיך געפונען אין אַ פאַטאַלער לאַגע.

ווי נאָר די גרוזינער האָבן זיך צוריקגעצויגן און אַוועקגעוואַנדערט צו זיך, איז די שטאָט געבליבן אונטערן פייער פון דער טערקישער אַרטילעריע, זייענדיק געשיצט בלויז דורך דער ענגלישער אַרטילעריע, וואָס איז פעסט און אויסגעצייכנט פאָרטיפיצירט געווען אויף די געבערג, און דורך די אַרמענישע פּאָלקן, וועלכע האָבן שוין נישט געהאַט וואָס צו פאַרלירן. אויפן סמך פון דעם אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן צווישן דעם פירער פון די אַרמענער, שומיאַנץ, מיט דער ענגלישער מיליטער־פירונג, איז די שטאָט באַקו מחויב געווען אַרויסצושטעלן אַ מחנה מינימום פון זעכציק טויזנט מענטשן. האָט מען אָנגעהויבן צו יאָגן אין די אָקאָפּעס אַלץ, וואָס האָט נאָר געטראָגן הויזן, אָנהייבנדיק פון נישט־דערוואַקסענע שנעקעס און פאַרענדיקנדיק מיט גרייז־גרויע זקנים.

נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט מען נישט באַוויזן מער אַרויסצושטעלן ווי דרייסיק — פערציק טויזנט מענטשן, וואָס זענען נישט גרייט געווען און נישט געטויגט צו דער מלחמה. חוץ דעם איז מען נישט בכוח געווען צו שפּייזן די דאָזיקע אַרמענישע אַרמיי, וועלכע איז באַשטאַנען פון די פאַרשידענע עלעמענטן, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום דער נאַפט־אינדוסטריע. פון די טערקישע האַרמאַטן־שאָסן זענען אומגעפאַלן די הייזער נישט נאָר פון אַרמענער, גבירים, אינדוסטריעלער, קאַפּיטאַליסטן, נאָר אויך די

שוואַכינקע טאָטערישע הייזער. די גאַסן זענען פאַרשאָטן געווען מיט חורבות. קיינער האָט זיך נישט געפונען אויף דער איבער־פלאַך, אַלע האָבן פאַרבאַהאַלטן זייערע קעפּ אין די קעלערס. די שוואַרצע נאַפט־שטאָט איז טאָפּלט שוואַרץ געוואָרן פון רויך און מלחמה־שטויב.

צעזאַרי באַריקאַ האָט בשעת דער באָמבאַרדירונג פון באַקו געפירט אַ קלאָגעדיק לעבן. נאָכן פאַלן פון דער רעוואָלוציע אין באַקו, איז ער אויך פאַרטריבן געוואָרן פון דער באַקומענער דירה. דאָס הויז פון זיינע עלטערן איז חרוב געוואָרן פון די טערקישע שאָסן. ער האָט אָבער געפונען אַ באַהעלטעניש אין קעלער פונם הויז, דאָרט, וווּ ס'זענען אַמאָל געווען באַגראָבן די אוצרות, און ער האָט צו זיך אַריינגענומען אַ פּאָר חברים, ער האָט דאַמאָלס דורכגעלעבט אַ הונגער־צייט. ער איז אַרומגעגאַנגען אַ האַלב־נאַקעטער, שמוציקער, באַוואַקסענער, נישט וויסנדיק דעם מאָמענט און שעה, ווען ס'קען אים טרעפן אַ פאַרבלאָנדזשעטער שאָס. פון באַגינען ביז נאַכט האָט ער געלויערט אויף דער מעגלעכקייט צו באַקומען אַ ביסל שפּייז פאַר זיך, אפילו דורך מיטלען, וואָס האָבן גאָר קיין שייכות נישט מיטן געזעץ פון נאָרמאַלן קויף, אָדער מיטן פאַרגעזעלשאַפטלעכן בייט פון ווערטן. ער האָט געקוקט אויף פענאָמענאַלע זאַכן, ווייל די טאָטערן און אַרמענער זענען אין דער צייט נישט אַרומגעגאַנגען פוסט־און־פּאַסט, זיי האָבן זיך קעגנזייטיק געביסן ביזן טויט און געמאָרדעט זיך בײַ יעדער געלעגנהייט. מען האָט זיך באַשיינפּערלעך געקענט איבערצייגן, אַז נישט נאָר ד רעוואָלוציאָנערן, נאָר יעדער האָט אין זיך אַן אָדער פון אַ שוחט.

צעזאַרי האָט נישט געוווּסט, ווער איז ער אייגנטלעך און ווו איז זיין אָרט אין די קאַמפן. ער האָט זיך נישט געקענט שטעלן נישט אויף דער זייט פון די אַרמענער, נישט פון די טערקן, נישט פון די טאָטערן, נישט פון די ענגלענדער און נישט פון די רוסן, וואָס האָבן דאָ אַמאָל געהערשט און שפּעטער אַליין צעשטערט זייער הערשאַפט, בערענגענדיק די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען. די רעוואָלוציע איז אָבער געפאַלן און ס'האָט וועגן איר

נישט געקענט זײַן קײן רײד אינם פײַער פֿון צװײ צעװילדעװעטע פראָנטן. די אײנציקע רעאַלע װירקלעכקײט איז געװען, אַזױ װי פֿאַרצײַטנס, דער גאַז, דער ברענענדיקער קױלן־װאַסער־זױער, װעלכן פּראָמעטעוס האָט אַראָפּגעבראַכט אױף דער ערד און באַשטראָפֿט געװאָרן דערפֿאַר מיט צוגעשמידט װערן צו די קאַװקאַזער פֿעלזן.

איצט האָט צעזאַרי געטראַכט װעגן דעם טעמפּל פֿון פֿײַער צװישן די נאַפֿט־גראָבנס בײַ ראַכאַן און סוראַכאַן, װוּ די זאַראַטוסטראַ־גלײביקע האָבן אַמאָל פֿאַרהײליקט דעם אײביקן כּוח פֿון דעם צעשטערער — אָבער שױן נישט מיט דער אַמאָליקער פֿאַראַכטונג װײַל נאָר דאָס סודותפֿולע אָנזאַמלען פֿון פֿעלזן־אײל אין די ערדישע אינערן האָט דאָ אַהער־געטריבן אַזױ פֿיל פֿאַרשײדענע פֿעלקער און נאָר דאָס האָט דאָך זײ צעקריגט צװישן זיך. װעמען־זשע האָט מען געדאַרפֿט אָנערקענען פֿאַר דעם באַרעכטיקטן, אָדער לכל־הפּחות דעם מער באַרעכטיקט אין דעם דאָזיקן געיעג צום רײַכטום, אַלײן שאַפֿנדיקן קװאַל? און באמת — ס'איז נישט געװען װעמען צו אָנערקענען דערפֿאַר האָט זיך אױך צעזאַרי באַריקאַ געפֿילט אױסגערעגװיגטלע אײנזאַם, אײנזאַם ביזן טױט.

דער טױט איז פֿאַר אים געװאָרן גלײַכגילטיק און ער האָט כמעט געגאַרט נאָך אים.

דער עקלהאַפֿטיקער „נאָרד־װינט", װאָס איז אַהערגעפֿלױגן פֿון די קאַװקאַזישע בערג, די האַרמאַטן־שאָסן, װאָס האָבן געשלאָגן פֿון דרום, דער רױך פֿון ברענענדיקע נאַפֿט־קװאַלן, דער אַרומיקער ריח פֿון טױטע גופֿים, דער הונגער, דורשט, לײַז, שמוץ און דאָס קלאָגנדיקע געלעכטער, מיט װעלכן ער װאָלט אַמאָל אפֿילו דעם הױף־הונט נישט מכבד געװען — דאָס אַלץ האָט אים װײניקער געפּײניקט װי די אינערלעכע פּוסטקײט און די אוממעגלעכקײט זיך אָנצוכאַפּן פֿאַר עפּעס װאָס. דאָס לעבן, — אַ לעבן פֿון אַ האַלבן גנבֿ, װעמענס אײנציקער ציל ס'איז געװען צו באַקומען פֿאַר יעדן פּרײַז דאָס ערגסטע ביסל עסן, איז אים צוגעגעסן און נמאס געװאָרן. דערפֿאַר האָט ער זיך טאַקע [illegible] אַרױסגעשלעפּט אין די אַמ־מערסטן װיסטע, מסוכּנדיקסטע ערטער, פֿאַראַכטנדיק די מורא.

פארן טויט. אומעטום האָט אין דער בוימלאָזער, בלומעלאָזער, מיט גאַנץ פאַרפולטער מוראשקעס-נעסט, וואָס איז צעשמעטערט געווען דורך גרויסע הארמאַטן-קוילן, געהערשט אַ לאַנגווייליקייט.

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער טאָג, — וועלכן ס׳האָבן מקבל פנים געווען קוילן-זאַלפן, וואָס זענען תיכף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דיאַלאָג פון הארמאַטן — איז פאַר אַלעמען קלאָר געווען, אַז אין משך פון דעם טאָג וועט גאָרנישט נישט געשען, אַ חוץ דער ליידיקגייערישקייט, אַ צעצויגענע אויף אַ שורה לאַנגע שעהן.

ווען עס איז געוואָרן נאַכט, האָט דער אומאויפהערלעכער הונגער געשטויסן צו פאַרשידענע פאַרברעכנס. און ביישפּילן, ווי אַזוי די פאַרברעכנס זאָלן אויסגעפירט ווערן, האָבן נישט געפעלט. ביישפילן משונהדיקע און אַזעלכע מאָדנע, אַז קיין שום זאַך האָט שוין נישט געקאָנט חידושן דעם צוקוקער. דאָס דערמאָרדן פרויען אין קינדער אינמיטן העלן טאָג און אין דער אָנוועזנהייט פון רויקע צוקוקער, דאָס בעסטיאַלישע דערשיסן, דאָס פייניקן די נאָך-לעבעדיקע, די גוט קאָמפּאָנירטע פייניקונגען, וואָס זענען אויסגעפירט געוואָרן, כדי זיך צו זעטיקן און ביז צום איבערפלוס פאַרווײלן זיך מיטן בילד פון ליידן — דאָס אַלץ איז שוין פאַר צעזאַרין נישט געווען קיין נייעס. אַ מאָל האָט אים אָבער אָנגעכאַפּט אַ געפיל פון גייסטיקער פאַרטומטקייט בשעת זיין פאַרגליווערטקייט און האַלב-חיהשע גלייכגילטיקייט, בשעת ער איז צו גאָרנישט נישט געווען פעיִק, אויסער צו נידעריקער איבערשפּעטונג, צום אויסלאַכן זיך פון דער גענאַכט און לעכערלעכקייט פון די קרבנות, צו אַ פינקטלעכער אָבסערוואַציע, צו אַ פּליי־סיקן נאָכפאָרשן די פענאָמענס פון ליידן דאַמאָלס האָט ער זיך איינגעוויקלט אין זייַנע שמאַטעס און מיט שנעלע טריט פון אַ דערשראָקענעם בראָד אַגעַ. האָט ער זיך אַ לאָז געטון צו זיין מוטערס קבר. דאָרט האָט ער זיך צוגעזעצט, דרעמלענדיק מיט דער נשמה, איינקוליענדיק זיך אין זיך און צוהערנדיק זיך צו די שאָסן.

און ס׳האָבן דאָך געזאָלט ערשט אָנקומען די באמת שרעק-

לעכע געשעענישן. מען האָט באַמערקט דעם זיך ארומדרייענדיקן יונגנמאַנ־שיק, האָט מען אים גענומען אין מיליטער אַריין און פאַרטריבן אין די אָקאָפּעס. מען האָט דאָרט עפּעס אָנגעטון אויף זיינע האַלב-נאַקעטע פּלייצעס, געגעבן אים אין דער האַנט אַריין אַן אַלטע ביקס, וואָס האָט נאָך מסתמא געדענקט די צייטן פון פושקינס „קאַווקאַזישן געפאַנגענעם" און מען האָט אים געהייסן שיסן אין רוים אַריין.

ער האָט געשאָסן מיט כוונה. געדויערט האָט עס ביז סעפּטעמבער 1918 יאָר. דעמאָלס האָט זיך פאַרשטאַרקט דאָס דונערן פון די האַרמאַטן און עס האָט דערגרייכט ביז דער העכסטער מדרגה. אין דעם פילשפּראַכיקן און נישט שטאַרק קריגעריש געשטימטן המון פון פאַרטיידיקער, האָט זיך דערהויבן אַ האַרמידער, וואָס איז דאַמאָלס געווען מאָדיש אויף די רוסישע שטחים. מ'האָט זיך באַראַטן. עס האָט זיך צעהילכט די אָנגענעמע לאָזונג: — אַהיים! די „אַרמענישע אַרמיי" איז צוריק אַרויס פון די אָקאָפּעס, אַוועק צו די שיפן, וואָס זענען געשטאַנען אין פּאָרט און אפשר אַ העלפט איז אַוועקגעשווומען אויפן צווייטן ברעג פון קאַספּישן ים, צום סאַרטן-לאַנד.

היות ווי צעזאַרי האָט נישט געהאַט קיין „היים", און וועלכער ער זאָל קענען איבערטראָגן זיין גבורה פון פראָנט, — צום צווייטן ברעג האָט זיך אים נישט געאײַלט, דאָס לעבן האָט ער נישט זייער הויך געשאַצט, איז ער פשוט צוריקגעגאַנגען צו זיין היימישן און אין אַ געוויסער מאָס פאַמיליען-קעלער. די מוזעאַלע ביקס האָט ער איבערגעלאָזט אין אַ ראָוו, דעם באַגנעט האָט ער כנהוג אַריינגעזעצט אין דר'ערד, און דאָס צייכנדל, וואָס איז אַמאָל געווען צוגעשפּיליעט צו זיין אָרעם, האָט ער מיט כוונה אַראָפּגענומען.

דאָס טערקישע מיליטער האָט „איינגענומען" אָן גרויס מי די פּאָזיציעס אויף די באַקינישע געבערג און אַריינמאַרשירט אין שטאָט.

די אַלבאַנישע לייבן און די דאַרדאַנעלישע אינפאַנטעריע, וואָס האָבן זיך גוט געלאָזט פילן די ענגלענדער אויף די פעל-

דער פון דער אמאָליקער טראָיע, האָבן איצט געהאַט אַ באַגרענעצט פעלד צו באַווייזן זייערע גבורות. די ענגלענדער, וואָס האָבן פאַרטיידיקט דעם צענטרום פון שטאָט מיט אַן אומאונטערגעבראָכענער און האָפנונגסלאָזער גבֿורה, זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַן איבערוועגנדיקן כּוח. אַכטהונדערט פון זיי האָבן נאָך באַוויזן אַוועקצושווימען, אַכטהונדערט זענען געבליבן. ס'האָט נישט געהאָלפן דאָס אַוועקלייגן ס'געווער און נישט דאָס אויסשטרעקן די אומבאַוואָפנטע הענט: אַכטהונדערט זעלנער זענען אויסגעשאָסן געוואָרן ביזן לעצטן. און נאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן דער אמתער גיהנום אין דעם רויכערנדיקן אָפּגרונט.

אין משך פון פיר טעג האָבן די טאָטערן זיך נוקם געווען, דערמאָרדנדיק עטלעכע און זיבציק טויזנט אַרמענער, רוסן און אַלע אַנדערע, וואָס האָבן זיך געפונען אויפן אָרט און ס'איז אויף זיי געפאַלן אַ חשד פון סימפּאַטיעס צו די אַרמענער. צעזאַרי באַריקאַ איז ניצול געוואָרן אַ דאַנק זיין דאָקומענט, וועלכן ער האָט אַרויסבאַקומען פון קאָנסול פון עפּעס אַ „פּוילישער מלוכה". ער האָט אַליין נישט גענומען פאַר ערנסט דעם דאָקומענט און ער האָט אים סתם אַווייגעוויזן די טערקישע זעלנער, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין קעלער אַריין בראש פון אַ טאָטערישן המון. און — אָ, וווּנדער! דאָס שטיקל פּאַפּיר, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז ער איז אַ בירגער פון עפּעס אַ „לעכיסטאַן", פּוילן בלע"ז, אַ מעשהלע, אַ לעכערלעכע אידעע, לעכערלעך פאַר באַריקאַן גופא — דאָס קווייטל האָט אים מציל געווען פון טויט. מ'האָט אים געקלאַפּט אַ בערן אָרעם, אָבער נישט פריי געלאָזט. ער האָט געמוזט גיין מיט די טערקישע אַסקערן. און ער איז גערן געגאַנגען. די באַקאַנטע גאַסן האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך נישט קיין פריילעך בילד. די גאַסן זענען געווען — אָן שום גוזמא און אָן שום מליצה — באַגאָסן מיט אַ ברייט־פאַרצווייגטן טייך פון בלוט, וועלכעס איז שוין נישט געפלאָסן בלויז אין גריבער, נאָר וואָס האָט ממש אַלץ פאַרפלייצט. דאָס בלוט איז אַראָפּגעפלאָסן אין ים אַריין און באַפאַרבט די ריינע כוואַליעס. די טויטע גופים פון אויסגעשחטנע אַרמענער זענען צוגעפירט געוואָרן מיט לאַסט־אויטאָמאָ-

בילן און וואָגנס צום ים, וו זיי זענען אַריינגעוואָרפן געוואָר־
ס׳זענען געקומען אין אַ ריזיקער צאָל צו שווימען פיש פון ווייטע
קאַספּישע ערטער, וועלכע האָבן דערשנאַפּט אַ פעטן ביסן. זיי
האָבן אָבער נישט געקענט אַלצדינג איינשלינגען און פאַרדייען.
און דער ים האָט נישט געוואָלט אָננעמען און פאַרבאַהאַלטן די
מע טשלעכע קרבנות. ער האָט זיי צוריקגעוואָרפן דער פאַרבלו־
טיקטער יבשה דורך דער אַרבעט פון זיינע לויטערע כוואַליעס.
איז דאַמאָלס געקומען די גיטווענדיקייט מקבר צו זיין די מתים,
כדי נישט צו ברענגען צו קיין מגפה, צוליב דער שנעלקייט, מיט
וועלכער ס׳פוילט אַלץ אין די מזרח־היצן. צעזאַרי באַריקאַ איז,
צוזאַמען מיט אַנדערע בריגאַדיאַנטס, וואָס האָבן באַוויזן זיך אַרויס־
צודרייען פון טויט, איינגעשפּאַנט געוואָרן צום מקבר זיין די טוי־
טע גופים.

---

צוויי איינגעשפּאַרטע אָקסן האָבן טריט בײַ טריט געשלעפּט
אין דער הייך אַ ריזיקע „אַרקע“, אַ לאַסט־וואָגן אויף צוויי רעדער,
איצט אָן דער שטענדיקער לייוונטענער דעק, — אין דער ריכ־
טונג פון די באַקינישע פאַרשטעט, אין דער שורה פון לפּחות אַ
הונדערט עטלעכע וואָגנס. דער וועג איז געווען אַ קרומער, פון
ביידע זייטן אָפּגעהאַקט דורך גלייכע ווענט פון די גריבער, וואָס
זענען פול געווען מיט קופּעס שטיין. פון דער זייט פון די בערג
איז געקומען אַ צפון־ווינט, שיינדיק אַ שטויב אין אויגן פון די
אָקסן און די לעבעדיקע מענטשן. די „אַרקעס“ זענען געווען אי־
בערפולט ביז אַרויף מיט די טויטע גופים. פון יעדן וואָגן האָט
זיך געגאָסן אַ ברוינע, קלעפּיקע מאַסע, וואָס האָט באַפאַרבט דעם
גאַנצן וועג מיט אַ קאָלירט פּאַסיקל. לעבן דעם געשפּאַן איז דאָ
און דאָרט געגאַנגען אַ טערקישער סאָלדאַט מיט אַ ביקס אויפן
אַרעם, וואָס האָט אָפּגעהיט דעם סדר אין דער אומענדלעכער לוויה
פון צענער טויזנטער מענטשן.

צעזאַרי באַריקאַ האָט געשפּאַנט לעבן זיין וואָגן און צוגעטריבן מיט זיין רימענער בייטש די שווער־קריכנדיקע אָקסן. ער האָט שוין אַ סך טעג דערפילט אונטער אַ צוואַנג דעם אַמט פון אַ בעל־עגלה און אַ קברן. ער האָט זיך צוגעוווינט צו דער באַשעפטיקונג און אַפילו צו דעם עקלהאַפטן ריח פון פוילנדיקע גופים. ער האָט אָנגעשטעלט זיינע נאָזלעכער אַנטקעגן ווינט, וואָס איז געקומען פון פרייע בערגיקע מדבריות, און גלייכצייטיק דערפילט זיין אַרבעט, טראַכטנדיק דערביי וועגן פריילעכערע זאַכן, ווי דאָס בילד, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיינע אויגן. און פריילעכער איז קודם־כל געווען דער געדאַנק וועגן עסן, וואָס די זיגער האָבן צוגעטיילט, קאַרג צוגעטיילט, אָבער אין שטענדיקע פּאָרציעס און צו דער באַשטימטער צייט.

אין משך פון דער לעצטער צייט, צוליב באַלאַגערונגס־הונגער און אויפן „שלאַכט־פעלד", איז צעזאַרי באַריקאַ שטאַרק אויסגעדאַרט און אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס האָבן אים אָפטמאָל געטראָפן מינוטן פון חלשות, ווען „ער איז געפאַלן צו דער ערד" און דערפאַר האָט ער איצט געגעסן מיט אַן אויסערגעוויינטלעכן גענוס די אים אָנערקענטע און צוגעטיילטע מאַמעליגע. און וואָס מער ער האָט געגעסן דעם דאָזיקן פּאַפּ, אַלץ פלינקער האָבן זיך זיינע געדאַנקען געגליטשט דורכן מח, און די אויגן האָבן געזען אַ ברייטן קרייז, ווי פריער. די מתים, — וואָס זענען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין וואָגן מיט אייזערנע גאָפּלען, ווי צעריבן היי אָדער דורכגעבערנט מיסט, דורך די, צו דער אַרבעט געטריבענע, אַמאַטאָרן פון לעבן, — די מתים, וועלכע זיין „אַרקע" האָט אויפגענומען אין די גאַסן און פּלעצער פון דער שטאָט, זענען געלעגן אויסערהאַלב זיין בליק. ווער פון די לעבעדיקע וואָלט געקאָנט אין בעיקר געוואָלט קוקן אויף די עקלדיקע, צעריסענע, בלוטיקע גופים, אויף די צעשמעטערטע קעפּ? און דאָך האָט דער יונגער אָקסן־טרייבער אין אַ געוויסן טאָג אַ קוק געטון אויף איין עקזעמפּליאַר. פון דער טיף פון וואָגן האָט זיך אַרויסגערוקט, ווי פון ליידנשאַפטלעכן דריק פון מענערישע גופים, דער אויבערשטער טייל גוף פון אַ יונגער פרוי. געוואָרפן אויף די פּלייצעס איז ער

אַראָפּגעהאָנגען פון דער הייך פונם וואָגן אויף זיין לינקן ראָד. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער רייסט זיך צניעותדיק אַרויס פון די באַנטע פרעמדע גופים, אַזוי ווי באַם לעבן. די שוואַרצע האָר האָבן אַראָפּגענידערט ביז צו דער ערד און זיך געשלעפּט דורכן פאַרבלוטיקטן שטויב פונם וועג. די רעכטע האַנט איז געפאַלן אויפן לינקן ראָד און אַריינגעקלאַמערט זיך, אַן אויסגעצויגענע פון פאַרשטאַרטקייט, צווישן די ספּייעכעס פונם ראָד.

אין די אויגן פונם יונגן בעל-עגלה האָט זיך כּסדר און אָן אויפהער געוואָרפן די אויסערגעוויינטלעכע שיינקייט פון איר טויט פּנים, ביז זי האָט לסוף צו אים דערלאַנגט און זי האָט אים אינערלעך אָנגערירט. איר לייב, באַק, מויל און אויערן זענען געווען אַ וווּנדער פון האַרמאָניע. די שוואַרצע אויגן, וואָס זענען באַדעקט געווען מיט נאָך אַ שוואַרצערער נאַכט, זענען אָפן געווען און אומאויפהערלעך געקוקט מיט די בלינדע איבערגעדרייטע אַפּלען אויפן יונגן אָקסן-טרייבער. דאָס קליינע מויל איז געווען צעעפנט, און די באַוועגונגסלאָזע צונג איז געוואָרן אַ פאַרגליווערט בילד פון דעם שוידערלעכן געשריי, וואָס האָט זיך נאָך כּסדר אַרומגעטראָגן, כאָטש מ'האָט עס שוין נישט געהערט. דאָס קליינע, אויסגעטאָקטע, אַרמעניש-פאַרבויגענע נעזל, האָט זיך איצט שטייף אויסגעצויגן ווי אַ סטרונע, וועלכע מ'ציט איבער דער מאָס. דער באַקעטער האַלדז און די קליינע, מיידלשע, אַנטבלויזטע ברוסטן האָבן אויך אין זיך געהאַט פאַרכּישופט דאָס זעלבע געשריי, דעם הונדערטפאַך שטאַרקער דורכנעמענדיקן, ווי דער קנאַל פון דונער, וואָס פאַלט צוזאַמען מיט אַ בליץ. צעזאַרי האָט זיך פאַרקוקט אין דעם געשטאַלט, וואָס גייט אַוועק אינם מלכות פון טויט און ער האָט אין זיך געהערט דאָסזעלבע געשריי, וואָס זי האָט אַרויסגעגעבן. די ווייסע האַנט, מיט אַ ברוינלעכן אָפּשיין, אַ האַרמאָניש און אויסגעצייכנט באַשאַפן וווּנדער-ווערק פון שיינקייט, וואָס האָט, דוכט זיך, קיינמאָל נישט געקענט פאַרלוירן גיין און האָט באַדאַרפט בלייבן דורות-לאַנג, צוליב דער וווּנדערבאַרקייט פון פאָרם באַם אָרעם, צוליב דער רונדקייט און טיפקייט באַם עלנבויגן און דער פאַרשמעלערונג לעבן דער דלאָניע, — זי האָט זיך געבעטן נקמה. די

בלוי-געוואָרענע פינגער, וואָס זענען כּסדר געשטויסן געוואָרן דורך די ספּריכעס פונם ראָד, האָבן זיך גערוקט מיט די נעגל, בייג דיק זיך לייכט, כאָטש מיט אַ ווידערשטאַנד. ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז די טויטע שפּילט מיט אירע פינגער אויף די ספּריכעס, ווי אויף די סטרונעס פון אַן אומפאַרשטענדלעכן אינסטרומענט.

צעזאַרי האָט אין זיך דערהערט אַן אייגנאַרטיקע מוזיק, וואָס האָט זיך אַרויסבאַקומען דורך דער אָנמעכטיקער האַנט אין געדריי פון דעם טויט-ראָד. ער האָט פאַרשטאַנען, די מוזיק אַ דאַנק אַן אויסערגעוויינטלעכער מאַכט, וועלכע נאָר די פרייע יוגנט האָדעוועט אויס אין דער מענטשלעכער ברוסט.

— מאַרטירערין, וואָס האָבן געזען דיינע אויגן, בשעת דיין מויל האָט געמוזט אַרויסגעבן דאָס געשריי פון טויט? — האָט ער געפרעגט די טויטע.

— וווהין פירסטו מיך, בעל-עגלה? — האָבן זיך צוריקגעפרעגט די שפּילנדיקע מיידל-פינגער. — צי באַדויערסטו מיך נישט, דו הארצלאָזער קנעכט? צי וועסטו זיך נישט נוקם זיין פאַר מיר, דו אומפאַרשעמטער דינער? געמיינער פחדן! מאַנספערשוין דו, וואָס האָט מורא פאַר אַ שטאַרקערן מאַנספערשוין פון זיך! דיין האַרץ ציטערט, ווי דאָס האַרץ פון אַ הונט, וואָס האָט זיך דערשראָקן פאַרן כעס פון זיין באַלעבאָס! קוק-זיך צו צו מיין אומגליק, דו פאַרקויפטע בריאה, און גיי ווידער פלייסיק דערפילן דיין אַרבעט!

צעזאַרי באַריקאַ האָט פאַרטיפט זיינע בליקן אין די אויגן פון דער טויטער און ער האָט דערהערט איר רוף. קוקנדיק אויף איר פראַכטפולן קערפּער, אויף איר שיין זיך פונאַנדערגייענדיקע ברעמען, אויף איר מוראדיקן מויל, האָט ער געהערט אַ ווידוי, אַ סך אַ דייטלעכערע, ווי עס האָט געקענט זיין, ווען זי זאָל צו אים רעדן מיט מענטשלעכע ווערטער:

— כ'בין געוואַקסן אין דער שויס פון ליבע, בא מיין מוטער, ווי אַ רויז וואַקסט אויף איר צווייג. אַלץ אין מיר איז געווען שיינקייט און שמעקנדיקער ריח. אַלץ, צו וואָס איך האָב זיך צוגערירט, איז גליק געווען. פון גליק און שיינקייט זענען אויס-

געוועבט געוועון מיינע טעג. אין מיר איז אַלץ געווען: געזונט און כוח. כ׳בין געזונט געווען און פול מיט גוטע ריחות און גליק פאַר אַלע אַרומיקע, ווי א בלום פון פרילינגס-רויזן. מיין גאַנץ געזונט האָט געווארט אויף מיין אינערלעכן גליק, וועלכעס איך האָב נאָך נישט געפילט. פאַרוואָס האָט איר מיך דערמאָרדעט, איר נידערטרעכטיקע מענער?

— איך וויים נישט, — האָט אַרויסגעקרעכצט דער בעל-עגלה. — מען האָט מיך געהייסן געדענקען די טיראַנען פון עבר, וואָס האָבן, מכלומרשט, באַפלעקט מיט זייערע מעשים דעם מענטשלעכן מין, — נאָך ווען מען דורכגיין ס׳איז קיין גראָז נישט געוואַקסן. איז דען אַמאָל געווען אַ נידערטרעכטיקערער דור, ווי מיינער און דיינער, מאַרטירערין? האָט מען דען אַמאָל אויסגעשחטן אין משך פון פיר טעג זיבעציק טויזנט מענטשן? האָט מען דען אַמאָל געזען אויף דער ערד אַזעלכע בערג מיט מתים, ווי די דאָזיקע?

— פאַרגעס נישט מיין עוולה, יונגער בעל-עגלה! קוק זיך גוט צו צו מענטשלעכע פאַרברעכנס! היט זיך! געדענק!

---

די פאַרטיידיקונגס-בערגלעך פון דעם ענגלישן מיליטער, פון די אַרמענישע פֿולקן און שפּעטער פון טערקישן מיליטער, האָבן זיך געפונען אויף די דערהייבונגען צו די בערג צו, און זיי זענען געווען אַרויסגערוקט ווייטער, ווי דער בית-הקברות פון די דערמאָרדעטע אַרמענער. עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, אַז דער „גאַרד"-ווינט זאָל נישט אַריינטראָגן צו די מיליטערישע פּאָזיציעס דעם ריח פון אַזאַ גרויסער צאָל מתים. ווען מען האָט שוין אַ"ע מתים אַרויסגעפירט אויסערהאַלב ד.ר שטאָט און זיי מקבר געווען מאַסנווייז אין דער טיף-אויסגעגראָבענער ערד, האָט מען די ערטער אַרבעטסזאַם פאַרשאָטן, שאַפנדיק א לאַנג בערגל, וואָס האָט זיך געצויגן אין א האַלב-ראָד, אַפּהענגיק ווי אַזוי עס

זענען געווען פון אַנדערגעלייגט די בערג. די אַרבעט פון פאַרשיטן די ערטער מיט זאַמד האָט געפאָדערט אַ סך מענטשלעכע הענט. און בשעת זי האָט געמוזט ווי אַמגיכסטן אויסגעפירט ווערן, האָט מען זי שטרענג געפירט, אויף אַן אמתן מזרח-שטייגער.

די זעלנער האָבן זיך געפונען אין באַראַקן, אויפגעשטעלטע פון דער אַנדערער זייט בערגל, וואָס זענען זייער גיך און באַכלעסיק געמאַכט*) געוואָרן (a la casemate). דאָס צווייטע בערגל, דאָס אינעווייניקסטע, דאָס הייסט, דער בית-הקברות, איז געווען נידעריקער, ווי די אויסערלעכע פאָרטיפיקאַציע. די אַרבעטער, וואָס זענען טאָג און נאַכט געווען פאַרנומען מיט שלעפן ערד און פאַרשיטן דערמיט די קברים, האָבן צייטווייליק געוווינט אין אַ טייל פון די פראָנט-באַפעסטיקונגען, וואָס זענען נאָך דורך די אַרמענער אויפגעשטעלט געוואָרן פון ברעטער און קלעצער, אַהערגעשלעפט פון דער שוואַרצער שטאָט. צווישן אַנדערע אַרבעטער האָט אויך צעזאַרי באַריקאַ געהאַט זיין געלעגער. ער איז געשלאָפן אויף אַ פריטשע, לעבן אַלע אַנדערע, וואָס זענען אויסגעשפרייט געווען אויף דער ערד. אַזוי אַרום איז איין טייל פון דער מענטשלעכער סטאַדע אויסגעשפרייט געלעגן אין דער ערד; דער צווייטער — לעבעדיקער טייל, איז געלעגן אַ ביסל העכער פון זיי, איבער דער ערד-פלאַך און דער דריטער איז נאָך העכער געלעגן און אָפגעהיטן, צי יענע צוויי טיילן פירן זיך גוט אויף. ס'עסן איז אין די אַרבעטער-קאַשאַרן געוואָרן אַלץ ערגער, צוזאַמען מיטן פאָרשריט פון דער אַרבעט באַם פאַרשיטן די קברים. וואָס ווייניקער מסוכנדיק עס זענען געוואָרן פאַר די זיגער די מיט אַ דיקער מאַסע ערד באַדעקטע גופים, אַלץ ווייניקער עסן האָבן באַקומען די לעבעדיקע אַרבעטער.

צעזאַרי איז ווידער אויסגעדאַרט, בלאַס און אָפגעשוואַכט געוואָרן פון דער שווערער פיזישער אַרבעט, צו וועלכער ער איז נישט געוווינט געווען. ער האָט מער געאַרבעט מיט די נערוון,

*) קאַזאַרמען-אַרטיק.

חי מיט די מוסקולן. ס'איז אים שווער געווען איינצושלאָפן נאָכן שווערן און לאַנגן אַרבעטס־טאָג. עס האָט שוין אָפּטמאָל געהאַלטן באַם סוף פון דער דעמפּיקער און דושנער נאַכט, בשעת ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן. און קוים עס זענען באַזילבערט געוואָרן די ווייטע ים־פּאַסן, האָט מען שוין געוועקט און געשלאָגן, רופנדיק צום אויפשטיין. אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט דאָס אויסגעצערטלטע קינדעלע נישט געקענט האָבן קיין גוטע אויסזיכטן פאַר זיך. אַ כמעט נאַקעטער, אָן אַ העמד, אַ גוט דורכגעביסענער פון אינזעקטן, אַ באַוואַקסענער און שמוציקער, אַ באָרוועסער און אָן אַ היטל אויפן קאָפּ, האָט ער פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו פאַרגעסן וועגן זיין אַמאָליקן לעבן. ער איז איינגעוואַקסן געוואָרן מיט גוף און נשמה אין דעם רויטן באַקינישן לייב, וועלכעס ער האָט געגראָבן פון באַגינען ביז נאַכט. דער אינערלעכער טרויער האָט זיך פּאַמעלעך פאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעוועפּטן ציניזם און נידערטרעכטיקער פוילקייט. נישט אַלעמאָל האָט ער דאָך מקבר געווען אַ שייגע אַרמע־ערין. מערסטנטייל האָט ער באַשאָנקען די מאַמע־ערד מיט אויסגעפּיטערטע שפּעקולאַנטן, סוחרים און בוכהאַלטערן. זענען זיי אים טאַקע גוט צוגעגעסן געוואָרן מיט זייער ריח און אויסזען.

אָפּטמאָל האָט ער זיך אַרויסגערוקט אינמיטן נאַכט פון דער שאַפּע, ווו די לעבעדיקע קאַנדידאַטן אויף פּגרים האָבן נישט ווייניקער געשטונקען, ווי די טויטע, און ער האָט פאַרברענגט די צייט זיבלאָז, זיך פאַרקוקנדיק אין דער ווייטקייט. ער האָט געזוכט זיין נשמה. ער האָט געוואָלט אירע צעשמעטערטע ברעקלעך. ערשט די פיזישע מורא, ווי אַזוי וועט ער דורכאַרבעטן דעם מאָרגנדיקן טאָג אָן דער נאַכט־אָפּרו, האָט אים צוריק געטריבן אין שאַפּע אַריין, צווישן די שנאָרכנדיקע און עיפּושדיקע חברים־באַגראָבער.

אין אַלגעמיין האָט מען וועגן אים נישט געוווסט, וואָס פאַר איינער ער איז. היות ווי די אַרבעטער זענען באַשטאַנען פון רוסן, גרוזינער, דייטשן, יידן און ער איז געווען אַ ביסל אַנדערש, ווי זיי אַלע, האָט מען אים אויסגעטיילט פון די גרופּן, וואָס האָבן

מערסטנטיילס גערעדט צווישן זיך רוסיש — מ׳האָט זיך אָפּגערוקט פֿון אים און אפילו אַריינגעשטעלט אין דער רשימה פֿון די שלעכטע. דער צונאָמען באַריקאַ און דאָס פֿון אויבן־אַראָפּיקע באַצייכנען פֿון זיין נאַציאָנאַליטעט מיטן וואָרט „פּאַלאַטשישקאַ" זענען צונויפגעוואַקסן געוואָרן אין איין צונאָמען „באַרינטשישקאַ", וואָס האָט נישט שטאַרק פריינטלעך געקלונגען. בלויז דער צונאָמען האָט געטויגט, אַז באַריקאַ זאָל זיך אַוועקרוקן פֿון זיינע פּאַך־חברים. אַ חוץ די אַרבעטער, וואָס זענען פֿון באַגינען ביז נאַכט פֿאַרנומען געווען מיט דער געוואַלטיקסטער אַרבעט אויפֿן מתים־באַרג, האָט זיך דאָרט אַרומגעפּלאָנטערט און אַריינגעשלעפּט אַ דריטער מין לעבעדיקע ברואים: שנאָרערס, הונגער־פּגרים, קראַנקע קאַליקעס, זקנים און זקנות, מיט איין וואָרט — דער גאַנצער שטאָט־און פּאָרט־דלות, וואָס שלעפּט זיך נאָך נאָכן מיליטער, כּדי אָפּצולעקן אַן אַוועקגעוואָרפֿן ביינדל. די טערקישע זעלנער האָבן טאַקע צוגעוואָרפֿן פֿאַר זיי די נישט דערביסענע ביינער, דעם איבערפֿלוס פֿון ברויט, געמיזן, פּרוכטן.

אין דער שטאָט באַקו איז דאַמאָלס געווען דאָס איינציקע אָרט, ווו מען האָט געקענט פּאַקן עפּעס אַ שטיקל ביסן מיט די אויסגעדאַרטע אָדער ציטערנדיקע פינגער.

אַלע פּאַרדינסטן האָבן זיך אָפּגעשטעלט, קיינער האָט זיך שוין נישט געשעמט מיט קיין אַרבעט, די געשעפֿטן זענען פֿאַרשפּאַרט געווען, דאָס לעבן גופא איז פֿאַרלאָשן געוואָרן און אַ מוראדיקער הונגער האָט געהערשט אין די ליידיקע און שטומע גאַסן. דער דאָזיקער המון פֿון פֿאַרהונגערטע און דורשטיקע האָט קרעכצנדיק און יאָמערנדיק באַלאַגערט די וועגן און גריבער, געלויערט אויפֿן אָפּפֿאַל פֿון עסן און באַלעקט זיך, בשעת עס האָט זיך באַוויזן אַ רויך פֿון זעלנערישע קוימענס. שלימזלדיקע קריכערס האָבן זיך אויך באַמיט אויסצובעטלען אָדער גאָר אַרויסצוגנבענען עפּעס בײַ די אַזוי שלעכט געשפּייזטע קברים־אַרבעטער. די דאָזיקע ברואים האָבן זיך געשטופּט אונטער די לאָפּאַטעס געזעצט זיך וואָס נענטער, געלויערט און געפּלאָנטערט זיך און זענען אויסגעוואַקסן, ווו מ׳האָט זיי נישט געזייעט.

עס האָבן אין דערדאָזיקער חברה אויך נישט געפעלט קיין פשוטע משוגעים, האַלב-משוגעים, „יוראָדיווע", היסטעריקער און אַזעלכע, וואָס זענען נאָר וואָס צעמישט געוואָרן, וואָס זענען נאָך נישט אויסגעניכטערט געוואָרן פון די שרעקלעכע פּײַנען פונם גוף און פון דער נשמה אין דער באָמבאַרדירונגס-צײַט און אין דער שחיטה. און ווער האָט דען געקענט צווישן זיי אונטערשיידן די פאַרשידענע פאַרברעכער, ווילדע-יונגען און לאָבוזעס, וואָס האָבן אויך דאָ געגנישטערט, אַ חוץ דער צוגעזאָגטער קויל אין קאָפּ אַלס שכר פאַר גנבישער טעטיקייט.

אין משך פון אַ סך טעג האָט אויך צעזאַרי באַריקאַ געזען אין המון פון שנאָרערס און קבצנים עפּעס אַ מענטש, וואָס האָט זיך כסדר געדרייט אַרום אים. דאָס איז געווען אַ רוסישער פּויער, אַ באַבערדיקטער און מיט קאָלטענעוואַטע האָר, אין אַ אויסער-געווייניטלעך שמוציקער „רובאַכע", אין אַן „אַרמיאַק", אַ דורך-און-דורך צעריסענעם, און אַ היטל מיט אַ דאַשעק, מיט לאַפּטשעס אויף די פיס און פשוטע, לײַוונטענע הויזן.

דער מענטש איז אַהערגעקומען אין פריִען באַגינען און אײַנגעדרימלט אויף אַ קופּע שטיינער, וואָס זענען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פונם גרויסן קבר. ער האָט שטענדיק געהאַלטן אַראָפּגע-לאָזט דעם קאָפּ, באַהאַלטן אים אין די הענט; די אויגן זענען געווען צוגעמאַכט און פאַרבאָרגן אין שאָטן פונם היטל, וואָס איז געווען טיף אַראָפּגעצויגן אויפן שטערן, און פּלייצעס האָט ער געהאַט אײַנגעהויקערטע. קיינער פון דעם זיך רירעוודיקן און אַרומדרייענדיקן המון האָט אויף אים נישט געלייגט קיין אַכט. נאָר צעזאַרי האָט זיך שטאַרק געהיטן פאַר דערדאָזיקער פיגור. לכתחילה איז אים געקומען אַ מחשבה אין קאָפּ אַרײַן וועגן עפּעס אַן אַטענטאַט אָדער אָנפאַל פון הינטערווײַלעכס. שפּעטער האָט זיך זײַן מיינונג געענדערט, ווײַל ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דער סודות-פולער שכן געהערט צום מין פון די „יוראָדיווע", לײַכטע משוגעים. ער האָט זיך נישט געזאָגט, ווי די אַנדערע, נאָכן ביסל עס אָדער טרינקען, ער איז נאָר געזעסן אויף די שטיינער און כסדר זיך עפּעס אונטערגעזונגען. אַזוי ווי אַלע נאָרמאַלע דערוועקן אַ בייגע-

דיקייט בײַ גייסטיק-געזונטע מענטשן, אַזוי האָט ער אויך נייגעריק געמאַכט דעם יונגן באַריקאַ.

ווער איז דאָס פאַר איינער? וואָס זיצט ער דווקא דאָ, נישט ערגעץ אַנדערש! פאַרוואָס זינגט ער אונטער דער נאָז נאָר פאַר זיך און נישט פאַר אַנדערע? דער יינגער קברן האָט זיך אין די פרייע מינוטן אָנגעהויבן צוצוהערן. ער האָט אויפגעכאַפּט מיט זיין אויער עפּעס אַ מאָנאָטאָנעם קלאַנג. אַן איינטאָניקן, שטענדיק דעמזעלבן, ציטערנדיקן האַרציקן עקסטאַטישן. ער האָט זיך איינגעהערט אין דעם געזאַנג אַ פּאָר מאָל אין טאָג. דאָס געזאַנג איז שטענדיק געווען דאָס זעלבע. עס איז אייגנטלעך געווען בלויז איין קלאַנג, צוויי דערצויגענע זילבן, וואָס האָבן זיך כסדר איבערגעחזרט. עס איז געלעגן אין דעם עפּעס מאָדנעס, אומנאַטירלעכס. ווען עס איז שטיל געוואָרן דער גערודער פון גראַבן, דער רעש פון דער אַלגעמיינער אַרבעט, האָט צעזאַרי געהערט דאָס דאָזיקע געזאַנג פון משוגענעם, אין וועלכן עס האָט געקלונגען עפּעס, ווי זיין אייגענער פאַרצערטלטער נאָמען:

— טשאַרוש, — טשאַרוש, — טשאַרוש...

נישט קענענדיק זיך אָפּגעבן קיין רעכענונג פון דער משונהדיקער ענלעכקייט פון דעם אומבאַקאַנטנס געזאַנג צו זיין נאָמען, האָט צעזאַרי זיך דערנענטערט צו דער פּאַליסאַדע, וועלכערס סלופּעס עס האָבן זיך דאָ און דאָרט געבויגן, אינטערגעשאָסענע פון די טערקישע קוילן. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט דער ברוסט אָן איינעם פון די סלופּעס און אויפמערקזאַם געקוקט אויפן בעטלער. יענער האָט אויפגעהערט צו זינגען און אויפגעהויבן זיין קאָפּ. דעמאָלס איז דאָס גאַנצע בלוט אַריין אין צעזאַריס האַרץ. ער האָט געזען אַ פּאָר מאַטע בלויע אויגן, וואָס זענען פאַרקוקט געווען אין זיינע אויגן — אויגן, ליכטיקע הימלען. זיין איבעראַשונג, ספיקות, נישט-זיכערקייט, מורא, שמחה, גליק, פרייד-שגעון — דאָס אַלץ האָט איין-איינציק וואָרט אַנטהאַלטן אין זיך:

— פּאַטער.

דער אָרימאַן, וואָס איז געזעסן אויף אַ בערגל שטיינער, האָט אָפּגעלייקנט, אַ שאָקל טוענדיק מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט

מסכים געווען אויף דער פאָרמולירונג פון דער אמתדיקייט פון צעזאַריס גליק. ער האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט און באַהאַלטן די בלויע אויגן אין שאָטן פונם היטל. צעזאַרי איז געשטאַנען אויפן אָרט, האַלטנדיק זיך קאָרטשענדיק אָנם סלופּ. ער האָט געדריקט דאָס האַלדז, כדי זיך איבערצייגן, אַז ער שלאָפט נישט, אַז ער זעט דעם מענטש אויף אַן אמת. די פיס האָבן געציטערט אונטער אים. ער האָט געוואָלט שפּרינגען. דערשטיקט אַ געשריי אין דער ברוסט, זיך אַ וואַקל געטון, דערשראָקן זיך. איז עס נישט מער ווי אַן ענלעכקייט פון די אויגן? אָבער ניין! ניין! פאַרוואָס-זשע זינגט דער מענטש שוין אַזוי לאַנג זיין נאָמען? ער האָט עס דאָך ווידער געזונגען.

— טשאַרוש — טשאַרוש — טשאַרוש...

אַ הימלישער שמייכל, אַ שמייכל פון אמתער עליה אין הימל איז געלעגן אויף זיינע ליפּן, וואָס זענען שוין נישט באַדעקט געווען מיטן שאָטן, נאָר באַלויכטן דורך דער זון. דאָס איז געווען דעם פאָטערס מיל. דאָס איז געווען זיין פאָטערס געשטאַלט אין די שמאַטעס פון דעם בראָדיאַגע. צעזאַרי איז נאָך אַלץ געשטאַנען ווי צוגעשמידט צו זיין אָרט, בשעת יענער האָט זיך אויפגעשטעלט פון בערגל שטיינער און, זינגענדיק זיך ס'זייניקע, שווער זיך אַוועקגעשלעפּט אין דעם צום מינדסטן אָנגענעמען אָרט, צו זיין אַפּטריט פון ברעטער, וואָס איז געשטאַנען צווישן מתים-גרוב און די זעלנערישע באַשאַנצן.

דאָס איז געווען אַ געמיינזאַם אָפּטריט סיי פאַר די סאָלדאַטן, סיי פאַר די אַרבעטער, וואָס האָבן פאַרשאָטן די מתים. דאָס אָפּטריט איז געווען פאַר די גריבער, וואָס זענען פול געווען מיט נישט פאַרשאָטענעם מענטשלעכן מיסט, אַרומגערינגלט מיט אַ פּאַרקאַן, וואָס האָט פאַרשטעלט פון די מענטשלעכע אויגן די נישט אינטערעסאַנטע ענינים. דער בראָדיאַגע, אין וועלכן צעזאַרי האָט דערקענט זיין פאָטער, איז פאַרשוווּנדן געוואָרן הינטערן פּאַרקאַן. אָבער איידער ער איז פאַרשוווּנדן, האָט ער זיך אומגעקוקט אויף צעזאַרין און צוגערופן אים מיט אַ נישט-דייטלעכער האַנט-באַוועגונג צו יענעם אָרט.

צעזאַרי איז צוריקגעגאַנגען צו זיין אַרבעט, אַ רגעלע האָט ער נאָך פלייסיק געאַרבעט און שפּעטער געוואָרפן די לאָפּאַטע און גיך געלאָפן אין דער ריכטונג פון אָפּטריט. ווען ער איז נאָר אַריבער דעם פּאַרקאַן, האָבן אים אָנגעכאַפּט די פּאָטערלעכע הענט.

איצט האָט שוין נישט געקענט זיין קיין ספק! דאָס זענען געווען דעם פּאָטערס הענט, אויג, מויל, ברוסטן! צעזאַריס יונגער קאָפּ האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דעם פּאָטערס ברוסט מיט אַ טיפער אָפּאָטעמונג פון אומבאַשרייבלעכן גליק, מיט אַ געיאָמער פון פאַרשיכּורנדיקער פרייד. דעם פּאָטערס הענט האָבן אַרומגענומען זיין קאָפּ. אין דעם עיפּושדיקן אָפּטריט-ריח, וועלכער האָט געשטיקט דעם אָטעם, אין עיפּוש פון פוילדיקע גופים, דעם ריח פון וועלכע ס'האָט אַהערגעברענגט דער ווינט, האָבן זיי דורכגעלעבט די הייליקע רגע פון געפינען זיך, צוטוליען זיך — דעם ערשטן מאָמענט פון זייער צוזאַמענטרעפן אויף דער ערד. אַ ווערטערלאָזער קלאַנג פון גליק האָט זיך געריסן פון זייערע ברוסטן. ס'האָט אין זיי געציטערט איין איינציק האַרץ און איין בלוט איז געשוווּמען דורך זייערע אָדערן. ווען ס'האָבן זיך דערהערט טריט פון אָנקומענדיקע מענטשן, זענען זיי אָפּגעשפּרונגען פון זיך אין צוויי אַנטקעגנגעשטעלטע ווינקלען פונם אָפּטריט און, מאַכנדיק דעם אָנשטעל, אַז זיי באַנוצן זיך מיט צוויי גריבער, אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן, האָבן זיי געמאַכט אויפן דורכגייער אַן איינדרוק פון צוויי מענטשן, וואָס ווייסן גאָרנישט וועגן זיך. און ווען דער דריטער איז צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבעט, האָבן זיי זיך אומגעקערט אויף זייערע ערטער.

— פאַרוואָס קענען מיר נישט זיין אָפן צוזאַמען? — האָט צעזאַרי געפרעגט.

— כ'האָב מורא! די טאָטערן האָבן מיך דערקענט. אַלע האָבן מיך געקענט. עמעצער קען מיך אויסגעבן, צוליב עפּעס אַ נקמה מ'וואָלט מיך דערהרגעט. און איך וויל איצטער נישט שטאַרבן!

— פאַרוואָס ווילן זיי דיך דערהרגענען?

— ווער ווייסט פאַרוואָס מענטשן דערהרגענען זיך הײַנט?

— די מאַמע לעבט נישט! — האָט צעזאַרי דערציילט.

— כ׳ווייס.

— ביסט געווען אויף איר קבר?

— יאָ.

— פֿון וואַנען ווייסטו, ווו זי ליגט?

— פֿון דעם גלח, דעם גרוזינער.

— ווי אַזוי האָסטו געטראָפֿן צו מיר?

— כ׳האָב שוין געטראָפֿן... — האָט מיט אַ שטיל געלעכטער געענטפֿערט סעווערין באַריקאַ.

זײַנע אויגן זענען פֿאַרגאַנגען מיט שווערע טרערן, וואָס האָבן איצט, מסתּמא נאָך לאַנגע יאָרן, דורכגעבראָכן די צוימען פֿון נשמה־פּײַן. ער האָט זיך צעשלוכצט, טויב צעיאָמערט אויף דעם זונס ברוסט. דער יונגערמאַן האָט אים אײַנגעטוליעט אין די אָרעמס, געהאַלטן און אים געגלעט מיט צײַטערדיקע הענט.

— ווו וועלן מיר זיך טרעפֿן? — האָט צעזאַרי גיך געפֿרעגט.

— איך וועל אַהערקומען אינמיטן דער נאַכט. איך וועל וואַרטן אויף דעמזעלבן בערגל שטיינער, ווו איך זיץ אַלעמאָל.

— די שומרים שפּאַצירן אַ גאַנצע נאַכט אַרום די קאַשאַרן.

— איך ווייס אין וועלכע ערטער זיי גייען אַרום. נישט איין נאַכט האָב איך שוין דאָ פֿאַרברענגט, מײַנענדיק, אַז דו וועסט צופֿעליק אַרויסקומען.

— איך וועל קומען נאָך האַלבער נאַכט.

— מיר וועלן גיין צו דער מאַמען. דורכן פֿעלד וועלן מיר גיין.

— און פֿון וואַנען קומסטו?

סעווערין באַריקאַ האָט אָנגעצייכנט מיט זײַן האַנט אַ האַלבראָד אויפֿן צפֿונדיקן האָריזאָנט.

— אָבער פון וואַנען? — האָט געפרעגט דער זון.

— פון דער וועלט.

— אָבער פון וואַנען?

— פון רוסלאַנד.

— מען האָט מיר געזאָגט, אַז דו ביסט אומגעקומען.

אין א רגע אַרום האָט צעזאַרי געוואָיעט פון פרייד, גע־וואָיעט ווי אַ הונט.

— ביסט נישט אומגעקומען! ביסט נישט אומגעקומען! אַ, וואָס פאַר אַ גליק!

— אויך דו ביסט נישט אומגעקומען!

— און וווּ ביסטו אַזוי לאַנג געווען! וווּ ביסטו געווען, טאַטע?

— אין די לעגיאָנען — ווייס, ווייט — אין פוילן.

— די מאַמע האָט געוואַרט... — האָט דער זון אויס־געשעפּטשעט.

נישט קענענדיק רעדן, האָט סעווערין ווי דער געמאַכט זיין ברייטן זשעסט, וואָס האָט אַרומגענומען אַ האַלבן האָריזאָנט, ער האָט אויסגעשטאַמלט עפּעס אומפאַרשטענדלעכס, וואָס מ'האָט קוים געקענט דערהערן:

— שוין איצט... שוין איצט — מאַכן פּיס! מאַכן פּיס! ווילסט?

— אַך, ווי כ'וויל! אָבער צוזאַמען מיט דיר!

— אָט־אָט! צוזאַמען מיט מיר!

— נו!

זיי האָבן זיך נאָכאַמאָל אַרומגענומען, נאָכאַמאָל זיך צוגע־דריקט אין אייזערנע אָרעמס. עמעצער איז ווידער פאַרבייגעגאַנגען, און צעזאַרי האָט מיט אַ שווער געמיט צוריקגעקערט צו זיין לאָפּאַטע.

---

נאָכן דערדריקן די באַרבאַרישע שחיטות און גזילות, האָט די טערקישע הערשאַפט אין באַקו, וואָס איז אין אַלגעמיין געווען דורכגעדרונגען מיט אַ גוטן ווילן און שכל, נישט לאַנג געדויערט. דער ווערסאַילער טראַקטאַט האָט געצוווּנגען די טערקן צו פאַרלאָזן באַקו און די אומגעגנט, און באַשאַנקען מיט אומאָפּהענגיקייט די לעבן-קאַספּישע לענדער, אונטערן נאָמען אזערבײַדזשאַן. אָבער די פאָרם, אָדער באמת געזאָגט — דאָס פאָרמעלע, האָט אויך נישט געהאַט קיין לאַנגן קיום. ס'האָט זי צו-נישט געמאַכט אַ נייער איבערפאַל פון באָלשעוויסטישן מיליטער, וואָס האָט מיט זיך געטראָגן רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, נייע שחיטות, שטראָפן, עקזעקוציעס, געוואַלט-טאַטן, גײַסט-ווײַניקער מוראדיקע און שרעקלעכע, ווי אַלע פריערדיקע.

אין יענער צײַט, אין שפּעטן האַרבסט, איידער עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג פון סאָוויעטישן מיליטער אין דרום, האָבן זיך סעווערין און צעזאַרי באַריקאַ צוגעגרייט צום פאַרלאָזן באַקו.

נאָכן אָפּטרעטן פון די טערקן האָבן זיי צוזאַמען געוווינט אָדער בעסער געזאָגט, צוזאַמען זיך געמאַטערט, גרייטנדיק זיך צו דער נסיעה. זיי האָבן זיך געזעגנט, איינער מיטן ווײַב, דער צווייטער מיט דער מוטער. זיי האָבן געזאַמלט געלט, פאַרדינענדיק באַ וואָס עס האָט זיך נאָר אײַנגעגעבן און, ווי אַזוי עס איז נאָר מעגלעך געווען. אָבער צעזאַרי האָט נאָך נישט געקענט פאַרדינען, און סעווערין האָט נישט געקענט צוליב זײַנע שוואַכע כחות ער איז געווען אַ יסורים-געמאַטערט אויף דער מלחמה, פּיש רויִנירט. ער האָט אויפן גוף געהאַט אַ סך ווונדן, און זײַן שאַרבן איז געווען געווען אין סאַמע שפּיץ פון קאָפּ. די לעצטע ווונד האָט אים שרעקלעך געפּײַניקט און געשטערט אים סײַ אין דער פיזיש, סײַ אין דער גײַסטיקער אַרבעט.

מי גרויס מי האָבן זיי זיך ווי עס איז אײַנגעאָרדנט. זיי האָבן שוין געטראָגן שיך, רעקלעך און היטלען, ס'האָט זיי אָבער געפעלט דאָס אַלץ, וואָס איז נייטיק פאַר אַ מענטש, וועלכער איז ווייט פון באַרבאַרישן אָרט לעבן, אַזוי אומבאַדינגט נייטיק, ווי שיך און

אַ דעקל. זיי האָבן נישט געהאַט אויף די אומבאַדינגט-נייטיקע הייל-מיטלען פאַר דעם עלטערן, ווייל זיי האָבן געמוזט זאַמלען גראָשנס אויף בילעטן. סעווערין האָט זיך געאײַלט צו זיין וואַליזקע און דערציילט זיין זון אמתע ווונדער וועגן דער דאָזיקער וואַליזקע. די באַרימטע וואַליזקע, מיט וועלכער ער איז געגאַנגען אויף דער מלחמה: די אויסערגעוויינטלעכע „פאַרמלחמהדיקע" לעדער, די מאָנאָגראַמען, די לעדערנע פאַסן, הענטלעך פון געדרייטן רימען, די אינעווייניקסטע אָפטיילונגען און באַהעלטענישן! אָט די חברטע פון אַזוי פיל מלחמה-איבערלעבונגען איז געבליבן בײַ אַ געוויסן לאַנדסמאַן אין מאָסקווע, אַ פריינט זיינעם, באָגוסלאַוו יאַסטרן, אַ פוילישן פּאָליטישן עמיסאַר. ער וואַרט דאָרט אויף זיי. אַנטע אוצרות ליגן אין דער וואַליזקע: אויסגעוואַשענע און אויסגע-פרעסטע וועש, דינערע, גרעבערע און וואָלענע, נאָז-טיכלעך, שקאַר-פעטן, קעלנער, מאַנקעטן, קראַוואַטן! עס איז דאָרט פאַראַן וואַ-טע, פלאַנעלע, דער פריינט אין מלחמה — די קוועקזילבער-פלאַש, — עס איז דאָ אַספּירין, אַנטיפּירין, יאָדינע, טערפּעטין. עס איז אָ אַ געוויס אויסגעצייכנט, נישט-פאַרפירנדיק מיטל קעגן האַרץ-ווייטיק. ווייזן זי האָט אַלץ נישט מיט-געוואַנדערט, די-דאָזיקע פּאַכע האַנט-וואַליזקע! וויפיל מאָל זי האָט אים שוין געהאָלפן! אויפן סאַמען דנאָ איז געלעגן יענער ספר-הזכרונות וועגן דעם זיידן קאַליקסט-גזשעגאָזש און זיין באַרימטער אַוואַנ-טורע, דאָס ביכל, וואָס מען דאַרף — „היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ"...

סעווערין באַריקאַ האָט ווייניק דערציילט וועגן זיינע מלחמה-איבערלעבונגען, ווייל די זאַכן זענען געווען פאַר זיין זון אומ-פאַרשטענדלעך און נישט איבעריק סימפּאַטיש. צעזאַרין האָט שוין מער אינטערעסירט דעם פאָטערס וועג צוריק, ווען ער איז אַרויס פון די פוילישע לעגיאָנען, דורכגעגנבעט זיך, דורכגעשמוגלט און דורכגעגליטשט איבער גאַנץ רוסלאַנד, כדי זיך צוצוקריגן צו זיין משפחה, וועלכע ער האָט געלאָזט אין ווייטן באַקו. ווייל וואָס האָט ער דען נישט דורכגעמאַכט, ווו איז ער דען נישט געווען מיט וואָס פאַר אַן אונטערוו גליק האָט ער זיך דען נישט באַ-

נוצט! געמאַכט אָנשטעלן, קינצן, שפּיצלעך, שפּיאָנירט. וועלכע ליידן, פֿאַרפֿאָלגונגען, צרות און יסורים האָט ער דען נישט דורכגעלעבט, איידער ער האָט זיך אַהער אַריבערבאַקומען, אין די מלבושים פֿון אַ פּשוטן פּויער! נאָר די אויסגעצייכנטע באַקאַנטשאַפֿט מיטן רוסישן לעבן, שפּראַך, דיאַלעקטן, מנהגים און שוואַכקייטן, האָט אים פֿאַרלייכטערט דעם וועג און מעגלעך געמאַכט אַדורכצוגנבענען זיך אַהער אין פֿאַרשידענע געשטאַלטן.

אָבער די רעוואָלוציע האָט געלייגט אויף זיין וועג אַזעלכע מכשולים נישט אַריבערצוגיין, אַז נאָר די גרענעצלאָזע ליבע האָט זיי באַוויזן גובר צו זיין. זי האָט עס אים געשטויסן און געפֿירט אין די אומענדלעכע רוסישע ווייטן, בשעת אַ געזונטער מענטש האָט געקענט פֿאַרלירן דעם לעצטן אָטעם אין די „טיעפּלושקע־וואַגאָנען". זי האָט אים צוגעגעבן כוחות, בשעת מען האָט באַדאַרפֿט וואַרטן אין וואַרטן, אויף מענטשן, וואַגאָנען, דערלויבענישן, פּעסער, בילעטן, פֿאַרשידענע דאָקומענטן, קוויטלעך, אָנצייכענונגען. זי האָט אים געלערנט געדולדיק איבערצוהאַלטן די געוואַלד־טאַטן, קאַפּריזן, שלעכטע ווילן, נישטיקע הנאות פֿון שטערן לשם שטערן; די אַליין־הערשאַפֿט פֿון קאָמיסאַרן, מושלים, מאַכטהאָבער, דעספּאָטן, אימפּעראַטאָרן אין געשטאַלט פֿון כלומרשטע פֿונקציאָנאַרן. זי האָט עס אים געגעבן כוח איבערצוהאַלטן די תּפֿיסה, דאָס וואַנדערן אין סוחרישע קאַראַוואַנען, אָדער דאָס קריכן צופֿיס מיטן המון וואַנדערער צום מזרח. זי האָט עס אים געלערנט אויסגעצייכנט צו שקרענען, אויסטראַכטן מעשׂיות וועגן נישט־געשטויגענע איבערלעבונגען, שפּילן ראָלן, מאַכן קלאָונישע קונצן, פֿאַרוויילן, חנפֿענען, אונטערלעקן זיך, דינען, און כסדר אויסהאַלטן און אויסהאַלטן אין זיין אינטערנעמונג.

האָבן זיי ביידע איצט געריסן זיך, דערווייל אין חלום, צו דער וואַליזקע אין מאָסקווע. אָבער זיי האָבן ביידע נישט געקענט אויסבאַהאַלטן פֿאַר זיך די ספֿקות און די מורא, צי וועט זי דאָרט איבערהאַלטן די צייט. ווייל די צווישן זיך אויפֿן טויט קעמפֿנדיקע גרויסע מאַכטן — די רעאַקציע און די רעוואָלוציע, דער אַלהערשנדיקער צאַראַט און דער אַלמעכטיקער פּראָלעטאַריאַט —

האָבן זיך פֿאַרנומען אויף דעם קליינעם לעדערנעם קעסטל. ס'האָבן אויף אים געלויערט די רעכט, וואָס זענען געגעבן געוואָרן דירעקט פון גאָטס גענאָד און פון דער מאַטעריאַליסטישער געשיכטס-אויפפאַסונג, די רעכט פון אינדיווידועלן רויב און קאָמוניסטיש פאַרטיילן די אוצרות — דאָס אַלץ האָט געלויערט אויף דעם קליינעם קעסטעלע, ווי אויף אַ זאַך, וואָס פאַרדינט, פון יעדן שטאַנדפונקט, אויף אַ תיכּפדיקער קאָנפיסקאַציע. אין אים האָט זיך דאָך געפונען אַ ברעקל פון דער ציוויליזאַציע, וואָס איז פאַרמשפט געוואָרן צום אונטערגאַנג און וועלכע וועקט דאָך פאַרבאָרגענע פאַרלאַנגען. עס איז נישט געווען אונטער קיין שום ספק, אַז די אַלטע וועלט קען באַרויבן פון גאָטס גנאָד, און די נייע וועלט שטורעמט די דאָזיקע לעצטע פעסטונג פון רעאַקציע.

צעזאַרי איז געשטאַנען אויף אַ שייד-וועג.

מיט עקל האָט ער געטראַכט וועגן דער שטיצע, וועלכע ער האָט — בלויז אין דער מחשבה — געגעבן דער אַלטער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג, פאַרגראָבנדיק דאָס באַהאַלטונגס-אָמט און דעם בלויזן פאַקט פון דעם פאַרמאָגן אַ פאַרקאָנספּירטע וואַליזקע. ער האָט זיך אָבער נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן דעם חלום וועגן שקאַרפעטן, באָזשיטשלעך און — אפילו וועגן קראַוואַט. און דער עיקר: ער האָט דאָך נישט געקענט צופאָגן זיין פאָטער די רעכט צו בענקען נאָך אַספּירין און אַנטיפּירין, וואָס זענען אים אַזוי אָפט נייטיק געווען.

וויפיל מאָל האָט דער אַלטער געקרעכצט:

— אַך, ווען כ'זאָל האָבן אַ טעווועלע בייערס אַספּירין! איך וואָלט תיכּף געזונט געוואָרן...

אָן דעם טעווועלע האָט ער כּסדר געהאַט היץ, קראַנק געווען, געציטערט פון פיבער און געליטן פון קאָפּ-ווייטיק.

---

ווינטער זענען זיי אַרויסגעפאָרן אויף אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען קיין צאַריצין. זיי זענען געפאָרן אַלס צוויי אַרבעטער, וואָס קערן זיך איצט אום, צוליב די איבערקערענישן און איבערייס פון דער אַרבעט אין די נאַפט-גראָבנס צו זיך אַהיים, קיין מאָסקווע. זיי האָבן געהאַט פאַלשע פּעסער, אַרויסגעגעבענע דורך געוויסע פאַקטאָרן, וואָס האָבן זיי מיטגעהאָלפן צום צוריקקער. אָנגעטון אין טיפּישע אַרבעטער-קליידער, געשוירן לויטן אָנגענומענעם מנהג, רעדנדיק צווישן זיך אַן אויסגעצייכנטן רוסיש — די שפּראַך האָבן זיי באַהערשט אין אַן אומפאַרגלייכלעכער מאָס — זענען זיי געווען אויסגעצייכנטע „חבורים" פון דער נייער אָרדנונג אויף די סאָוועטישע געביטן. דערפאַר זענען זיי טאַקע גליקלעך דורכגעקומען די ים-טייל אין דער נסיעה און פון צאַריצין זענען זיי געפאָרן מיט דער אייזנבאַן אויף צפון.

די צווייטע טייל פון זייער נסיעה איז שוין שווערער צוגעגאַנגען ווי די ערשטע. פאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען געפאָרן אין אַ וואַגאָן פאַר סחורות. אַ וואַרעמקייט האָט זיך פאַרשפּרייט אין דעם קאַלטן פאַר פערציק מענטשן פון די גופים פון די רייוונדיקע און פונם פייער, וועלכעס מ'האָט אָנגעצונדן, ווען ס'איז שטאַרק קאַלט געווען. זיי זענען געשלאָפן, אַלע אויסגעלייגט אויף דער ערד, איינגעוויקלטע אין די „טולופּן" פון ציגן-פעל. דער צוג איז כסדר שטיין געבליבן אויף יעדער סטאַציע און אויסערגעוויינטלעך לאַנג געשטאַנען, אָפטמאָל גאַנצע טעג און נעכט. אַן אַ פאַרוואָס אָפּגעשטעלט, און נישט צו וויסן ווען, האָט ער פּלוצלינג זיך געריירט פון אָרט, נישט קוקנדיק דערויף, צי עמעצער פון די פּאַסאַזשירן איז פאַרבליבן אויף דער צופעליקער סטאַציע.

די דאָזיקע סטאַציעס האָבן דעם יונגן באַריקאַ אַריינגעברענגט אין פאַרצווייפלונג, ווייל ער איז דאָס ערשטע מאָל אַרויס אין דער וועלט און האָט דאָך עפּעס געוואָלט זען. דערווייל האָט מען געמוזט היטן דעם וואַגאָן, כדי נישט צו פאַרבלייבן צופעליק אין וויסטן סטעפּ. זענען זיי ביידע געלעגן אין וואַגאָן, — דער פאָטער האָט געהוסט און געשטיקט זיך אין דער אומדערבאַרעמ-

דיקער שטיקעניש — אויסגעשלאָפן זיך און געפירט געשפּרעכן. צום גליק האָט געטראָפן, אַז די גאַנטסטע דריי שכנים זענען גע־ווען ווילדע, קרום־אויגיקע סאַרטן פון יענער זייט קאַספּישן ים, וואָס האָבן נישט פאַרשטאַנען קיין רוסיש. דער ווייטערדיקער שכן איז געווען אַ פּעפער, וואָס האָט זיך אַמאָל אויפגעוועקט, כדי זיך ענדלעך אויסצוגעגעצן — און איז ווידער איינגעשלאָפן, די אַנדערע איינוווינער פון דער באַוועגלעכער תּפיסה האָבן זיך גע־קאָכט אַ ביסל עסן, די ווייבער האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום די קראַנקע און וויינענדיקע קינדער, די מענער האָבן זיך פאַרביסן געקריגט, געשפּילט אין קאָרטן און געזונגען. זייענדיק אַזוי אַרום זיכער אין דער גלייכגילטיקייט, אָדער אומשעדלעכקייט פון די שכנים, האָבן דער פאָטער מיטן זון אָנגעהויבן צו רעדן צווישן זיך פּויליש.

צוזאַריס פּויליש איז געווען אַ ביסל באַהויכט מיט אַ רוסי־שער לופט, אָבער נישט געקוקט דערויף, איז די שפּראַך געווען גוט און פליסיק. ער האָט גערן גערעדט פּויליש, כדי צו פאַרשאַפן דערמיט נחת דעם פאָטער. נישט איינמאָל האָט ער בשעת די לאַנגע געשפּרעכן געפרעגט דעם פאָטער, וואָס וועט זיין מיט זיי שפּע־טער.

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי פאָרן איצט נאָך דער וואַליז־קע. אָבער שפּעטער? ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן זען די רעוואָלוציע אין איר האַרץ, אין איר מקור, אין דער נעסט פון איר מאַכט — אָבער שפּעטער? וואָס וועט זיין מיט אונדז? וווּ־הין וועלן מיר פאָרן?

— קיין פּוילן — האָט געענטפערט סעווערין.

— צו וואָס?

דער אַלטער האָט לאַנג אָפּגעלייגט די תּשובה, צוזאָגנדיק זי צו געבן שפּעטער.

ענדלעך אויף איינער פון די סטאַציעס, ווו מען איז אַזוי לאַנג געשטאַנען, אַז זיי האָבן שוין פאַרלוירן די האָפנונג צו רירן זיך פון אָרט, ליגנדיק צוגעטוליעט צו זיך, עס זאָל זיין וואַרע־מער, האָט דער פאָטער באַריקאַ אָנגעהויבן צו ענטפערן, פאַר־

וואָס זיי דאַרפן פאָרן קיין פוילן. אין וואַגאָן אי די לופט גע-
געזעהן אזוי שווער אין קאַליע, אַז סעווערין איז געווען ווי יענע
גריכישע וואָרז געריך, וואָס האָט נביאות געזאָגט בא אַ פעלזן-
שפאַלט, פון וועלכן עס האָבן זיך געטראָגן שטיקנדיקע גאַזן. ער
האָט גערעדט מיט צוגעמאַכטע אויגן, צעדילט. פאַרטויבט פונם
סמנדיקן ריח פון די וואַנדערער, וואָס האָבן געמאָסטן די שטחים
פון אומאויסמעסטבאַרן רוסלאַנד.

---

— פאַרוואָס קיין פוילן? — האָט ער געזאָגט — ווייל דאָרט
האָט זיך אָנגעהויבן אַ נייע ציוויליזאַציע.
— וואָסערע?
— הער-זשע אויס, וואָסערע...
— כ׳הער.
— אין פוילן איז געבוירן געוו רן א מענטש, און הייסן
הייסט ער אַזוי ווי מיר ביידע — באַריקאַ — אַ געניאַלער
מענטש.
— וואָס ווידער! האָסט מיר קיינמאָל גאָרנישט נישט
געזאָגט וועגן דעם. ווער איז עס פאַר איינער? אַ קרוב?
— טאַקע יאָ. ער הייסט טאַקע — באַריקאַ. כ׳האָב דיר אַ
סך זאַכן נישט געזאָגט, ווייל כ׳האָב זיך איצט שטאַרק געענדערט
און כ׳וואָלט דיך נישט וועלן צערייצן. אַמאָל בין איך געווען גאָר
אַן אַנדערער און הייַנט בין איך גאָר אַן אַנדערער. אַן אַנדערן
פאָטער האָסטו געקענט אין דיינע קינדער-יאָרן און אַן אַנדערן
זעסטו איצט אַזוי איז שוין דער גורל. פאַר דער צייט פון מיין
זיין אין לאַנד, אויף דער מלחמה און אין די לעגיאָנען, האָב איך
זיך איינגאַנצן געענדערט אַזוי ווי עמעצער וואָלט איבער-
געניטשעוועט מיין נשמה, אָבער נישט וועגן דעם האַנדלט
זיך.
— און וואָס איז מיט דעם באַריקאַ?
— דערדאָזיקער מענטש האָט שוין אין זיינע שול-יאָרן ארויס-

געווינען אויסערגעוויינטלעכע פעיקייטן. באזונדערס אויפן געביט פון מאטעמאטיק. אָבער נאָכן ענדיקן די גימנאזיע, איז ער גאָר גע-גאנגען אויף מעדיצין.

— מיר האָט דאָך דער טאַטע אויך כסדר אונטערגערעדט מעדיצין, ווען איך בין נאָך געווען א שילער פון דריטן קלאס...

— יאָ. כ'האָב געוואָלט זאָלסט זיין א דאָקטאָר. אָבער ס'האָט זיך נישט איינגעגעבן. די מלחמה, דער רעוואָלוציאָנערער גערודער...

— „רעוואָלוציאָנערער גערודער"... — האָט זיך צעזאַרי צעהיצט!

— נו, זאָג שוין זיין ווי דו ווילסט. לאָמיר עס אָנרופן מיט די שרייענדיקסטע נעמען. יענער מענטש האָט געענדיקט מעדיצין און אפילו אָנגעהויבן די פראַקטיק. ער האָט אויך געהאַט עפעס אויסערגעוויינטלעכע, אייגענע הייל-מיטלען... אָבער ווען דעם דערנאָך...

— מען דאַרף אַלץ דערציילן אין א סדר...

— פריער דעם עיקר. אַלזאָ, שטעל דיר פאָר, אַז דערדאָזי-קער אריקאַ האָט פאַרוואָרפן די מעדיציניש פראַקטיק און אַלע זיינע ערפינדונגען אויף דעם געביט. ער איז אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע...

— אָ, דאָס איז געווען אין עפעס א וואַרשע... — האָט צעזאַרי אויסגעברומט מיט אנטוישונג.

— אין וואַרשע. דער דערמאָנטער באַריקאַ איז אוועק צום באַלטישן ים און א לאַנגע צייט אַרומגעגאַנגען דאָרט בײַ די ברעגן, באַטראַכטנדיק די זאַמדיקע בערג בײַם ברעג. דאָס לייכטסטע און דינסטע זאַמד-שטויבעלע, וואָס איז אָנגעטראָגן געוואָרן דורכן ווינט.

— צו וואָס האָט עס אים געטויגט?

— תיכף! ער האָט אָנגעהויבן אָפּצוקויפן די זאַמדיקע שטחים, די אָממייגסטן אומנוצלעכע, נישט-באַוואַקסענע אַפילו מיט

בראָז, ווו אַ ווראַנע ווערט זיך אפילו נישט אָוועקזעצן און אַ מעוועט נישט האָבן פון וואָס זיך אַ נעסט צו בויען. מענטשן זענען גליקלעך געווען, וואָס ס׳געפינט זיך אַזאַ טיפּש, וועלכער קויפט בײַ זיי אָפּ די אומנוצלעכע שטחים און צאָלט פאַר זיי מיט בארע געלט — דערצו נאָך איז עס געווען אין דער צייט, ווען מ׳האָט געשמועסט, אַז דער טייל פון ים־ברעג ווערט אָוועקגעגעבן פּוילן און די דייטשן האָבן געוואָלט וואָס שנעלער פּטור ווערן פון זייער אייגנטום אין יענער געגנט. אַזוי אַרום איז געלונגען אונדזער דאָקטאָר אָפּצוקויפן אַ גרויסן שטח פון ים־ברעג, וואָס איז געווען באַשיט מיט זאַמד. כ׳האָב גאָר פאַרגעסן, צום טייוול, ווי דאָס אָרט הייסט.

— און וואָס ווייטער?

ער האָט פאַרמאָגט אמתע קייטן פון אַזעלכע זאַמד־בערגלעך, וואָס זענען געגאַנגען איינע נאָך די אַנדערע, אין דער לענג, אין דער ברייט און אין דער טיף. און דער ים האָט אים כסדר אַרויסגעוואָרפן אויפן ברעג דאָס ריינסטע זאַמד.

— דער ים האָט שוין שטענדיק אַזאַ געוווינהייט אַרויסצוּוואַרפן זאַמד אויפן ברעג.

— דו האָסט ריכטיק באַמערקט, כאָטש נישט איבעריק טאַקטפול.

— כ׳באַמערק נישט קיין טאַקטלאָזיקייט אין דעם, וואָס איך האָב געזאָגט.

— אויב דאָס, וואָס דו האָסט געזאָגט איז נישט קיין טאַקטלאָזיקייט, איז דאָס צווייטע אַ טאַקטפולע באַמערקונג. מיר לערנען זיך, טייערער, ביזן טויט. אָט, ווער איך איצט געוווּיר, למשל, ווי אַזוי ס׳זעט אויס דער טאַקט פון יונגע רעוואָלוציאָנערן. אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו יענעם דאָקטאָר באַריקאַ. ס׳האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די געגנט, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט פון אַ דייטשישן באַזיצער, וועלכע האָט זיך אַרייַנגעריסן מיט אַ שמאָלן פּאַס אין ים אַריין, איז מיט אור־אור־דורות צוריק געווען דאָס געלעגער פון אַ פּראָהיסטאָרישן טייך, ווייל אונטער די זאַמד־באַשיטונגען האָט זיך געצויגן אַ שמאָלער פּאַס פון טאָרף. די טיף פון דעם טאָרף

איז געווען אַ ניין-מעטערדיקע. אונטערן טאָרף איז געווען אַ לוי־טער, ריין, גאָלדן זאַמד, פּונקט אַזאַ, ווי אויפן ברעג. נאָך, פֿאַרשטייט זיך, עלטער מיט אַ פּאָר צענדליק אָדער אַ פּאָר יאָר־הונדערטער. ווער קען עס וויסן!...

— און וואָס איז מיט דעם דאָקטאָר?...

— דערדאָזיקער דאָקטאָר באַריקאַ האָט זיך אַהער געבראַכט דורכן ים פֿון אַמעריקע קיין דאַנציג אַ ריזיקע און משונהדיקע מאַשין, אָס קליבט אויס מיט איין קלאַפּ און לייגט אַוועק אָן אַ זייט, אין משך פֿון אַ שעה, אַ ניין-מעטערדיקן שיכט פֿון טאָרף אין אַזאַ מאָס, אַז ס'וואָלטן עס נישט באַוויזן אַרויסצונעמען הונדערט מענטשן אין משך פֿון אַ וואָך!

— דאָס איז שוין איינמאָל אַ פֿײַנע מאַשין!

— גלייבסט נישט? און הער נאָך, וואָס עס ווערט דערפֿון. אונדזער קרוב באַריקאַ האָט פֿאַרקויפֿט דעם טאָרף, וואָס איז אויסגעטרוקנט געוואָרן אין ספּעציעל-אײַנגעאָרדנטע טרוקן-ערטער, און אויף דעם אָרט, וווּ עס איז געווען דער טאָרף, האָט מען גע־שאַפֿן אַ קאַנאַל אויף ניין מעטער די טיף און מער ווי צען די ברייט. ער האָט אים געשאַפֿן אין דעם פֿאָרם פֿון דעם אות V, וואָס איז געווענדט געווען מיטן בויך צו דער יבשה, און מיט די צוויי אייבערשטע, ברייט-פֿונאַנדערגעשטעלטע פֿאַרענדיקונגען צום ים. די צוויי פֿאַרענדיקונגען האָט ער פֿאַרייניקט מיטן ים, ווען דער קאַנאַל איז שוין געווען גוט באַפֿעסטיקט מיט האָלץ.

— אַן אינטערעסאַנטער קאַנאַל! און וואָס ווייטער?...

— דער גאַנצער קאַנאַל ליגט נידעריקער ווי די ים-פֿלאַך, נידעריקער ווי די דעק פֿון ים בײַ די ברעגעס, וווּ די ים-פֿלאַך האָט זיך געהויבן צוליב די זאַמדיקע בערגלעך. די גאַנצע קאָמבינאַציע איז אָפּהענגיק געווען פֿון דורכשטודירן דעם ים אין דעם טייל זײַנעם. אונדזער קרוב האָט פֿלייסיק אויסגעפֿאָרשט דעם ים, בשעת דעם לכתחילהדיקן אַרומשפּאַצירן בײַ די ברעגן — און באַזונדערס האָט ער זיך באַקענט מיט אַ געוויסן לעבן-ברעגיקן שטראָם, וואָס איז געגאַנגען פֿון אָקעאַן צו מזרח-צו דורך זונד, קאַטעגאַט און סקאַגעראַק. דעם לינקן אָרעם פֿון דעם V האָט אונדזער באַריקאַ

געריכטעטע אונטערן מערבדיקן שטראָם און אַריינגעלאָזט אין קאַנאַל אַריין אַ געוואַלטיקע וואַסער-קראַפט. מיט איין אָרעם פון קאַנאַל האָט ער אַריינגעלאָזט דעם שטראָם און מיטן צווייטן אַרויסגעלאָזט. אַ געוואַלטיקע וואַסער-קראַפט איז מיט אַ פלוצלינגדיק אימפעט דורכגעלאָפן דורכן קאַנאַל. אין דער לענג פון קאַנאַל האָט ער אויפגעבויט פאַבריקן, וואָס זענען געלאָזט געוואָרן אין גאַנג דורך טורבינעס, וועלכע זענען דאָ און דאָרט אויסגעשטעלט געוואָרן איבער דער גאַנצער לענג. דאָס איז אין דער אמתן געווען בלויז איין גרויסע פאַבריק, אַ ריזיקע גלאָז-הוטע.

— דו ביסט דאָרט געווען, טאַטע?

סעווערין באַריקאַ האָט געענטפערט נאָך ישוב-הדעת:

— פאַרשטייט זיך! אוודאי בין איך געווען. וואָלט איך דען געקענט דיר עס אַזוי לעבעדיק אויסמאָלן, ווען כ'זאָל דאָרט נישט האָבן געווען?

— אָבער, וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס מיט דער „נייער ציוויליזאַציע“?

— נו! דערפון האָט זיך אָנגעהויבן די ציוויליזאַציע.

— פון אַ גלאָז-הוטע?

— יאָ!

— כ'האָב געמיינט אייגנדריק, אַז דאָס איז עפעס אַ שוואַכע און זיך לייכט צעברעכנדיקע ציוויליזאַציע.

— פאַרקערט! די שטאַרקסטע אין דעם דאָזיקן יאָמער-טאָל פון אייזן און בעטאָן.

— גלאָז צעברעכט זיך לייכט.

— נישט אַזאַ גלאָז! אונדזער קרוב, באַריקאַ, פּראָדוצירט גלאָז-בעלקעס. מיט דער הילף פון אַ ריזיקן כוח, וועלכן ער באַקומט בחינם פון מערבדיקן שטראָם, און באַזונדערס פון די מערבדיקע ווינטן, וואָס בלאָזן דאָרט כמעט כסדר, באַקומט ער אַן אויסערגעוויינטלעכע מאַסע פון עלעקטרישער טרייב-קראַפט, מיט דער הילף פון וועלכער ער צעשמעלצט דאָס זאַמד פון ברעג...

— דאָס איז אוודאי זיין סוד?

— אַ סוד. פון דער ריזיקער פּליס יקער מאַסע באַקומט ער

פּאַרטיקע בעלקעס, טאָוולען, קלײנעס, האַלטערס, וואָס ווערן אָפּגעגאָסן, אָדער בעסער געזאָגט — אויסגעגאָסן, לויט אַ פריער באַשטימטן אַרכיטעקטאָנישן פּלאַן. דאָס גאַנצע גלעזערנע הויז, מיט גוט צונויפגעפּאַסטע ווענט פון בעלקעס, מיט אַ פּאָדלאָגע, סופיט און דאַך פון טאָוולען גיט מען אַוועק פאַרטיקערהייט דעם קונה, קיין [illegible]וונס זענען נישט פאַרהאַן אין דעם טיפּ דאָרפס-הייזער, אָדער ווי מען האָט זיי אַמאָל גערופן, פויערישע הייזער. ווינטער פליסט אַרום הייס וואַסער איבער די ווענט, דורך די בעלקעס, אונטערן סופיט זענען טעטיק גלעזערנע ווענטילאַטאָרס, וואָס נאָרמירן די היץ און ברענגען אַרײַן פרישע לופט.

— זומער מוז זײַן אין אַזאַ הײַזל, ווי, בשעת די קאַניקולן, אין באַקו אויפן מאַרק-פּלאַץ.

— ביסט דיך טועה, דו אומטרייער; דורך די זעלבע אײַנערלעכע רערן, גייט זומער אַרום קאַלט וואַסער. דאָס וואַסער קילט די ווענט, און דערפאַר איז אַזאַ הײַזל בשעת די גרעסטע היצן, ווי אין אונדזער קעלער אין באַקו, נאָר אָן דער פוילקייט און שטיקנדיקע לופט, וואָס הערשט אין יענעם קעלער. מיטן זעלבן וואַסער וואַשט מען די גלעזערנע פּאָדלאָגעס, ווענט און סופיטן, פאַרשפּרייטנדיק אַ קעלט און ריינקייט. עס פאָדערט אפילו נישט קיין ספּעציעלע אַרבעט, ווײַל די רערן, וואָס פירן אָפּ געניצטע וואַסער און פאַרשידענע אומריינקייטן, גייען אָפּ אין גלעזערנע בית-הכּסאס, וואָס זענען דערנעבן אײַנגעגראָבן אין דער ערד.

— צאַצקעלעך עפּעס, אָבער נישט קיין מענטשלעכע דירות, צו אַלדע רוחות!

— אמתע צאַצקעלעך! דער פוילישער פויער, וואָס איז נישט איבעריק מקפּיד אויף דער ריינקייט, ווי ס'איז אומעטום אויפן דאָרף בײַ דער אַרבעט אַרום די קי, פערד, ציגן און שאָף — מוז, נישט ווילנדיק אפילו, אײַנפירן אַ ריינקייט בײַ זיך אין שטוב, כּדי עס זאָל נישט זײַן דאָרט צו הייס. דאָס ווייב וואַשט אים כּסדר אַרום די שטוב, די ווענט, ד פּאָדלאָגע — און קיין טראָפּן פײַכטקייט וועט זיך נישט אַרײַנקריגן אין דער דירה, ווײַל ס'איז נישטאָ, וואָס ס'זאָל פוילן, אָדער שטינקען פון באַהאַלטענעם אָדער

נישט באַהאַלטענעם שמוץ, ווייל אַלע כלים, מעבל, ס'גאַנצע געשיר — אַלץ איז פון גלאָז.

— מ קען פון זינען אַראָפּ.

— יאָ, אָבער פון אַנטציקונג. ווייל די הייזער ווערן פאַרטראַכט דורך קינסטלער. גרויסע קינסטלער. אַזעלכע זענען שיין הייַנט דאָרט דאָ אין די הונדערטער. און איך מוז דיר זאָגן, אַז דאָס זענען נישט קיין בטלנים, סנאָבן, שנאָרערס, וועלכע פּראָדוצירן אַבסורדן און נאַרישקייטן, לעכערלעכע משונהדיקייטן און מאַלפּערייען פאַר די עשירים, וואָס זענען פאַרלאַנגווייליקט מיט זיך און מיט אַנדערע. דאָס זענען קלוגע מענטשן, נוצלעכע, באַוווסטזיניקע און באַגייסטערטע שעפער, וואָס אַרבעטן אויס אָרנאַמענט-געגנשטאַנדן, שיינע און נוצלעכע, פאַרשידענע, פאַרשידנאַרטיקע, געניאַלע און פאַרדינענדיקע צו ווערן ווי אַממיינסטן פאַרשפּרייט; זיי אַרבעטן עס אויס פאַר אַרבעטער, פאַר זייערע ברידער, פאַרן פאָלק. די הייזער זענען קאָלירטע, אָפּהענגיק פון דער נאַטור אין דער געגעבענער געגנט, אָפּהענגיק פון דעם קינסטלערס שעפערישער באַגייסטערונג און אויך פון געשמאַק פון די איינוווינער. עס זענען דאָ שניי-ווייסע הייזער אויפן פאָן פון וועלדער, ראָזינקע הייזער אין טאָלן, אויף בערגלעך — העל-גרינע, מיט אַן אָפּשיין פון פיאָלעט, אָדער קאָליר פון נאַסטורציען. די הייזער זענען רייך באַצירט אויפן פאַנטאַסטישן, אויסגעטראַכטן אופן, לויט די אָנווייזונגען פון קינסטלער און דעם געשמאַק פון די קויפער, ווייל די ווענט-בילקעס און די דאַך-טאָוולען קען מען באַפאַרבן ווי מען וויל, בשעת זיי זענען נאָך אין אַ פליסיקן צושטאַנד. אַלץ, וואָס עס קען נאָר דערזען אינם געטלעכן סוד פון דעם זע-אָרגאַן, אינם געשמאַק פון הימל — אינם אויג — די גרענעצלאָזע פאַנטאַזיע פון פאַרב-קינסטלער; וואָס פאַר אַ פאַרב עס וועט זיך אים נאָר אַנטפּלעקן אין דער אייַנערדייכקייט פון בלומען אין סוף חודש יוני — דאָס אַלץ, — דאָס אַלץ אַריינגענומען אין דעם קרייז פון שעפערישער באַגייסטערונג, פאָרמולירט דורכן שעפערישן באַוווסטזיין, קינסטלערשער חכמה און אָנשטרענגונג פון אַרבעטס אַמען ווילן — דאָס אַלץ וועסטו זען אין די

אינערלעכע און אויסערלעכע קאָלירטע קאָמפּאָזיציעס פון די הייז-לעך פון דעם מאָדערנעם פוילישן פויער. דאָס זענען אמתע פו-טוריסטישע חלומות, וואָס זענען פאַרקערפּערט געוואָרן אין דעם געהאָרכזאַמען און בויגיקן גלעזערנעם מאַטעריאַל.

— און דו האָסט עס דאָרט געזען? אַזעלכע דערפער? טאַטע?

— אוודאי! גאַנצע געגנטן, קרייזן, לאַנד-טיילן, ווי באַר מענטשן זענען געוויר געוואָרן וועגן דעם, האָט עס זיך פאַרשפּרייט ווי א מגפה. ווער וואָלט דען נאָך געוואָלט וווינען אין אַ פוילנ-דיקער און דורך שוואָמען צעפּרעסענער הילצערנעם חזיר-שטאַל, אָדער אין אַ לאַנד, וואָס האָט פאַרשפּרייט רעוומאַטיזם, טובערקו-לאָז און שקאַרלאַטינע. אין אַ געמויערטער תפיסה, וואָס האָט געעיפּושט מיט פייכטקייט און מייז, צווישן ווענט, אין וועלכע עס זענען איינגעוואַקסן געוואָרן פאַרשידענע חולאתן.

די גלעזערנע הייזער קאָסטן זייער ביליק, ווייל מען דאַרף דאָך נישט האָבן צו זייער אויפבוי קיין מויערער, טעסלערס, סטאָ-לערס און דאַך-דעקערס. בלויז דער מאַטעריאַל, דער טראַנספּאָרט צום באַשטימטן אָרט און צוויי דריי מאָנטערן. דאָס הויז גופא, אָן דער צוגרייטונג-אַרבעט באַ דער ערד, ווערט אויפגעשטעלט אין משך פון דריי, פיר טעג. ווייל דאָס איז בלויז אַ צונויפשטעלן פון טיילן, וואס זענען צוזאַמענגעפּאַסט געוואָרן אין דער פאַבריק. דאָס מאַטעריאַל, שוין צוזאַמען מיט דער באַלוינונג פון די קינסט-לער, קאָסט באַם ים נישט טייערער, ווי עס קאָסט אויפן אָרט בויהאָלץ. כ'רעד שוין נישט וועגן ציגל, קאַלך און שכירות פאַר די אַרבעטער, וואָס שטרייקן כסדר צוליבן וואַקסנדיקן יקרות.

— און אין דער פאַבריק פון דעם קרוב אינדזערן שטרייקט מען שוין נישט.

— ניין. די פאַבריק איז אַ קאָאָפּעראַטיוו-אייגנטום פון אַלע אַרבעטער, טעכניקער און קינסטלער. באַריקאַ אַליין פאַרלייגט אַלץ נייע טורבינעס- בויט נייע גלאָז-גיסערייען און גייט ווייטער. אַזאַ איז דער ווילן פון זיין זשעני.

— וווהין-זשע גייט ער עס אַזוי ווייטער?

— צו זיינע ווייטע צילן. דאָס פּוילישע דאָרף איז נאָך היינט נישט ווי געהעריק אויסגעבויט. יעדעס גלעזערנע הייזל ווערט נאָך ווינטער געהייצט און ווײַטער געקילט דורך אַ באַזונדערן קעסל און באַזונדערער קיך, וואָס געפינט זיך לעבן יעדן הויז. שוין איצט ווערט באַהייצט דער קעסל מיט אַ גאַנץ קליין ביסל ברען־מאַטעריאַל, און באַווייזט דורכצופירן די וואַרעמקייט דורך די רערן, שאַפנדיק פון אַ הייזל עפּעס ווי אַ מין טערמאָס, וואָס האַלט די אייגענע וואַרעמקייט.

אָבער דאָס איז נישט דער אידעאַל.

יעדעס דאָרף דאַרף פאַרמאָגן אַ קאָלעקטיווע באַהייצונג און קאָלעקטיווע קילונג. דערצו איז אָבער נייטיק אַן אַלגעמיינע עלעקטריפיצירונג פון לאַנד. דאָס זעלבע איז מיטן אויסצאַפּן דאָס וואַסער. היינט באַנוצט מען דערצו היימישע ברונעמלעך, וואָס זענען אָפטמאָל אומריין און שלעכט איינגעאָרדנט. דאָך האָט שוין היינט באַוויזן צו פאַרקלענערן די צאָל פון אָנשטעקנדיקע חולאתן דאָס באַנוצן זיך און פאַרנוצן איבערגעקוכט וואַסער אין די הייזער.

— צי דערמיט איז שוין געענדיקט?

— נאָך נישט, זון מיינער. ווען די ווייסל האָט אָנגעהויבן דורכצושווימען מיט אַלע אירע אָפּצווייגונגען דורך דער נאַציאָנאַלער פּוילישער מלוכה, האָט באַריקאַ אויסגענוצט איר וואַסער־לויף, וואָס גייט, פּונקט אַזוי, ווי ס׳געזאַלצענע ים־וואַסער, פון מערב צו מזרח צו. ער האָט אָנגעהויבן אַריינצונעמען דעם גרויסן טייך אין אַ גלעזערן געלעגער. אין איינער פון די לעבן־ימיקע גיסערייען אַרבעט ער אויס אַ ספּעציעל מאַטעריאַל. ער פירט אַריין אין די זאַמדיקע אָדער אומגלייכע ברעגן — קאָלאָסאַלע קלינאַרטיקע טאָוולען, זייער גראָבע, שפּיציק־פאַרענדיקטע, וואָס שטעלן זיך צונויף איינע אויף דער אַנדערער און שאַפן אַן אייביקע, אומבאַזיגבאַרע קראַפט, פאַרפעסטיקט מיט גלעזערנע האָקעס און קלינעס, אָנגעשפּאַרט אויף אונטערשטע פונדאַמענטן. ער פרעסט צונויף דעם ברייטן און זיך צונאַנדערגיסנדיקן טייך אין אַ צוויי־פאַך שמעלערן וואַסער־שטראָם. דער מעכאַניזם צום שאַפן די גלעזערנע ווענט איז אַ פּשוטער, כמעט אַן אורשפּרינגלעכער

און ענלעכער צו דער געוויינטלעכס ער בוי-אַרבעט. די אַרבעט פון אַריינהאַקן אין גרונט די גלעזערנע טאָוולען, וואָס זענען אונטן שאַרף ווי אַ ראַזיר-מעסער און אויבן אַלץ גרעבער ביז דער גרעב פון אַ פעסטונגס-מויער — די אַרבעט גייט צו אויסער-געוויינטלעך גיך.

אויף דעם שטח, וואָס איז פון ביידע זייטן אַריינגענומען אין דעם גליטשיקן געלעגער, זענען שוין אויף שטענדיק צונישט געמאַכט געוואָרן פאַרפלייצונגען און עס פאַרהאַלטן זיך פון נאַר-מאַלן וואַסער-גאַנג, ווייל די שנעלקייט פון דעם פליסנדיקן וואַסער פאַרכאַפּט די אייז-שטיקער און אַ ספּעציעלער מעכאַניזם שטערט דאָס אַלמעכטיקע פאַרפרוירן ווערן פון וואַסער.

— דער טייך ווערט נישט פאַרפרוירן?

— ער ווערט טאַקע פאַרפרוירן, אָבער דער אינזשיניער באַריקאַ הערשט פולשטענדיק איבערן פאַרפרירן און אָפּגעפרוירן ווערן אין דעם גלעזערנעם געלעגער. די וואַסערן, וואָס זענען אַזוי איינגעפרעסט, מוזן אַרבעטן ווינטער און זומער. זיי באַוועגן אַ ריי טורבינעס, און בקרוב וועלן זיי באַוועגן עטלעכע טויזנט. דער אומענדלעכער עלעקטרישער כח, פאַרטרעט דעם כח פון פערד און אָקסן. בײַ דעם גאַנצן טייל פון טייך, וועלכער איז שוין באַ-הערשט געוואָרן, אַרבעטן די אַקער-אייזנס און אַלע אַנדערע לאַנד-ווירטשאַפטלעכע מכשירים, געטריבענע דורך דעם כח פון עלעק-טריע. שוין היינט ווערט אַ בוים אויף די אַלע שטחים, אַ הייליקע, אומבאַרירלעכע זאַך, און די איידעלע חיות באַקומען צוריק זייער כבוד: דער אָקס ווערט צוריק אַן אַפּיס און דאָס פערד ווערט צוריק דער שוואַרצער לויפער ספּוואַראָזשיץ.

— דער כבוד פון אָקס, וואָס גייט אין שחט-הויז, כדי זיך צו פאַרוואַנדלען אין בכבודיקע ביפשטיקן.

— נישט אינגאַנצן. אין דער נייער ציוויליזאַציע וועט מען נישט מוזן אומבאַדינגט פרעסן דאָס פלייש פון אונזערע עלטערע ברידער לויט דאַרווינען. פאַר די פוילישע פויערים וועט עס נישט זיין צו שווער, זיי וועלן זיך נישט דאַרפן גאָרנישט אָפּצוגעווי-נען, ווייל היינט עסן זיי כמעט ווי אויך נישט קיין פלייש. אויב

עס טרעפט איז עס דוכט זיך, נאָר אין די אַזוי-גערופענע פייער-לעכע חגאות. אויב מען וועט פון זיי צונעמען די היינטיקע אַנ-שטעקנדיקע קראַנקהייטן, שמוץ און די שלעכטע לופט פון זייערע וווינונגס-שטאַלן, וועלן זיי זיין די געזונטסטע ראַסע אויף דער ערד. און נאָכן פאַרקלענערן זייער שרעקלעכע אַרבעט אין פעלד, וועלן זיי זיך אינגאַנצן קענען באַגיין אָן פלייש.

— חלומות! חלומות!

— חלומות, אַ יונגער רעוואָלוציאָנער! לאָמיר רעדן וועגן די נייע גלעזערנע דערפער. זיי ווערן שוין נישט פאַרניכטעט דורך שרפות און נישט געטראָפן דורך דונערן. די הייזלעך אין אייני-קע דערפער זענען שוין פאַראייניקט מיט גלאָז-געדעקטע וועגן. גרויסע קאָלעקטיווע גלעזערנע קי-שטאַלן און חזיר-שטאַלן גיבן די מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען אַ נייע מילך-אינדוסטריע, אַ קאָאָ-פּעראַטיווע חזירים-צוכט. עס פאַרשווינדט דאָס עיפּושדיקע קי-שטעלכל פאַר יעדער טובערקולאָז-קראַנקער קי און עס פאַרשווינדט דאָס טאָפּל-עיפּושדיקע חזיר-שטעלעכל פאַרן שמוציקן חזירל, וואָס האָט אויף זיך און אין זיך מיליאָנען חולאת-מיקראָבן. מיט די מילך-אָפּפאַלן פיטערט מען דאָרט די חזירים און מען האָדעוועט זיי אויס, און אין די דאָרפישע וווּרשט-פאַבריקן אַרבעט מען פון זיי אויס גוטע שינקע, וווּרשט.

— די זעלבע וועגעטעריאַנער, צי אַנדערע מענטשן, פלייש-פרעסנדיקע?

— אַנדערע, ספּעציאַליסטן, מייסטערס אין דער חזירישער אידעע און אידיליע.

— קען מען אַלזאָ אָנרופן די דאָזיקע נייע לעבעדיקע צי-וויליזאַציע נישט אַזוי גלעזערנע, ווי חזירישע.

— פאַרוואָס, מיין זון? זי איז נישט געבויט בלויז אויף די חזירימלעך. גלאָז שפּילט דאָרט די הויפּטראָל. די אַגראַר-רע-פאָרם, וועלכע מ׳באַטראַכט דאָרט איצט, ווי זי זאָל נישט אויס-פאַלן, וועט זי דאָך נישט זיין קיין פאַפּירענע, טעאָרעטישע, אומאויספירבאַרע, נאָר אַ ווירקלעכע און ווירקזאַמע. זי וועט פאַר-שפּרייטן נייע גלעזערנע הייזער, צעוואַרפן זיי איבער די ברייטע

וויסטעגישן, פאַרפעסטעטע ערטער, פעלדער, וועלדער פון די אַמאָליקע לאַטיפונדיעס. שווערער וועט שוין אָנקומען דאָס עלעק-טרישע ליכט און טרייב-קראַפט. אָבער אויך דאָס וועט צוקומען מיט יעדן חודש, פאַראַלעל מיטן צוקום פון נייע ערטער פון דער ווייסל, וואָס וועלן ווערן איינגעפּרעסט אין די גלעזערנע מויערן. דערפון וועט זיין אַזאַ מעגנע טרייב-קראַפט און ליכט, אַז עס וועט אַמעגום דערגרייכן, מיר וועלן באַלד זען מאַשינען צום אַקערן, זייען, שניידן און דרעשן, וואָס וועלן זיין געטריבן דורך דער געבענטשטער קראַפט.

— נו — מיר וועלן זען.

— און וואָס וועסטו זאָגן וועגן גלעזערנע שולן! וועגן קירכעס, וואָס בליען-אויף אויף בערגלעך, לויטן חלום און ווונק פון קיגסטלער, אין אַזעלכע פּרעכטיקע פאָרמען, אַז אַקעגנאיבער זיי וועט פאַרלאָשן און פאַרבלאַסט ווערן אַלץ, וואָס איז ביז איצט געווען.

— עפעס גייט בא דיר, טאַטע, די גאַנצע ציוויליזאַציע אַ ביסל פייערווערק אַרטיק.

— גרויסע דערפינדונגען, אָדער בעסער, פלוצלינגדיקע אַנטדעקונגען, דאָס אַנטפּלעקן דאָס, וואָס איז ביז איצט לעבן אונדז געווען, אָבער געווען פאַרהילט אין אומוויסנקייט — דאָס ברענגט דערצו, אַז באַם באַנוצן זיי און צופּאַסן זיי צום לעבן קומט אַלץ אויס פייערווערק-אַרטיק. ווער האָט מיט פופציק יאָר צוריק גע-חלומט וועגן דעם, אַז מען קען אַריינזעצן אַ פערד אין אַן אעראָ-פּלאַן און איבערפירן עס אונטער די וואָלקנס, אָדער אַפילו אי-בער די וואָלקנס פון פאַריז קיין אַנטווערפּן? און אָט פליט באמת איבער די וואָלקנס די פּרוכט פונם דיכטער אַריאָסטס פאַנטאַזיע, דאָס פערד היפּאָגריף. און אָט וועלן אויך פאַרשווונדן אַלטע שטעט, די שרעקלעכע געשפּענסטער פון דער אַלטער ציוויליזאַציע, זיי וועלן ווערן מוזעום-אַנטיקן, דאָס זיץ-אָרט פון בענק, געשעפטן, די מאַגאַזינען פון לענדער, לאַגערן פון סחורות — און ס'וועלן אויפשטיין נייע גאָרטן-שטעט, שטעט צווישן פעלדער, וועלדער, בערגלעך, פונאַנדערגעצויגענע, פונאַנדערגעשלעפטע איבער געגנטן, בא ליניעס פון עלעקטרישע באַנען און טראַמווייען.

— יאָ, יאָ...

— זון מיינער! די אַרבעטער-הייזער הינטער וואַרשע, וועל־כע באַריקאַ פּלאַנט אויפצובויען — און איך האָב געהאַט דאָס גליק צו זען די פּלענער — זענען באַקוועמערע, געזונטערע, ריי־נערע, שענערע פון די אויסגעטראַכטע אַריסטאָקראַטישע פּאַלאַצן, פון די ווילעס פון די אַמעריקאַנער עשירים, און בעסערע ווי די קעניגלעכע שלעסער. צוויי צימערן, אָבער צוויי ריינסטע, גע־זונטסטע, שענסטע צימערן, צי איז עס נישט דער שענסטער חלום פאַר אַן איינזאַמען מענטשן?

— מיר דוכט זיך, אַז עס וועט דאָרט זיין אַ ביסעלע צו ריין. עס וואָלט צונויף-געקומען אַ ביסל שמוציקע באַשמעלצונג. און וואָס שייך די אויבנדערמאָנטע בורזשויען, אויך ci devant*) מלכים, מיין איך, אַז זיי וועלן בעסער וווינען אויפן אַלטן שטיי־גער. זיי ווילן בעסער, לאָמיר אָננעמען, אַזעלכע אַפּאַרטאַמענטן, ווי מיר האָבן אַמאָל פאַרנומען אין באַקו — וואָס, טאַטע? — אַזעלכע ווי מיר האָבן אַמאָל פאַרנומען אין באַקו — אַ פינף צימערלעך, כאָטש אַפילו — זאָל שוין זיין! — שטיינערנע. דוכט זיך, אַז זיי ווילן עס גיכער, ווי די גלעזער, וואָס ווערן כסדר איבערגעשווענקט אין וואַסער.

— קיינמאָל נישט, קיינמאָל אין דער וועלט נישט! ס'ווייזט זיך דאָך אַרויס, טאַקע צוליב און אין צוזאַמענהאַנג מיט אונדזער באַריקאַס דערפינדונג, אַז דער אויסדרוק פון עשירות איז נישט געלט, נישט די אָנזאַמלונג פון רעאַלע ווערטן, טייערע זאַכן און פאַרשידענע אַנטיקן, נאָר — ס'געזונט. דער רייכסטער באַנקיר, דער הויכליכטיקער מאַגנאַט, ווען ער האָט שוין דורכגעגעסן דעם אַפּעטיט, דורכגעטרונקען די מעגלעכקייט צו זיין דורשטיק, דער־שיטערט דורכן מיסברויך דאָס געזונט פון זיינע נערוון, דאַמאָלס הערט ער אַן עצה פון דאָקטאָר: — דער הויכליכטיקער הער דאַרף וווינען אין דאָרף, גיין אין אַ לייוונטן העמדל, אָן אַ הוט

*) אַמאָליקע.

פֿון שיך; דער גנעדיקער נאַשער זאָל עסן ראַזאָווע ברויט, קאַשע, רעטעך, בײַסן קנאָבל, זאָל זיך היטן, ווי פֿאַר פֿײַער, פֿון פֿאַרשידענע אַלקאָהאָל-געטראַנקען, ווײַן, קאַווע, טיי; דער באַפֿעלער פֿון אַרבעטער דאַרף אַרבעטן אין אַ גערטנדל, אויף דער זון, מיט אַ גראָב-העקל, מיט אַ לאָפּאַטקע, מיט גאָפּלען, דרעשערס; דער נאַכט-לעביונג, וואָס מאַכט פֿון נאַכט — טאָג, דאַרף אויפֿשטיין מיט די פֿייגעלעך צוגלײַך, שלאָפֿן גיין גלײַך מיט די הינער...

וואָס באַדײַט עס? דאָס געזונט — דער אַפּעטיט און דער רעשט, דער האַרטער שלאָף נאָך אַ שווערער פֿיזישער אַרבעט — אָט דאָס איז געוואָרן דאָס אייביקע עשירות פֿונם רײַכן. און דאָס פֿולשטענדיקע געזונט וועט געבן, פֿאַרזיכערן און אונטערהאַלטן דאָס גלעזערנע הויז. היגיענע, באַקוועמלעכקייט, אַבסאָלוטע ריינקייט, אַרבעט, מנוחה, אינערלעכע צופֿרידנקייט, שמחה. צו אַזאַ פֿאַרבאַהאַלטן זיך פֿאַר דער שטרענגקייט פֿון דער נאַטור און פֿאַר אירע סמען, צו אַזאַ באַקומען און פֿאַרזיכערן זיך די פֿיזישע און גײַסטיקע געזונטקייט, וועלן טאַקע שטרעבן די בורזשויען. כ'האָב מורא, אַז זיי וועלן אַנטוויקלען אַזאַ גרויסן פֿאַרברויך פֿון גלעזערנע הײַזער, אַז עס וועט נישט סטײַען פֿאַר קיין אָרימעלײַט. צום גליק...

— נישטאָ וואָס מורא צו האָבן: זיי וועלן גיך אויספֿאָרשן די זאַך, ווײַל די בורזשויען זענען די געשיקסטע, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זיי טויגן שוין צו גאָרנישט אַלס אַ קלאַס. אויב זיי וועלן דערשמעקן אין דעם אַ גוט געשעפֿטל פֿאַר זיך, וועלן זיי זיך שוין פֿאַרגינען צו באַשטעלן בײַ אונזער קרוב באַריקאַ אַזעלכע ווילעס און פּאַלאַצן, וועלכע מ'האָט נאָך באמת ביז איצט נישט געזען.

— צום גליק וויל ער גאָרנישט נישט אויפֿשטעלן אין די שטעט און דערפֿער, אויסער אַרבעטער-הײַזער, שפּיטאָלן, מוזייען, הײַזער פֿאַר דער אַרבעטנדיקער אינטעליגענץ, פֿאַר די דורכשניטלעכע, גרויסע מענטשן, פֿאַר די, וואָס זענען שוין מיד פֿון הײַנטיקן קאַמף.

— עפּעס אַ פֿילאַנטראָפּ איז דאָס, אַ בעל-טובה. נאָר כּל-זמן עס איז נישט אויסגעראָטן אויף דער גאַנצער וועלט דאָס

פאַרברעכן פון גנבענען אמאָליקע אוצרות, וועט ער זיך, נעבעך, גוט אויטמאַטערן. פריִער דאַרף מען אויסראָטן פון מענטשן דעם פאַרברעכער, ערשט שפּעטער קען מען בויען אַ נאָרמאַל לעבן.

— ווער קען עס וויסן, ווער עס איז צווישן אונדז דער פאַרברעכער און וועלכער איז עס דער יושרדיקער.

— דאָס איז שוין צו גוט באַוווסט. דעם פאַרברעכער מוז מען מיט געוואַלט אַרויסשטופּן פונם מענטש, און אויב ער לאָזט זיך נישט — דערהרגענען!

— דערהרגע נישט! מיין זון, דערהרגע נישט!

— דאָס שלעכטע פון דער וועלט מוז מען דערהרגענען. מיר דערהרגענען דאָך שרצים, שלאַנגען, וועלף, לייב.

— קודם כל ווייסן מיר נאָך נישט גוט, וואָס איז שלעכט און וואָס איז באמת גוט. ווייטער — דאָס איינציקע, וואָס קומט אַרויס פון דערהרגענען, איז דאָס פאַרברעכן פון רציחה. די רציחה איז לחלוטין נישט נייטיק. עס איז אַ שאָד דערויף אַוועקצוגעבן צייט און געזונט פון דער מענטשלעכער נשמה. עס איז פולשטענדיק גענוג, אַז מען בויט אַ ניי לעבן, אַז מען בויט פון אָנהייב אָן, פון ערדישן ליים און דעם טיף־פליסנדיקן ערדישן, ריינעם וואַסער.

— די מאַמע האָט עס מיר שוין אויך אויפן שעדלעצער אופן געוואָלט קלאָר מאַכן. איר, אַלטע, פאַרשטייט נישט גאָר נישט.

— מיר פאַרשטייען, אָבער מיר באַגרענעצן זיך נישט אין דעם בלויזן פאַרשטיין. אָט האָט יענער גענומען אַ זשמעניע זאַמד, אויף וועלכן קיינער האָט נישט געוואָלט לייגן קיין אַכט, ער האָט אַריינגעבלאָזן אין דעם זיין געדאַנק און האָט געזאָגט, ווי גאָט: איך וועל מאַכן פון דער זשמעניע זאַמד אַ וועלט פון נייע דערשיינונגען. די אמתע און איינציקע רעוואָלוציע איז די ערפינדונג. אַ פאַלשע רעוואָלוציע איז באַגוואַלט אַרויסצורייסן זאַכן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך אַנדערע.

— אָבער נישט געשאַפן געוואָרן, נאָר גענומען געוואָרן אַ

באַזיך! פֿאַרכאַפּט אָן יושר.

— און די, וואָס פֿאַרטרייבן אַ מאַגנאַט פֿון זיין פּאַלאַץ און נעמען צו פֿאַר זיך דעם פּאַלאַץ צו האָב, דען די אויך געבויט דעם פּאַלאַץ?

— זיי נעמען אים צו אין אַ קאָלעקטיוון, אַלגעמיינעם באַזיץ.

— אַן אַלגעמיינער באַזיץ, און אין די צוגעגזלטע פּאַלאַצן וווינען נייע מושלים, קאָמיסאַרן, דיפּלאָמאַטן, פֿירערס און בכלל נייע מאַכט־האָבער, נייע אוזורפּאַטאָרן, דאָס פֿאָלק וווינט, אַזוי ווי אַמאָל, אין די כאַלופּעס, וואָס עיפּושן ווי אַמאָל, אין די שטאָטישע נאָרעס און דלות־לעכער.

— עס איז נאָך נישט דורכגעפֿירט געוואָרן די ליקווידאַציע פֿון אַלטן פֿאַרברעכן. עס פֿירט זיך נאָך דער קאַמף.

— דער קאַמף וועט זיך זייער לאַנג פֿירן. דער גואל פֿון דער וועלט האָט געלערנט אונדז אין זיינע ווערטער אויפֿן באַרג, אַז אפֿילו דעם בפֿירושדיקן שלעכטס דאַרף מען נישט אַנטקעגנשטעלן זיך מיט כּוח.

— אָט־אָט! אַלטע פּלוידערייען. אויב איך וועל באַמערקן, אַז עמעצער פֿאַרקויפֿט אין מיינע אויגן אַ קינד צו זנות, אָדער לערנט עס צו זנות — אויב איך זע, אַז איינער רויבט דאָס גוטס, וואָס איז אויסגעהאָרעוועט געוואָרן דורך טויזנטער מענטשן — דאַרף איך זיך נישט אַנטקעגנשטעלן?

— אַנטקעגנשטעלונג, פֿאַרבאָט, שטראָף! דאָס איז נישט צוועקמעסיק, נישט ווירקנדיק, און פֿאַרענגט בלויז צו איין דערשיינונג. מיטן שאַפֿן פֿון נייע ווערטן און מיטן פֿאַרמערן פֿון נייעם גוטס דאַרף מען אויסראָטן פֿון מענטשן די קנאה און שנאה. מען קען אויסאַרבעטן אַזעלכע אַרבעטס־און וווין־באַדינגונגען, אַז ס'וועט נישט זיין פֿאַרוואָס מקנא צו זיין און פֿאַרוואָס צו דערמאָרדן. באמת — לעכערלעך איז די איבערקערעניש, וואָס שטויסט אַראָפּ די מאַגנאַטן פֿון די פּאַלאַצן אין די קעלערס און פֿירט אַריין די קעלער־איינוווינער אין די פּאַלאַצן. דאָס איז באמת אַ מלאכה פֿון משוגעים אין אַ משוגעים הויז. אַזאַ איז מיין איבערצייגונג.

— מיין איבערצייגונג איז אַן אַנדערע, לחלוטין אַן אַנ־דערע.

— לאָמיר־זשע דערפאַר נישט רעדן וועגן דעם. צו וואָס דאַרפן מיר רעדן פּוסטע פאַרזיכערונגס־און אָפּלייקענונגס־ווערטער. איך וועל זיך שוין מער נישט אַמפּערן מיט דיר. און דו זײַ דער־פאַר אַזוי גוט צו באַרייכערן דעם סכום פון דײַן וויסן מיט נאָך איין איינצלהייט. כ'האָב געזען אַ דאַרפס־שול, וואָס איז געבויט געוואָרן לויט די נײַע פּלענער. ס'זענען דאָרט געווען אַזעלכע שיי־נע זאַלן, אַז יעדעס קינד איז געוואָרן אַרײַנגעכאַפּט מיט דער גרעסטער שמחה אַהינגעלאָפן. ס'איז דאָרט געווען אַ הייס און קאַלט באָד, אַ קיך, אַן עס־צימער, אַ קאָנצערט־און קינאָ־זאַל...

— מאָדערנע „טערמעס".

— דערמאָנענדיק דעם נאָמען פון זייער מאָראַרך, וואָס פאַר־וואַנדלט די וועלט מיט איין ווונק פון זײַן זשעני אין אַ גאָרטן פון גוטסקייט — רעדן שוין היינט די מוטערס אין הכנעה וועגן אים, וואָס נעמט זיי אַראָפּ אַ משא פון די פּלייצעס און ברוסטן, נע־מענדיק עס אויף זײַנע פּלייצעס: — „געבענטשט זאָל זײַן די, וואָס האָט דיך געטראָגן און די ברוסטן, וועלכע דו האָסט גע־זויגן"...

---

אויסערגעוויינטלעך לאַנג האָט זיך געשלעפּט די נסיעה קיין מאָסקווע. אָבער לסוף האָט זיך אויך די נסיעה געענדיקט. דער צוג האָט זיך צוגערוקט צו דער פאָרשטאָט פון דער היסטאָרישער שטאָט נאָר ווײַל זי איז נאָך נישט געווען דער צוועק פון זייער נסיעה, האָט מען באַדאַרפט צו בײַטן די ראָלן און מלבושים. עס איז שווער געווען זיך צו פאָרשטעלן פאַר רוסישע אַרבעטער, וואָס מאָרן קיין פּוילן. דערפאַר האָבן זיך טאַקע ביידע באַריקאַס, דער פאָטער מיטן זון, איבערגעדרייט אין מאָסקווע אין געוויינט־לעכע „אינטעליגענטן", פרעמדלענדער, פּוילישע „אָפּטאַנטן". אויס־

געצייכנט איז זיי דערביי צוהילף געקומען די וואַליקע, וואָס האָט געדולדיק געוואַרט אויף זיי אין דער וווינונג פון באָגומיל יאַס־טרון. דער יאַסטרון האָט אַ שפּאָר ביסל צרות געהאַט פון איר: וואַנדערנדיק פון אָרט צו אָרט, האָט ער געמוזט שלעפּן און אָפּ־היטן פרעמדע זאַכן. ער האָט זיי אָבער אָפּגעהיטן. דער טאַטע מיטן זון האָבן געפונען אין דער וואַליזקע מלבושים און וועש נישט נאָר פאַר זיך, גאָר אפילו פאַר דעם איידעמען יאַסטרון איז אויך געבליבן אַ ביסל וועש. ווער רעדט נאָך וועגן זייף, מכשירים, הייל־מיטלען, וואָס האָבן אויסגעוויזן ווי פון הימל אַראָפּגע־שיקט! אויף דער דעק איז געלעגן ס'ביכל, געבונדן אין לעדער, מיט די קונציק אויסגעדריקטע ברעגן, וואָס האָט כסדר דאָסזעל־בע דערציילט וועגן דעם ייִדן קאַליקסט. צעזאַרי, וועלכער האָט אַזוי געגאַרט צו זען די אומבאַקאַנטע מאָסקווע און איר באָלשע־וויסטישן סדר, איז אָבער פאָרט געווען גערירט. בשעת ער האָט אָנגעטון וועש, וועלכעס ער האָט אַזאַ לאַנגע צייט נישט אָנגעזען פאַר זיינע אויגן, און די מלבושים, וואָס האָבן זיך געפּאַסט צו אַ מענטש, ווי די אייגענע הויט. זיי זענען ביידע, דער זון מיטן פאָטער, אַזוי שטאַלץ און צופרידן געווען מיט זיך, ווי יעדער פון זיי וואָלט צעראָפּגעשלונגען אַ פאַווע מיט אַ צעלייגטן עק און אַרומגעטראָגן זי אין זיך איבער די גאַסן און פּלעצער.

זיי האָבן געשפּאַצירט אין דער שטאָט און צוגעקוקט זיך צו אירע פאַרשידענע וווּנדער. דער הער יאַסטרון האָט אָבער גע־עצהט נישט אַרומצוגיין סתם אין דער וועלט אַריין און בכלל נישט צו זיצן אין דער „ווייס־שטיינעדיקער" קרוין־שטאָט פון פאַרשידענע צאַרן. צו עסן איז נישט געווען וואָס, און אין די עפנטלעכע קיכן האָט מען געפאָדערט געוויסע לעגיטימאַציעס פון דער אָפּגעטוענער אַרבעט. האָבן זיי טאַקע נאָר געוואַרט אין מאָסקווע ביז זיי האָבן באַקומען אַ באַשטימונג צום „עשעלאָן", אָדער צוג, וואָס האָט געפירט פאַרשידענע היימלאָזע צו די פּוי־לישע גרענעצן. באַקומענדיק די בייטיקע פּאַפּירן, זענען זיי אַריינ־געשטופּט געוואָרן אין אַ צוג, וועלכער איז געווען געפּאַקט ביזן לעצטן אָרט, ווייל גייענדיק פון מרחקים, האָט ער כסדר אויפגע־

קומען נייע פּאָליאַקן, גאָט ווייס פונוואַנען אַלץ, פון די בערג, פון די סטעפּעס. פּאָר צוויי מענטשן האָט זיך נאָך געפונען אַן אָרט. די וואַליזקעס האָבן זיי שוין געמוזט מיט גרויס מי אַריינשלעפּן.

דער צוג איז געגאַנגען קיין כאַרקאָוו. דאָרט איז געווען זיין לעצטע סטאַציע. דאָרט האָבן אַלע רייזנדיקע באַדאַרפט וואַרטן אויף אַן אַנדערן צוג, וואָס האָט געזאָלט אָנקומען אין אַ געוויסער צייט אַרום. זיי זענען געפאָרן.

אויב די רייזע פון די קאַספּישעים-ברעגן קיין מאָסקווע איז געווען אַ לאַנגע און שווערע, איז די שוין געווען אַן אמתע טאָרטור.

די וואַגאָנען זענען אָנגעפּאַקט געווען מיט מענטשן, וואָס האָבן אָפּטמאָל געפירט מיט און אויף זיך די פרוכט פון זייער גאַנצער לעבנס-אַרבעט. וועגן דעם האָט געוווּסט דער מאַשיניסט, וואָס האָט געפירט דעם צוג. איז טאַקי דאָ און דאָרט, ביי אַ שטאָט אָדער פאָרשטאָט, און אָפּטמאָל אויך אין מיטן פעלד שטיין געבליבן דער צוג און רויק זיך געשטאַנען. אַ שעה, צוויי, פינף, צען, פופצען, צוואַנציק. די פּאַסאַזשירן האָבן געקבּיט פאַרן מאַשיניסט, ער זאָל פאָרן, דער וועג פירער, וואָס איז געווען אַ מין אויפזעער איבער די רעעמיגראַנטן, האָט אָנגעהויבן צו פירן מיט אים אונטערהאַנדלונגען. דער מאַשיניסט האָט טרוקן דערקלערט, אַז ער דאַרף מאַכן אַ „רעמאָנטל" אין לאָקאָמאָטיוו, און געמאַכט דעם רעמאָנט האָט ער אַזוי לאַנג, ביז דער וועג-פירער אָדער אַן אַנדערער פון די רייזענדיקע איז נישט דורכגעגאַנגען אַלע וואַגאָנען און געזאַמלט באַשטייערונגען אויף דעם גיכן פאָרריכטן פון דער מאַשין. ווער עס האָט געהאַט געלט, וואָס האָט געהאַט אַ געוויסן ווערט, האָט געגעבן געלט. ווער עס האָט נישט געהאַט קיין געלט, האָט געקענט געבן ווערטפולע זאַכן, פינגערלעך, חתונה-רינגלעך, קייטלעך, אַפילו זייגערלעך, אַפילו שיך און רעקלעך. אין דעם פּרט איז די אַלמעכטיקע באַן-הערשאַפט געווען זייער לייטזעליק און נישט געמאַכט קיין שוועריקייטן: שיך — גוט, רעקלעך — זאָל זיין רעקלעך! ווען ס'האָט זיך אויפגעזאַמלט

אַ סכום פון זאַכן אָדער געלט, וואָס איז בכוח געווען צו באַרויִקן דעם מאַשיניסטס אַמביציעס און נישט באַליידיקט זיין פערזענלעכן כבוד, איז דאָס „רעמאָנטל" פאַרענדיקט געוואָרן. דער צוג האָט אָנגעהויבן צו פייפן, סאָפּען, רירן זיך פון אָרט, די רעדער האָבן זיך צעגעהויבן שנעלער צו באַוועגן, ווידער אַמאָל פאַמעלעך, גערוקט זיך אויף די רעלסן, ביז דעם צווייטן כודותפולן אָרט אין מיטן פעלד אָדער אין אַ שטעטל. מען האָט געפרעגט צי ס'איז ווידער אַ „רעמאָנטל" און, אויב מ'האָט דערהערט אַ הסכמה, האָט מען זיך ווידער גענומען צום זאַמלען באַשטייערונגען אין געלט און חפצים. וואָס נענטער צום אויסגעחלומטן כאַרקאָוו, אַלץ מער און אין אָפטער האָט דער לאָקאָמאָטיוו געפאָדערט אומבאַדינגטע רעפעראַציעס און אַלץ לענגער האָט געדויערט דאָס וואַרטן.

די זאַפּאַסן האָבן אָנגעהויבן זיך אויסצושעפּן און קאַליע ווערן, די קעלט האָט געפייניקט, די קראַנקע האָבן געקרעכצט, די קינדער האָבן געוויינט, מענטשן זענען אַריינגעפאַלן אין אַ טעמפּער פאַרגליווערטקייט אָדער נערוועזן אומרו, און דער פיינער מאַשיניסט האָט זיך גערויכערט זיין פּאַפּיראָסל און „זאַוויוונאַ" זיך אונטערגעזונגען אַ שיין פאָלקס-לידל.

דער לעצטער אָפּשטעל איז אויסגעפאַלן צוליבן ווילן פון מאַשיניסט, צען וויאָרסט פאַר כאַרקאָוו.

צוליב אומבאַוווסטע טעמים האָט זיך אין דעם אָרט געזאָלט פאַרענדיקן דער וועג פון עשאַלאָן-צוג.

אַ טייל פון די רייזנדיקע — באַזונדערס פרויען און קינדער — האָבן באַשלאָסן צו וואַרטן: אפשר וועט ער נאָך פאָרן? דער צווייטער, אומגעדולדיקערער און שטאַרקערער טייל האָט זיך געלאָזט גיין צופיס. צו דער צווייטער האָבן געהערט די ביידע באַריקאַס, זיי האָבן גענומען, אַמאָל דער, אַמאָל דער צווייטער, זייער וואַליזקע אויף דער פלייצע און דערשלעפּט זיך אין שטאָט אַריין. זיי זענען געקומען צום וואָקזאַל און דאָרט אָפּגעגעבן צום באַהאַלטן די וואַליזקע, וואָס האָט אין זיך געהאַט זייער גאַנץ פאַרמעגן, פאַרשידענע פּאַפּירן און אָרימע אוצרות פון היילמיטלען, וואַטעס און עלאַנגעלן. נאָכן באַצאָלן דאָס געלט פאַרן איבערהאַלטן,

האָבן זיי אַרויסבאַקומען פון כאַרקאָווער „דעפּאָזיטאָ" אַ קבלה מיט אַ חתימה און דער גרייס פון אַ גלאָז-טעצל. באַהאַלטנדיק גוט דעם דאָקומענט, זענען זיי ביידע אַוועקגעפלויגן אין פּוילישן אַמט, כדי זיך צו דערוויסן וועגן אַ צוג, וואָס גייט צו דער פּוילישער גרענעץ. אָבער פאַר די טירן פון אַמט איז געשטאַנען אַ לאַנגע שורה פון אומגליקלעכע מענטשן, וואָס האָבן געוואַרט אויף זייער ריי. האָט מען זיך אויך געמוזט אַוועקשטעלן און וואַרטן. זיי האָבן זיך כסדר געביטן. איינער האָט „געוואַרט" און דער צווייטער האָט געשפּרייזט איבער די כאַרקאָווער בלאָטעס, ווייל ס'איז געווען מער ווי וואַרשיינלעך, אַז זיי וועלן דאַרפן אַ ביסל לענגער אויסוואַרטן אין כאַרקאָוו.

סעווערין באַריקאַ, וואָס איז שוין אַפּאָר מאָל געווען אין דער שטאָט און בכלל געווען אַ ביסל ריידעוודיקער ווי זיין זון, האָט דעמזעלבן טאָג געפונען אַ נאַכטלעגער בײַ אַ געוויסן שניידער, וואָס האָט געקענט אויסשטאַמלען אַפּאָר ווערטער „פּאָ פּאָלסקי", ווייל אין זיינער צייט איז ער געווען אַ „געבוירענער אין וואַרשע". דער דאָזיקער האַלבער לאַנדסמאַן האָט, נאָכדעם ווי ער האָט זיי גוט אַרומגעציפּט, מסכים געווען צו לאָזן זיי איבערנעכטיק אין זיין זייער נישט-שמעקנדיקן צימער.

סעווערין באַריקאַ האָט געגעבן דעם שניידער האַנט-געלט אין אַלטע רובלס, וועלכע ער האָט אַרויסגעקראַצט פון זיין מאַנטל און ער איז צוריק אַוועק אין דער ריי בײַם אַמט. ס'האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן פון די דערקלערונגען פון די אַרויסגייענדיקע און פון שמועס מיטן באַמטן, אַז וועגן אַ צוג, וואָס זאָל קומען אין די נאָענטסטע טעג, קען גאָר קיין ריד נישט זיין. עס איז דאָ אַ הבטחה, אַז אַזאַ צוג, וואָס גייט פון ווייט, פון אוראַל-געגנט, זאָל אָנקומען קיין כאַרקאָוו, אָבער עס איז גאָר נישט באַוווּסט, ווען דאָס וועט געשען. די באַאַמטע האָבן נאָך דערצו מוסיף געווען גאָרנישט קיין פריילעכע דערקלערונגען: אַז אויב דער צוג וועט אַפילו אָנקומען, וועט ער אויך זיין איבערפולט. איז נישט געבליבן קיין אַנדערע זאַך, ווי גיין צום שניידער. פאַר דעם זענען זיי אָבער געגאַנגען צום באַן-וואָקזאַל נאָך דער וואַליזקע,

ווייל אָן איר איז אוממעגלעך געווען זיך איינצואָרדנען בּאַ דעם שניידער.

צום גליק איז נאָך געווען אָפן דער אמת, וואָס האָט אָנגע־נומען האַנט־פעקלעך צום איבערהאַלטן און דערזעלבּער „פּאַריען“, וואָס האָט אָנגענומען די וואַליזקע, איז געזעסן בּאַם אָפענעם פענסטערל. די בּאַריקאַס האָבּן אים געוויזן די קבלה מיט דער דרויטער חתימה און דעם נומער פון דער וואַליזקע, בּעטנדיק זי אַרויסצוגעבּן. אַ לאַנגע צייט איז ער אָבּער נישט צוריקגעקומען, זיי האָבּן געוואַרט געדולדיק, ווייל עס איז שוין געוואָרן נאַכט, און זיי האָבּן נאָך געוואָלט איינאָרדנען זיך אַ נאַכט־לעגער. לסוף איז יענער „פּאַריען“ אָנגעקומען אָבּער אָן דער וואַליזקע. ער האָט געמאַכט אַ פּנים פול מיט מיטלייד און דערקלערט, אַז אַזאַ וואַליזקע געפינט זיך נישט אין מאַגאַזין.

— ווי אַזוי קען עס דען נישט זיין, חבר ? — האָט אים בּעזאַרי אויפגעקלערט. — דו האָסטו דאָך אַ נומער, וועלכן דו האָסט אַליין אָנגעשריבּן, האָסט דאָך אַליין אויפגעקלעבּט דעמזעלבּן נומער אויפן „טשעמאָדאַן“. דו, חבר, האָסט דאָך אַליין גענומען פון מיינע הענט דעם „טשעמאָדאַן“. האָסט אים דאָך אַליין אַוועק־געטאָן אין לאַגער אַריין. אמת ?

— עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז כ׳האָבּ עס אַוועקגעטראָגן. כ׳טראָג אַוועק אַ סך פּעקלעך. גאַנץ מעגלעך, אַז כ׳האָבּ אָנגעשריבּן און צוגעקלעבּט אַ נומער. כ׳שרייבּ און כ׳קלעבּ צו אַ סך נומערן, אַזאַ איז שוין מיין בּאַשעפטיקונג. עך, חבר, אַזאַ איז שוין מיין בּאַשעפטיקונג. . . — האָט ער צוגעגעבּן מיט אַ זיפץ, פאַרזשמו־רענדיק די אויגן.

— טאָ גיי־זשע נאָכאַמאָל און זוך גוט נאָך !

— כ׳האָבּ געזוכט — ענטפערט אומגערן דער בּאַאַמטער. — אַלע ווינקעלעך דורכגעוואָרפן. נישטאָ ! כ׳זאָג דיר דעם אמת, חבר : ס׳איז נישטאָ !

— ווי אַזוי קען עס נישט זיין ! — האָט זיך אויפגעקאָכט דער אַלטער בּאַריקאַ. — די קבלה איז דאָ, געלט פאַרן איבּער־

האַלטן האָבן מיר באַצאָלט, אַלץ איז אין אָרדנונג, מוז דאָך אויך זיין דאָס פּעקל!

— כ׳וועל עס טון פאַר אייך און נאָכאַמאָל גיין. איך וועל זוכן... — האָט ער נעבעך אָפּגעזיפצט. ער איז אַוועק. ווידער לאַנג געזוכט. ער האָט זיך אָבער צוריקגעקערט מיט אַ טרויעריקן זיפץ:

— נישטאָ אייער וואַליזקע...

— ווי-זשע איז זי אַהינגעקומען? — האָבן זייביידע אויפגעקאָכטע געפרעגט.

— איך ווייס, ווו זי איז אַהינגעקומען? זי איז נישטאָ!

— אָבער פאַרשטיי דאָך, חבר — האָט צעזאַרי צו אים געטענהט. — די קבלה.

— וואָס קריכסטו מיר אין די אויגן אריין מיט דיין קבלה... — האָט יענער געענטפערט אַ ביסל אין כעס. — דיין קבלה זע איך און דעם „טשעמאָדאַן“ זע איך נישט. האָסט פאַרשטאַנען?

— ווו האָסטו אים אַהינגעטון? — קאָכט זיך צעזאַרי?

— ווייס איך, ווו ער האָט זיך געקענט אַהינטון? ער איז נישטאָ!

— מ׳האָט מיר צוגעגנבעט די וואַליזקע! — האָט סעווערין אויסגעשריגן אין אויפרעגונג.

— גנבים! — האָט צוגעגעבן צעזאַרי.

— גיב מיר אָפּ מיין אייגנטום! — האָט אויסגעשריגן דער עלטערער באַריקאַ, כאַפּנדיק דעם באַאַמטן פאַר דער האַנט.

יענער האָט פלעגמאַטיש אָפּגעשטויסן מיט זיין שטאַרקער האַנט באַריקאַס האַנט און נישט ווייניקער פלעגמאַטיש דערקלערט:

— סליש, טאָוואַרישטש! טי ניע שומי. באָלשע פּאָמאָל. טשיוואַי.*)„ און וואָס װעט זיין אויב דו וועסט אַריינפאַלן, צוליב

---

*) הער, חבר! רעדער נישט אַרום. שווייג בעסער!

די נאַרישער וואַליזקע אין דער טשערעזוויטשייקע אָנשטאָט אין דיין פוילן דאָרט...

סעווערין באַריקאַ האָט טרויעריק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ. ער האָט זיך טיף פאַרטראַכט. ער האָט טיף צפּגעזיפצט. זיי זענען שווייגנדיק אַוועק. שוין אונטער דער טיר פון וואָקזאַל האָט צע-זאָגט אַ ברום געטון:

— וועסט נישט האָבן קיין אַנטריפן צו דיין קאָפּ-ווייטיק. אַ, זאָל עס! וועסט נישט האָבן קיין אַספּירין. מיר האָבן נישט די וואַליזקע!

— כ'וועל דאָס אויך איבערהאַלטן. אָבער זאָג, זאָג, טשאַ-רוש... יענץ ביכל האָב איך „אָפּגעהיטן, ווי אַן אויג אין קאָפּ". ס'איז געווען מיט מיר אין פאַרשידענע לאַגעס, ווען דער טויט האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן. און איצט האָב איך עס אויף אַזאַ נאַרישן, אַזאַ שרעקלעך נאַרישן אופן נישט דערהיטן. ווי-זשע האָט מען געקענט פאַרטרויען! וואָס פאַר אַן אַלטער אייזל איך בין! כ'וויל דיר שוין נישט איבערלאָזן ס'ביכל...

— קינדערייען, טאַטע...

צעזאַרי האָט נאָך געוואָלט צוגעבן, אַז ער ווייסט דאָך, וואָס ס'איז געווען אין דעם ביכל, אָבער ער איז אַנטשוויגן גע-וואָרן, אַ קוקטועענדיק אויפן פאָטערס פּנים. זיי זענען געקראָכן דורך בלאָטעס און פרישע שנייען, גייענדיק צו זייער נאַכטלע-גער.

---

דאָס וואַרטן אויף אַ נייעם, רעפּאַטריאַציאָנס-צוג קיין פוילן האָט לײדער, געדויערט וואָכן. לאַנגע און שווערע וואָכן. זיי האָבן איצט געטראָגן שמוציקע העמדער, ווערנדיק אַזוי אַרום באַשטראָפט פאַר זייער גאווה צוליבן פאַרמאָגן העמדער צום איבערטון, און זיי האָבן שוין מער נישט געפּאָכעט פאַר אַנדערע נעזער מיט זיי-ערע נאָז-טיכלעך. דאָס טועם זיין פון בורזשואַזע אויסטראַכטענישן

האָט זיי טרויעריק געמאַכט דאַמאָלס, ווען עס האָבן זיי געפעלט דידאָזיקע אויסרעכטענישן. זיי האָבן שוין גאָרנישט געהאַט צו פאַרקויפן, ווען עס האָט זיך אויסגעשעפּט דאָס ביסל געלט, וואָס זיי האָבן געהאַט מיט זיך. זייער באַלעבאָס, דער שניידער, וואָס איז „געבוירן געוואָרן אין ווארשע", האָט קיין איין רגע נישט געוואָלט זיי האַלטן בא זיך, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מען האָט זיי צוגענומען דעם „טשעמאָדאַן". זיי האָבן אָנגענומען די גרעסטע אַרבעט, כּדי דורכצוהאַלטן אַזאַ שווערע צייט. זיי זענען כּסדר געשטאַנען אין דער ריי פאַרן פוילישן אַמט, וואַרטנדיק אויף אַ ידיעה וועגן אָנקומען פון צוג, פונקט, ווי די בעטלער. און מען האָט גאָרנישט געקענט אונטערנעמען — ס'ײדן צו גיין צופוס אויף מערב. דערצו האָט דער עלטערער נישט געהאַט קיין כּוח. פאַר אַ צוגאָב איז ער כּסדר אָנגעגריפן געוואָרן דורך זיינע חולאתן. מען האָט אים דאַמאָלס געמוזט אַוועקלייגן אין אַ לאַך אונטער די שטיגן, ווו מען האָט אים, דעם קראַנקן, דערלויבט צו רוען, אָבער נאָר באַטאָג. הונדערטער מענטשן זענען געשלאָפן אויף די שטיגן, אַבער סעווערינס קאָפּ, און דער יונגער האָט זיך געמוזט צוהערן דערצו מיט צונויפגעקוועטשטע ציין און פויסטן. ווען ער האָט זיך געווענדט אין פאַרשידענע באַלשעוויסטישע אַמטן און געפּרווט פאָדערן אַן אָרט פאַרן קראַנקן, האָט מען אים דאָרט אויפגענומען מיט אַ פון-אויבן אַראָפּיקן בליק, כאָטש ער האָט זיך באַרימט און רעקאָמענדירט מיט זיינע רעוואָלוציאָנערע אָנשויונגען און אפילו רעוואָלוציאָנערע טאַטן אין באַקו.

ער איז אָבער געווען אַ פוילישער רעפּאַטריאַנט.

מען האָט זיך שוין געקענט אויף אַזעלכע געאַרבעטע פּיקסן. ער האָט גאָרנישט נישט געקענט אויפטון. און די לאַנדסלייט האָבן זיך גישט געאיילט מיט הילף, ער אַליין האָט זיך ווידער נישט באַמיט בא זיי זי צו באַקומען.

אין דער צייט האָט ער זיך גייסטיק דערנענטערט צום פאָטער, אַזוי ווי אַמאָל צו דער מוטער. אַ טיפער צער און דאָס שטאַרקע אינערלעכע גאַגן פון אַ ווייטיקדיק רחמנות האָט זיך

באַ אים צונויפגעגאָסן און צונויפגעמישט מיטן פאַרלאַנג צו לעבן.

צעזאַרי האָט איצט געקוקט אויפן פאַרנעם פון דער רעוואָלוציע אין איר ערשטער בליונגס־תקופה. ער האָט זיך באַקענט מיט די פאַרשידענע: „רטוטשעקאַ" און „גוטשעקאַ", „גוביספאָלקאָם", „נאַראָבראַז", „נאַרקאָמפּראָס", „סאָוונאַרקאָם". ער האָט געטראָפן מאַטראָזן אָנגעטועטע אין זייערע פיר־קאַנטיקע קיילעכדיקע היטלען, פאַרברענטע און געלע, ווי פאַנען — זיי זענען ערגעץ־ווו געפלויגן אין אויטאָמאָבילן איבער דער שטאָט כאַרקאָוו. ס'האָט פון זיי געוויעט אַ מענטשלעכע גבורה, מענלעכע, אומצעברעכבאַרע. זיי האָבן געזונגען זייערע רעוואָלוציאָנערע לידער. די אויסגעהאָדעוועטע אינם געפייף פון ווינטן אויף די רעוואָלטירטע פאַנצערשיפן, אין יענער צייט ווען מ'האָט דיזעלבע אָפיצירן, וואָס האָבן אַמאָל געשלאָגן די מאַטראָזן איבער דיזעלבע קיילעכדיקע און פינפקאַנטיקע היטלעך, צוגעבונדן גרויסע, לענגלעכע האַרמאַטן־קוילן צו די פיס און מ'האָט זיי אָפּגעלאָזט אין דער טיפעניש, כדי זיי זאָלן דאָרט, אויף דער דעק פון שוואַרצן ים אַ ביסל זיך „דורכטאַנצן."

ער האָט באַזוכט די מיטינגען, וואָס זענען נישט געווען, ווי אין באַקו, באַזוכט דורך טאָטערן און אַרמענער, וועלכע האָבן געהאַט פסדרדיקע מחלוקותן צווישן זיך.

דאָ זענען די מיטינגען באַזוכט געוואָרן דורכן אַרבעטנדיקן רוסישן, קליין־רוסישן, רומענישן, יידישן, פוילישן פאָלק, אָדער וועלכן פאָלק איר ווילט, אָבער דורך איין אומטיילבאַר אַרבעטער־פאָלק. ער האָט דאָ געהערט ערשט־קלאַסיקע רעדנער, נישט וויכטיק פון וועלכער אָפּשטאַמונג, וואָס האָבן אומדערבאַרמדיק, לאָגיש, קלאָר און אומבאַזיגבאַר אַרויסגערוקט און פונאַנדערגעוויקלט זייערע רעוואָלוציאָנערע אַרגומענטן. באַזונדערס איז ער נתפעל געוואָרן פון די רעדנער, וואָס האָבן געשטאַמט פון יידן. זיי האָבן מיט דער פענאָמענאַלער הגלזעריי אַנטפּלעקט די גאונות פון זייער שטאַם, די פעיקייט אַריינצודרינגען אין די טיפסטע און פאַרבאָרגנסטע קעמערלעך, דערגרייכן ביזן דעק פון אַלע מענטשלעכע פּראָבלעמען — זיי האָבן אויפגע־

דעקט די שוואַכקייט, פאַרפוילטקייט און טויטקייט פון דער גוססדי־
קער בורזשואַזער וועלט און זיי האָבן געוואָרפן דעם אַרבעטנדיקן
פאָלק זייערע טרעפלעכסטע חקירות וועגן דעם תוך און כוח פון
דער איבערקערעניש, וואָס איז גראָד געשען.

בשעת צעזאַרי האָט זיך געפונען צווישן אַ המון צוהערער,
אין אַן אַרבעטער־מאַסע, וואָס האָט שווער און פריידיק אָפּגע־
אָטעמט נאָך יעדער ישועה־טראָגנדיקער אויספירונג פונם רעדנער,
ווייל ס'האָט אויסגעזען, ווי זיינע רויִקע באַטראַכטונגען וואָלטן
אַראָפּגענומען פון די ריזיקע קאָלעקטיווע פלייצעס די משא פון
ליידן, דעם מיִז, די קללה און אפילו דעם אומגליקלעכן גורל פון
קריכן אין יאָך — דאַמאָלס האָט אויך צעזאַרי אָפּגעאָטעמט אַזוי
ווי זיי.

אין אַזעלכע מאָמענטן האָט ער אַזוי שטאַרק זיך געוואָלט
שיידן מיטן פאָטער, אַרויסשיקן אים אין דער אומבאַוווסטער וועלט,
אין מיסטישן פוילן, און אַליין פאַרבלייבן דאָרט, צווישן די פאַר־
שטענדיקע און שטאַרקע! ער האָט דאַמאָלס אַזוי שטאַרק געגאַרט
צוצולייגן אַ האַנט צו דער אַרבעט פון רעאַליזירן דאָס ווערק, פון
צעברעכן ביזן גרונט די וועלט פון אַלטן פאַרברעכן! ער האָט
באַוווּנדערט און פאַרגעטערט די אויסערגעוויינטלעכע דערשיינונג פון
דער איבערקערעניש. וואָס האָט זיך באַוויזן פאַר די מענטשלעכע אויגן
אין דער מעכטיקסטער טאַט אין דער וועלט־געשיכטע, און וואָס איז
געשאַפן געוואָרן פון די לאָגישע פאָרמולן פון אַ געניאַלן געאָ־
מעטער, וואָס האָט גאָר אַנדערש, ווי אַלע ביז איצט, ווי די מעכ־
טיקסטע טיראַנען, צעטיילט און אָפּגעמאָסטן דעם ערדישן קרייז,
מיט זיין סיסטעם פון דרייעק־סיסטעם אויף אומגעזעענע.

אָבער ווען דער יונגער ענטוזיאַסט האָט זיך אומגעקערט
צום לאָך אונטער די שטיגן, האָט ער געפילט, אַז ער וועט זיך
קיין עצה נישט געבן. דערדאָזיקער פאָטער, דער ווייניק־באַקאַנ־
טער אָנגעקומענער מענטש, דאָס איז שוין נישט געווען דער פּאַ־
סיווער און בלויז פאָלנדיקער יש, ווי די מוטער. דאָס איז געווען
אַ טעטיקער קעגנער, דאָס איז געווען אַ קעמפער. פון זיינע וווּנדן,
וואָס האָבן צוגעפילט דעם קערפער, האָט נישט בלויז געטריפט

בלוט, נאָר עפּעס אַ ליכט, וואָס האָט ג שלאָגן אין די אויגן. ער האָט נישט נאָר געגלייבט אין עפּעס אַנדערש, נאָר אויך געהאַט דעם מוט איבערצופאָרמירן די וועלט.

דאָס, וואָס ער האָט גערעדט, איז געווען פאַרנעפּלט, אויסגעטראַכט דורך אַ צעבראָכענעם קאָפּ, אפילו לעכערלעך, אָבער דערמיט האָט מען באַדאַרפט קעמפן אויף שווערדן אפילו. צי איז דער פאָטער געווען אַ בורזשוי, אַן אָנהענגער פון די רייכע און אונטערלעקער פון רייכע? — ניין. צי איז ער געווען אַן אָנהענגער פון דער אַלטער געזעלשאַפטלעכער אָרדנונג? — ניין. איז ווי אַזוי-זשע — פאַרוואָס האָט ער נישט געוואָלט מיטאַרבעטן לטובת דער איבערקערעניש? ער האָט דאָך געקענט די מאכט, וואָס באַפרייט די אַלוועלטלעכע אַרבעטערשאַפט פון די אונטערדר קינגס-קייטן פון אינדוסטריעלער און עקספּלאָאַטאָרן.

ער איז געווען אויף פאַרשידענע מיטינגען אין מאָסקווע און געהערט די אינטערעסאַנטסטע רעפערענטן. און נישט נאָר דאָס: איך זיין וועג קיין באַקו האָט ער דורכגעוואַנדערט גאַנץ רוסלאַנד, דורכגעבויערט זי, ווי יענער קליינעקער שרץ, דער פינגערדיקער-פעלזנגריבלער, וואָס בויערט דורך אין זיין פאַרבאָרגעניש די מעכטיקסטע פעלזן. ער האָט נישט בלויז געקענט די אויסערלעכע אַגיטאַציאָנס-מיטינגען און די האַלב-אויסערלעכע אַמטן, וואָס זענען געשטאַנען אויפן אַלטן מיסט — ער האָט אויך געקענט די געהיימע קאַנצעלאַריעס פון די נייע דעספּאָטן, די שפּיאָנישע מלאכות און די עקלדיקע תפיסות, וווּ ער איז געזעסן, צוליב חשדים און אויפן סמך פון שפּיאָנישע מסירות, אין שכנות מיט יענע, וועלכע מען האָט שפּעטער אַרויס עבּרענגט אויף דער טעגלעכער שיין, נאָר כדי זיי צו פאַרניכטן.

ער האָט געקענט די קעלערס, וואָס זענען באַגאָסן און באַשמירט געווען מיט בלוט און געעיפּושט מיט מתים ער האָט געטענהט, אַז אָט דער דראָזיקער מתים-גערוך שטערט צום איינאָטעמען מיט פרייע און גליקלעכע לונגען די מאָסקווער לופט. אין דעם עיפּוש, נאָך די אין סוד-געהאַלטענע מאַסן-עקזעקוציעס, אין מיטן די בלוטיקע אָרגיעס איז אוממעגלעך געווע מתפלל צו זיין

געמיינזאַם: „פאַטער אונדזער, דו, וואָס ביסט אין הימל..."
אין מאָסקווע — זאָגט ער — עיפּושט פון רציחה. דאָרט האָט זיך אַלץ אָנגעהויבן מיט רציחה, און וועט זיך ענדיקן מיט גרויסע און גלאַנצנדיקע קאַריערעס פון די נייע רוסישע מושלים, וועלכע וועלן זיך באַזעצן אין די צאַרישע און יוסופּאָווישע פּאַלאַצן, אָנטון זיך אין ווייכע בגדים און וועלן באַשאַפן אַ נייע אַריסטאָקראַטיע פון „טשינאָווניקעס" און קאָמיסאַרן, אפילו אַ נייע פּלוטאָקראַטיע, וואָס וועט זיך קוויקן מיטן איבערפלוס און צעפוילטקייט פון דער אַלטער. דער המון וועט ווייטער וווינען אין די לעכער און אין די שטינקענדיקע שטיבן. דאָרט האָט זיך נישט אָנגעהויבן פון בויען, אָדער איבערמאַכן שלעכטע זאַכן אויף בעסערע, נאָר פון צעשטערן, נישט פון ליבע, נאָר פון גאווה און נקמה. בחינם וועלן די באַרימטע קאָמיסאַרן באַשמעקן דעם ריח פון די רציחות מיטן פּערפום פון פּראַגרעס.
ווען דער זון איז צוגעקומען צום לאַך אונטער די שטיגן, האָט סעוווערין באַריקאַ אויסגעצויגן צו אים זיינע ציטערנדיקע הענט און געפרעגט שטענדיק דאָסזעלבע:
— צי איז נישטאָ דער צוג?
דאָס איז נישט געווען עפּעס אַ טרוים, אָדער אפילו נישט קיין דראַנג אומצוקערן זיך צום היימלאַנד, — דאָס איז געווען אַ שגעון פון דער נשמה. פאָרן! — דאָס איז געווען דאָס איינציקע געשריי, וואָס דער מענטש האָט אַרויסגעגעבן. ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז אויב מ'וואָלט אים דערלויבט איינצושטייגן אין אַ צוג און פאָרן אין לאַנד אַריין, וואָלט אים תיכף אָפּגעפאַלן די היץ, פון וועלכער ער האָט געפיבערט אָדער געברענט, און ער וואָלט אָן שום ספק תיכף געזונט געוואָרן.
ווי־זשע האָט דער זון אים געקענט פאַרלאָזן? ווי־זשע האָט ער אים אַליין געקענט אַוועקשיקן אויף אַן אייביקער צעשיידונג?
ער האָט אים אַרומגענומען און זיי האָבן צוזאַמען געבענקט נאָך דער מינוט פון אָפּפאָר. און אָט איז אין זיין אָרגאַניזם געשאַפן געוואָרן עפּעס, ווי אַ נייער באַשאַף פון געפילן, וואָס האָ

פֿילסירט מיט ליידנשאַפֿטן, וואָס האָבן זיך איינע די אַנדערע סותר געווען.

צעזאַרי איז געווען דאָ און דאָרט, אין רוסלאַנד און אין פּוילן, מיטן פֿאָטער און קעגן אים. ער האָט זיך געריסן, געקעמפֿט פֿאַר זיך אַליין, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן.

---

אָבער נישט בלויז די פֿאַרשידענע שטאַנדפּונקטן וועגן געזעלשאַפֿטלעכע ענינים האָבן פֿונאַנדערגעטיילט (און גלייכצייטיק פֿאַרייניקט אויף אַ משונהדיקן אופֿן) דעם פֿאָטער מיטן זון. צעזאַרי האָט כּסדר גובֿר געווען אין גייסט דעם אַלטן מענטש, ער האָט זיך באַפֿרייט פֿון יענעמס גייסטיקער ממשלה איבער זיך, ער איז אַרויסגעוואַקסן פֿון אים און אָפּגעטיילט זיך פֿון דעם אַלטעטשקן שטאַם מיט דער שפּע פֿון זיין כּח. ס'האָבן אים נאָך אַלץ, ווי אין די קינדער-יאָרן, געפּייניקט די שטריק, וואָס האָבן געפּענטעט זיין ווילן. ער האָט געמוזט אומצייליקע מאָל זיך אונטערגעבן, ווייל ער איז געווען דער זון — און דער אַלטער פֿאָטער מעג באַפֿעלן, פֿאַרווערן, לסוף פּשוט האָבן קאַפּריזן צוליב דעם פּשוטן טעם, ווייל ער איז אַ פֿאָטער און פֿאַרמאָגט נישט-געשריבענע רעכט פֿון פֿאַרווערן די גערעכטסטע זאַכן און געפֿילן.

צעזאַרי האָט גאָרנישט נישט געטון אַזעלכעס, וואָס מ'זאָל קענען באַצייכענען אַלס אַ מאָראַלישן פֿאָטער-מאָרד, נאָר ער האָט זיך געשליידערט אין די שטריק.

אָפּטמאָל האָט אים געריסן אַן אינערלעכע ווילדע אויפֿרעגונג און ער האָט געקייט אין מויל האַרבע ווערטער. אָבער דאָס בלויזע קייען האַרבע ווערטער איז פֿאַר אים געווען אַ פּיין, ווייל עס האָט געזריפּט פֿון אים אַן אומבאַמערקלעכער, מונטער, אָבער שאַרפֿער און נישט-אָפּטרעטנדיקער צער. אָפּטמאָל האָט צעזאַרי אינערלעך באַדויערט, פֿאַרוואָס דער סודותפֿולער מענטש, וואָס איז געטריבן געוואָרן דורך אַ פֿלאַמענדיקער ליבע, האָט אים אָפּגע-

זוכט אין באַקו, דערגרייכט צו אים, אַריינגעכאַפּט אים אין דער נעץ פון געפילן און צוגענומען אים פון דאָרטן.

ער וואָלט דאָרט געבליבן אַ „באַרי־טשישקא", ער וואָלט געבליבן אַזאַ, ווי ער איז אין דער אמתן.

ער וואָלט זיך אַליין באַפוילן און געגאַנגען מיטן אַליין־געוויילטן וועג. ער וואָלט געענדיקט די קבֿרנישע אַרבעט, פאַרוואָרפן די לאָפּאַטע און געשטעלט זיך צווישן די שאַפנדיקע מענטשן. איצט איז ער געגאַנגען אויפן שטריקל פון זיין ליבע צום פאָטער, אין דער ריכטונג פון פוילן, וועלכע ער האָט נישט געקענט און נישט געבענקט צו איר.

דער פאָטער האָט אים אָנגעוואָרפן אַן אידעאַל, אַן אומפאַרשטענדלעכן און פאַרעמדן פאַר זיין נשמה, אַ נישט געבעטענעם און שווערן, אַ צעגאָסענעם און פאַרבלאָזן אידעאַל. און נישט אַזוי דער אידעאַל גופא, ווי דער מוז אים צו טאָלערירן, אָננעמען און הכנעהדיק טאָלערירן — דאָס איז פאַר אים געווען אומדערטרעגלעך.

און דערווייל האָט זיך דער עגאָיזם פון סעווערין באַריקאַ אין דער פראַגע פון אָנוואַרפן דעם אידעאַל, נישט נאָר נישט פאַרקלענערט, נאָר זיך כסדר פאַרגרעסערט. דער פאָטער האָט אים נישט אָנגעוואָרפן זיין בענקשאַפט און פאַרלאַנג צום פאָרן, ער האָט נאָר אַליין געשווינדערט און געיאָמערט, ווי ס'האָט אַמאָל געטון די מוטער. האָט מען אים דען געקענט נישט העלפן צום צוריקקער?

דערפאַר איז טאַקע צעזאַרי יעדן טאָג געשטאַנען פאַרן אמט, געפאָרשט די באַאַמטע און געזאַמלט ידיעות אין דער שטאָט.

לסוף האָט ער געפּאַקט די אויסגעחלומטע בשורה.

דער צוג דאַרף אָנקומען! דאָס איז געווען אַ ריזיקער עשעלאָן, וואָס האָט אַהיימגעפירט אַ סך פּאָליאַקן. לײדער האָט מען אָבער טעלעגראַפירט פון ווייטן, אַז עס איז שוין נישטאָ קיין ערטער און אַז זיי קענען קיינעם נישט מיטנעמען אויפן צוג. צעזאַרי האָט געקערט וועלטן, כדי זיך מיטן פאָטער צו פאַרזיכערן צוויי-

ערטער אין צוג און ער האָט געוואַרט טעג און נעכט. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אומבאַוווּסט געווען ווען דער צוג וועט אָנקומען. מען האָט פאָרויסגעזען, אַז ער וועט זיך אָפּשטעלן אין כאַרקאָוו אויף זייער אַ קורצער צייט, אפשר אויף אַ פּאָר מינוט, טאָקע כדי נישט צו דערלאָזן די וואַרטנדיקע אַרייַנצוּשטופּן זיך אין צוג.

דער וועג-פירער, וואָס האָט געפירט די רעעמיגראַנטן און איז שטרענג פאַראַנטוואָרטלעך געווען פאַרן איבערטרעטן די אינ-סטרוקציעס, האָט נאָך פריִער געגעבן צו וויסן, פון דער ווייטנס, אַז ער וועט קיינעם נישט מיטנעמען.

צעזאַרי האָט אָבער נישט פאַרלוירן די האָפענונג און געוואַכט אַליין, אָדער מיט דער הילף פון אַנדערע, וואָס האָבן, אין דעם ים פון אָנרחמנותדיקייט, רחמנות געהאַט אויף זיין פאָטער.

און אָט האָט מען אין אַ געוויסער נאַכט געגעבן צו וויסן; דער צוג! סעווערין און צעזאַרי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צום וואָקזאַל. דאָ האָט מען מכלומרשט גאָרנישט נישט געוווּסט, אַז דער צוג קומט אָן, נאָר אַ סעקרעטע ידיעה האָט געגעבן סימנים און מתרה-געווען מיט תנועות: — ער קומט אָן!

ביידע באַריקאַס האָבן זיך צוגעהערט. דער עלטערער איז געווען אַזוי דענערווירט, צערודערט און שוואַך, אַז ער האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. ס'האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער וועט צופאַלן צו דער ערד און וועט זיך צוהערן. און אָט האָט זיך ווייט, ווייט דערהערט אין מיטן דער נאַכט-שטילקייט אַ טויבע קלאַפּעריי, די אויסגעחלומטע בשורה. זיי זענען ביידע געשטאַנען אויף דער שוואַך-באַלויכטענער, שווער-געמיטיקער, פּוסטער באַן-סטאַציע, צו-הערנדיק זיך כּסדר.

די קלאַפּעריי האָט זיך דערנענטערט, געשטאַרקט, געוואַקסן. עס האָבן זיך צעפינקלט די ווייטע זיך באַוועגנדיקע פלעמלעך פון לאַמטערן. לסוף האָט זיך אַרייַנגעקאָליערט אויף דער סטאַציע דער טונקל-גרויער ריז, דער צוג, און שטיין געבליבן. דאָס איז געווען אַ שורה וואַגאָנען מיט פאַרפרוירענע פענסטער און טירן. אייז-שטי-קער האָבן אַראָפּגעהאָנגען ווי קאָלטענעס פון דער שורה באַוועג-

לעכע הײַלעך, װאָס זענען געװען פאַרקלאַפּט, נאַרוקט, פאַר־מאַכט.

צעזאַרי האָט זיך בחום געבראָכן די פינגער און אױסגע־דרײט די הענט, בשעת ער איז אונטערגעשפּרונגען און געפּרוּװט עפענען דאָס ערשטע, צװײטע, דריטע, פערטע און צענטע טירל. אַלע טירן זענען געװען פעסט פאַרמאַכט.

פון די לעצטע װאַגאָנען האָט זיך אַרױסגערוקט עפּעס אַ מענטש און גיך געאײַלט צום װאָקזאַל, זוכנדיק די באַאַמטע. די צװײ װאַנדערער האָבן, נישט פרעגנדיק װער ער איז, זיך געװאָרפן צו אים און באַשאָטן אים מיט בקשות װעגן אַרײַננעמען זײ אין צוג. ס׳האָט זיך אַרױסגעװיזן, אַז דאָס איז טאַקע דער װעג־פירער, אינזשיניער ביאַליניאַ. סעװערין האָט אים געקענט מיט יאָרן צו־ריק, אין די צײַטן װען ער איז נאָך געװען אַ באַאַמטער. ער האָט אָנגעהױבן אים צו דערמאַנען און געבעטן ער זאָל זיך מרחם זײַן, העלפן, מיטנעמען זײ. יענער האָט זיך דערמאָנט אָן באַריקאַן, — אַך, — ליבער הער סעװערין — סימבירסק — די אַלטע גוטע צײַטן! — אָבער ער האָט גאָרנישט געקענט אױפטון...

ער האָט נישט געקענט! פאַרן צונעמען אַ נײַעם פּאַסאַזשיר אין צוג אַרײַן איז ער פאַראַנטװאָרטלעך מיטן קאָפּ, בפירוש מיטן קאָפּ! דער צוג איז שױן איבערפולט, אָנגעפּאַקט. כמעט אױף יעדער סטאַנציע רעװידירט מען די פּאַפּירן פון די, װאָס זענען באַרעכ־טיקט צו פאָרן מיט דעם עשעלאָן. פאַרן דורכשמוגלען כאָטש אײן מענטש, דראָט די שװערסטע שטראָף, די שװערסטע שטראָף!

— כ׳קען נישט! מיט צער, מיט אױפריכטיקסטן צער, זאָג איך עס אײַך, טײַערער הער סעװערין... כ׳קען נישט! באַזונ־דערס, צװײ מענטשן! כ׳קען נישט! — האָט געקרעכצט דער װעג־פירער.

ער האָט געעצהט צו װאַרטן אױפן נאָענטסטן עשעלאָן, װאָס דאַרף אָנקומען דעם און דעם טאָג, אונטער אַזאַ און אַזאַ װעג־פירער. יענער װעט אפשר האָבן װײניקער מענטשן, אפשר װעט ער זײ קענען מיטנעמען. סעװערין באַריקאַ האָט זיך דערנידעריקט צו די נידעריקסטע בקשות. ער האָט געװאָיעט, באַשװוירן. געװאָרפ

זיך צו די הענט פון אינזשיניער ביאַליניאַ. ער האָט זיך צעווײנט מיטן שרעקלעכן געוויין פון אַ זקן... דאָס האָט אַלץ נישט געהאָלפן. נישט געקענט העלפן. בחנם האָט ער געבעטן און געווײנט. ביאַליניאַ האָט אים שעפּטשענדיק אַרײַנגערעדט אין אויער אַרײַן, אַז ס'איז דאָך לײַכטער זיי איבערצוואַרטן, אַ ביסל צוצוואַרטן אויף גאַנצסטן צוג, אײדער צו פאַרמשפּטן צום טויט אים, אַ לאַנדסמאַן, אַ גוטן באַקאַנטן, באַ! אַ פרײַנט צום טויט — צום טויט! — וואָלט מען אים פאַרמשפּט — א. א. וו.

צעזאַרי האָט נישט געהערט די אַלע טענות.

אויף אַ שאַרפן און גראָבן אופן האָט ער דערקלערט, אַז זײַן פאָטער קען שוין לענגער נישט וואַרטן — אַז זיי לעבן דאָ בעווּנד שוין וואָכן לאַנג און וואַרטן נאָר אויף דער מעגלעכקייט אַוועקצופאָרן — און בשעת עס איז שוין דאָ די מעגלעכקייט, הייסט מען וואַרטן! ווי אַזוי קען מען וואַרטן! און צו וואָס? אויף אַ נײַעם אָפּזאָג? פאַרוואָס קענען אַנדערע פאָרן, און זיי בשום אופן נישט? ביאַליניאַ האָט אָנגעהויבן צו באַווײַזן, אַז נישט נאָר זיי ביידע קענען נישט פאָרן, נאָר אַלע פון כאַרקאָוו. עס זענען געקומען הונדערטער און הונדערטער פּעטענטן, און ער האָט אָנטזאָגט, ווײַל...

אין מיטן דער צאַנקערײַ איז צו זיי פון הינטן צוגעגאַנגען עפּעס אַ מענטש, אויך אַ רײַזנדער, וואָס איז געפאָרן מיטן זעלבן צוג. ער האָט זיך שווײַגנדיק צוגעהערט צום געשפּרעך. און ווען ביאַליניאַ האָט, טאַקע צוליב צעזאַריס גראָבע אַרגומענטן, נאָך אַנטשלאָסענער, קאַטעגאָריש אָנטזאָגט — האָט יענער אָנגעכאַפּט סעווערינען באַ דער קורטקע און אים אַ שטופּ געטון אין דער ריכטונג פון די לעצטע וואַגאָנען. אַליין האָט ער זיך געווענדט צום אינזשיניער ביאַליניאַ:

— טויט? טויט פאָרן מיטנעמען די צוויי?

— טויט! — האָט אויסגעשריגן דער אינזשיניער.

— טויט — מעגלעך — אַלץ איז מעגלעך, אָבער מיר מוזן זיי מיטנעמען.

— איך נעם זיי נישט מיט! — האָט הויך געשריגן ביאַ־ליניאַ. — כ׳נעם נישט! כ׳נעם נישט!

— ווּעסטוּ זיי נישט מיטנעמען, נאָר איך. וועסט וואַרפן די גאַנ־צע שולד אויף מיר. אויב ס׳וועט זיך אַנטדעקן, וועסטוּ וואַרפן די גאַנצע שולד אויף מיר. דו ווייסט נישט וועגן גאָרנישט, הערסט צום ערשטן מאָל — „זנאַט ניע זנאַיו, וויעדאַט ניע וויעדאַיו“*) — איך האָב זיי מיטגענומען בסוד פאַר דיר. איך בין פאַר זיי פאַר־אַנטוואָרטלעך מיטן קאָפּ: דערליידיקט.

ביאַליניאַ האָט זיך אויפגעקאָכט, געטופּעט מיט די פיס, געפּישטשעט, שיטנדיק מיט אייזן־שטאַרקע אַרגומענטן, אָבער יע־נער, דער צווייטער — אַ דאַרער, הויכער, צוגעהויקערטער — האָט געטריבן פאַר זיךביידע באַריקאַס. ער האָט זיי געהייסן דורכקריכן אונטער די וואַגאָנען אויף דער צווייטער זייט און איז אַליין דורכגעקראָכן אויף אַלע פיר. שפּעטער זענען אַלע דריי גע־לאָפן מיטן לעצטן אָטעם ביזן סוף פון דער ריזיקער ריי שווייגנ־דיקע וואַגאָנען. באַם לעצטן וואַגאָן האָט זיך דער שוואַרצער אַרויפגעכאַפּט אויף אַ טרעפּל, וואָס איז הויך געהאַנגען איבער דער ערד, מיט גרויס מי האָט ער אָפּגעריגלט דעם שלאָס און געעפנט די שווערע פאַרפּאַסטע שאַרף־גרילצנדיקע טירן. ער האָט זיי ביידע צוגערופן און אומגעדולדיק באַפוילן:

— שטופּט זיך אין סאַמע אונטן, אונטן. אונטער די טו־לופּעס! ליגט שטיל, אַז מען זאָל נישט הערן אייער אָטעם! ווייטער!

דער פאָטער מיטן זון האָבן זיך קעגנזייטיק געהאָלפן אַרונ־טערשטופּן אונטער די עיפּושדיקע פוטערס, און דער שוואַרצער האָט צוזאַמענגערוקט די טיר, זי פאַרריגלט און איז אַראָפּגע־שפּרונגען. באַלד דערנאָך האָט זיך דערהערט צוג אַ געוואַלטיקן ריס־געטון. די בופאָרן האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן, און די רעדער,

*) כ׳האָב נישט געזען און נישט געהערט.

גרילצנדיק, זיך צו דרייען אויף די רעלסן. סעווערין באַריקאַ האָט צוגעדריקט צום האַרצן דעם זונס האַנט:

— מיר פאָרן! — האָט ער אויסגעשטאַמלט.

— מיר פאָרן...

---

דער הויכער, שוואַרצער פאַרשוין האָט נישט פאַרגעסן וועגן די צוויי מענטשן, וואָס זענען פון זיין גנאָד פאַרשלאָסן געווען אין אַ פראַכט-וואַגאָן מיט פוטערס. באַלד אויף דער ערשטער סטאַציע, ווו מען האָט זיך פאַרהאַלטן אויף אַ קורצער צייט, האָט ער זיי אַריינגעטראָגן אַ טשייניק מיט הייס וואַסער, אַ ביסל צוקער, איינגעוויקלט אין צייטונגס-פאַפיר, אַ שטיק ברויט און, חוץ דעם, אַ טעפל מיט צעקאָכטער קאַשע. זיי האָבן אָפּגעגעסן שווייגנדיק, און דער אַלטער באַריקאַ איז שטאַרק גערירט געוואָרן. ער האָט מיסטיש גערעדט וועגן עפּעס אַ האַנט, וואָס ברענגט זיי צו הילף דעמדאָזיקן הויכן און דאַרן לאַנדסמאַן. און באמת — ווי עס זאָל נישט זיין — דער שוואַרצער האָט זיך אַלעמאָל באַוויזן מיט אַ טשייניק און טעפל, אין וועלכן עס איז שטענדיק געווען עפּעס טועם צו זיין. ער האָט זיי שעפטשענדיק געעצהט, אַז זיי זאָלן זיך גוט באַהאַלטן, ווייל די רעוויזיע קען פּלוצלינג אַהערקומען. טיילמאָל אינמיטן פעלד, צווישן שנייען, שטעלט זיך דער צוג אָפּ און עס הייבט זיך אָן דער רעוויזיע-טאַנץ. זיי קוקן דורך די פאַפירן און זאַכן, און די כלערליי חפצים, פינגערלעך, חתונה-רינגלעך, נישט-רעדנדיק שוין וועגן זייגערלעך, ווערן תיכף קאָנפיסקירט. מיקוקט אויך קרום אויף רייז און אפילו גערשטענע קאַשע.

דער פאַטער מיטן זון האָבן זיך איינגעגראָבן אין די פוטערס, בפרט, אַז עס איז געווען אַ פעסטער פראָסט. צעזאַרי איז איצט אָפּגעשלאָפן די כאַרקאָווער וואָך-צייט, סעווערינען האָט שלעכט געדינט דער ריח פון די קאָזע-פעלן. דער קראַנקער האָט

נישט געקענט איינהאַלטן זיין שרעקלעכן דורשט. יוזס האָט זיי דרך־אגב, געקענט אויסגעבן. דערפאַר האָט ער אַריינגעקוועטשט זיין קאָפּ אין די פּיטערס, בשעת זיי זענען געקומען צו אַ סטאַציע, אָדער בײַ אַ צופעליקן אָפּשטעלן זיך פון צוג, אָדער בײַם פאַראויסזען אַ רעוויזיע, און ממש זיך געשטיקט, נאָר כּדי נישט צו הוסטן. ער איז אַרויסגעפאָרן פון קראַקאָוו מיט היץ, און דערפאַר איז ער אַלץ מער קראַנק געוואָרן אין דעם פאַרמאַכטן וואַגאָן, אָן אַ בורעקל פרישער לופט, אין דעם אומדערטרעגלעכן ריח פון די שלעכט־אויסגעאַרבעטע פעל.

ווי צולהכעיס, איז דער צוג כּסדר געבליבן שטיין, און געשטאַנען אויפן אָרט, כּדי דורכצופירן אין דעם לאָקאָמאָטיוו די שוין באַקאַנטע רעפּעראַציעס.

צעזאַרי איז געווען פאַרצווייפלט, ווייל בײַ אַזאַ לאַגע האָט ער זיך גאָרנישט געקענט העלפן. וויפיל מאָל האָט זיך באַוויזן זייער פלייסיקער און סודותפולער סאַמאַריטאַנער מיטן טשייניק און טעפּל, וויפיל מאָל ער האָט אים געוואָלט בעטן אַן עצה פון הילף, האָט יענער געלייגט דעם פינגער אויפן מויל, שרעקעוודיק זיך צוגעהערט און געעצהט צו זיין שטיל, געדולדיק און פאַרזיכטיק.

אַ געוויסן טאָג איז ער געקומען מיט נאָך איינעם אַן אַלטן מאַן. זיי האָבן ביידע אַרויפגעקלעטערט אין וואַגאָן אַריין. דער אַלטער האָט זיך צוגעזעצט, אָדע בעסער געזאָגט — צוגעלייגט זיך צו סעווערינען, פונאַנדערגעקנעפּלט זיינע בגדים און מיט אַ טרובקע אונטערגעזוכט זיינע לונגען. באַלד האָט ער אָבער איבערגעריסן די אינטערזוכונג און באַהאַלטן אין קעשענע אַריין די טרובקע. די אויגן פון ביידע סאַמאַריטאַנער זענען טרויעריק געווען. צעזאַריס האַרץ איז פאַרציטערט געוואָרן פון מורא און שרעקלעכן, אָנמעכטיקן ווייטיק.

וואָס דאַרף ער טון? ווי אַזוי העלפט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען?

דאַרף ער אַראָפּגיין פון וואַגאָן און גיין, טראָגנדיק דעם געליבטן אויף די אָרעמס? ער האָט זיך געפרעגט יענע ביידע,

באמת נאָנטע מענטשן, אָבער זיי האָבן אים גאָרנישט געקענט העלפן. דער שוואַרצער איז נאָכן אַוועקגיין פון דאָקטאָר געקומען נאָכאַמאָל צו לויפן און מיטגעבראַכט עפּעס אַ ביטער געטראַנק אין אַ גלעזעלע. ער האָט געדריקט אין זייע אָרעמס דעם יונגנמאַן, וואָס איז צעמעכטיק געווען אין זיין פּיין.

ווען די טיר האָט זיך צוגעמאַכט און זיי זענען געבליבן אַליין, האָט צעזאַרי אַרומגענומען זיין פאָטער, צוגעלייגט זיך, צוגעטוליעט און געחלומט, אַז אַזוי רום וועט ער איבערגיסן זיין פולסירנדיק בלוט אין זיין פאָטערס טרוקענע אָדערן און וועט אַרויסטרייבן פון אים דאָס סודותפולע חולאת.

סעווערין איז געווען צעגליט. זיין קאָפּ האָט זיך געוואָרפן איבער די קאָלטענעס פון דער פעל. ער האָט יאָמערנדיק געשעפטשעט:

— לאָמיר דאָ נישט בלייבן! לאָמיר פאָרן! שלעפּ מיך נישט אַרויס פונדאַנען! מיר וועלן דערפאָרן! שוין נישט לאַנג! שוין נענטער, ווי ווייטער!

ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און פלוצלינג זיך אויפגעוועקט מיט עפּעס אַ געשריי, וואָס דער זון האָט איינגעשטילט מיט זיינע קושן. ער האָט אים אַריינגערעדט אין די פלאַמענדיקע ליפּ טויזנטער נחמות און האָפנונגס־השבעות. אין אַ געוויסער רגע האָט זיך סעווערין אויפגעהויבן אויפן געלעגער, ווי ס'וואַלטן אים פלוצלינג כוחות צוגעקומען. ער האָט צעזאַרין אַרומגענומען בײַם האַלדז און אים אויך אַזוי גערעדט אין גויל אַריין:

— געדענקסט? אַזוי האָבן מיר זיך געלערנט די פראַנצויזישע געדיכטן! געדענקסט, טשאַרוש? ווען איך זאָל נישט אויסהאַלטן... ווען איך זאָל דאָ דאַרפן פאַרבלייבן... דו זאָלסט דאָ נישט פאַרבלייבן! זאָלסט נישט פאַרבלייבן! פאָר אַליין! וועסט אַליין זען... וועסט זיך איבערצייגן... איך האָב אויך גאָרנישט נישט געזען, גאָרנישט נישט פאַרשטאַנען. ערשט ווען איך בין דורכגעגאַנגען מיט די לעגיאָנען דאָס גאַנצע לאַנד, ערשט דאַמאָלס האָב איך אַלץ פאַרשטאַנען... איך האָב אַזוי גאָרנישט

נישט פֿאַרשטאַנען, ווי דו איצט. און זע, וואָס עס געשעט מיט מיר. אַזאַ שרעקלעכער גורל...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ לאַנגע ווײַלע און ווידער גערעדט:

— אין וואַרשע גיי צו אַ מענטש, וואָס הייסט שימאָן גאַיאַ־וויעץ, ער איז דאָרט אַ באַוווּסטער מענטש. מען וועט דיר שוין אָנווײַזן, וועסט אים דערציילן וועגן אונדז, ער איז געווען דער מאַמעס און מײַנער אַ פֿרײַנט. ער וועט זיך מיט דיר פֿאַראינטערעסירן, ער וועט דיר שוין אַלץ זאָגן. ער הייסט — שימאָן גאַיאַוויעץ...

ער איז אומגעפֿאַלן אויפֿן געלעגער און אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אָבער זײַן שלאָף איז געווען אַן אומרויִקער, פֿול מיט יאָמער און שלוכצן. צעזאַרי, וועלכער איז געזעסן בײַם גוססדיקן פֿאָטער און האָט אים גאָרנישט געקענט העלפֿן, האָט דורכגעלעבט, ווי זײַן אייגענעם טויט. דער צוג האָט זיך געטראָגן אין ווײַטן, ווי אינם לאַנד פֿון טויט. דער אומגליקלעכער האָט אַרונטערגערוקט זײַן האַנט אונטערן פֿאָטערס קאָפּ, וועלנדיק אַזוי אַרום פֿאַרלײַכטערן זײַנע לײַדן. אויסגעמאַטערט פֿון די נשמה־לײַדן, האָט ער זיך פֿאַרגעסן און אַ ביסל אײַנגעשלאָפֿן. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער האָט אפֿילו נישט צוגעמאַכט די אויגן. אָבער גענוג לאַנג האָט געדויערט זײַן שלאָף. נאָכן דערוואַכן האָט ער שוין נישט געהערט אין זײַן פֿאָטערס ברוסט קיין כאָרכלערײַ, פֿײַפֿערײַ און קרעכצן. ווען זײַן אויער איז צוגעפֿאַלן צו דער ערשט כאָרכלענדיקער ברוסט, האָט ער שוין נישט געהערט אפֿילו קיין האַרץ־קלאַפּן, קיין אָטעם.

לאַנג איז געלעגן זײַן אָנמעכטיקער קאָפּ איבער אַ שרעקלעכן מדבר, וואָס האָט זיך געעפֿנט פֿאַר אים.

ס'האָט לאַנג געדויערט די מוראדיקע איבעראַשונג, אַז דאָס מויל, וואָס האָט ערשט נאָר וואָס גערעדט, איז געוואָרן אַ צו אַלעם גלײַכגילטיקער שטיין, אַ גלײַכגילטיקער ביזן סוף פֿון דער וועלט.

צעזאַרי האָט גאָרנישט געוווּסט, ווי לאַנג ער איז געפֿאָרן

דורך די שניי-באַדעקטע פעלדער און אייז-געשמידטע וואַסערן דורך וועלדער און וויסטעניש, פוסטע און שטומע, ווי זיין פּאָטערס ברוסט. ער האָט נישט געקענט אַרויסציִען זיין האַנט פון אונטער דעם באַוועגונגסלאָזן קאָפּ, אַזוי, ווי די האַנט וואָלט אײַנגעשמידט געוואָרן אין אייז און פאַרפרוירן געוואָרן מיט דער מאַכט פון פראָסט. ער האָט אויך געוואָלט אַנטשלאָפן ווערן, כּדי זיך נישט צו שיידן מיט דעמדאָזיקן עולה-רגלניק, וואָס האָט זיך גענומען אָפּזאָגן פון זיין וויטן ציל. ער האָט נישט געקענט וויינען, נישט קרעכצן, נישט וואָיען, נישט הימלרייסנדיק שרייען, כאָטש ער האָט אין זיך געהאַט געוויין, געשריי און ווילדן וואָיען.

נאָך אַ לאַנגער אָדער קורצער ווייטיק-פאַרגליווערונג האָט ער דערהערט, אַז די טיר עפנט זיך גרילצנדיק און אַז עס בלאָזט אַריין זייער אַ קאַלטער ווינט. דאָס איז ווידער געקומען דער שוואַרצער מיט שפּייז.

ער האָט זיך אָנגעבויגן איבער סעווערינען און געהאַלטן אַ געוויסע צייט די האַנט בײַ יענעמס האַרץ. ער האָט אויפגעהויבן צעזאַרין און גראָב אויסגעשריגן, ער זאָל אַרויסגיין פון דער נאָרע. דער יונגער איז גיך אַרויסגעגאַנגען. אַ קעלט האָט אים אַרומגענומען. יענער האָט אים אַרויפגעוואָרפן אויף די פּלייצעס דאָס ערשטע בעסטע פוטער פון ברעג, פאַרמאַכט די טיר און געהייסן גיין מיט זיך. זיי זענען אַריין אין וואַגאָן-אָפּטיילונג, וואָס איז אַזוי געווען איבערפולט מיט מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, אַז די לופט איז דאָרט געווען נישט בעסער, ווי אין דעם וואַגאָן מיט דער פעל. דער נאָמענלאָזער פריינט האָט עפּעס היציק און ליידנשאַפטלעך אַרויסגעשעפטשעט צו די מענטשן. זיי האָבן זיך פונאַנדערגערוקט, אָפּגעטרעטן, און צעזאַרי האָט באַקומען אַ פּלאַץ אויף אַ באַנק. פון דעם פאַרפרוירענעם פענסטער האָט אַראָפּגעטריפט אַ שנירל וואַסער. דער ווינט האָט געבלאָזן. אַ סך אויגן האָבן נײַגעריק געקוקט אויף יונגן שכן. ער האָט זיך אַ סך ערגער, ווי אין זיין פריערדיקער אײַנזאַמקייט, געפילט דאָ, אין דעם המון פון פאַראַרימטע, אויסגעמוטשעטע פון שלאָפלאָזיקייט און הונגער, צווישן די צעשויבערטע פרויען, שמוציקע קינדער און

מענער מיט פאַרכמאַרעטע פנימער. ער האָט געוואָלט אַרויסגיין. מיט די אויגן האָט ער געבעטן דעם „שוואַרצן“, ער זאָל אים לאָזן גיין צום פאָטער. אָבער יענער, וואָס האָט זיך כסדר אַרומגעדרייט צווישן די מענטשן, האָט נישט דערלויבט. ער האָט געהייסן וואַרטן. האָט צעזאַרי געוואַרט. דער צוג האָט זיך געטרייסלט, עס האָט זיך געהערט אַ כסדרדיקער געקלאַפעריי פון רעדער אָן די רעלסן, ער האָט זיך איבערגעבויגן און אַ ריס געטון צום גיכערן לויף.

דעמזעלבן טאָג פאַרנאַכט איז ער געבליבן שטיין אויף אַ לענגערער צייט.

דורך די וואַגאָנען איז דורכגעגאַנגען אַ נייע רעוויזיע. די סאָלדאַטן האָבן דורכגעוואָרפן אַלע פעקלעך, דורכגעקוקט די טעפלעך און שיסלען מיט שפייז. מיט שרעק האָט זיך געטראָגן די ידיעה וועגן זייער שטרענגקייט. ווען זיי האָבן באַדאַרפט אַריינקומען אין דער אָפטיילונג, ווו צעזאַרי איז געזעסן, האָט מען אים אַריינגעפירט אין אַ שכנותדיקער אָפטיילונג און אים פון דאָרט אַרויסגעפירט אויף טרעפ אין דעם דינסט-ביידל, ווו אַ באַן-אַרבעטער האָט אים אַריינגעשטופט הינטער זיך און באַדעקט מיט זיין ריזיקן פעלץ. נאָך אַ געוויסער צייט, האָט צעזאַרי, אויפן רוף פון זיינע שכנים אין דער פריערדיקער אָפטיילונג, געמוזט אַראָפגיין און פאַרנעמען זיין אָרט.

ווען דער צוג האָט זיך אָפגעשטעלט און שוין געשטאַנען אַ לענגערע צייט, ווייזט אויס, ס'האָט באַדאַרפט געמאַכט ווערן אַ גרויס „רעמאָנטל“ — האָט דער נאָמענלאָזער פריינט אַרויסגערופן צעזאַרין אויפן הויף. צוויי פרעמדע מענטשן זענען געשטאַנען באַם עק פון צוג. דער יתום איז צוגעגאַנגען צו זיי און דערזען, ווי זיי ציִען אַרויס פון וואַגאָן זיין פאָטערס טויטן גוף. זיי האָבן אים איינגעוויקלט אין אַ ליילעך. און איידער זיי האָבן אים איינגעוויקלט, האָבן זיי דערלויבט צעזאַרין צוצומאַכן דעם פאָטערס אויסגעלאָשענע אויגן, צודריקן זיין מויל צום פאָטערס קאַלטן מויל און הענט. שפעטער האָבן זיי אַוועקגעלייגט דעם גוף אויף אַ מיטה און געוואָלט אים ערגעץ אַוועקטראָגן. צעזאַרי האָט אויפגעהויבן אַ

פּאָר בעטנדיקע אויגן אויף דעם שוואַרצן פּריינט, ער זאָל אים דערלויבן מיטצוגיין מיטן פּאָטער. דאַמאָלס האָט ער דערזען, אַז דער שוואַרצער טראָגט אַ ווייס העמד אונטער דעם פונאַנדערגע־קנעפּלטן מאַנטל. ער האָט, ווי דורכן שלאָף, געהערט די לאַטייניש ווערטער: „Dies illa, Dies irse...*)"

מיט אַנטוישונג, מיט עקל האָט ער געטראַכט, אַז דער „שוואַרצער" איז אַ גלח. יענער האָט איבער געצלמט דעם מת און אַ רגעלע מתפּלל געווען, אַן איינגעבויגענער איבער אים. שפּעטער האָט ער געגעבן אַ צייכן די טרעגער. צו צעזאַרין האָט ער זיך געווענדט מיט אַ שאַרפער פראַגע:

— בלייבסט דאָ?

— וווהין טראָגט מען מיין טאַטן?

דער גלח האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפן שטעטל, וואָס האָט זיך נאָך אַרויסגעוויזן פון דעם בין־השמשות און שפּיציקן קירכע־טורם אין דער ווייטנס. ער האָט שטיל געזאָגט:

— בא דער דאָזיקער קירכע וועט ער זיך ליגן. ס'וועט אים דאָך בעסער זיין דאָרט, איידער דאָ אין ראָוו.

— כ'וועל גיין מיט זיי!

— בלייבסטו אַלזאָ דאָ?

צעזאַרי האָט צונויפגעבראָכן די הענט. ער האָט נישט געוווסט, צי ער בלייבט דאָ.

— דער צוג גייט באַלד אַוועק, בלייבסט דאָ?

— כ'וועל גיין מיט זיי!

אָבער יענער האָט אים אַרומגענומען מיט אַ האַרטן אָרעם און צוגעשלעפּט צום צוג. ער האָט דאָרט צו אים עפּעס גערעדט.

צעזאַרי, וואָס איז געווען אַרומגענומען פון פאַרצווייפלונג, האָט אים נישט פאַרשטאַנען. ער האָט זיך נאָך אַ מאָל אומגעקוקט און דערזען אין דער אָנקומענדיקער פינסטערניש צוויי מענטשן,

---

*) קאַטוילישע ליטורגיע פאָרמול: „גאָטס געגאָד און גאָטס כעס".

וואָס האָבן געשלעפּט אַ מענטשלעכן גוף אויף אַ מיטה. אין אַ רגע אַרום איז ער אויפסניי געפאָרן.

---

לאַנג האָט זיך געשלעפּט דער צוג, אָנגעשטאָפּט מיט מענטשן, כאָטש יעדעס מאָל איז עמעצער פון די רייזנדע פאַרבליבן אויף די אָנגעטראָפענע בית־הקברותן פון די פאַרשידענע שטעטלעך. וואָס נענטער צו דער פוילישער גרענעץ, אַלץ אָפטערע און שטרענגערע רעוויזיעס. ענדלעך האָט זיך צווישן די רייזנדע פונאַנדערגעטראָגן אַ פרייליכע בשורה: די גרענעץ! אָבער איידער די מענטשן, וואָס זענען אַזוי פיל אויסגעמאַטערט און אויסגעפּייניקט געוואָרן אין די וואַגאָנען, האָבן דערזען די דורך אַזוי פיל וואָכן אויסגעחלומטע גרענעץ־ביידלעך, האָט מען זיי נאָך גענוג אויסגעפּייניקט. דער צוג איז געשטאַנען אין מיטן פעלד. די טירן פון די וואַגאָנען זענען פאַרמאַכט געווען. מען האָט געוואַרט אין דער בּ וועגלעכער תפיסה אויף רחמנות פון די אומדערבאַרמדיקע מושלים. צעזאַרי האָט באַמערקט אַן אינטערעסאַנטע דערשיינונג, אַז די אַלע שכנים זיינע פון די נאָנטסטע בענק, נישט חלילה קיין פאַבריקאַנטן, פינאַנסיסטן, מאַגנאַטן, נאָר די פשוטסטע און גוטהאַרציקע עסער פון ברויט און הירזש, אויף וועלכער זיי האָבן פאַרדינט מיט די אייגענע הענט — די אַלע קליינע פאַרדינער און אָרעמע קאַריערע־זוכער, באַאַמטע און אָנגעשטעלטע — אַז זיי אַלע זענען געווען אַזוי ווי אויסער יעדער רעכט דווקא דאָרט, אין דעם לאַנד, וווּ ער האָט זיך אַזוי פיל אָנגעהערט וועגן די רעכט פון אונטערדריקטן און פון יעדער רעכט באַרויבטן מענטש. אין אַ ווילדן שגעון האָט אים אַריינגעבערענגט די טיראַניע פון די פשוטסטע גאַסן־יונגען און פאַרקריפּטע נשמות, וואָס האָבן — נישט צו וויסן פאַרוואָס און צוליב וואָס — געפּייניקט די צוריקפאָרנדיקע קיין פוילן, מיט אַ סאַטיספאַקציע, מיט אַן אומגעזעטיקטער הנאה, מיט אַ קענטיקן אויסגוס פון נאַציאָנאַליסטישער נקמה, מען האָט גע-

קענט פֿערשטיין דעם כּעס אויף לאַנדסלייט, בורזשויען, וואָס זענען דורך באַקו אַנטלאָפֿן פֿון רוסלאַנד אין דער ברייטער וועלט אַריין, אָבער די גראָבע און גרויזאַמע געוואַלט קעגן געסט, פֿאַרבייגייענדיקע וואַנדערער, וואָס האָבן זיך גראָד אומגעקערט צו זיך — דאָס האָט אים געמאַכט שטויגן און אָנגעפֿילט מיט כּעס.

ער האָט געקוקט אויף די פּנימער פֿון די קאָמאַנדירנדיקע אָפֿיצירלעך, אויף די רעווידענטן און זעלנעראַקעס, וואָס האָבן געהאַלטן שמירה בײַ די טירן, און צום ערשטן מאָל אין זײַן לעבן האָט ער דערזען — נישט נאָר מיט זײַנע אויגן, נאָר מיט דער פֿילנדיקער נשמה — די טיראַניע, וועגן וועלכער דער פֿאָטער האָט מיט אים אַזוי פֿיל מאָל גערעדט.

אָבער נאָך אַ סך לײַדן, נאָך דער עקלדיקסטער מורא, בעיקר ווײַבערישער, — אַז מען וועט נישט אַרויסלאָזן, אַז מען וועט באַפֿעלן זיך צוריקצוציִען, אַז מען וועט שליסן די וואַגאָנען, דער צוג וועט זיך אומקערן און צוריקפֿירן אַלע מענטשן קיין כאַרקאָוו — נאָך אַ סך רכילות און אמתע מעשׂהלעך, וואָס זענען געבוירן געוואָרן פֿון שרעק און דורך נאַרישקייט אויסגעבלאָזן געוואָרן צו אויסערגעוויינטלעכע גרויסן — נאָך דעם אַלעם האָט מען געעפֿנט די טירן פֿון די וואַגאָנען. מענטשן האָבן צונויפֿגעשאַרט דאָס ביסל פּעקלעך, וואָס זיי האָבן נאָך געהאַט מיט זיך, גענומען אויף די הענט די קליינע קינדער, מיטגעשלעפּט מיט זיך די אַלטע און קראַנקע. זיי זענען געלאָפֿן מיט אַ רעש און כליפּען, שטופּנדיק זיך כּסדר, ווײַלנדיק איינער פֿריִער קומען פֿון די אַנדערע, געלאָפֿן מיט אַ בלאָטיקן וועג צו די הײַזער, וואָס האָבן זיך געזען אין דער נאָענט, לויפֿנדיק אַלץ שנעלער, ווי עמעצער וואָלט זיי געטריבן, מיט תּפֿילות, געוויין און געלעכטער צונויפֿגעגאָסענע אין איינס, זענען זיי צוגעשפּרונגען צו די שטאַכעטן, הינטער וועלכע עס זענען געשטאַנען עטלעכע סאָלדאַטן אין גרזיע, אויסגעריבענע פֿיר-קאַנטיקע היטלעך. אַלטע און שוואַכע פֿרויען האָבן זיך אָנגעכאַפּט מיט ציטערנדיקע פֿינגער בײַ די שטאַכעטן, פֿון וועג אויסגעמאַטערטע מענער האָבן געקושט די סלופּעס אין פּאַרקאַן. אַלע

האָבן זיך געשטופּט און געשלאָגן, מאַכנדיק פאַר זיך און פאַר די אייגענע אַ דורכגאַנג אין המון, וואָס האָט זיך געריודערט, ווי אַ מענגע זיך-טרינקנדיקע מענטשן, וואָס דערגרייכן צום ברעג.

דאָס טויער איז געווען אָפן און דאָרט האָט מען לויט צאַ א ריי אַרויסגעלאָזט.

לסוף איז אויך געקומען צעזאַריס ריי.

ער האָט נישט געהאַט קיין שום פּאַפּירן, ווייל אַלע דאָקומענטן זענען אים צוגעגנבעט געמאָרן מיט דער וואַליזקע. ער איז געגאַנגען, נישט קוקנדיק אויף גאָרנישט נישט. ער איז אפשר געווען דער איינציקער אין דעם המון, וואָס האָט קיינעם נישט באַגריסט, נאָר אַלץ געזעגנט און געלאָזט הינטער זיך. אין דער לעצטער רגע, בשעת ער האָט שוין באַדאַרפט אַריבערגיין דאָס טויער, האָט אים דער אינזשיניער ביאַליניאַ אַריינגעשטופּט אין האַנט אַריין עפּעס אַ לעגיטימאַציע, דער אָפיציר האָט גענומען דעם דאָקומענט בײַ אים, אַרומגעקוקט און צוגעקלאַפּט אַ חתימה. דער אָנגעקומענער איז אַדורך דאָס טויער. ער איז אַריין אין פּוילן, אין לאַנד פון זיינע עלטערן. דער המון פון מענטשן איז פאַרבייגעגאַנגען די סטאַציע-געביידעס און אַוועק אין דער ריכטונג פון שטעטל, וועמענס הילצערנע און געמויערטע הייזלעך מען האָט שוין געזען פון דער נאָנט.

צעזאַרי איז אויך געגאַנגען אין דער שטאָט.

נאָך דער מאַטערניש, שטיקעניש און מאַנגל אין לופט דאָרט, אין די וואַגאָנען, האָט ער איצט ברייט רחבותדיק אָפּגעאָטעמט. ער האָט אויסגעצויגן די הענט צו דער דאָזיקער ברייטער לופט, צו דער אומבאַקאַנטער ערד, ווי ער וואָלט זיין פרייהייט גענומען אין זיין באַזיץ. ער איז פאַרבייגעגאַנגען עקלהאַפטיקע הייזלעך, וואָס זענען געבויט געוואָרן, ווי ס'זאָגט אַ ווערטל, פון הינטערשטן עיפּוש פון דעם ביליקסטן מאַטעריאַל, געדעקט מיט פּאַפּע, וואָס איז אַראָפּגעריסן דורכן ווינט און דורך ווינטערדיקע וועטערס, איינגאַנצן דורכגעלעכערט געוואָרן. ווילנדיק דאָס גאַנצע „oppidum"*)

---

*) שטעטל.

אַרומגענומען מיט איין בליק, איז ער אַוועק הינטער דעם לעצטן הייזל. ס'איז דאָרט דורכגעשווומען אַ טײַכל, וואָס האָט זיך געשלענגלט אין מיטן טאָל, אין זײַנע משופּעדיקע ברעגן, די שנייען האָבן שוין געטייעט, און דאָס ערשטע שיטערע העל־גרינע גרעזל האָט זיך אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן אַרום דעם רייסנדיקן טײַך.

אויף דעם, קוים אָנזעעוודיקן גרינס האָבן צוויי באָרוועסע אָרימע יינגלעך געטאַנצט, צושפּילנדיק זיך אויף אַ מויל־האַרמאָניע. זייערע באָרוויסע פּיס האָבן געפינקלט איבער דער בלאָטע, וועלכע זיי האָבן שוין באַוויזן אײַנצוקלאַפּן פאַר אַ גוטן טאַנץ־אָרט. דער ערב־פרילינג האָט שוין אַראָפּגעבלאָזן פון די דעכער פון די באַנטסטע ביידלעך דאָס אייז און דעם שניי — שוין דערוואַרעמט מיט אַ נאַטירלעכן דרום־ווינט דעם אײַנעווייניק פון די ביידלעך, וועלכע דער לאַנגער און שווערער ווינטער, דער שונא פון די אָרימעלייט, האָט אַרומגענומען מיט זײַן טויט־טראָגנדיקן אָטעם. די אַראָפּגעריסענע רינעס, די געלעכערטע דעכער, די פאַרשימלטע ווענט, האָט איצט שוין דער אומשטערבלעכער קינסטלער, דער אָנקומענדיקער פרילינג, באַדעקט מיט גאָלד און זילבער, גרינס און גרויסלעכקייט, מיט זײַנע פאַרבן, וועלכע ער שרײַט אויס איבער דער וועלט. ער האָט זיך באַמיט צו באַדעקן מיט זײַנע פאַרשווינדיקע קאָלירן דאָס עקלדיקע בילד, וועלכעס עס האָבן אויף זײַן פּאָן — דעם פולן מיט אייביק־אומשטערבלעכער שיינקייט, — אויסגעשפּרייט די מענטשן: דאָס פּויליש — יידישע שטעטל.

צעזאַרי האָט מיט טרויעריקע אויגן געקוקט אויף די בליטשיקע גאַסן, פולע מיט אומדערגרינטלעכע בלאָטעס, אויף די הייזער פון פאַרשידענער הייך, פאָרם פאַרב און מאָס, פון אויסערלעכער שמוציקייט, אויף די חזיר־שטאַלן און קאַלוזשעס, אויף די נישט פאַרענדיקטע בנינים און חורבות פון די פאַרברענטע הייזער, ער האָט זיך אומגעקערט צום מאַרק, וואָס איז אַרומגעשטעלט געווען מיט יידישע קראָמען, מיט טירן און פענסטער, באַשפּריצט מיט בלאָטע, חדשים־לאַנג, אין לשער, גאַנצע פערטל־יאָרן נישט געוואַשענע.

— ווו זענען דײַנע גלעזערני הייזער? — האָט ער גע־

טראַכט, קריכנדיק אין דער בלאָטע — ווו זענען דיינע גלעזער־
נע הייזער?...

---

קומענדיק אין אמתן קערן פון פוילן, אין דער קרויב שטאָט — וואַרשע — האָט צעזאַרי באַריקאַ נישט געפונען קיין גלעזערנע הייזער נישט אויפן וועג און נישט אין דער הויפּט-שטאָט גופא. ער האָט אפילו נישט געוואָגט קיינעם צו פרעגן וועגן זיי. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דער פאַרשטאָרבענער פאָטער האָט פאַרן טויט פיינלעך געשפּאַסט מיט אים. אָבער מעגלעך, אַז ס'איז געווען אונטער דער השפעה פון דער באַוווּער לעגענדע, מעגלעך, אַז אונטער דער השפעה פון איר הויפּט-העלד, דעם „קרוב באַריקאַ", — האָט צעזאַרי באַשלאָסן אַריינצוטרעטן אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט אין וואַרשעווער אוניווערזיטעט. ער האָט נישט געהאַט זיינע פּאַפּירן פון באַקו, דאָך איז ער אָנגענומען געוואָרן נאָך אַ גאַנץ איבערפלעכלעכן עקזאַמען און אָנגעהויבן צו גיין אויף די לעקציעס. מיט התלהבות האָט ער געשניטן די טויטע גופים, געלערנט זיך אָסטעאָלאָגיע, כעמיע, באָטאַניק א. א. וו. ער האָט געשלאָסן נייע באַקאַנטשאַפט מיט „פּאָליאַקן" און זיי זענען אים נישקשהדיק געפעלן געוואָרן, כאָטש זיי האָבן אים אָפטמאָל ווי געטון מיט זייער „נישט-אויפריכטיקייט". אין מאַטער-

יעלצער הינזיכט האָט אים אַ סך מיטגעהאָלפן דעם פאַרשטאָרבענעם פּאָטערס באַקאַנטער, הער שימאָן גאַיאַוויעץ, זייער אַ הויכער באַאַמטער אין דעם ניי-געשאַפענעם פינאַנץ-מיניסטעריום. דער הער גאַיאַוויעץ האָט געגעבן צעזאַרין אין זיין אַמט אַ נישט-עטאַט-פּאָסטן און אַ פּאָר גוט-געצאָלטע לעקציעס פון רוסיש אין די קרייזן פון העכערן אָפיצירטום, וואָס האָט געשטאַמט פון „גאַליציע“. דערדאָזיקער הער גאַיאַוויעץ האָט באַזונדערס אויסגעפרעגט זיך אויף צעזאַריס מוטער, מיט וועלכער ער איז אַ צייט לאַנג באַקאַנט געווען אין דער שטאָט שעדליעץ. ער האָט זיך אַ סך מאָל געהייסן איבערחזרן די פאַרשידנסטע איינצלהייטן, אַלע גענויקייטן וועגן אירע ליידן און טויט.

צעזאַרי האָט עס אַלץ דערציילט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער פּינקטלעכקייט דעם אומבאַקאַנטן מענטש, און יענער האָט אַלץ אויסגעהערט מיט אַן אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט, מיט טרערן אין די אויגן, און אַמאָל אפילו, בשעת צעזאַרי האָט דערציילט וועגן די לעצטע טעג פון איר פּיין, האָט דער הער גאַיאַוויעץ זיך ביטער צעוויינט. צעזאַרי האָט נישט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, פאַרוואָס ווערט דערדאָזיקער מענטש גערירט און נעמט זיך אַזוי איבער מיטן גורל פון אַ פרוי, וועלכע ער האָט אַזוי פיל יאָרן נישט געזען. אָבער דער הער גאַיאַוויעץ, אַ טרוקענער ביוראָקראַט מיט אַ פיינער האַלטונג, אַן אַלטער קאַוואַליער, אַ פּעדאַנט און אַ קאַלטער באַאַמטער — האָט עס אַליין געגעבן צעזאַרין צו פאַרשטיין, בשעת זיי האָבן אַמאָל אונטער פיר אויגן גערעדט צווישן זיך. ער האָט זיך מודה געווען מיט אַ רויקער און קאַלטער שטימע, ווי ער וואָלט גערעדט וועגן אַ פינאַנציעלן ענין, — אָן אַ שאָטן פון וועלן מאַכן אַן אָנשטעל, פון פאַלשער שעמעוודיקייט און פאַלשער האַרציקייט, — אַז ער האָט אין זיינע יונגע יאָרן ליב געהאַט צעזאַריס מוטער. זי אַליין האָט ער נאָר ליב געהאַט אין זיין גאַנץ לעבן. ער איז דאַמאָלס געווען אַן אָרימער באַאַמטער אין דער שעדלעצער „פּאַלאַטע“, און האָט זיך דערפאַר נישט געקענט גלייכן צו צעזאַריס פאָטער, וואָס איז דאַמאָלס פּלוצלינג געקומען פון רוסלאַנד, אַן אָרומגערינגלטער מיט

דער שיין פון דערפאָלג. מ'האָט זי אויסגעגעבן פאַר אַ בעסערן קאָנקורענט — נישט קיין ווונדער... ווער, וועלכע עלטערן האָבן געקענט אָפּוואַרפן אַן ענלעכן שידוך? זי איז אַוועקגעפאָרן אַלס אַ יונג מיידל, און אָט איז בלויז דער נאָמען געבליבן פון איר. הער גאַיאָוויעץ האָט טרוקן פאַרזיכערט צעזאַרין, אַז ער האָט קיינמאָל נישט געדריקט זיין מוטערס האַנט, אַז ער האָט איר נישט געגעבן צו וויסן מיט ווערטער וועגן זיינע געפילן. אַמאָל... עפּעס אַ בריוו... אָבער דאָס האָט נישט צום ענין און ס'האָט נישט געווירקט אויף איר באַשלוס.

דערפאַר האַלט ער אויך, אַז ס'איז גאָר קיין עוולה נישט, אַז ער דערציילט עס דעם זון, ווייל זי אַליין איז דאָך שוין אויך נישטאָ. נישטאָ שוין — אָ, גאָט! — אַפילו דער ריוואַל. עס איז נאָר געבליבן ער, צעזאַרי, אַ שאָטן און אַן אָפּשפּיגלונג פון דער „פריילין יאַדוויגאַ" און ער האָט ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעכע אויגן צו דער מוטער. דער הער גאַיאָוויעץ האָט גערן גערעדט מיט צעזאַרין. זיי האָבן זיך אָפטמאָל פאַרשלאָסן אונטער פיר אויגן און שעהן לאַנג דערציילט זכרונות וועגן דער פאַרשטאָרבענער. עס איז נישט געווען קיין איין איינצהיילט, קיין איין וואָרט, קיין איין ווערסיע אָדער אַנעקדאָט וועגן דער פאַרשטאָרבענער, וואָס זאָל נישט אינטערעסירן דעם הער גאַיאָוויעץ. עס איז נישט געווען קיין טעמע, אויב זי האָט נאָר געהאַט אַ שייכות מיט איר, וועלכע זאָל מיד מאַכן די צוהערער. צעזאַרי האָט אויך געפונען אַ מאָדנעם געניס אין די שמועסן וועגן זיין מוטער. עס האָט זיך אים אָפטמאָל אויסגעדאַכט, אַז ער זעט זי פּונקט אַזוי ווי דער הער גאַיאָוויעץ, אַ יונגיטשקע, אַ שיינע, אַ פריילעכע, אַז ער דערקענט זי אַלס פריילין יאַדוויגע, פריילין יאַדזשיע, אין וועלכער עס ליבט זיך ביז שגעון, ביז פאַרלירן דעם זינען, אַ יונגערמאַנטשיקל פון דער „פּאַלאַטע", וועלכער דערציילט איר כּסדר וועגן דעם מיט זיינע פאַרחלומטע אויגן. דאָס איז געווען אַ נייע געשטאַלט פון זיין מוטער, אַ נייע בילד, אַ נייער גילגול פון דער קראַנקער, אַלטער פרוי, וואָס האָט, אָנשפּאַרנדיק זיך אויף אַ שטעקן, אים באַדינט. אַזוי האָט ער זיך צוזאַמען מיטן הער גאַ-

סאָוויעץ אויפסניי געליבט אין דעם נעפּל-בילד פון דער פרײלין יאַדוויגע.

אָבער נישט די באַקאַנטשאַפט — נישט דאָס נייע לעבן — נישט די אוניווערזיטעט-שטודיעס — דאָס אַלץ האָט נישט געדויערט לאַנג. ס'איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיט די באָלשעוויקעס. צעזאַרי איז אַריין אין מיליטער, אַזוי ווי אַלע זיינע חברים פון פאַקולטעט. ער איז אפילו נישט שטאַרק געווען אין התפּעלות פון דער מלחמה, נישט געגאַרט מלחמה צו האַלטן מיט די סאָוויעטן, אי צוליב זיין דענקונגס-אופן, אי צוליב זיינע איבערציינונגען, אָבער ער האָט געמוזט גיין, ווייל ער האָט זיך — געשעמט אַנדערש. יענער מלחמה-סנאָביזם איז שטאַרקער געווען, ווי זיינע איבערציינונגען און סימפּאַטיעס פאַר יענער זייט. דער הער גאַיאָוויעץ, איצט זיין איינציקער קוואַזי-אפּוטרופּוס און זיין גייסטיקער פאָטער, האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן, נישט אָפּגערעדט, כאָטש דאָס פאַרלירן אויף אַ צייט זיין איינציקן פריינט איז פאַר אים געווען אַ געוואַלטיקער פאַרלוסט. אין משך פון איין סעקונדע האָבן זיי דעצידירט וועגן דעמדאָזיקן ענין. צעזאַרי איז אַרויס „אין פעלד”. דאָס שלאַכטפעלד איז נישט ווייט געווען, באַלד הינטער וואַרשע. מ'האָט עס כמעט געזען, ווייל דער רויך פון ברענענדיקן ראַדזימין האָט זיך געזען פון דעם הויכן טייך-ברעג, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען וואַרשע. מ'האָט געהערט אַ האַרמאַטן-שיסעריי, וואָס איז שוין צעזאַרין גוט באַקאַנט געווען. און אָט האָט זיך ווידער אָפּגערופן דידאָזיקע פאַרשאַלטענע שטים, און איבערגעריסן זיין איינזאַמקייט און די פון ס'ביי אָנגעהויבענע אַרבעט! ס'האָבן זיך אָבער פאַראייניקט אַנדערע, נייע, דעצידירנדיקע עלעמענטן.

איינמאָל, ווען דאָס באָלשעוויסטישע מיליטער האָט שוין איבערגעלאָזט הינטער זיך די פאַרברענטע שטעטלעך און כמעט דערגרייכט ביז די וואַרשעווער פאָרשטעט; ווען גאַנץ וואַרשע האָט געבראַזט, געלאָפן, געשפּרונגען, געפלויגן אויף אַלע זייט; ווען פון די פאַרבייפאָרנדיקע לאַסט-אויטאָמאָבילן און אַרטילעריע האָט עס געפּויקט, ווי מיט פּויקן; ווען ס'האָבן געקלונגען די טריט פון

פאַרבייגייענדיקע מחנות זעלנער, וואָס האָבן זיך געהערט אין אַלע טיילן פון דער שטאָט — דאַמאָלס איז צעזאַרי נאָך די מיליטערישע איבונגען אַריינגעגאַנגען אין אַ קאַפע-הויז אין זאַקסישן גאָרטן, כדי צו טרינקען אַ גלאָז סאָדע-וואַסער. די טישלעך זענען געווען פאַרנומען. אַרום זיי זענען געזעסן הערן און דאַמען, דערהויפּט פון סעמיטישער אָפּשטאַמונג. דאָס איז געווען די וואַרשעווער פּלוטאָקראַטיע, וואָס האָט נישט נאָכגעטון דעם בייַשפּיל פון די גראָבע העכט אין דער סביבה, און נישט געמאַכט פּיס, ווו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט, אַזוי ווי יענע האָבן געטון, נאָר געבליבן אין וואַרשע. דידאָזיקע הערן האָבן שוין נישט גערעדט שטילערהייט וועגן דעם, וואָס קומט פאָר אַרום זיי, זיי האָבן גערעדט הויך, אָבער שוין אַ ביסל צו הויך — פּשוט געשריגן. זיי האָבן זיך געשפּאַרט וועגן דעם, ווי אַזוי עס וועלן זיך פאַרהאַלטן נאָכן אַריינקומען קיין וואַרשע די, דאָ נאָך אומבאַקאַנטע, באַלשעוויקעס. אייניקע האָבן פאָרויסגעזען, אַז אַלץ וועט זיין גוט, עס וועט זיך לאָזן עפּעס אויפטון, ס'וועט גיין כשורה. גרעסערע זאַכן האָבן זיך געלאָזט דורכפירן, וועט מען קענען אויך דורכפירן די אַפּערע. פאַרוואָס זאָל מען נישט קענען? זיי האָבן זיך דערמאָנט די פאָרמולע פון עפּעס אַ שאַרף קעפּל, אַז אַן אייזל, באַלאָדן מיט גאָלד, קען אַריינגיין אין דער נישט דורכדרינגלעכסטער פעסטונג. אַנדערע האָבן ווידער אויסגעדריקט זייער מורא, אַז ס'קענען זיין אומאָנגענעמלעכקייטן, גראָבע שפּיצלעך.

— דאָס זענען באַרבאַרן! — האָט זיך געוואָרפן אַ געוויסער הער, אַ גראָבער, אין אַ טייערן קאָרט-אַנצוג, שפּילנדיק זיך מיט די ברעלאָקן פון דער דעוויזקע, וואָס איז געלעגן אויף זיין בויך — דאָס זענען לאָבוסעס! — האָט ער צוגעגעבן, אַרומקוקנדיק זיך נישט אָן דער כוונה צו ווערן געהערט דורך אמתע, נאָר ווערעמדיקע און קאַליקעס פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך דאָ און דאָרט געדרייט אין שאָטן פון שווינדזיכטיקע קאַשטאַן-ביימער, צו ווערן געהערט דורך זיי, כדי זיי זאָלן באַמערקן, ווי ער וואַרפט זיך אין אַזאַ רגע, אין אַזאַ רגע!

דער קעגנער האָט אָפּאָנירט געלאַסן, פלעגמאַטיש. ער

האָט געזאָגט, אַז זיין אַפּאָנענט איז „ממש אַ סקעפּטיקער". ער האָט דערקלערט, אַז דאָס זענען איבערטרייבונגען, רכילות און אפילו שקרים. דער טעאָרעטישער ויכוח אין דער פראַגע האָט זיך פאַרשאַרפט. די הערן האָבן הויך דיסקוטירט, אַזוי ווי בײַ זיך אין דער היים. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז זיי וועלן זיך אָנהייבן שעלטן, אָבער אפילו שלאָגן. דערווייל האָט זיך אַלץ פאַרענדיקט גאַנץ געמיטלעך.

זיי האָבן מסכים געווען אויף איין פּונקט:

— מיר וועלן זען...

— מיר וועלן זען! הייַנט, מאָרגן — מיר וועלן זען! איך ווייס אייך נישט, אַז איר זאָלט דערפילן אויף אייגענער הויט, וואָס פאַר אַ בעל־טובות דאָס זענען.

— איך דאַנק אייך דערפאַר. עס וועט זיכער זיין אַזוי. אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג.

— איר זענט אַ פאַרברענטער אָפּטימיסט!

— איך בין נאָר אַ מענטש, וועלכער קוקט און פאַרשטייט, וואָס עס טוט זיך אַרום אים.

— איר זאָלט זיך נאָר נישט דאָ פון באַהאַלטן די אויגן.

— מיר האָבן דאָך ביידע געזאָגט: מיר וועלן זען...

— גוט: מיר וועלן זען!

צעזאַרי האָט זיין גלאָז נישט דערטרונקען. די מלחמה צווישן פּוילן און סאָוויעט־רוסלאַנד, די מלחמה, וואָס האָט געוואָלט פאַרקלענערן די שטחים, איבער וועלכע עס איז געווען די מאַכט פון די אַרבעטער און פּויערים — איז נישט געווען פאַר אים סימפּאַטיש. ער האָט דאָך געזאָלט ווירקן אין דער ריכטונג פון פאַרקלענערן אָדער בכלל צו נישט מאַכן דעם נצחון פון די אַרבעטער. ער האָט זיך געוואַקלט, גלייבנדיק, אַז ער פאַרראַט די אַרבעטער־אינטערעסן. אָבער דאָס, וואָס ער האָט געהערט אין דער קאַפע, האָט אים געברענט, ווי אַ פּאַטש. ער האָט נישט געוואָלט זיין קיין צוקוקער, ווי די הערן. אין דער רגע האָט ער זיך טאַקע געזאָגט, אַז ער וועט נישט וואַרטן ביז די בעשעענישן וועלן

אַהער־קומען. ניין! ער וועט נישט דערלאָזן, אַז די צוויי זאָלן „זען", אַז אַלץ גייט, ווי זיי האָבן פאָרויסגעזען!

דער צווייטער מאַטאַר, וואָס האָט אים געשטויסן, איז געווען די אַלגעמיינע התלהבות. אַלע זענען געגאַנגען, אַלע, אַלע. ווי אויף אַ באַל, ווי אויף אַ הינטער-שטאָטישן אויספלוג. ער האָט נאָך אין זיין לעבן נישט געזען אַזאַ דערשיינונג, ווי די התלהבות פון די אַליאַקן.

אַ געוויסן טאָג האָט ער געהערט דרשות פון אַרבעטער און פירער, וואָס האָבן גערעדט פון דער חרובער בריק איבער דער ווייסל, און גערופן צו גיין קעמפן אויף טויט און לעבן — נישט מיט דער בורזשואַזיע, ווי מ'האָט שטענדיק אין אַרבעטער-דרשות — נאָר מיט דעם אָנפאַלער, וואָס גייט אויפן לאַנד, רויבט און פאַר-וואַנדלט עס אין חורבות, טראָגנדיק רויטע פענער. ער האָט גע-קוקט, ווי יונגע יינגלעך רייסן זיך אַרויס פון די מוטערס הענט און ער האָט געלייענט אין די צייטונגען באַשרייבונגען וועגן זיי-ער העלדישן טויט. ער האָט אַליין געוואָלט זען דאָס, פאַר וועלכן עס זענען געגאַנגען אויפן שלאַכטפעלד אינטערשטעלן זייערע ברוסטן מענער און די גאַנצע יוגנט — רויק געגאַנגען, פריילעך, בײַ דער קלאַפעריי פון פויקן. ער האָט זיך געוואָלט דערוויסן, וואָס איז באמת באַהאַלטן אין דער טיפסטער טיף פון זייער התלהבות, וואָס פאַר אַן אידעע, וואָס פאַר אַ כוח, וואָס פאַר אַן אינעווייניקסטע סטרוזשינע לאָזט נאָך און שטויסט זיי צו דעם טאַט. נו, — און וואָס איז ווערט דער דאָזיקער כוח.

---

בשעת ער האָט דאָס ערשטע מאָל נאָכן דורכמאַכן די צייט פון איבונגען אַרויסמאַרשירט, דורכגעגאַנגען די בריק איבער דער ווייסל, דורכמאַרשירט פראַגע און צוגעקומען מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע צו דער גרענעץ פון דער פאָרשטאָט, האָט דער אָפי-ציר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער קאָמפּאַניע — אַ יונגער סאַטראַפּ

פון מאַרס, אַן אַנגעבלאָזענער, ווי ער וואָלט איינגעשלונגען הונדערט גענעראַלן -- געהייסן שטיין בלייבן. אויף דעם ראַדזימינער שאָסיי, וואָס האָט זיך שוין געגרענעצט מיטן פרייען פעלד, האָט זיך געזען אַ ריזיקער שטויב־טומאַן, אַ געלע זאַווערוכע, וואָס האָט דערגרייכט ביזן הימל. ס'איז אומבאַוווסט געווע, וואָס באַהאַלט זיך דאָרט אין דער ריזיקער זאַווערוכע.

די ייִנגע זעלנער זענען געשטאַנען מיטן געווער אין דער האַנט. הינטער די — אַ גרופּע צעבראָכענע ציוויל־פּערזאָנען, לאַסט־אויטאָמאָבילן, פויערישע וואָגנס — אַלץ איז פאַרהאַלטן געוואָרן, צונויפגעשמאָלצן אין איין מאַסע. ענדלעך האָט מען באַמערקט, אַז אין דעם גרויסן שטויב איז דאָ עפּעס אַ מיטן, עפּעס אַ פינסטערער קערן. נישט לאַנג האָט געדויערט און עס האָט זיך באַוויזן יענער סודותפולער קערן. דאָס איז געווען אַ ריזיקע, ממש אומענדלעכע באָלשעוויסטישע מחנה — אָבער שוין אַ מחנה געפאַנגענע, אין לאַנגע, ביז צו דער ערד־גרייכנדיקע, שווערע און גראָבע שינעלן, אין פּאַפּאַכעס אויף די פאַרשוויצטע קעפּ, מערסנטייל באָרוועס, אָדער אין שיך פון די פאַרשידנסטע מינים, זענען געקראָכן דידאָזיקע ייִנגע וועלט־באַזיגער אונטער דער שמירה פון קליינע און נישט־דערוואַקסענע פּוילישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען דאָ און דאָרט געגאַנגען מיט ביקסן אויף די אָרעמס און שטרענג געשריגן צו דער אומענדלעכער מחנה, וואָס איז צו זעקס מענטשן אין אַ שורה געגאַנגען איבערן ראַדזימינער שאָסיי, כדי צו בייגן די קעפּ אונטערן יאָך. די דערשטוינונג איז געווען אַזאַ גרויסע און אַלגעמיינע, אַז אַלע צוקוקער זענען אַנטשוויגן געוואָרן און לאַנג זיך איינגעקוקט אין דעם אויסערגעוויינטלעכן בילד. ס'זענען געגאַנגען און געגאַנגען אויסגעמאַטערטע געפאַנגענע, פאַרבייגייענדיק די אָפּטיילונג, אין וועלכער ס'איז געווען צוזאַרי באַריקאַ. בשעת מעשה האָט זיך פון דעם לעצטן הייזל בײַם וועג, — פון אַ נידעריקן פאַרשטאָטישן בנינדל, וואָס איז געווען משונהדיק בלוי געמאָלט, ווו ס'איז געווען אַ קליין שענקל, דער לעצטער טרייסטער פאַר די, וואָס פאַרלאָזן די שטאָט, און דער ערשטער, אויף דעם שאָסיי, אַנזאָגער פון דער גרויסער הויפּט־

שטאָט — אַרויסגעקאָלערט אַ נידעריקע, אָנגעגאָסענע פאַרשווינטע, גראָב ווי אַ קאַמאָדע. זי האָט זיך לאַנג איינגעקוקט אין די פאַרבייגייענדיקע זעקסטלעך באָלשעוויסטישע סאָלדאַטן. אָבער זי האָט נישט געקענט אויסהאַלטן: זי האָט אָנגעשפּאַרט די הענט אָן די זייטלעך, אַרויסגעשפּרונגען פאַר דער מחנה געפאַנגענע און אָנגעהויבן זיי צו דראָען מיט די פויסטן. זי האָט געשריגן, וואַרפנדיק זיך אויף אַלע זייטן, ווי עס וואָלט אין איר אַריין אַ דבוק.

— ביסט געקומען איינגעמען וואַרשע, דו מאָסקווער שײנקער, איינער ווי דער אַנדערער.

— מען האָט דיך שוין לאַנג דאָ נישט געזען, הינטישע מאָרדע! האָסט שוין מנצח געווען אונדזערע?

— גייסט זיך אַוועקזעצן אין גאָלדענעם זאַל פון קעניגלעכן שלאָס?

די געפאַנגענע האָבן געקוקט אויף דעמדאָזיקן קורצן געשפּענסט מיט ערנסט און נישט אָן מורא אין די אויגן. זיי האָבן דאָך נישט געוווּסט, צו וואָס אַזאַ בריה קען אונטערהעצן די באַוואָפנטע זעלנער. אפשר צו אַ שחיטה? און די אשת-חיל האָט זיך געוואָרפן פאַר דער מחנה, שרייענדיק אַלץ העכער:

— וואָס פאַר אַן אַסטראַכאַנישע מאָרדעס זענען דאָס, מיינע ליבע מענטשן! וואָס פאַר אַ ווילדע צילינדערלעך זיי טראָגן, צו וואַרעמע פאַר אַזאַ וועטער! ע — פראַנטן! און שוין האָבן זיי עס — ערשטע קלאַס! מיט וואָס פאַר אַן אייגעלעך זיי שמייכלען עס צו אונדז! און וואָס פאַר אַ פיינע מינעלעך! יעדער, — ווי ער וואָלט אויסגעלעקט אַ טעפּל סמעטענע. און אַלץ, מיינע ליבע מענטשן, — פון הונגער.

זי האָט דורכדעפּילירט פאַר דער מחנה, ווי אַ גענעראַל, גייענדיק אָן דער זייט פון ראַדזימין — דורכגעקוקט די רייען און ווידער זיך צעקוויטשעט:

— וואָלסט געפרעסן איינער ווי דער אַנדערער די אייגענע קנעפּלעך פון די הויזן, ווען דו זאָלסט זיי אַזוי האָבן, ווי דו האָסט זיי נישט, דו קאַלמוק מיט די אויסגעדרייטע אויגענעס! ווייל דו ביסט אפילו נאָך נישט דערוואַקסן הויזן צו טראָגן. די קיש-

קעס דרייען זי דיר צונויף, ווייל דו האָסט שוין פיר טעג גאָר־
נישט געהאַט אין פרעסער, ס'איז דיר גוט אַזוי, דו, נישט אָפּגע־
שאָבן חזיר! גיי נישט אין די פרעמדע אַרבעס, ווייל זיי זענען
נישט דיינע, חזירישע מאָרדע, נאָר פּרעמדע. פאַרשטייסט מיך,
איינער ווי דער אַנדערער!

די לעצטע פראַגע האָט די צומהעכסטן אויסגעשריגן, אַזוי
ווי זי וואָלט דערוואַרט אַ תשובה. ווען קיינער האָט פאָרט נישט
געענטפערט, און די שורות זענען זיך ווייטער געגאַנגען אין דער
ריי, האָט זי אַנטפּלעקט דעם סוד פון דער מוראדיקער פראַגע:

— איך זאָל אַזוי האָבן, ווי איך האָב נישט, אַ פאָר קערצ־
לעך קאַרטאָפל, וואָלט איך זיי אייך אויסגעקאָכט אין די שאָלן
און געגעבן צו פרעסן אין אַ קאָריטע, איר אויסגעהונגערטע
חזירים!

— איך קען נישט קוקן, מיינע ליבע מענטשען אויף די אויס־
געהונגערטע מאָרדעס, נו, איך קען נישט!

און באמת האָט זיך טאַקע די איינוווינערין פון הינטער
פּראַגע אַ ביסל צוריקגעצויגן, ווייל דער שטויב, וואָס האָט זיך
געטראָגן פון אונטער די געפאַנגענעס פיס, האָט אַלץ פאַרדעקט.
דער אָנהייב פון דער מחנה איז שוין מסתמא געווען אויף דער
פּראַגער בריק און דער סוף איז נאָך נישט אַריין אין דער פּראַ־
גער פאָרשטאָט. אָבער — זיי זענען אַריבער. דער שטויב-וואָלקן
איז אַראָפּגעפאַלן, די אָפּטיילונג, צו וועלכער ס'האָט געהערט צע־
זאַרי באַריקאַ, האָט זיך ווייטער געלאָזט אין וועג אַריין. ס'איז
שוין אָנגעקומען דער אָוונט. אַ פינסטערע און כמורנע נאַכט איז
אַראָפּ אויף דעם שאָסיי, בשעת מ'איז אַריבערגעגאַנגען די דראָט־
באַפעסטיקונגען און די גריבער־שורות בײַ די וואַלד-ברעגן. ברייט,
בלאָטיקע וואַסערן האָבן זיך געצויגן פון ביידע זייטן שאָסיי,
פאַרשטעלנדיק פאַרן שונא דעם וועג צו דער הויפּט-שטאָט. אָבער
דער שונא איז שוין דאָ אין ערגעץ נישט געווען. בלויז בײַ ביי־
דע זייטן פון דעם איינגעהאַקטן וועג האָבן זיך געזען פינסטערע
גריבער, יעדער מיט אַ צודעק, וואָס איז געווען געווענדט אין דער
זײַט פון וואַרשע. דאָס זענען געווען די צום ווייטסטן אַרויסגערוק־

טע פאָרפּאָסטנס פון מאָסקווע, גלייך און סימעטריש אויסגעגראָבן אין דער מאַזאָוויעצקער ערד.

די קליינע אָפּטיילונג האָט כסדר געטראָפן אויף איר וועג קאַוואַלעריע און אינפאַנטעריע, שווערע אויטאָמאָבילן, אָנגעלאָדענע מיט פאַרשיידענע מלחמה-מכשירים, און פורן, וואָס האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אַריין מיט פאַרוווּנדעטע. ס'איז שוין געוואָרן נאַכט, בשעת די קליינע אָפּטיילונג איז אָנגעקומען קיין ראַדזימין, אַ קליין שטעטל פול מיט חורבות, וואָס האָבן נאָך געגליעט און געריכערט, מיט הייזער, וואָס זענען איינגעפאַלן געווען דורכגעבויערט און דורכגעלעכערט פון קוילן. וויסטקייט און שטילקייט זענען געהאָנגען איבער די גאַסן און געסלעך, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי אַן איבערבלייבעניש פון עפּעס. די אָפּטיילונג האָט זיך דאָ אויף אַ רגע פאַרהאַלטן פאַר אַ ניצול געוואָרן איינשטאָקיק הייזל. צעזאַרי האָט זיך אַרומגעקוקט. די לאַנגווייליקייט פון חורבן האָט זיך דאָ געטראָגן אין רויך און פונקען, אַ כמאַרעדיקע נאַכט האָט זיך צעשפּרייט איבער דעם עקלהאַפטיקן בילד. פון טויער פון דעם איינשטאָקיקן הויז איז אַרויסגעגאַנגען אַ פראַנצויזישער אָפיציר, אַן עלטערער מענטש מיט אַ גרוילעך קאָזע-בערדל און ראָפּהענגענדיקע וואָנסעס. זיין פּנים איז געווען שטרענג, פאַרטרויערט און מיט אַן אויסדרוק פון אויסערגעוויינטלעכער מידקייט.

דערדאָזיקער אָפיציר האָט אַריינגעקלעטערט אין קויש פון אַ מאָטאָציקל פאַר צוויי פּערזאָן און מיט אַ דאָפּעלדיקער באַוועגונג האָט ער געגעבן אַ צייכן אַ געוויסן פוילישן זעלנער, וואָס האָט אויסגעפירט די אַרבעט פון אַ שאָפער. דער מאָטאָציקל האָט אָנגעהויבן ווילד צו שיסן, ער האָט זיך אַ דריי געטון אויפן אָרט און פאַרשוווּנדן אויפן דרום-וועג צו דער זייט פון ווישקאָוו.

— זעט נאָר, חברים! — האָט איינער פון דער אָפּטיילונג אַ ברום געטון — דאָס קרענקלעכע פראַנצויזל פליט איינער אַליין מיט זיין שאָפער אויף אַ גאַנצער באָלשעוויסטישער אַרמיי.

— ער ווייסט גאַנץ גוט, אַז ער וועט זיי נישט דעריאָגן. זיי מאַכן אַזוי גיך ויברח!

— שווייגן דאָרט אין די רייען! — האָט מיט אַ מוראדיקן באַס אַ דונער געטון דער קאָמענדאַנט פון דער אָפּטיילונג, אַ צוויי און צוואַנציק יעריקער פּאָדפּאָרוטשניק.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט די קליינע אָפּטײלונג שוין אײליק מאַרשירט אין דער טיפער פינסטערניש, וואָס איז קוים באַלויכטן געוואָרן פון דעם פאַרוויטלטן הימל איבער ראַדזימין. זי האָט זיך דערנענטערט צום שונא, וועגן וועלכן מען האָט נישט געוווסט, צי ער וועט שוין אַזוי טאַקע כסדר אַנטלויפן, צי ער וועט ווידער באַגייען זײַן אָנגריף אויף וואַרשע.

---

צעזאַרי באַריקאַ איז זיך נישט ווייניק אָנגעקאָכן אין דער דאַזיקער נאַציאָנאַלער מלחמה. ער האָט אויסגעפירט, צוזאַמען מיט זיינע דינסט-חברים, ווילדע מאַרשן און אָנגריפן, אַרומגערינגלט און באַהאַלטן זיך, אָדער גאָר „געוויזן די פּלייצעס" אַ שטאַרקערן כוח. ס'איז אים אויסגעקומען צו גיין אין אָנגריף אויף דעם סאַמע מיט פון שונאס אַרמיי, אָנטייל צו נעמען אין דעם גענעראַל שיקאָרסקיס מוטיקער אונטערנעמונג, וואָס האָט, ווי אַ שטויס מיט אַ באַגנעט, דורכגעשניטן דעם באָלשעוויסטישן פראָנט. ס'איז אים אויסגעקומען טאָג און נאַכט צו מאַרשירן, פאָרויס, כסדר צו גיין אויף מזרח, יאָגנדיק דעם שונא. ער האָט געזען אומצייליקע דערפער און שטעטלעך, וועלדער און פעלדער. ער האָט דורכגעשפּרייזט צעגאָסענע טייכן צווישן פייכטע לאָנקעס, און דעם פאָטערס גלעזערנע הייזער האָט ער אין ערגעץ נישט געפונען. מיט דער צייט האָט ער אויפגעהערט וועגן זיי צו טראַכטן. ער האָט אויך נישט געטראַכט וועגן דער אידעאָלאָגיע פון די פאַרכאַפּערס, וואָס זענען געקומען פון מזרח. מען האָט זי נישט געזען נישט אין די חורבות, אין דער צעשטערונג, צעטרעטונג, אין די שפורן פון גזילות, שחיטות און געוואַלט-טאַטן.

דער צעשטערער און רויבער — דער בלוטיקסטער שונא

פון אַלע אָרימע, איז פאַרויסגעגאַנגען צעזאָרין אויף אַלע וועגן צום מזרח. דאָרט, ווו ס'זענען אַמאָל געווען אייזערנע בריקן, זענען געהאָנגען זייערע צעהאַקטע טיילן; ווו ס'זענען אַמאָל געווען שטיינערנע בריקן, האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט אָפּגעבראָכענע סלופּעס. דאָרט, ווו ס'זענען אַמאָל געווען דערפער, זענען איצט פאַרבליבן צעלייגטע חורבות. ווו נאָר די פאַרגאַנגענהייט האָט איבערגעלאָזט עפּעס שיינס, דערהאַבנס אויף דער אָרימער ערד, זענען איצט געבליבן בערגלעך שטיינער און ציגל. וו·ושע האָט מען געקענט אַרויסלייענען פון דעם כתב, — וועלכן ס'האָבן איבערגעלאָזט די אָנגעקומענע מחנות פון מזרח, — די דורך די מיטינג-רעדנער פּראָפּאַגירטע אידעע? און חוץ דעם האָט אים פאַרכאַפּט, אָדער בעסער געזאָגט, צוגעדריקט די מלחמה, אַלס אַ קאָלע טיווע אונטערנעמונג, אַלס אַ קונציק ווערק, אַ נייעס און אומבאַקאַנטס. באַריקאַ האָט איצט נישט געטראַכט וועגן וואָס ער קעמפט און מיט וועמען, ווו איז ער און וווהין גייט ער. ער האָט לויטן באַפעל מאַרשירט, גענעכטיקט, געגעסן, געשלאָפן, געשטעלט זיך אויף די פיס, געהאַלטן שמירה, אָדער כיטרע זיך אונטערגעגנבעט אונטער דעם שונאס לאַגער.

בכלל האָט דער אַמאָליקער באַקינישער ספּאָרטסמאַן אויסגעצייכנט דערפילט זיינע פליכטן. די אָפיצירן האָבן אים געריימט, און די קאַמפּס-חברים האָבן אָנגעהויבן צו זיין אַזוי זיכער מיט באַריקאַן, אַזוי ווי מען איז אַמאָל געווען זיכער מיט זאַווישען. צעזאָרי האָט נישט געהאַט צו וועמען זיך אומצוקערן און צו וועמען בריוו צו שרייבן. ער האָט איייניקע מאָל געשריבן צום הער באַינוויעץ. ער האָט צוריק באַקומען פון יענעם האַרציקע תשובות — און דאָס איז זיין גאַנצע וועלט. אָבער אין די מאַרשן, אין דער צייט פון ליגן אין די גריבער און גראָבנס זענען לעבן אים געווען מענטשלעכע נשמות — זיינע דינסט-קאָלעגן. ס'האָט זיך אַפילו אַרויסגעוויזן, אַז די „פּאָליאַקן” זענען ברידערלעכע נשמות. יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ „מאַמע”, אָדער עפּעס אַ „טאַטע”. ס'זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אַפילו געהאַט באַבעס, און יעדער כמעט האָט אויף אָפּרו, בשעת ער האָט געטראַכט, אַז קיינער זעט אים

נישט, בסוד געקושט עפּעס אַ פֿאָטאָגראַפֿיע, — אַך! — אירע, קאָזעס אָדער זאָשעס. צעזאַרי האָט נישט געהאַט קיין איין זאָשע, האָט ער טאַקע געפּראָוועט דעם דערהויבענעם ציניזם פֿון אָפּ-שפּעטן, נישט נאָר פֿון די בלויזע נעמען און פֿאַרצערטלטע ווערטלעך, נאָר אויך פֿון די אַלע סענטימענטן גופֿא. ער איז עס טאַקע גע-ווען אַ זעלנער אין גאַנצן בלוט. הינטער אים איז קיין זאַך נישט פֿאַרבליבן. פֿאָרווערטס! — און באַסטאַ.

אין דער קאָמפּאַניע האָט ער זיך באַזונדערס באַפֿריינדעט מיט אַ געוויסן בחור, אויך אַ סטודענט פֿון וואַרשעווער אוניווערזי-טעט, און איצט אַ פֿעסטער זעלנער, וואָס האָט געהייסן היפּאָליט, אויפֿן פֿאַמיליע-נאָמען וויעלאָסלאַווסקי. אַמאָל האָט צעזאַרי אַרויס-געראַטעוועט פֿון אַ סכנה אָט דעם וויעלאָסלאַווסקין. עס איז געווען אין דער געגנט פֿון ליסאָוו הינטער לאָשיץ. בשעת אַ צוזאַמענשטויס איז וויעלאָסלאַווסקי אַריינגעפֿאַלן צווישן באָלשעוויקעס, צעשטאָכן געוואָרן מיט באַגנעטן, צעשלאָגן מיט קאָלבעס און איבערגעלאָזט געוואָרן אין וואַלד, וואָס האָט געהייסן ראַגאַטש. נישט געפֿינענ-דיק אים אין דער קאָמפּאַניע, האָט זיך צעזאַרי גיך אומגעקערט אין וואַלד אַריין, אויסגעזוכט זיין חבר, גענומען אים אויף די אַקסלען און אַוועקגעטראָגן אין דער קאָמפּאַניע.

וויעלאָסלאַווסקי האָט זיך נאָך אַ קורצער צייט אויסגעהיילט זיינע ווונדן און האָט נישט פֿאַרגעסן די טובה. ער האָט קיינ-מאָל נישט גערעדט וועגן זיין יחוס, משפּחה און סענטימענטן. ער האָט געהייסן צווישן די זעלנער „היפּאָליט", און דאָס איז אַלץ. אין אַ זייט האָט מען אָבער געשמועסט, אַז דאָס איז אַ גראָבער העכט, אַ געוואַלטיקער עושר און אַ קרוב פֿון עפּעס נאָך געוואַל-טיקערע וועלאָסלאַווסקיס. היפּאָליט איז געווען אַ זעלנער אין פֿולסטן זין פֿון וואָרט. ער האָט געריסן די שיך, יאָגנדיק זיך נאָך די רויטע לאַפּיטוטן, געפֿרעסן ראַזאָווע ברויט און געצויגן פֿון אַ פֿלאַש, געשלאָפֿן אויף דער ערד און געשוויצט בשעתן אויסדרייען זיך, ווי ס'וואָלט אין זיינע אָדערן גאָרנישט געווען קיין טראָפּן בלוט. און כּוח האָט ער געהאַט ווי אַ פֿערד, ער האָט געקענט אין הונגער אויסהאַלטן אַ פֿולן מאַרש, בשעת די גאַנצע

מחגה איז שוין געפאַלן אויפן פנים. אָפטמאָל איז ער געשלאָפן אונטער איין דעק מיט צעזאַרין און זיי האָבן זיך ברידערלעך געטיילט מיט ברויט, זאַלץ, חזיר-שמאַלץ און וואַנצן. דערפאַר האָבן זיי טאַקע געשלאָסן האַרציקע פריינטשאַפט, א בונד ביזן קבר.

עס איז שוין נאָנט געווען צום האַרבסט, ווען אין די זעלנערישע רייען האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן די פריידיקע בשורה, אַז דער שונא איז אָפּגעטרעטן, פאַרלאָזט דאָס לאַנד און עס איז שוין נאָנט צו וואָפנשטילשטאַנד. די אָפּטיילונג, אין וועלכער עס האָבן געדינט די צוויי פריינט, באַריקאַ און וויעלאָסלאַווסקי, איז צוריקגעצויגן געוואָרן פון ווייסרוסלאַנד קיין מאַזאָוויעצק און געבליבן אין קליינעם שטעטל זשעראָמין. ביידע חברים האָבן זיך דאָ אַריינגעוואָרפן אין אַ גרויסן שלאָף, וואָס וואָלט גענוג געווען פאַר צען דורכשניטלעכע גייראָסטעניקער. דאָס עסן איז אָבער געווען אין דעם שטעטל אַ קאַרגלעכס, דערפאַר האָבן זיך די פאַרמאַטערטע ריטער געוואַלטיק געלאַנגווייליקט.

די סטודענטן האָט מען גערנער באַפרייט, ווי אַלע אַנדערע, דערפאַר האָבן זיך באַריקאַ און וויעלאָסלאַווסקי, תכף נאָכדעם, ווי ס'איז שוין נישט געווען קיין פאַרטיידיקונגס-אַרבעט, באַפרייט פון מיליטער. וויעלאָסלאַווסקי האָט פאַרגעלייגט צעזאַרין, ער זאָל מיט אים מיטפאָרן אויף אָפּרו אין עפּעס אַ נאָוולאָטש, אין דער געגנט פון טשענסטאָכאָוו. באַריקאַ האָט מסכים געווען. איבערטוענדיק זיך נאָכן אָנקומען קיין וואַרשע אין ציווילע קליידער, — דערצו האָט אים געהאָלפן דער הער גאַיאָוויעץ מיט אַ קאָנטאָ אויף זיין צוקונפטיקער ביוראָ-אַרבעט — איז צעזאַרי אַרויסגעפאָרן קיין נאָוולאָטש.

---

צוקומענדיק צו אַ קליינער באַן-סטאַציע, זענען ביידע פריינט ערוואַרט געוואָרן דורך פיר פערד, איינגעשפּאַנט אין אַ קליין אָבער הויך קעטשל אויף צוויי פערזאָן, מיט אַן אָרט פאַרן אָנטרייבער

הינטער די פאסאזשירן. דערדאָזיקער אָנטרייבער, אַ גרויסער יונגאַטש אין אַ ליבערייע, האָט איינגאַנצן אַ צעגאָסענער באַגייסט דעם יונגן הער, וואָס האָט זיך גליקלעך אומגעקערט פון דער מלחמה. דערדאָזיקער יענדרעק האָט זיך אויך גליקלעך אומגעקערט פון מיליטער, ווו ער האָט אָבער דערפילט אַ פרידלעכערע מיסיע פון אַן אָרדינאַנס באַ אַ געוויסן הויכגעשטעלטן פערזאָן. פאַר לענגערע דערציילונגען וועגן די פאָדערצימער-און שלאַכטפעלד-גבורות איז אָבער קיין צייט נישט געווען, ווייל די נאַכט האָט זיך דערנענטערט. היפּאָליט וועלאָסלאַווסקי איז אַרויסגעשפּרונגען אויפן פאָדערשטן געזעס, אַוועקגעזעצט לעבן זיך זיין גאַסט באַריקאַ, געהייסן יענדרעקן אַוועקזעצן זיך אויף דעם הויכן געזעס פון הינטן — גענומען מיט געניטע הענט די פיר-פערדיקע לייצעס אין האַנט אַריין און מיט אַ באַשיינפערלעכער שמחה אָנגעהויבן צו דרייען מיט דער לאַנגער בייטש. די פערד האָבן זיך ווי איינער אַרויסגערוקט פון פּלאַץ אַרום וואָקזאַל און זיך אַ לאָז געטון מיטן ווייכן שליאַך. צעזאַרי איז נאָך קיינמאָל נישט געפאָרן מיט אַזאַ געשפאַן. ער האָט אין זיך מודה געווען און הויך עס אַרויסגעזאָגט היפּאָליטן, אַז אין דער געשיכטע פון זיינע ספּאָרטן איז דאָס אַ „פּרימאַ"-פאַרגעניגן. בשעת די „קאַשטאַנעס" האָבן זיך פעסט אַ נעם געטון, אויסגעגלייכט די טריט אין אַ גלייכמעסיקן לויף, איז דאָס קעטשל באמת געשווומען אין די פעלדער. ס'איז געווען נאָך די רעגנס, דער וועג איז געווען גליטשיק און מיט בערגלעך און גריבער, אין וועלכע ס'זענען נאָך געשטאַנען געלע וואַסערן, אָבער די רעדער פון קעטשל האָבן קוים אָנגערירט די וואַסערן — און געריסן ווייטער און ווייטער. אויף אַ געוויס אָרט האָט דער „גנעדיקער האַר" געוואָרפן הינטער זיך אַ לאַקאָנישע פראַגע:

— מיטן שליאַך, צי דורך לעניעץ?

— דורכפאָרן, וועט ער דורכפאָרן דורך לעניעץ, אָבער פאַקטיש ווייך.

היפּאָליט האָט אַראָפּגעקירעוועט פון שליאַך אין ווייטיקע עוטער, אין אַ שמאָל וועגל צווישן פויערישע אַקער-חלקים, ווו ציוויי שורות דורך לאַנגע יאָרן אויסגעאַקערטע ערד, וואָס זענען דורך

רעדער פונאנדערגעטיילט געווען מיט אַ הויכן פּאַס, אַ בּאַוואַקסע־
נעם פון אויבן מיט געדיכטע גראָזן — האָבן זיך געצויגן גלייך
פאַר זיך, ווי רעלסן פון דער אייזנבאַן. פּוילנדיקע פּאַרקנס פון
סענקעוואַטע לאַנגע שטאַנגען האָבן געגרייכט ביז דער הויך פון
פּריצישע געזעסן. דער וועג איז ווי באַשאַפן געווען דערצו, עס
זאָלן פאָרן דורך אים פיר „קאַשטאַנעס" און אַ לייכטער, פּריצי־
שער וואָלאַנט, וואָס פליט אין מרחקים. ס'לייט, וואָס איז אויסגע־
קנעטן געוואָרן אונטער די רעדער און קאָפּיטעס, איז געפלויגן
הינטערן קעטשל אין שטיקער און גרויסע שפּריצן.

א הערבסטיקער ווינט האָט געפּייפט פאַר די אויערן. די
לעבנס־רייד, דאָס געפיל פון געזונט און אום ערשטפּטע כּוחות
פונם גוף, דאָס גליק פון באַוועגן זיך אין לויף, און איבער אַלעם
די יוגנטלעכע נייגעריקייט, די נייגעריקייט, וואָס איז אַזוי פאַר־
ביסן, אַז זי האָט זיך אַרויסגערוקט בּראש פון אַלעם, — וואָס איז
עס דאָרט פאַרהאַן באַם סוף פון דעם פרעכטיקן וועג, וואָס וועט
עס זיין מיט יענעם באַרן־בוים אין פעלד — דאָס אַלץ האָט ווי
געהויבן צוזאַמען מיט די פערד. אָבער נאָך דעם איינזאַמען באַרן־
בוים איז אויפן פעלד נישט געווען קיין שום באַזונדערס. די
פּאַרקנס האָבן זיך פלוצלינג געענדיקט און אַן אַנדערער, שמאָלער
וועג, וואָס האָט קרום אָפּגעווייכט פון פריערדיקן, האָט דורכגע־
ריסן דאָס פעלד. היפּאָליט האָט דונערנדיק אויסגעשאָסן פון דער
בייטש. ער האָט בליץ־שנעל אַ צי געטון צו זיך די ערשטע פּאָר
פערד. זיי האָבן זיך אַ דריי געטון, שפּרינגענדיק און מיטגעצויגן
מיט זיך די צווייטע פּאָר, וואָס איז געגאַנגען באַם דישעל. דאָס
איז געשען צו ראַפּטום. לויפנדיק איבער דעם נאַסן ליים, האָט
זיך דאָס קעטשל אַ גליטש געטון ווי אויף אייז, ווערנדיק פלוצ־
לינג אַריינגעכאַפּט אין אַ באַוועגונג און פאַרדרייענדיק אַ האַלב
ראָד, טרעפנדיק מיט דער זייט אין לעצטן סטאָלב פונם פּאַרקן,
דאָן דאָס קעטשל שוין נישט באַוויזן ווייטער צו מאַכן די גיכע
באַוועגונג, ס'האָט פאַרלוירן דאָס גלייכגעוויכט און געפאַלן. די
רעדער האָבן זיך ספּאַזמאַטיש געדרייט, בשעת די רייזנדע זענען
אַרויסגעשלייסן געוואָרן פון זייערע ערטער, ווי פון אַ שטיין־וואַר־

פּער. היפּאָליט, וועלכער האָט פעסט געהאַלטן די לייצעס, איז גע-
בליבן ליגן אין דער נאָנטסטער נאַסער בלאָטע. צוזאַרי, וואָס
האָט נישט געהאַט באַ וואָס זיך אָנצוהאַלטן, איז ווייטער אַוועקגע-
שטויסן געוואָרן, דורכגעאַקערט מיט זיין קאָפּ דריי קלעפּיקע אין
גוט באַמיסטיקטע ערד-חלקים און ערשט ביים פערטן האָט זיין
מאָדישער הוט אָנגעטראָפן אויף אַן אומדורכדרינגלעכן מכשול.
חוץ דעם האָט דער אָפּטרייבער יענדרוש, פליענדיק פון זיין הויכן
געזעס אויף דער נידעריקער ערד, אַ קלאַפּ געטון אים מיט די ציין
אין הינטערשטן חלק פון שאַרבן. צום גליק זענען די פערד שוין
געבליבן, און האָבן, חיהש גלייכגילטיק צום גורל פון זייערע האָ-
בער-געבער, אָנגעהויבן צו צופּן דורך דער צוים דעם געשמאַקן
שטשאַוו באַם וועג.

אַרויסדראַפּענדיק זיך פון דער צעאַקערטער ערד, צעשטערנ-
דיק זייער סימעטריע און באַמיסטיקונג, האָט באַריקאַ באַטראַכט
מיט פאַרצווייפלונג זיין הוט און געטראַכט, מאַטערנדיק זיין טאָפּלט
צעמזיקטן שאַרבן, ווי אַזוי וועט ער קענען אין אַזאַ לאַגע פאָר-
זעצן זיין נסיעה און פאָרשטעלן זיך פאַר פרעמדע מענטשן.

— האַ-האַ-האַ! — האָט געוואָיעט היפּאָליט, קוקנדיק אויף
זיין חבר, וועלכער האָט זיך כסדר געכאַפּט באַם קאָפּ, וואָס האָט
אים געווייטיקט פון דער באַרירונג מיט דעם אָרדינאַנס ציין. ווי
ס'איז האָבן זיי אָבער מיט יענדרושקעס הילף באַוויזן זיך אָפּצוריי-
ניקן און אויסצוגלייכן די ביינער, וואָס זענען צום גליק גאַנץ גע-
ווען. זיי האָבן מיט געמיינזאַמע כוחות אויפגעהויבן ס'קעטשל,
אַריינגעזעצט זיך און צוויי מאָל אַזוי גיך געפאָרן ווייטער. דער
שטאַרק-צייניקער יענדרוש האָט געזאָגט, אַז היפּאָליט „דערפאָרט"
די פערד. ער האָט זיי באמת „דערפאָרן", ווייל זיי האָבן געטראָגן
דאָס קעטשל, ווי פיר שדים, איבער פאַרוויאַטע פעלדער און
לאָנקעס, איבער גריבער און טייך-קאָריטעס, וואָס זענען אָבער גע-
ווען, ווי ס'האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, גאַנץ נאָרמאַלע וועגן.
ס'איז שוין גאָר פינסטער געוואָרן, בשעת זיי זענען פאַרבייגעפאָרן
אַ שיין פּאַלאַץ.

— לענינק... — האָט היפּאָליט לאַקאָניש געזאָגט, ווייזנדיק

מיטן בייטשל אויפן פּאַלאַץ.

דאָס וואָרט האָט צעזאַרין ווייניק געזאָגט. מיר האָט אים דערפרייט, בשעת ער האָט באַמערקט, אַז פון די לעציענישע שטחים איז דאָס קעטשל אַריינגעפאָרן אויף אַ זאַמדיקן וועג און אין אַן אַלטע פון אַלטע ביימער. ס'איז שוין געווען שטאָק־פינ־סטער. באַם סוף פון דער אַלעע האָבן געלויכטן פייער־לעך.

— זעסט, טשאַרוש, ווי ס'לייכט?

— כ'זע

— נו, פריי זיך, ברודערקע! זאָל דיך דער רוח נעמען! פריי זיך, זאָג איך דיר! דאָס איז נאַוולאָטש!

צעזאַרי איז דווקא געווען אַ ביסל אומרויק. ער האָט זיך עפּעס געשעמט און, וואָס ס'איז נישט געווען זיין טבע, פאַר עפּעס מורא געהאַט און זיך געשראָקן. די פערד זענען אַריינגעלאָפן אויף אַ ברייטן הויף און געבליבן שטיין פאַר אַ באַלקאָן. אויף דעם באַלקאָן, וואָס איז געווען שטאַרק באַלויכטן, האָט זיך געהערט אַ אַ געמישטער רעש פון אַ סך מענלעכע און ווייבלעכע קולות, וואָס האָבן אויסגעשריגן דעם נאָמען:

— היפּאָליט! היפּעק! היפּיטשאַ! היפּעטשעק! היפּ!

וועלאָסלאַווסקי איז אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן פון געזעס דורך אַ סך הענט און אַריינגעפאַלן אין זייערע אָרעמס. צעזאַרי איז פאַמעלעך אַראָפּגעקראָכן פון געזעס, בלייבנדיק מיט זיך אַליין. אָבער מען האָט אָן אים נישט פאַרגעסן. אין אַ רגע אַרום איז ער געגאַנגען איבער ברייטע און פּראַכטפולע, כאָטש אַ ביסל מאָדנע־באַוועגלעכע שטיגן און געקומען אויף אַ גרויסן, מיט ווילדע וויינ־טרויבן באַוואַקסענעם באַלקאָן. אין שיין פון לאָמפּן און ליכט האָבן זיך פאַר זיינע אויגן געדרייט פאַרשידענע געשטאַלטן: אַן עלטע־רע דאַמע, אַ הויכע, מיט באַוועגונגען, וואָס זענען פול געווען מיט אַ מלכותדיקער מאַיעסטעט; אַ בלאָנדע פריילין מיט שיינע בלויע אויגן! אַ יונגער גלח און אַן אַלטער הער מיט שוואַרצע אַראָפּ־הענגענדיקע וואָנסעס... היפּאָליט האָט פאָרגעשטעלט צעזאַרין פאַר די פאַרזאַמלטע אויפן באַלקאָן. צעזאַרי האָט זיך אַ סך מאָל

פאַרנייגט, געקושט די הענט פון דער עלטערער דאַמע, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, היפּאָליטס מוטער; געדריקט די האַנט פון יינגל, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, היפּאָליטס קוזין; דער יינגער פרײלין, קאַראָלינאַ שאַרלאַטאָוויטש, זיין קוזינקע און דעם עלטערן הער, דעם פעטער סקאָלניצקי. אַלע האָבן זייער ליבנסווירדיק מקבל-פנים געווען „דעם" באַריקאַ, צוגעקוקט זיך צו אים מיט אַ נייגעריקייט, וואָס איז אַ ביסל געווען צו פּראָווינציעל פאַר אַ „העכערער" געזעלשאַפט, און אפילו אַ ביסל דאָרפיש. צעזאַרי האָט געמאַכט אַן אָנשטעל פון פרייער האַלטונג, פון אַ וועלט-מענטש, כאָטש אים האָט שטאַרק געשטערט דער געדאַנק וועגן זיינע פאַרשמירטע מלבושים און צעקנייטשטן קעלנער. דאָס געשפּרעך איז אַזוי באָטיש צוגעגאַנגען, אַז מ'האָט גאָרנישט געקענט פאַרשטיין. דער האָט גערעדט און ס'האָט יענער גערעדט, פול מיט געשרייען און פרייד. אַלע האָבן גלייכצייטיק געשטעלט פראַגן און נישט וואַרטנדיק אויף קיין תשובה — געשטעלט נייע. קיין חידוש נישט: דער זייל פון דער משפחה, דער עלטסטער זון, איז צוריקגעקומען פון דער מלחמה אַ גאַנצער און געזונטער, אַ דיקער און אָפּגעברענטער, ווי ער וואָלט זיך אומגעקערט פון יאַגד אין דער שכנות. פרײַלין שאַרלאַטאָוויטש, וועלכע האָט צום דייטלעכסטן, צום אָפטסטן און מ'מוז מודה זיין צום שיינענדיקסטן גערעדט, האָט איצט אויסגעשאָסן, קוקנדיק אויף היפּאָליטן, נאָר מיינענדיק אויף „דעם צווייטן":

— איך זע נישט, היפּ, דו זאָלסט ווידער אַזוי שטאַרק מאַכן דעם איינדרוק פון אַן אויסגעפייניקטן אינוואַליד! גיכער האָסטו זיך נאָך מער אויסגעפּאַשעט. צי בין איך זיך נישט טועה? אָבער יאָ — דו ביסט דיקער געוואָרן! אָט-אָט און דו וועסט זיך פאַרלאָזן אַ גוידער אונטער דער גאָמבע. און אפשר איז עס גאָר אַ ספּעציעלע מלחמה-חולאת אַ געשווילעכץ?

— זע נאָר, צעזאַרי, זיי האַלטן אונדז פאַר פּראַנטן, וואָס וועגן זיך געוועזן אין אַ סאַנאַטאָריע, און איצט זיך איבערגעטון פאַר העלדן.

— מען דאַרף לייען, לייען כּסדר, העלד מיינער, נישט נאָר

פון פּאַרביסענעם שונא, נאָר אויך פון פרויען... — האָט באַריקאַ געלאַכט.

— איך דערמאָן זיך נישט, אַז עמעצער זאָל דאָ האָבן גערעדט וועגן „פראַנטן“ — האָט זיך פריילין קאַראָלינאַ אויפגעקאָכט — אָבער אַלע קומען צוריק אַזעלכע קאָרפּולענטע, אַז די מלחמה ווייזט זיך מיר אויס, ווי עפּעס אַ קוראַציע, וואָס פרישט אָפּ.

— ווער זענען עס די „אַלע“? קאַראָלינע — ווער זענען עס די „אַלע“?

— נו, למשל, — יענדרעק.

— איר האָט שוין געהערט! דאָס מיידל, וואָס האָט נאָך נישט געשמעקט קיין פּולווער, וואַגט צו זאָגן, אַז מיר האָבן אויף דער מלחמה געפּוצט שיך אין די פּאָרצימערן, ווי דער הער יענדרעק.

— אָבער ניין! איך ווייס, אַז דו האָסט געיאָגט דעם שונא, ווי טשאַרניעצקי.

— וועגן דעם שונא, וועגן די באָלשעוויקעס — פּאָרזיכטיק! דער דאָ אָנוועזנדיקער פריינט מיינער, באַריקאַ, איז, ווי זאָל איך עס זאָגן? — כמעט אַ באָלשעוויק.

— אַזוי? איר? — האָט זיך פריילין קאַראָלינאַ געחידושט, אָפּמעסטנדיק דעם גאַסט פון קאָפּ ביז פיס מיט אַ שאַרפן בליק.

— ער זאָגט עס אין שפּאַס! — האָט באַריקאַ אַ ברום געטון.

— איך האָב נאָך נישט געזען קיין נאָרמאַלן באָלשעוויק פאַר מיינע אויגן...

— און וואָס האָסטו שוין יאָ געזען „פאַר דיינע אויגן“, די מיידעלע פון ווייסן פּאַלאַץ אין אוקראַינע?

— איך האָב שוין געזען די שטאַל פון דער זייט פון דיין פּאַלאַץ און דיין פּאַלאַץ פון דער זייט פון דער שטאַל.

— איך מוז דיר, צעזאַרי, אויפקלערן אַ געוויסע זאַך: פריילין שאַרלאַטאָוויטש, די דאָ אָנוועזנדיקע פריילין קאַראָלינאַ —

שוין אַזאַ נאָמען, וואָס קען מען העלפן, אַ פעלער! — האָט פאַר־לוירן אירע גיטער אין אוקראַינע, תיכף נאָכדעם, ווי די באָלשע־וויקעס זענען געוואָר געוואָרן. זי איז געווען אין אַ וואַרשעווער פענסיאָן, געלערנט זיך געאָגראַפיע, אַלגעברע — יאָ! — און סטי־ליסטיק, בשעת מען האָט איר צוגענומען די גיטער. איצט פאַר־דינט זי זיך אויף אַ שטיקל ברויט. קאַראָלינאַ שאַרלאַטאַנאָוויטש פּי־טערט היגער אין נאַוואָלאָטש.

— דיינע הינער, גרויסער מאַגנאַט!

— דאָס איז מליצה, טאַקע אַ סטיליסטישע — האָט זיך אַריינגעמישט דאָס יונגע גלחל — דאָס איז עס טאַקע. קאַראָל־טשע פאַרנעמט זיך נישט בלויז מיט הינער...

— נאָר אויך מיט געגנדז... — האָט צעזאָרי צוגעגעבן.

— אָ, באַלד, מיט געגנדז, מיט געגנדז... — האָט זיך דאָס גלחל געערגערט.

— און צי פאַרנעמט זי זיך נישט מיט געגנדז, קי, קעלבער, זשרעבעקלעך... כ'האָב געבענקט נאָך איר, טייער פּאָמידאָרל מייַנס. צעזאָרי איז אַן עדות! — ליגנדיק אין אָקאָפּ, האָב איך אָנגעהויבן צו חלומען און איך דריק אויס דעם אינעווייניקסטן חלום מיט די ווערטער: — כ'וועל אָנשרייבן אַ בריוו צו קאַראָ־לינאַ שאַרלאַטאַנאָוויטש, פון הער ראָגאַלאַ. כ'וועל זי אָנפרעגן, צי טראָגן די הינער ווי ס'געהער צו זיין?

— אַ גליק איז, וואָס דו האָסט מיר נישט געשיקט אַזאַ בריוו, ווייל כ'וואָלט דיר שוין געענטפערט, נו!

— נו, מיט אַזעלכע אָרטאָגראַפישע פעלערן, אַז — אַן איינס! אַן איינס מיט אַ מינוס! איבעריקנס, אין אוקראַינע האָט עס נישט שאַקירט. ווער קוקט זיך דאָרט אום אויף דער פּוילישער אָרטאָגראַפיע... מיין גאָט! דאָרט איז דאָך „ווסיאָ פּאָ רוסקי”...

— מיט צער קוק איך זיך צו, ווי אייער ברודער דער־לאָזט אייך נישט צום וואָרט... — האָט צעזאָרי געזאָגט.

— ער איז אַ ווילער מיט די ביינער, גוט, ווי אַ קאָטלעט

מייערן, אָבער איר האָט אוודאי געמוזט, ליגנדיק מיט אים אין די אָקאָפּעס, באַמערקן... אָרים, אָרים יינגל...

— לאָז דיך נישט, קאַראָלינאַ! — האָט דער גלח אַנאַס־ט זי זי אונטערגעהעצט, — פאַרטיידיק דיך, מיידל מיטן ביילעכל, ווי אַ מאַלינע! אויב דו וועסט אים איצט נישט פאַרדרייען דעם קאָפּ, וועט ער דיך ווידער באַהערשן.

— איך בין אים לכתחילה אַלץ מוחל. אַ אָרימער העלד, אַן אי וואַליד, אַן אויסגעמאַטערטער אין די קאַמפן, פאַרטיידיקער פון זיינע סטאַדעס, טאַבונען, קו-שטאַלן, קאַטשן און בייטשן...

— אַוונטברויט! אַוונטברויט! — האָט מיט התלהבות אויסגעשריגן דער גלח נאַסטעק. — Primum edere deinde philosophari.*) נישט אמת, הער פּאָרוטשניק? — האָט ער זיך געווענדט צו באַריקאַן.

— ליידער, אפילו נישט — קיין סערזשאַנט...

— וואָסערן האָט איר עס דאָרט צומשטאַרקסטן ליב געהאַט? — האָט דער גלח געפרעגט, כאַפּנדיק מיט אַ געניטער האַנט אַ גאָנעל מיט אַלטן בראָנפן.

— „שיווכע“ האָבן מיר אַלעמאָל ליב געהאַט, אָבער איצט טרינק דו, נאַסטעק, צו אָט דעם טשאַרושן...

— אַ, „טשאַרוש“ הייסט ער? כ'האָב טאַקע געוואָלט פרעגן, ווייל אַזוי איז עפּעס אומבאַקוועם.

— נו, הער „טשאַרוש“ — פאַר אונדזער! אַ שיינער נאָמען, באמת קאַרוש? ס'געפעלט דיר?

— אַ גאַנץ שיינער נאָמען... — האָט פריילין קאַראָלינאַ אַ שמייכל געטון.

— אַזאַ נאָמען רעדט זיך גוט אַרויס... — איז דער פּעטער מיכאַש אַריינגעפאַרן מיט אַ באַמערקונג.

— טשאַרוש — און פאַרטיק! — האָט פאַרענדיקט דער גלח, אַריינגיסנדיק מיט איין מאָל אַ נישקשהדיק גלעזל פון גאַר-

*) פריער עסן און שפעטער פילאָזאָפירן.

בישקשהדיקן אַלטן בראָנפּ.

דאָס איז געווען אַ מיטל־וואוקסיק, ברייט און אויסגעפּיטערטער גלח. די האָר האָט ער געהאַט געשוירן „אין אַ יעזש", אַ צעגאָסן פעט פּנימל, אַ קיילעכדיקס, פון ראַזירן אַ בלוילעכס בא די זייטן, אונטער דער נאָז און אויף דער גאָמבע. פון זיינע אויגן, פּנים און פיגורל האָט געשפּראָצט מיט געזונט און פרייד. ער האָט זיך בסדר געפּאַטשט אין די קני און אין די שענקלען, וואַרטנדיק אויף דער קלענסטער געלעגנהייט, כדי צו קענען אַרויסשיסן מיט אַ געלעכטער. איידער ס'איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון טיש דער אַלטער בראָנפן, האָט דאָס פּאַמיראַרל אַ קלאַפּ געטון באַריקאָן איבער די קני און אויסגעשריגן:

— אָבער איר האָט עס געגעבן די זשירנס! כאַ־כאַ־כאַ! פעסט זיי אָנגעשמיסן! דאָס איז אַ שמייסעכץ איבער שמייסעכצער, אַז אַן ענלעכס דאַרף מען זוכן מיט ברילן אין דער געשיכטע! דאָ מאַכט דער פּילסודסקי אַ שאַך־מאַך! אַריינגעשניטן ווי מיט אַ מעסער! דאָ יאָגט אונדזער גאָטספאָרכטיקער האַלער און שלאָגט! דאָ קלאַפּט שיקאָרסקי, ווי אין אַ פּויק! אַ געטלעך געשעעניש...

ער האָט זיך באַלד בסוד איבערגעצלמט, אַ רגע געהאַלטן צונויפגעלייגט די פּעטינקע הענטלעך און עפּעס געמורמלט אונטער די נאָז אויף לאַטייניש.

— דאָס שמייסעכץ איז שוין גוט געווען, אָבער מ'האָט אויך געמוזט קריכן, קריכן... — האָט אָפּגעקרעכצט היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקי.

— ע, וועסט עס אָפּעסן! און דאָס תיכף, היינט. דערלאַנגט זשע די זופּ! דערלאַנגט דאָס קעלבערנס... אָבער געבראָטן איז עס? אָ, מיין גרויסער גאָט... קאַרוש — געבראָטן איז עס?...

פריילין קאַראָלינאַ האָט פייערלעך געשוווירן, אויפהייבנדיק צוויי פינגער.

— אָבער די שאַלאַטן וועסטו אַליין אַכן...

— וועגן די שאַלאַטן מעגסטו זיין רויק...

— פֿאַרזיכערסט עס? — האָט זיך געזאָרגט דער גייסטיקער פֿאָטער.

אין דער צייט פֿון דעם גאַנצן הי-הא איז היפּאָליטס מוטער שווייגנדיק געזעסן אין אַ גרויסן פֿאָטעל. זי האָט געקוקט אויף איר זון און גליקלעכע, באַהאַלטענע טרערן האָבן זיך אָנגעפֿאַלן בעגאָסן פֿון אירע אויגן.

— די מאַמעשי ווייגט זיך דאָרט אינטער שאַ-שטיל — האָט היפּאָליט גערירט געזאָגט. — איר רעדט זיך דאָרט הויך, וואָס אייער האַרץ גלוסט, און איך וויל זיך דאָ אויסוויינען פֿאַר אַלע צייטן. נישט אמת? יעדער האָט זיך זיין אויסדרוק פֿון פֿרייד. און גוט, מיין ליבסטער פֿריינט טשאַרוש באַריקאַ, האָט נישט קיין טאַטן און נישט קיין מאַמען. זיין פֿאָטער איז אפֿילו ערשט נישט לאַנג בעשטאָרבן. און אין וואָס פֿאַר אַ באַדינגונגען! און טשאַרוש לעבט. און ער האָט זיך געשלאָגן, אַז ס׳איז געגאַנגען אַ רויך. און גייט אַרום. און לאַכט. און איצט וועט ער ווידער אַרייַנגיסן אַ ביסל אַלטן בראָנפֿן!

— אָ, זעסטו! דאָס האָסטו, היפּ, געזאָגט אַ וואָרט — צוימעס! מיר טרינקען פֿאַרן געזונט פֿונם לעבן! און דאָס טרינקען מיר צו דער מאַמעשי! — האָט געשריגן דער גלח נאָסטעק.

— איך קען נישט טרינקען, מיין ליבער פּראַלאַט. דו ווייסט דאָך. ס׳האַרץ. און כ׳בין אַזוי שוין אויך גענוג שכור, בשעת איך קוק אויף דעם זעלנערל... — האָט געזאָגט די פּרוי וויעלאָסלאַווסקאַ. צעגייענדיק אין אַ שמייכל פֿון גליק און נישט אָראָפּלאָזנדיק די מיט שמחה-פֿאַרפֿולטע אויגן פֿון איר היפּאָליט.

— עט — היפּן וועט איצט זיין זייער גוט אין נאָוולאַטש! — האָט ס׳גלחל אָפּגעזיפֿצט. — אַזוי דוכט זיך מיר עפּעס אויס. און ווי דוכט זיך דעם פֿעטער? — האָט ער געפֿרעגט דעם הער סקאַלניצקי.

— מיר דוכט זיך אויך אַזוי... — האָט דער פֿעטער אָפּגעזיפֿצט.

— שווייגן אים! — האָט אויך באַשאָן די עלטערע פרוי. — געווען אויף דער מלחמה, פאַרטיידיקט די ערד, העלדיש געקעמפט, דורכגעמאָסטן דאָס גאַנצע לאַנד מיט זיינע אייגענע טריט!

— אַ ביסל אויך אויף אַ וועגעלע... — האָט היפּאָליט שטיל צוגעוואָרפן. — אָבער נישט אַ סך. דאַמאָלס ווען די חבֿרה האָט מיך אויסגעבוקערט און באַריקאַ האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט. יעדנפאַלס, אַכטונג!

— און ווו איז אייער מוטער געשטאָרבן? — האָט די פרוי וויעלאָפּאָלסקאַ העפלעך און גוטמוטיק געפרעגט צעזאַרין.

— אין באַקו, מאַדאַם.

— אַזש אין באַקו!... זענט איר אויך פון דאָרטן, פון באַקו!

— עס איז אַ ביסעלע ווייטער פון דיין געבורטס-אָרט, דו העלדישער קעמפער... — האָט פריילי קאַראָלינאַ אַרויסגעצישעט צו היפּאָליטן.

— קאַרוש! זאָל נאָר מאַטשעיוניאַ אַהערשטעלן דאָס דאָזיקע גרעסערע גלעזל... ווי אַזוי רעדסטו!... — האָט זיך גוטהאַרציק געדאַנקט דאָס גלחל.

ווען מ'האָט פאַרנומען די ערטער בײַם טיש, און ס'זענען נאָך צוגעקומען דער אַדמיניסטראַטאָר, הער טוושיצקי, צוויי עלטערע מומעס, איינע אַן אַלמנה, אַניעלאַ, און די צווייטע אַן אַלטע פריילין, וויקטאָריאַ — איז געוואָרן אַן אויסערגעוויינטלעכער רעש. דער אַלטער דינער מאַטשעיוניאַ האָט נישט באַוויזן אָנצושטאָפּן די פלעשלעך. ס'איז אים אַפילו שלעכט געגאַנגען מיט די קאָרקעס. דער פריץ אַליין, „דער גנעדיקער היפּטשיאָ", האָט אים געמוזט צוהעלפן, הינטער דעם קרעדענס, אַ געהיימע צעשטערונג פון דער היעראַרכיע — גאַנץ פּשוט צום אַרומנעמען זיך פון „גנעדיקן היפּטשיאָ" מיטן אוראַלטן מאַטשעיוניאַ.

צעזאַרי האָט געטרונקען, וויפל מ'האָט אים אָנגעגאָסן, און געגעסן,

וואָס מען האָט אים אַרײַנגעלייגט אויפֿן טעלער. אַלע האָבן אויף אים געקוקט מיט פֿרייד, כמעט מיט ליבע. דאָ האָט דער אַלטער מאַטשעיוניאָ — וואָס איז געווען אַזוי גראָב און אָנגעגאָסן אין זײַן שמאָלן פֿראַק, אַז ער וואָלט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ אומאויסהײלבאַר קראַנקן אויף אַ נאַסער געשווילעכץ, ווען נישט די אויסגעצייכנטע, פֿרישע פֿאַרב פֿון זײַן פּנים — פֿאַרנייגט זיך מיט אַזאַ שמייכל, ווי ער וואָלט וועלן אויך דעם פֿרעמדן „גנעדיקן פּריץ" אויסקושן, ווי זיי נעם — ער האָט געפּינטלט מיט די אייגלעך און געמאַכט מינעס, כּדי אַרויסצונעמען די אין וואַסער־גראָז אײַנגעפּלאָכטענע אַלטע פֿאַרשימלטע פֿלאַש, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין דער רעכטער האַנט.

דאָרט האָבן ווידער די צוויי מומעס, אַנגעלאַ און וויקטאָריאַ, אָנגעבויגן זיך צו אים איבער דער אַנדערער און געהייסן אים דערציילן — „אַלץ — אַלץ!" — וועגן זײַן מוטער, — און ווען ער האָט זיך שוין גוט פֿונאַנדערגערעדט און אַלץ דערציילט, האָבן אמתע טרערן אָנגעהויבן אַראָפּצוקאַפּען פֿון זייערע אויגן קאַפּ—קאַפּ—קאַפּ! גוט — הער גאַיאָוויעץ! אָבער פֿון וואַנען — צו אַלדע רוחות! — די צוויי דאַמעלעך? און וואָס זענען דאָך געווען אמתע טרערן, ווי פֿון קרובים, פֿון ווייטע אָבער אומבאַקאַנטע שוועסטערן, וואָס האָבן געטרויערט איבערן גורל פֿון זײַן טײַערער מוטער.

דאָרט וויל אים ווידער דער פּעטער מיכאַש עפּעס זאָגן, עפּעס אַ סוד, עפּעס בײַערס און וויכטיקערס פֿון אַלעם. ער הייבט אָן, קען אָבער נישט ענדיקן, ווײַל אַלע שטערן אים. זיי האָבן זיך פֿאַרנומען אים צו שטערן. רעגט ער זיך אויף, רייסט די וואָנסן און דרייט ווילד איבער די אויגן. און צום רומל דאַרף מען נאָך וואַיטשיוניאָ! דער לאָקאַי מאַטשעיוניאָ בעט שוין; אפֿשר צען מינוט אין דער שטיל די גנעדיקער פּריצהטע, נו, און דעם גנעדיקן יונגן פּריץ, אַז וואַיטשיוניאָ קען נישט אויסהאַלטן און בעט שרעקלעך, מ'זאָל אים דערלאָזן אַ קוק־טון אויפֿן יונגן פּריץ. נו, האָט מען אים געטון די גנאָד און — זאָל מען אים רופֿן!

— די טיר עפֿנט זיך אַ ביסל און עס באַווייזט זיך וואַי. שיו־

ניאָ, דער קוכער, אויך אַזאַ אַלטער, ווי דער לאַקיי מאַטשעיוניאָ.
דער קוכער איז אַ שטאַמלער, באַרימט אין דער גאַנצער געגנט.
ער קען גאָרנישט נישט זאָגן, ער נעמט נאָר אַראָפּ זיין ווייס
היטל און לאַכט מיט אַן אַלט, פריידפול געלעכטער, וואָס איז ענ־
לעך צום הירזשען פון אַ פערד. ער טרייסלט צום פריצל היפּ־
טשיאָ מיט זיינע ווייסע הענט, ווייזט אים עפּעס אויף שטום לשון,
היפּאָליט ענטפערט אים אויף שטום לשון און, ביידע לאַכן זיי פון
גליק.

דער קוכער פאַרמאַכט די טיר מיטן געהעריקן דרך־ארץ,
דאַנקענדיק פאַר דער גנאָד. אָבער נאָך פון הינטער דער טיר
הערט מען זיין געלעכטער און פריידפולע שטאַמלעניש.

עס האָט נאָך נישט געהאַלטן בא דער העלפט פון מיטאָג,
און צעזאַרי — „טשאַרוש" — האָט שוין געטרונקען ברודערשאַפט
אויף טויט און לעבן מיטן גלח נאַסטעק, מיטן פעטער מיכאַש און
אפילו געשטויסן מיט זיין גלעזל די גלעזלעך פון ביידע עלטערע
מומעס און פון דער יונגער פריילין קאַרושאַ. דאָס האָט אַ ביסל
געערגערט די עלטערע פרוי, די מאַמע פון דער פאַמיליע, אָבער
דעם אָוונט האָט זיך יעדער סדר אָפּגעריסן פון די זאַוויאַסעס און
יעדן חילוק האָט מען צו־נישט געמאַכט.

הינטער די שוואַרצע פענסטער האָט זיך דערהערט עפּיס,
ווי מען וואָלט געשאָסן. דאָס האָבן די אַלטע פאַראַבקעס מקבל־
פּנים געווען דעם יונגן פריץ, וואָס האָט זיך אומגעקערט פון מי־
ליטער, שיסנדיק אויף וויוואַט מיט די בייטשן, לויטן אַלטן מנהג.
דער גנעדיקער היפּטשיאָ האָט מיט זיינע נישט שטאַרקע זיכערע
הענט צונויפגעשאַרט פון די נידעריקערע קרעדענס־פאַכן אַ שפּאַר
ביסל פלעשער, אַזוי ברייטהאַרציק און אַזוי נישט קלויבנדיק, אַז
דער געערגערטער מאַטשעיוניאָ האָט געמוזט אייניקע פון דער האַנט
אים אַרויסרייסן — ווייל, ווי אַזוי קען מען עס! — דעם גינ־
נאָלדענעם טאָקאַי פון דעם גנעדיקן גאָטזעליקן פריץ פאַר די פּויר־
נאַלעס!

היפּאָליט האָט אַרויסגעשיט פון זיין פּאָרטפעל דאָס גאַנצע
ביסל געלט, וואָס האָט זיך דאָרט געפונען און, ספּענדיק, איז ער

אַ באַלאַדענער מיט דעם אַלעם, אַרויסגעגאַנגען אויפן באַלקאָן. עס איז געווען אַ פינסטערע האַרבסט־נאַכט. ווייל אַנדערע זענען נאָכ־געלאָפן היפּאָליטן, איז אויך צוזאַיי אַרויסגעגאַנגען. ער האָט גע־קוקט אין דער פינסטערער נאַכט אַריין און אויף די אומקלאָרע גע־שטאַלטן. ער האָט געהערט באַגריסונגס־ווערטער.

— ע, שימאָן, וואָס מאַכסטו? דאָס ביסטו, זערוואַ? פּאַווע־לעק, דאַרינקער, דער פּוס טוט דיר נאָך וויי? יוזשיאַ! פראַנעק! וואַלעק! חבֿ"ה, אַהער צו מיר!

צעזאַרי האָט זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד פון באַלקאָן. ער איז געווען באַרויִשט. ער איז געווען שיכור, אָבער נישט פון ווײַן. נאָכן טויט פון זיינע עלטערן האָט ער איצט מסתמא ס'ערשטע מאָל געפילט אַ פרייד אין זיין האַרצן, אַ גענוס פון זיין לעבן־גליק. ס'איז אים גוט געווען מיט אָט די פרעמדע מענטשן, ווי ער וואָלט זיי געקענט און געליבט שוין לאַנגע יאָרן. אַלץ אין דעם הויז איז געווען גוט פאַר זיינע געפילן, נאָענט צו אים, ס'האָט אים איינגעוויגט, — ער האָט זיך געפילט אַזוי, ווי אַמאָל אין די אָרעמס פון זיינע עלטערן. דאָ איז אַלץ געווען אויף זיין אָרט גוט אַוועקגעשטעלט און קלוג אָפּגעהיטן, אַלץ האָט צו זיך גע־צויגן, געלאָקט, ווי אַ וואַרעמער אויוון אין ווינטער, ווי דער שאָטן פון אַ גרויסן און ברייט־פאַרצווייגטן בוים בשעת אַ זומערדיקער היץ. קיין שום שלעכטע אומפריינטלעכע מחשבה קענען דעם הויף האָט נישט באַדאַרפט געבוירן ווערן.

און דאָך האָט אים אַ צער פאַרקלעמט דאָס האַרץ, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אין עסצימער. די פרישע לופט האָט אים באַרויִשט, און נייע גלעזער אַלטער ווײַן האָבן אים געזעצט אין קאָפּ אַריין. ער האָט זיך צעוויינט, ביטער צעוויינט. ער האָט שיכורעהייט אַרומגעכאַפּט היפּאָליטן באַם האַלדז און ליידנשאַפט־לעך אים געשעפטשעט אין אויער אַריין:

— היט זיך, ברודער! היט זיך! פאַר דעם איינעם זילבער־נעם פאָרטציגאַר, פאַרן האָבן אַ פּאָר זילבערנע לעפל, וועלן דיך דיזעלבע, גלייב מיר, דיזעלבע, מאַטשעיונייאַ און וואַיטשוניאַ, שי־מעק און וואַלעק, און אפילו דער יוזשיאַ — יוזשיאַ! — אַרויס־

שלעפּן אין גאָרטן אַריין און מיט אַ האַק דיר צעשפּאַלטן דעם קאָפּ. גלייב מיר! איך ווייס! גראָבע און ווילדע סאָלדאַטן וועלן דיך אַוועקשטעלן ראַ אַ וואַנט... די האַנט וועט זיי נישט ציטערן, בשעת זיי וועלן קעגן דיר אַקעגנשטעלן די ביקסן! פאַר אַט דעם איינעם זילבערנעם צוקער־ביקסל! גלייב מיר, היפּאָליט! כ׳באַשווער דיך...

— וואָס וויל ער? — האָט געפרעגט דער גלח אַנאַסטאַזי — דאָס זילבערנע צוקער־ביקסל וויל ער? נעם, ברודער טשאַרוש — נעם עס! באַהאַלט עס אין קעשענע אַריין! ס׳זאָל נאָר דאָרטן אַריין!

באַם טיש איז געוואָרן אַ ביסל לויזער. די פרוי וויעלאָסלאַווסקאַ האָט אַריינגעשלעפּט היפּאָליטן צו זיך אין צימער אַריין. די צוויי נומעס, זעענדיק, אַז די געמיטער ווערן אַ סערגעווייגטלעך, האָבן זיך אַרויסגעשאַרט פון עס־צימער. געבליבן איז דער פּעטער מיכאַל, וואָס האָט ערשט איצט באַוויזן צו דערציילן זיין געשיכטע וועגן אַ שרעקלעכן דורכפאַל, וועגן אַ לייכטזיניקער און לייכטגלויביקער קוילן־שותפות מיט צוויי ייִדן, די ברידער קאַמינקאַ...

צעזאַרי האָט אויסגעהערט, ער איז גערירט געוואָרן פון די איינצלהייטן פונם פּראָצעס, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, געשטוינט, אפילו געדראָט די ייִדן קאַמינקאַ. דאָס גלחל אַנאַסטאַזי האָט כסדר געזופּט פון זיין גלעזל — און דאָס איז געווען איינס פון די גרעסערע גלעזלעך — ער האָט געעפנט און צונויפגעקלייבט זיינע פּאַטינקע הענטלעך און געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער נעמט זיך אײַפער מיט דעם פּעטער מיכאַלס געשיכטע. באמת וואָלט ער אפילו גערן אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ געלעכטער און אַ קלאַפּ געטאָן דעם פּעטער אין די קני, אָדער אין די פּלייצעס — און דאָ איז, ווי צו להכעיס, דער זין פון דער דערציילונג געווען אַ טראַגישער — אפילו טראַגיש, ווי ס׳האָט געזאָגט דער פּעטער מיכאַש. דאָס „פּאָמידאָרל" האָט געדולדיק געוואַרט אויפן סוף, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ גאַסט־דינער און אַ גוט־דערצויגענעם מענטש, כאָטש ער האָט געוווּסט, אַז ס׳איז אַ מעשה אָן אַן עק. ס׳וועט זיך ענדיקן מיט קרעכצן, כליפּען און אָפּווישן זיך די נאָז, ווו ס׳איז פאַרגעקומען

אַ צופלוס. וואָס וואָלט ער דען נישט געגעבן, אַז ווער עס איז, אָדער וואָס עס איז זאָל איבערייסן דעם פעטערס היימישע פלוידערן וועגן די גיהנום-שדים קמינקאַ, וועלכע ער האָט שוין געהערט אַ פאָר הונדערט מאָל! קאַרושאַ איז אים צו הילף געקומען.

— אָבער איר מוזט דאָך זיין שטאַרק מיד, מיד! — האָט זי אַ זונג געטון מיט איר אוקראַינישער אויסשפּראַך — איר זענט דאָך געקומען אַזש פון וואַרשע?

— אַ ש פון וואַרשע.

— צי מיינסטו נישט, קאַרוש, אַז עס איז שוין צייט פאַרן הער פאָרוטשניק זיך אָפּצורוען אַ רגעלע ביז מאָרגן איינדערפרי? — האָט געפרעגט דער וו קאַרי נאַסטוש.

— כ'מיין אַזוי.

— און וווּ וועט אונדזער הער טשאַרוש שלאָפן? אין הויף אָדער אין דער „אַריאַנקע“?

— פאַרשטייט זיך, אַז אין דער אַריאַנקע.

— כ'נעם אייך אונטער מיין שוץ — האָט זיך דער גלח דעצידירט. — מיר וועלן שנאָרכן צוזאַמען. איי, וועלן מיר עס שנאָרכן!

— מאַטשעיוניאָ איז געגאַנגען מיט היפּאָליטן אויפּפּאַקן די זאַכן. פיעטרעק איז אין הויף. . . — האָט זיך געזאָרגט די פריילין קאַראָלינאַ.

— כ'וועל זיך אַן עצה געבן, גנעדיקע פריילין.

— ס'איז נישט אַזוי לייכט. כ'בין נישט זיכער, צי ס'איז דאָרט צוגעגרייט אַ בעט.

— דאָס ווייס איך שוין נישט, קינד-לעבן, כ'ווייס נישט. שלאָג מיך, שנייד — אויף בעטן פאַרשטיי איך זיך נישט. . — האָט דער גלח געברומט, זיפנדיק כסדר פון גלעזל.

— כ'קען זיך נישט העלפן! איך וועל אייך אַליין צופירן. כ'וועל זען.

— גאָלדענע ווערטער האָסטו געזאָגט. דער גאַסט מוז זיך אויסשלאָפן. מיר מוזן הייַנט שנאָרכן! עס וועט גאָרנישט נישט העלפן. לאָמיר גיין, פאָרו שניק!

צעזאַרי — וועלכער האָט שוין שלום געמאַכט אַפילו מיט דעם, אַז ער זאָל פאַרבלייבן אין דעם הויז אַ „פּאָרוטשניק", האָט גענומען זײַן צעניזוקטן הוט און נאָכגעגאַנגען דעם גלח און דער פריילין שאַרלאַטאָוויטש. זיי זענען אַראָפּגעגאַנגען מיט די שטיגן פון באַלקאָן און אַרײַן אין אַ פינסטערן, באַוואַקסענעם גאָרטן, וואָס האָט געראַוישט אין דער פינסטערניש מיט דער גרויס פון די האַרבסטיקע צווייגן. זיי האָבן געשלייכט פּאַרויס מיט שמאָלע געסלעך, וועלכע האָבן זיך כסדר געקרימט אין אַ האַלב-ראָד. באַלד זענען אָבער די האַלבראָדיקע וועגלעך פאַרשוווּנדן געוואָרן אין אַ גראָז-פעלד. דער גלח האָט געסאַפּעט און געקרעכצט, און לסוף געבליבן שטיין. אויף די אומרויִקע פראַגן פון דער פריילין קאַראָלינאַ האָט ער געגעבן מאָדנע אומגערעדנע און בייזע תשובות, און לסוף בכלל אויפגעהערט צו ענטפערן. מען האָט נאָר געהערט זײַן טאַפּען, וואָס איז אַלץ העכער געוואָרן און אַ משונהדיק וואַרפן זיך אין דער פינסטערניש.

די פריילין שאַרלאַטאָוויטש האָט זיך געלאָזט צו הילף דעם גלח און זי האָט אים באמת באַפרייט פון אַ שלעכטער לאַגע. דער בגילופנדיקער גלח איז אַזוי אין דער פינסטער אַרויפגעקראָכן אויף אַ יונג פיכטנביימל, וואָס האָט זיך אים אײַנגעזעצן אַרײַנגעשטופּט אונטער דער סוטאַנע און צווישן די פיס, דערצו נאָך אויף אַזאַ מאָדנע עקשנותדיקן אופן, אַז ער האָט בשום אופן נישט געקענט נישט אַריבערשפּרינגען, נישט אויסמײַדן עס, און בכלל נישט געקענט מאַכן אַ סוף צו דעם רײַטן אויפן פיכטנביימל מיט זײַנע געדיכטע און שפּרינגענדיקע צווייגן.

— צום טײַוול מיט די פיכטנביימלעך! — האָט זיך דער גלח געבייזערט. — וואָס איז דאָס פאַר אַן אײַנפאַל איבערצולאָזן אויפן וועג אַזעלכע קליינע פאַרזעענישן.

— וואָרן יעדער האָט עס שוין געזען, מען זאָל טראָגן אַזעלכע לאַנגע סוטאַנעס! — האָט די קוזינקע געענטפערט, באַפרייענדיק דעם גלח. — די גלחים אין אויסלאַנד טראָגן שוין נישט אַזעלכע לאַנגע ספודניצעס. אַפילו מיר, פרויען, טראָגן קירצערע ספודניצעס, נישט אַזעלכע, ביז צו דער ערד.

— שטיל! ווי וואַגסטו זיך אַריינצומישן אין גלחישע קליי־דער...

— כ'מוז עס טון, ווייל דו וואָלסט נישט אַראָפּגעקראָכן פון דעם פּיכטנבוימל, ווען נישט איך.

— אויך דאָס איז אמת. דערדאָזיקער גאָרנישט האָט נישט געוואָלט אָפּערקריכן פון אונטער מיר. אָבער גלחישע קליידער, דאָס איז נישט דיין זאַך! נישט דיין זאַך! היט דיר דיינע!

אין אַ רגע אַרום האָט דאָס גלחל אַנאַסטאַזי אָנגעהויבן צו זינגען מיטן פולן מויל:

„Caroline, Caroline
Prends ton chapeau fleuri
Ta robe blanche
De dimanche
Et tes petits souliers vernis...“(*

— נאַסטוש! וואָס האָסטו זיך עפּ״ס צעזונגען אינמיטן דער נאַכט? — האָט זיך די פריילין קאַראָלינאַ צעלאַכט.

— כ'בין אויף אורלויב, כ'בין אויף פעריען, אין מיין היים, Caroline...

— די מומע וועט דערהערן...

— אָ, בטלה, דערהערן! געטראָפן! זי וועט דערהערן, אָדער נישט דערהערן. די נאַכט איז אַזוי פינסטער, אַז ס'איז אוממעג־לעך עפּעס צו הערן. אַ גלח — מוז זיין באַ זיי — אַ מיזאַנטראָפּ בשעת כ'בין געווען אין פּאַריז...

— גוט, גוט, וועסט שוין דערציילן, וואָס ס'איז דאָרט גע־ווען אין פּאַריז... אָבער איצט מוזן מיר גיין אַ ביסל גיכער. דער רעגן קאַפּעט. לאָמיר זיך צואיילן!

---

*) „קאַראָלינע, קאַראָלינע, טו אָן דיין הוט מיט בלומען, דיין ווייס קלייד דאָס זונטיקדיקע און די קליינע לאַקירטע לעטשע־לעך“...

זיי זענען שנעלער געגאַנגען דורך די וועגלעך פונם גאָרטן, אין אַ פינסטערניש — כאָטש שטאָך דיר אויס די אויגן.

דער גלח האָט וואָס אַמאָל אַלץ מער געקרעכצט און באַקלאָגט זיך אויף די מכשולים, און צעזאַרי האָט געמוזט, צוליב די פולשטענדיק אים אומבאַקאַנטע ערטער, אָנכאַפּן זיך אָן פריילין שאַרלאָטאָוויטשס האַנט, כדי נישט צו האָבן דעם זעלבן סוף, וואָס דער גלח.

די האַנט פון דער דאָרפישער פריילין, כאָטש אַ קליינע, איז געווען שטאַרק און מוסקולער.

אָנכאַפּנדיק זי איינמאָל, האָט דער קריגער זי נישט אַרויסגעלאָזט פון זיין האַנט, ביז דער רגע, ווען זיי זענען אַלע דריי געבליבן שטיין בײַ אַ ווייסער מויער. דאָ האָט די פריילין געטראָפן צו אַ טיר, וואָס איז געווען אומבאַמערקט פאַר באַריקאַן, און זי געעפנט. זיי זענען אַריין אין אַ הויז, וואָס האָט געהאַט אַ פּאָדלאָגע פון געהאַקטע שטיינער, אויף וועלכע יעדער טריט האָט זיך דייטלעך געהערט.

דער גלח אַנאַסטאַזי האָט צוגעשלעפּט זיינע שווערע פיס צו אַ טיר, רעכטס, און געעפנט זי מיט אַ טומל, אַ סך אַ גרעסערן, ווי ס'איז נייטיק געווען. צעזאַרי האָט אים געוואָלט נאָכגיין. אָבער די פריילין קאַראָלינע האָט אים פאַרהאַלטן, אויפקלערנדיק, אַז זיין צימער איז ווייטער. דער גלח האָט פון דער טיר פון פינסטערן צימער אַרויסגעשריגן:

— איך וועל שוין אַליין טרעפן צום בעט, און דו ווייז דעם הער פּאָרוטשניק דעם וועג...

— שיין האָסטו מיך אַרויסגעפירט, אַפּיטרופּוס מיינער... — האָט מיט אַ געלעכטער אַרויסגעשעפּטשעט די פריילין. — און צי וועסטו דען באמת טרעפן צום בעט?

— דו טרייבסט קאַטאָוועס, צי דו פרעגסט וועגן וועג? אין בעט אַריין זאָל איך ווידער נישט טרעפן! אַ שיינע מעשה! אָט זע איך עס שוין, אָט האָב איך עס שוין, טייער בעטל...

Caroline, Caroline,
Prends ton chapeau flèuri...

— אַ גוטע נאַכט אייך, קאַנאַניק! — האָט צעזאַרי אויסגערופן.

— אַ גוטע נאַכט אייך, בריגאַדיער! — האָט אָפּגעקראָכצט גאָטס דינער, ערגעץ טיף אַריינפאַלנדיק.

פריילין קאַראָלינאַ און צעזאַרי זענען אַליין פאַרבליבן אין אַ ליידיקן און פינסטערן פּאָדערצימער. אַ רגע׳לע האָט די יונגע באַלעבאָסטע פון דיזאָזיקע ערטער בחיפזונדיק געזוכט אין אַלע ווינקעלעך אַ ליכט, האַלטנדיק זיך ווייט פון גאַסט. בסוף האָט זי דערקלערט מיט שמחה, אַז זי האָט שוין געפונען אַ ליכט. באַלד האָט זי אָנגעצונדן אַ שוועבעלע און געמאַכט ליכטיק.

— דאָסדאָזיקע הויז — האָט זי געזאָגט — איז ווי אַן אַלט געבעט-הויז, אַ סך מאָל אַן איבערגעמאַכטס. איצט איז דאָ דעם פּאַרוואַלטערס דירה, די קאַנצעלאַריע און גאַסטצימערן.

זי האָט געעפנט אַ טיר רעכטס און, אויפהייבנדיק הויך דאָס ליכט, געוויזן צעזאַרין דאָס צימער.

— דאַכט זיך, אַז איר האָט דאָ אַלץ, וואָס איז נייטיק. מ׳זעט דאָס גלייך. איבעריקנס וועל איך צושיקן דאָס יינגל.

— צו וואָס דאַרף מען שיקן אַ יינגל! כ׳וועל זיך אַליין אַן עצה געבן. אויף דער מלחמה האָב איך זיך אויסגעלערנט צו לעבן ווי אַ ספּאַרטיאַנער. כ׳האָב נישט קיין שום פּאָדערונגען אָבער ווי אַזוי וועט מיר זיך אומקערן אין יענעם הויז?

— כ׳וועל זיך שוין ווי ס׳איז אומקערן.

— אָ, אַזוי קען מען נישט! איך וועל אייך אָפּפירן.

— יאָ! איר מיך, ווייל כ׳האָב מורא, שפּעטער איך אייך, ווייל איר וועט נישט טרעפן.

— איך וועל שוין טרעפן, ווען איר האָט מיר שוין געוויזן דעם וועג.

— נו, איז גוט. איר וועט מיך אָפּפירן אַ שטיקל, ווייל באמת איז נישט אַזוי שטאַרק אָנגענעם איינע אַליין איצט צו גיין אין פּאַרק.

— אמת, אמת...

צעזאַרי האָט געעפנט די אַריינגאַנגס-טיר. דער רעגן האָט

שוין נישט געקאָפּעט, נאָר געדיכט, שאַרף און שטאַרק גע־
גאָסן.

— איר זעט, פרײַלין, ס׳רעגנט.

— יאָ, ס׳רעגנט.

— וואָס טוט מען דאָ?

— כ׳וועל גיך אַריבערגיין.

— מאַ, ס׳איז לײַכט צו זאָגן! זיך אַריבערצוגיין דורך דעם פינסטערן גאָרטן, וואָס איז פיל מיט פּיכטנביימלעך!

— ס׳איז נישטאָ וואָס זיך מצער צו זײַן. דאָ קען איך דאָך נישט בלײַבן, און אויבן, באַם פּאַרוואַלטער, שלאָפן שוין אַלע. לאָמיר גיין!

זיי זענען געגאַנגען אין פינסטערן פּאַרק. נאָך אַ פּאָר רגע־לעך האָט צעזאַרי געזאָגט:

— הילט אײַך אײַן אין מײַן מאַנטל. איך האָב אויף זיך אַ מאַנטל.

— ניין, איך דאַנק אײַך.

— איך בעט אײַך, הילט אײַך אײַן.

— איך דאַנק אײַך!

— אפשר פּאַסט עס נישט, איר זאָלט זיך אײַנהילן אין מײַן מאַנטל?

— נו, אוודאי. דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן זע איך אײַך אין שוין אָנטון אײַער מאַנטל. איבעריקנס, איז דאָס נישט קריסטלעך: איר וואָלט דורכגענעצט געוואָרן.

— אויב אַזוי, לאָמיר האַנדלען קריסטלעך און אָפּהיטן גלײַכ־צײַטיק די שטרענגסטע געזעלשאַפטלעכע פאָרשריפטן.

— נו?

— לאָמיר זיך ביידע אין אים אײַנהילן.

— ווי איך זע, זענט איר אַ צו גוטער קריסט, אַ קענער פון געזעלשאַפטלעכע פאָרשריפטן און אַ ביסל אַ צו דרייסטער קריגער.

— אַ קריגער מוז זײַן דרייסט. אָט, זעט איר, ווי דרייסט איך בין.

זאָגנדיק דאָס, האָט צעזאַרי פאַרוואָרפן דעם רעכטן אַקסל פון מאַנטל אויף פריילין קאַראָלינאַס אָרעם און אין דעם לינקן אַקסל — איינגעהילט זיין אָרעם. און כּדי זי בעסער צו פאַרהילן, האָט ער זי שטאַרק צוגעצויגן צו זיך. פריילין שאַרלאַטאָוויטש האָט זיך אָפּגערוקט פון אים, אָבער נישט אינגאַנצן, נישט דעצידירט. אַרומגעבענדיק זי דעליקאַט און נאָר אויף אַזויפיל, זי זאָל נישט דורכגעווייקט ווערן פון רעגן, האָט ער דערפילט, ווי זי ציטערט אינגאַנצן. איר קול האָט אויך געציטערט, בשעת זי האָט גערעדט:

— נישט אַלעמאָל, מיין הער, לוינט זיך צו זיין דרייסט. יעדנפאַלס בין איך נישט קיין גוט מאַטעריאַל פאַר זעלנערישע דרייסטקייטן.

— כ'בין נישט אויף אַזויפיל דרייסט, כ'זאָל אייך פאַרשאַפן אַן אומאָנגענעמלעכקייט. אויב איך האָב עס געטון, איז עס געווען נישט ווילנדיק און איך בעט אייך דערפאַר איבער.

— איר האָט מיר נישט פאַרשאַפט קיין שום אומאָנגענעמלעכקייט... נו, אָט איז דער הויף! אַ גוטע נאַכט אייך! אָבער צי וועט איר באמת טרעפן?

— ווי אין רויך אַריין!

— כ'ווינטש אייך אַ געשמאַקן שלאָף אין דעם אַריאַנישן גאַסט-הויז. .

צעזאַרי האָט זיך פאַרנייגט פאַר עפּעס אַ פאַרצווייגטן דאָרן אָדער עפּל-בוים, וועלכער האָט אים געענטפערט מיט אַראָפּגעשאָקלטע טראָפּנס רעגן — ווייל פריילין קאַראָלינאַ איז שוין געהאַט פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פינסטערניש.

---

אויף צומאָרגנס האָט זיך צעזאַרי פרי אויפגעכאַפּט, שוין זייענדיק גוט אויסגעשלאָפן. אַ רעגן האָט געקלאַפּט אין די שויבן פון פענסטער און אַ קאַלטער ווינט איז אַריינגעדרונגען אין צימער. אין די שכנותדיקע צימערן האָט זיך געהערט דאָס העל-

דישע שנאָרכן פון גלח (אומבאַקאַנט) און פון היפּאָליטן (גוט באַקאַנט).

צעזאַריס צימער איז געווען אויסערגעוויינטלעך הויך, די ווענט געקאַלכטע און אַ הילצערנער סופיט. די פענסטער און טירן זענען געווען אויסגעלאָזט אין די גראָבע ווענט, וואָס האָט באמת דערמאָנט אָן אַן אַלטן „אַריאַניש" הויז, אַ פאַרזאַמלונגס-זאַל, אָדער געבעט-הויז.

אין אַן אויסגעצייכנטער שטימונג האָט זיך דער יונגערמאַן אויפגעהויבן, אָפּגעוואַשן זיך און גוט אויסגעקעמט, אָנגעטון און אַרויסגעבויגן זיך פון דער טיר פון זיין צימער. דאָס פאָדערצימער מיט דער שטייגערנער פּאָדלאָגע איז נאָך העכער געווען, ווי דאָס צימער. די שטיגן פון פאָדערצימער האָבן אַרויפגעפירט אויף אַ גאָרן, וווּ ער איז שוין אַרומגעגאַנגען אין שווערע שיך און גערעדט.

עפענענדיק די טיר צום גאָרטן, האָט באַריקאַ דערזען דעם פּאַרק, דורך וועלכן ער איז נעכטן אין דער פינסטערניש געגאַנגען. דער פּאַרק איז געווען זייער גרויס, ער האָט זיך געצויגן פון דעם בערגל, אויף וועלכן ס'איז געשטאַנען די „אַריאַנקע", אַראָפּ, צום הויף, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט סאָדזשעווקעס און וואַסער-באַסיינען. דער הויף איז געווען אַ הילצערנער, אָבער אויף אַ שטיינערנעם פונדאַמענט, וואָס האָט אַמאָל געמוזט זיין אונטער אַן אַנדערן, זייער פּראַכטפולן בנין. אין פּאַרק זענען געווען לאַנגע אַלעען פון גראַבאָווע ביימער, וואָס האָבן זיך אַריינגעשניטן אין פעלדער און ווייטע לאַנקעס. אין איין אַזאַ אַלעע זענען געשטאַנען אַלטע בענק, באַשאָטענע מיט פאַרוויאַנעטע בלעטער און באַגאָסענע מיט רעגן-וואַסער. אַלע אַלעען און וועלדער זענען געווען פאַרצויגן מיט אַ פייכטן נעפּל, וואָס האָט געהאַט פאַר צעזאַרין עפּעס אַ באַזונדערן רייץ.

מיט גענוס האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט איבער די לאַנגע גראַבאָווע וועגלעך, נישט אָנטרעפנדיק קיין לעבעדיק באַשעפעניש. ער האָט זיך איינגעוויקלט אין זיין לייכטן מאַנטל און, פילנדיק אַ וואַרעמקייט אין דער נאָוועמבער-לופט, האָט ער זיך געפרייט, גע-

זעטיקט און באַרוישט מיט זיין פיזישער געזונטקייט און גייסטי-
קער לייטזיניקייט. ער האָט פאַר זיך אַליין אונטערגעזונגען אין
דער שטיל עפּעס אַ פריילעך לידל, אַ מוראַדיק נאַרישס אין אינ-
האַלט און אַ נישטיקס אין דער פאָרם. איינס פון די גרויס-ביימערדיקע
געסלעך האָט אים אַרויסגעפירט פון פּאַרק אין גוט אַריין, צווישן
שייערן, סטויגן תבואה, קו-שטאַלן, פערד-שטאַלן, מיסט-בערג און
פּיאַלעטעפּנער מיסט-יויך. דאָרט האָבן זיך שוין לאַנג אַרומגעדרייט
מענטשן, און יעדער פון זיי האָט באַגריסט דעם שפּאַצירנדיקן
„פּריץ" פאַרנייגנדיק זיך. די באַגריסונגען האָבן קאַליע געמאַכט
די פּרימאָרגן-שטימונג דעם אידעישן קאָמוניסט, און אים אַריינגע-
טריבן אין אַ מין פּאַניק. דערפאַר איז ער ווי אַמשנעלסטן אַוועק
פון יענער באַפעלקערטער סביבה.

ער האָט אָנגעטראָפן אַ געמיזע-גאָרטן, שפּעטער אַ ווין-אָרט
פון פאַרשידענע פייגל. אין אַ דראָטענער פאַרצוימונג האָבן באַ-
שיידן אַרומשפּאַצירט די הינער און די הענער האָבן ערנסט דורכ-
דעפּילירט, מעלדנדיק יעדע רגע מיט אַ שרייענדיקן קאָמוניקאַט,
אַז עס איז אַ דורכויס שלעכט וועטער, — עס האָבן, באַדויערנדיק,
געקראַקעט די אינדיטשקעס, און די אינדיקעס, האַלב משוגענע פון
גרויסקייטס-מאַניע, האָבן מיט ווילדע קולות פונאַנדערגעשפּרייט
זייערע דיקע פעדערן. אַ בראַכטפולע פּאַווע איז אומבאַוועגלעך גע-
זעסן אויף אַ פּלויט, ווי אַן אויסגעהאַפּטע פון פילפאַרביקן בראָנז,
אַ זיכערע מיט דער שיינקייט פון אירע פעדערן און קאָלירן פון
איר האַלדז. די שרייענדיקע פּערל-הינער האָבן אומדערמידלעך און
קריגעריש אויסגעשריגן עפּעס אַ באַמת-אומאָנשטענדיק וואָרט. די
אומציכטיקע קאַטשקעס האָבן געכלעפּטשעט זייער שמייז, איינטיקענ-
דיק אין דער קאָריטע זייערע שנאָבלען, פּיס און בייכער — די
גענדז האָבן אַלע מינוט אַרויסגעלאָזט באַמת נאַרישע און גענזענע
קולות פון באַוואונדערונג איבער אַלעם און נישט פאַרשטיין לגמרי
גאָרנישט אויף דער דאָזיקער וועלט.

אין דער געזעלשאַפט איז געווען אַזוי פיל אינטערעסאַנט
לעבן, אַז באַריקאַ האָט זיך ממש פאַרגאַפט אויף דעם עופות-
„סאָוויעט". דאָס איז אים אָבער געשטערט געוואָרן דורך אַ בילד,

וואָס האָט בײַ אים אַרויסגערופֿן דאָס שטאַרקסטע געלעכטער.

לעבן די שטעלעכלעך און הינער-שטײַגן האָט זיך באַוויזן אַ מיידל, ווי עפּעס אַן אויסגעצויגן און דאַר פּענסיאָן-מיידל. זי איז אַרויס פֿון דעם הויז, וווּ באַריקאַ האָט פֿאַרבראַכט די נאַכט. דאָס איז העכסט וואַרשײַנלעך געווען אַ צוגעפּאָרענע פֿון דער שטאָט אָדער פֿון ערגעץ-ווו, אַ קרובה פֿון איינעם פֿון די הויף-אָנגעשטעלטע, ווײַל זי האָט, אויף אַ באמת גרויסשטעטישן אופֿן, געחידושט זיך בײַ יעדער זאַך און אַלע ווײַלע עפּעס קאַפּויער געטון, פֿרעגנדיק וועגן אַלעם די דורכגייענדיקע, באָרוועסע און מיט הויף-פֿאַרקאַטשעטע קליידלעך, הויפֿישע דינסטן.

אַזוי אַרום איז זי, באַטראַכטנדיק יעדע זאַך, פֿאַרקראָכן צווישן די פּערל-הינער, וועלכע האָבן אין אַ גאַנצער סטאַדע אויסגעשריגן אונטער די צווײַגן פֿון די ווײַנשל-ביימלעך. מיט וואָס זי האָט זיך פֿאַרשולדיקט פֿאַר אָט די אַפֿריקאַנערקעס, האָט צעזאַרי נישט באַמערקט.

פּלוצלינג איז אָבער געשען אַן אויסערגעוויינטלעכע און פּע-באַמענאַלע זאַך.

איינע פֿון די עלטערע עופֿות, מיט אַן איינגעבויגענעם גאָרגל און אַ נישט פּראָפּאָרציאָנעל קליינעם בלויען קאָפּ, אַלזאָ, דער זכר פֿון אָט דעם שרייעריש[ן] געשלעכט, האָט זיך געוואָרפֿן מיט די נעגל און מוראַדיק צעעפֿנטן שנאָבל אויף דער צעקראָכענער פּריילין. ער איז געשפּרונגען פֿון דער ערד גלײַך צום בויך פֿון דעם מיידל, וועלכעס האָט פֿאַרלוירן דאָס לשון. זײַן עק, וואָס איז אַלעמאָל געווען פֿאַרבויגן צו דער ערד, און דאָס בלויע, אויף הינטן פֿאַרדרייטע הערנדל אויפֿן קאָפּ — זענען געוואָרן ווי נײַע בעגל פֿון אָט דעם פֿאַרזעעניש.

דאָס מוראַדיקע געשריי פֿון די פּערל-הינער, וואָס האָבן צום דײַטלעכסטן געשאָלטן אויף פּויליש „פּשיאַקרעוו! פּשיאַקרעוו! פּשיאַקרעוו!"*) און דער אָנגריף פֿון דעם דעמאָזיקן גרויען איי מיט

*) הונטס-בלוט.

די אָנצאָליקע נעגל, שנאָבלען, האַקעס, — האָבן אַזוי איבערגעשראָקן די מויד, אַז זי האָט זיך גענומען אַנטלויפן מיט אַ געשריי, וואָס האָט איבערגעשטיגן די קולות פון די פערל-הינער. די פיס, הענט, שיך-שנורלעך, די פּאַסקעס פון סוועטער, די בענדער, צעפּ, די פּאַלבאַנעס פון די אויסטערקליידער — דאָס אַלץ האָט געפלאַטערט אין דער דאָרפישער האַרבסט-לופט, וואָס איז נאָך דערצו צעריסן געוואָרן דורך אַ פאַרצווייפלט געוויין.

די פערל-הון האָט אָבער נישט נאָכגעגעבן, נישט ווייכער געוואָרן פון אַזעלכע בפירושדיקע סימנים פון קאַפּיטולאַציע, נאָר זי האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגן דאָס אַנטלויפנדיקע מיידל, מיט דעם שוין דערמאַנטן געשריי, וואָס האָט כסדר באַקומען אַלץ שטאַרקערע קאַמפס-קלאַנגען. דאָס דערשראָקענע מיידל איז אַנטלאָפן צום „אַריאַנישן" הייזל, פליענדיק, וואָס ווייטער, אַלץ גיכער. ענדלעך איז זי אַריינגעשפרונגען אינם גרויסן הויז פון דער זייט צום הויף צו. דאָרט האָט זי מיט ספּאַזמאַטישע קרעכצן און געשרייען נאָך הילף צו עפּעס אַ מומען, אָנגעפילט די הויכע קאָרידאָרן און שטיגן ביז זי איז, נאָכדעם ווי זי האָט פאַרהאַקט הינטער זיך די טיר, שטיל געוואָרן אין איר שוץ-אָרט אויף אַ שטאָק.

די פערל-הון איז אָבער נישט אָפּגעשטאַנען.

זי האָט מוטיק נאָכגעיאָגט איר קרבן ביזן הויז אַריין מיט דער שטיינערנער פּאָדלאָגע, זי איז אַריין אין פּאָדערצימער, צוגעלאָפן צו די שטיגן און שטייענדיק אין אַ דראָענדיקער פּאָזע אַקעגנאיבער אויף די שטיגן, מיט וועלכע ס'איז איר פאַרשוואונדן געוואָרן פון די אויגן דאָס שטאָט-מיידל, האָט זי דער וועלט מודיע געווען איר נצחון, אויסשרייענדיק איר „פשיאַקרעוו! פשיאַקרעוו! פשיאַקרעוו!"

די פאַראָבקעס, באַבעס און הויף-מיידן האָבן שוין לאַנג נישט געהאַט אַזאַ אויסגעצייכנטע פאַרוויילונג.

טייל פון די פויערים האָבן זיך געוואַלגערט אויף דר'ערד פון געלעכטער, קוקנדיק אויף דעם בילד. אפילו דאַן, ווען די קרומע פערל-הון האָט זיך אומגעקערט פון דער „אַריאַנקע" צו זיך אַהיים, זאַט פון רום און נצחון, — אפילו דאַן האָט דאָס

נאָז איר אַרויסצושטעקן געוואַגט נישט מיידל גרויס-שטעטישע פון שטוב אַרויס. די האַרבסטיקע קעלט האָט אָבער אַדורכגענומען דעם באַלאַבאַטער. ער האָט באַשלאָסן צוצוגיין צום הויף, אַרומקוקן זיך אַ ביסל און — טרינקען עפּעס וואַרעמס אָדער צובייסן. ער האָט אפילו געהאַט אַן אויפריכטיקן ווילן צו טיילן זיינע איינדריקן מיט דער פריילין קאַראָלינאַ און קודם כל דערווּסן זיך בא איר, וועמען האָט עס די אַפריקאַנערין אַזוי עקשנותדיק באַקעמפט און לסוף מנצח געווען. ער האָט אפילו געהאַט בדעה בכיוון זיך צו באַקענען מיט דעם באַזיגטן „צד" און בכלל דורכשמועסן זיך מיט איר וועגן פּערל-הינער. ער איז זיך רויק אַרומגעגאַנגען אין הויף, נישט טרעפנדיק קיין לעבעדיק באַשעפעניש. אַלע לאַדנס זענען נאָך פאַרמאַכט געווען און אינעווייניק האָט געהערשט אַ שטילקייט.

דער הויף איז געווען אַ ריזיקער, מיט אַ צעבראָכענעם דאַך. איבער דעם דאַך האָבן זיך פונאַנדערגעשפּרייט צווייגן פון ריזנביימער. געפינענדיק די הויפּט-שטיגן, וועלכע ער האָט נעכטן באַקענט, איז צעזאַרי באַריקאַ אַרויפגעגאַנגען אין הויפּט-קאָרידאָר. פון דעם קאָרידאָר זענען געווען אָפן די טירן צום עסצימער, וווּ מ'האָט דעם פאָריקן אָוונט געפּראַוועט די סעודה. דאָ איז געווען ליידיק, אָבער ביז צו אַ ברעקל אָפּגערוימט די כלים און שיריים פון דעם נעכטיקן אָוונט. אַ פייער האָט זיך געברענט אויף אַ גרויסן קאַמין פון גרינע קאַפּליעס. דאָס פייערל און זיין קנאַלן האָט אים אין דעם דורכנעמענדיקן פרימאָרגן פאַרשאַפט אַן אמתן געניוס. די גרויסע, ברענענדיקע שטיקער סאָסנע-טענענהאָלץ האָבן אָנגעפילט דעם גרויסן און שטרענג-אויסזעענדיקן זאַל, ווי מיט אַ געלעכטער און אַ שמועס פון אַ סך פאַרזאַמלטע.

באַריקאַ האָט אָנגעוואַרעמט די הענט באַם פייער, אָבער אין דער נאָנט פון פייער איז צו הייס געווען. באַמערקנדיק אַ גרויסע אַלטע סאָפע אין אַ ווינקל פון זאַל, האָט ער זיך אַ וואָרף געטון צו איר און אַוועקגעזעצט זיך אין ווייטסטן ווינקל, און איינקוקנדיק זיך אין דעם ווייטן שיין פון פייער אויפן קאַמין, האָט ער אָנגעהויבן „צו טראַכטן". דאָס פייער, און דאָס טרוימען בא דער

שיין פון פייער, די זכרונות, דער גייסטיקער דרימל, דאָס בילדערישע טראַכטן וועגן אַלעם דורכגעלעבטן און דאָס פאַרנעפּלטע אויפכאַפּן דאָס נישט דערלעבטע, דאָס געזעענע און איבערגעטרוימטע — דאָס איז אַלץ געווען ממש אַ טונקען זיך אין אייגענעם איך און אַ באַטראַכטונג פונם אייגענעם זיין. אָבער די מינוטן זענען אים געשטערט געוואָרן. צעזאַרי באַריקאַס מחשבות זענען איבערגעריסן געוואָרן, ווי די מחשבות פון טאַדעוש סאָפּליצאַ, נאָך זיין קומען אויפן דאָרף. ס'איז נאָר אַ ביסל אַנדערש פאָרגעקומען. אָט האָט זיך ערגעץ ווייט, אין די קאָרידאָרן און אין די אינגעווייד[ן] פון הויז, דערהערט דאָס זינגען פון גלח אַנאַסטאַזיס געכטיקע לידל — „Caroline, Caroline...“

די טיר האָט זיך געעפנט און אין עסצימער איז אַריינגעקומען די פריילין קאַראָלינאַ אַליין — אָבער אין וואָס פאַר אַ מלבושים! אָט! — גאַנץ פּשוט אין העמד. מסתמא איז דאָ ערגעץ אין שכנות דאָס שלאָפצימער, איז זי טאַקע גלייך פון בעט אַהערגעקומען צום פייער אַ ביסל זיך צו דערוואַרעמען. די פיס זענען געווען אין זאָקן און זי האָט געטראָגן ווייכע און שטאַרק אָפּגעטראָטענע לאַטשן, די האָר זענען געווען צעלאָזן און — לאָמיר זאָגן דעם גאַנצן אמת! — צעקודלט. זי האָט זיי גראָד פונאַנדערגעקעמט. אויפן לייב האָט זי געטראָגן בלויז אַ קורץ העמד שטאַרק אויסגעשוירן און דורכזיכטיק פון אויבן.

זייענדיק שוין לעבן דעם גרויסן פייער פון קאַמין, האָט זי אָנגעהויבן צו מאַכן פאַרשידענע פּירועטן*) און באַוועגונגען — פאַרבייגן זיך און בייגן. מסתמא כדי צו דערוואַרעמען זיך דאָ און דאָרט צוליב דעם קאַלטן פרימאָרגן, האָט זי אויפגעהויבן דאָס אַזוי אויך גענוג קורצע העמדל, — אָדער גאָר זיך בחינם פאַרשטעלט אַ געוויס אָרט, ווו ס'האָט זי שוין אַ ביסל צופיל געבריט. צווינגענדיק און טאַנצנדיק, האָט זי געקעמט אירע לאַנגע, גאָלדענע האָר. זי האָט אויסגעפירט אַ לייכטן „pas“ אין דער זייט פון פייער,

*) טאַנץ־פיגורן.

אַמאָל מיטן רעכטן, אַמאָל מיטן לינקן פֿיס, ווי זי וואָלט געווען אויף אַ בינע און געטאַנצט אַ באַקכישן טאַנץ צו פֿרייען די צוקוקער, וואָס זיצן אונטן, אין פּאַרטער, אין דער טיף פֿונם ברענענדיקן אויוון.

צעזאַרי איז געווען אַנטציקט פֿון דעם בילד, כאָטש ער איז נישט געזעסן אין פּאַרטער, נאָר אין אַ ווײַטער לאָזשע. קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געזען פֿאַר זײַנע אויגן אַזאַ האַרמאָניש-שיינעם און יוגנטלעך-געזונטן פֿרויען-קערפּער. יעדע באַוועגונג און בייג פֿון דער פֿרײַלין קאַרושאַס קערפּער איז פֿול געווען מיט אַן אומבאַזיגבאַרן רייץ. אָבער ס'וואָלט זיך געווען ברוטאַל זיך לאַנג צו זעטיקן מיטן אַנטפּלעקטן בילד פֿון אַ יונגער שיינקייט. דערפֿאַר האָט באַריק, איבעריקנס נאָך אַ גענוג לאַנגן ישוב-הדעת, אָפּגעהוסט און פֿרײַלעך געזאָגט:

— כ'האָב מורא, אַז אײַערע האָר קענען זיך אָנכאַפּן באַם פֿײַער, און דאַן...

ער האָט נישט געהאַט קיין צײַט צו פֿאַרענדיקן דעם זאַץ, וואָס האָט אין זיך אַנטהאַלטן אַזאַ באַרעכטיקטע מורא, אַזאַ פֿאָרויסזעענדיקע, כמעט פֿאָטערלעכע מורא — ווײַל פֿרײַלין שאַרלאָטאָוויטש האָט פּלוצלינג אַרויסגעגעבן אַ געשריי, כמעט ווי יענץ מיידל, וואָס איז אַנטלאָפֿן פֿאַר דער פּערל-הון — און זי איז מיט אַזאַ אימפּעט אַרויסגעשפּרונגען דורך דער טיר, אַז אַ האָר האָט געפֿעלט, זי זאָל זי אַראָפּרײַסן פֿון די זאַוויאַסעס. זײַט די טיר איז אַ טיר, די קליאַמקע — אַ קליאַמקע און די זאַוויאַסעס זאַוויאַסעס, האָט זי נאָך קיינמאָל קיינער נישט באַהאַנדלט אויף אַזאַ שטורמישן אופֿן.

די אַלטע, אויסגעמאַטערטע טיר האָט נאָך לאַנג זיך געוואַקלט אויף די צעטומלטע זאַוויאַסעס און געקלאַפּט מיט דער איבערגעשראָקענער קליאַמקע.

דאָס פֿײַער אויפֿן קאַמין האָט ווי פֿאַרצווייפֿלט און פֿאַרדרייאַכט דעם פּוח פֿון זײַן שיסן און קנאַלן, רוישן און דונערן פֿון געלעכטער, ווי אין דער טיף פֿון אויוון וואָלט באמת געווען

אַ גוט זיך ווייַלנדיקער עולם, וואָס האָט אַפּלאָדירט דעם צופאַל מיט דער פרייַלין קאַרושאַ.

צעזאַרי האָט נישט געוווּסט, צי דאַרף ער בלייַבן זיצן אויפן זעלבן אָרט, צי טיף זיך פאַרשעמען, אויפשטיין און אַרויסגיין. ער איז געבליבן.

שפּעטער איז אָנגעקומען מאַטשעיוניאַ אין זייַן פּרימאָרגנ־דעקל און אפילו מיט אַ קליין היטעלע, וואָס ער האָט מסתמא געזען אויף די פּליכן פון די „האָטעל־מייסטערס" בשעת זייַן נסיעה איבער אייראָפּע מיטן גנעדיקן גאָטזעליקן הער — „האָר אין הימל, באַשיין דאָרט זייַן נשמה. . ."

דערזעענדיק דעם פּרימאָרגנדיקן־גאַסט אויף דער סאָפע, איז ער צעמישט געוואָרן, זיך מצער געווען, אַ האָר האָט געפעלט ער זאָל זיך צעוויינען. וואָס איז דאָס! ס'איז נאָך קיין פרישטיק נישטאָ אויפן טיש, און דער גאַסט וואַרט שוין, אַזאַ גאַסט, דעם יונגן פּריצס גרעסטער פריינט!

ער האָט זיך אָנגעהויבן צו פּאָרען, לויפן, אַזש געשפּרונגען פון אייַלעניש. ער האָט תיכף אַרייַנגעטריבן אין זאַל אַ פּאָר באָרוויסע שטובמיידלעך, אַ פּאָר קליינע משרתימלעך, פּוצטרקעס און פלאָרקעס.

מ'האָט געדעקט דעם טיש און בליץ־שנעל אַרייַנגעטראָגן קיישלעך מיט קאָרן־ברויט, מיט זעמל פון דער אייגענער בעקערייַ, מיט טרוקענע קיכלעך און בייגל. מאַטשעיוניאָ האָט אייגנהענטיק אָנגעטראָגן גלעזלעך מיט האָניק, אייַנגעמאַכטס, קאָנסערוון, זאַפט. דאָ האָט ער אַוועקגעשטעלט דאָס „פּוטערל", דאָרט די בייגל. ער האָט געשמייכלט אונטער זיינע גרויע, צוגעשוירענע וואָנצעס, קוקנדיק אויף איין גלעזל, אויף וועלכן ער האָט טאַקע אומדערייסט אָנגעוויזן אין „געוואַגט" צו רעדן עפּעס שטילע, אָבער גרויסע, זייער גרויסע שבחים אויף זייַן חשבון. צעזאַרי האָט אים צוגעשווירן מיט די אויגן, אַז ער וועט פונאַנדערוויקלען דאָס פּעקעכץ פון גלעזל און פּאַרזוכן, און אפילו עסן טאַקע דערפון. פון די נעכטיקע דערפאַרונגען האָט ער זיך פאַרלאָזט אויף מאַטשעיוניאַ.

מ'האָט פייערלעך אַריינגעטראָגן די טאַץ מיט שטיינערנע קענדלעך. אין איין קענדל איז געווען קאַווע, אמתע קאַווע, נישט עפּעס אַ הונטישער דייטשישער „ערזאַץ" — אַ קאַווע, וואָס האָט פאַרשפּרייט איר גוטן ריח איבערן גאַנצן הויז. מ'האָט אויך דערלאַנגט די פּאָרציעס סמעטענע אין שטיינערנע טעפּלעך. מיט די הייטלעך, דורכן פייער צוגעבאַקענע, האָבן צום גאַסט געשמייכלט די שטיינערנע טעפּלעך, וואָס זענען צוגעוואַרעמט געוואָרן באַם פייער.

נישט וואַרטנדיק אויף די הויז־לייט, האָט זיך צעזאָרי גענומען צו דער קאַווע, צו די הייטלעך, צו דער סמעטענע, צום ברויט, וועלכע ער האָט געשלונגען ווי אַ זעלנער, צו די בייגל, וועלכע ער האָט איינגעשלונגען מיט איין מאָל, צו די קיכלעך, האָניק און איינגעמאַכטס. פון צייט צו צייט האָט זיך מאַטשעיוניאָ פאַרבייגעשאַרט לעבן טיש און מיט די אויגן, מיט זיין שמייכל, אָדער אומבאַמערקבאַרער באַוועגונג געלויבט די באַמיונגען און די אַרבעט פונם גאַסט. אויף דער פראַגע, צי קיינער פון די הויז־לייט איז נאָך נישט אויפגעשטאַנען, האָט אים דער אַלטער דינער געענטפערט, אַז אַלע שלאָפן נאָך. די פריילין שאַרלאָטאַוויטש איז שוין אפילו אויפגעשטאַנען, אָבער זי האָט זיך איצט אומגעקערט אין בעט אַריין און וועט זיך היינט בכלל נישט זעצן צום טיש, ווייל זי איז נישט געזונט.

— באמת? זי איז קראַנק געוואָרן? — האָט זיך דער יונגער באַריקאַ געזאָרגט.

— עפּעס.. קאָפּ־ווייטיק, פיבער. ווייל איצט האָבן מיר כסדרדיקע ענדערונגען פון וועטער. איצט איז אַ שיין וועטער און אָט האָסטו! — ווידער אַ מיאוס וועטער. קיינמאָל איז נישט געווען אַזוי אין אונדזער געגנט. אַז ס'איז געווען אַ שיין וועטער, נו, — איז געווען אַ שיין וועטער. און איצט.. ווי ס'ווייזט אויס איז די פריילין אַריינגעפאַלן אין אַן אָנצינדונג צוליב די כסדרדיקע שלעכטע וועטערן. אַנדערע זאָגן, אַז די מלחמה האָט אַזוי שלעכט געווירקט אויף די וועטערן. כסדרדיקע האַרמאַטן־שאָסן...
אָבער מיר היגע קענען עס נישט וויסן...

— ס'איז מעגלעך, אַז די מלחמה איז שולדיק... — האָט צעזאַרי אָפּגעזיפֿצט, אַראָפּשלעפּנדיק די ערשטקלאַסיקע אַפֿריקאַן-גאַרמעלאַדע.

נישט אַלע זענען אָבער דאַמאָלס געווען פֿאַרטון אין שלאָף, ווייל אָט האָט זיך דערהערט אַ פֿריילעך אונטערזינגען און היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקי איז מיט לייבן-שפּרונגען אַרויסגעלאָפֿן אויפֿן באַלקאָן. אין אַ רגע אַרום איז ער געווען אין עסצימער. מאַטשגוניאַ און די אים אונטערגעוואָרפֿענע האָבן זיך אָנגעהויבן צו טומלען אין קאָרידאָר און אין דער אומבאַמערקבאַרער קיך. ס'זענען תּיכּף אַריינגעפֿאָרן נייע טאַצן, נייע ברייטלעך, אויפֿן אָרט פֿון די, וואָס צעזאַרי האָט אַראָפּגערוימט, נייע קײשלעך בייגל, נייע פּוטער-פּושקעס און פֿולע גלעזלעך מיט קאָנפֿיטורן.

היפּאָליט האָט געגעסן, וואָס עסן הייסט. צו די דערלאַנגטע נאַשערייען האָט ער געפֿאָדערט הוספֿות אין דער פֿאָרם פֿון „סערוועלאַטקעס", ווורשטלעך, פֿאַרש'דענע קעזלעך. לסוף האָט ער זיך אָנגעזעטיקט, אַוועקגעוואָרפֿן די סערוועטקע און אויפֿגעשטאַנען פֿון טיש.

— און ווו איז ערגעץ די פֿריילין קאַראָלינאַ? זי שלאָפֿט נאָך? — האָט ער געפֿרעגט מאַטשגוניאַן.

— אָט... די גנעדיקע פֿריילין איז אַ ביסל נישט געזונט.

— זי ליגט?

— גאָט באַהיט! נישט אַזוי ערנסט, נאָר זי איז אונדז עפּעס אַ ביסל נישט געזונט.

— כ'פֿאַרשטיי. נאָר זאָל זי אייך זיין נישט געזונט! נו, צעזאַרי — צו די פֿערד! גייסט מיט מיר!

— אַ שאלה!

— זיי זענען רעשיק, שטורמיש אַרויסגעגאַנגען. דער אַריינפֿאָר-הויף איז געווען געדעקט מיט שטיינער, אַ שטייגער ווי אַ שטאָטישער פּלאַץ. די שטאַלן זענען געווען אויף דער צווייטער זייט פֿון הויף. די טיר פֿון דער שטאַל איז אָפֿן געווען און אויף דער שוועל איז געשטאַנען יעגדרעק, אַן אויסגעגלייכטער און אויסגעפּוצטער אין אַ פּאָר שוואַרץ-ווייס געקעסטלטע הויזן און

אַ רויטן לײַבסערדאַק. היפּאָליט איז אַרײַנגעשפּרונגען אין שטאַל און זיך באַגריסט מיט די פערד. ער האָט מיט אַ הויכער שטימע אויסגערופן די נעמען פון די רײַט־פערד, און אַזעלכע האָט ער געהאַט אַכט, זיך באַגריסט מיט די שפּאַן־פערד און מיטן „פּעוול". ער איז געגאַנגען פון איין אָפּצוימונג צו דער צווייטער, צושרײַענדיק אַ ביסל צו די פערד אָדער צערטלענדיק זיי, ווי זיי וואָלטן זײַן זײַנע בעסטע פרײַנט. טרערן זענען אים געשטאַנען אין די אויגן און אַ גליק־שמייכל אויפן פּנים.

טריט בײַ טריט איז אים נאָכגעגאַנגען יענדרעק, דער שטאַל־מײַסטער. ער האָט כּסדר, מיט יעדער באַוועגונג, מיטן טאָן פון זײַנע רייד, מיטן שמייכל און מיט דער אומעטיקייט, נאָכגעטאָן זײַן פּריץ — נישט רעדנדיק שוין וועגן די שטאַנדפּונקטן, מיינונגען און פּרינציפּן, ווי שטאַלישע, אַזוי אויך אַלגעמיין־וועלטלעכע. פון דער באַאָבאַכטונג איז צעזאַרי געקומען צום באַשלוס, אַז דער דאָזיקער יענדרעק איז מיט זײַן גאַנצער הייך פאַרזונקען אין היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקין. יענדרעק איז אין אים און ער רײַט אַרום מיט זײַן גאַנצן וועזן אין אים, ווי עפּעס אַ פינסטערער פּלאַנעט אַרום אַ שײַנענדיקער זון. יענדרעק האָט זיך אויף דער מלחמה, בײַם צונויפטרעפן זיך מיט הויכגעשטעלטע פּערזאָנען, אויסגעלערנט צו באַנוצן פאַרשידענע שיינע ווערטער, פײַערלעכע, אין אַ געוויסער מאָס אָראַטאָרישע אין פון הויכן סטיל. רעדנדיק, האָט ער כּסדר דאָ און דאָרט אַרײַנגעהאַקט, און נישט אַלעמאָל אויפן אָרט — „עווענטועל, נאַטירלעך, פּאַקטיש, פאַרהעלטענישמעסיק" — און באַזונדערס „אַבסאָלוט". מיט דעם „אַבסאָלוט" האָט ער ממש מיסגעברויכט. ער האָט אויך מיסגעברויכט מיטן וואָרט „דאָך", וועלכעס איז בײַ אים אַרויסגעקראָכן פון מויל, מיר־נישט, דיר־נישט, בײַ אַ גאַנץ געוויינטלעכן מעלדונגס־זאַץ. יענדרעק האָט, למשל, געזאָגט:

— כ'מוז עס ווייזן: דער קאַשטאַן איז דאַרער געוואָרן, און דאָך איז די „אַנגיעלקע" אויך דאַרער געוואָרן.

— כ'זע עס אַליין אויסגעצייכנט, אָבער — זײַ מוחל — וואָס האָסטו פון אינדערפרי אָן געטון?

— כ׳האָב פון אונטער די שפּאַן-פערד אַרויסגעוואָרפן דאָס אומרייניקע שטרוי, עוועגטעוועל דאָס מיסט.

— פאַרוואָס איז דער קאַשטאַן דאַרער געוואָרן? אַ פערד ווערט פעטער פון קאָם, ווייסטו וועגן דעם, אָדער נישט?

— אַבסאָלוט!

— אָבער ווער איז שולדיק אין דעם, וואָס דער קאַשטאַן איז דאַר געוואָרן? דבר!

— די נבלה נאַמולאַק איז אויפן קאַשטאַן געפאָרן נאָך דער פּאָסט.

— אויף מיין פערד נאָך דער פּאָסט! נאָך דער פּאָסט! אויפן קאַשטאַן! כ׳וועל רייסן פּאַסן!

— כ׳האָב דאָס זעלבע געזאָגט דעם הער פאַרוואַלטער. אויף אונדזער פערד, אויפן קאַשטאַן, וועט מען פאָרן נאָך דער פּאָסט! פּאַסן רייסן! פאַר רירן אונדזערע פערד האָב איך נאַמולאַקן תּכף געגעבן איינמאָל און אַ צווייט מאָל אין פּיסק אַריין, עוועגטעוועל אין דער מאָרדע אַריין.

— ווודאי, אוודאי, פילאָזאָף!

— אוודאי! איך זאָג אים: דו כאַמויל, אונדזער פערד מיט דיין שוואַרצער לאַפּע — ניטע! אַ וואָרע מאַך פאַר אונדזערע פערד! אַבסאָלוט!

אָט דאָס וואָרט האָט עס כּסדר געצישעט אויף זיינע ליפּן, אַמאָל אינגאַנצן אַרויסגעזאָגט, אַמאָל אומפאַרענדיקט. אַרומגייענדיק פון איין פערד צום אַנדערן, האָבן ביידע פריינט באַקוקט, דאָ די טרוקנקייט פון קאָפּ און די פיס, דאָ די האַרטקייט פון די קאָפּיטעס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אַ קליינע וואַסער-שעפּ פון גלאַנצנדיקן, האַרטן האָרן — דאָרט ווידער די ווייכקייט פון דער הויט, די זיידנקייט פון די גלאַטיקע און גלאַנציקע האָר.

זעענדיק די דורכגייער, האָבן די פערד אויסגעדרייט צו זיי די קעפּ מיט די גרויסע, בלאָזנדיקע נאָזלעכער, מיט די אויסערגעוויינלעך לעבעדיקע אויגן, וואָס זענען ליכט געווען באַדעקט מיט דינענקע צפּלען. די אָדערן, וועלכע מ׳האָט אַרויסגעזען פון אונטער די קורצע האָר, האָבן זיך געהויבן און מ׳האָט געזען, ווי

ס'פליסט אין זיי דורך דאָס בלוט, באמת, שפּילנדיק דאָס ווונדער-פולע ליד פון לעבן. די פערד האָבן כסדר איבערגעשטעלט די פיס און זייערע באַוועגלעכע אויערן האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן פלייסיק זיך צוגעהערט, וואָס עס רעדן צווישן זיך די מענטשן.

היפּאָליט האָט געפּאַטשט זיינע ליבלינגען איבער די אַרויס-שטאַרצנדיקע קנוילן, איבער די גלייכע און ברייטע פלייצעס, אי-בער די משופּעדיקע אַקסלען פון זיינע לאַנגע, אויסגעבויגענע העל-דזער. דאָ און דאָרט האָט ער צאַרט אַרויסגערעדט אַ נאָמען און צוגעטוליעט זיין פּנים צו די אַרויסשטאַרצנדיקע ביינער פון די גרויסע באַקן.

צעזאַרי האָט אַריינגעקוקט אין דידאָזיקע אומבאַקאַנטע אויגן, וואָס זענען פול געווען מיט שכל, פייער און פאַרבאָרגענע חלומות, וועלכע קענען קיינמאָל נישט פאַרנומען און נישט דער-גרונטעוועט ווערן דורך מענטשלעכע חלומות. ער האָט געהערט די קורצע, אומקלאָרע זיפצן, וואָס האָבן זיך כסדר אַרויסגעריסן פון זייערע מעכטיקע, טיפע ברוסטן, דערציילנדיק וועגן אַ בענקשאַפט נאָך עסן און טרינקען, וועגן דעם אייביקן מקור פון שחיטה און מאָרד צווישן דעם נידערטרעכטיקן ווייסן צווייפיסיקן געשלעכט, צי וועגן אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס אַנדערש, אומבאַגרייפלעכס פאַר די צווייפיסיקע, נאָך עפּעס ווייטס, נאָך עפּעס חלומדיק-געזוכטס.

בשעת דעם פריידיקן פאַרברענגען מיט די פערד, בשעת אַלץ איז דאָ געווען ליב, אַ יפרייצנדיק, אפילו דער אַמאָניאַק-ריח און דער אַוויר פון פערדישן שווייס — האָט צעזאַרין דורכגענו-מען מיט אַ געפיל פון פרעמדקייט און איינזאַמקייט.

ווי אַרויסגעריסן דורך די פערדישע אויגן פון זייער תהום און אַריינגעפירט אין די טיפענישן פון זיין נשמה, האָט זיך אין אים צעוויינט זיין פאָטער און ס'האָט זיך צעוויינט זיין מוטער. אַ ביטערער און האַרבער געדאַנק, אַ פרוכט פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט געזען אין זיין לעבן, האָט אים אַרויסגערוקט אַן איבער-לעבכע, עסנדיקע פראַגע:

— ווען וועט שוין קומען דער נידערטרעכטיקער טאָג, אין וועלכן דערזעלבער יענדרעק וועט האָבן דעם מוט און באַקומען דעם כּוח אָנצוכאַפּן דעם גנעדיקן פּריץ באַם האַלדז און דערלאַנגען אים אין פּיסק, עווענטועל אין דער מאָרדע אַריין? צי וועט זיך מאַטשעיוניאַ אַן עצה געבן, צי וועט ער באַווייזן אַרויסצושטופּן דורך דער הויפּט־טיר די גנעדיקע פּריצהטע אין די נעגל פון ווילדן המון? צי וועט ער באַווייזן אַרייַנצולאָזן די אָרימקייט פון די אַרומיקע דערפער, זי זאָל ענדלעך דערזען, וואָס איז דאָרט אינעווייניק פאַרהאַן, וואָס געפינט זיך דאָרט אין סאַלאָן, אין מיט פון אַלטן הויז, וואָס איז פאַרן המון ווייניקער צוטריטלעך און סודותפולער, ווי די הייליקע קירכע אין נאַוולאָטש?

צעזאַרי האָט פון זיך אָפּגעשטויסן דעם עקלהאַפטיקן און חוצפּהדיקן געדאַנק, וואָס האָט אים נאָך געכטן אין אָוונט אָנגעגריפן. דערווייל האָט היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקי אַרויסגעגעבן באַפעלן:

— דאָס וועגל! צי איז דאָס וועגל אָפּגעפּוצט, אָנגעשמירט, פאַרטיק?

— אַבּכּסס...

— דעם קאַשטאַן צו דעם וועגל!

ווענדנדיק זיך צו צעזאַרין האָט ער געפרעגט:

— פאָרסט מיט מיר, טשאַרוש?

— כ׳פאָר.

— ביסט נאָך אין דיין לעבן קיינמאָל, ברודערקע, אַזוי נישט געפאָרן. וועסט זען! דעם קאַשטאַן צו דעם וועגל!

יענדרעק האָט מיט גיכע שפרונגען און פלינקע באַוועגונגען אַרויסגעשלעפּט פון דעם שכנותדיקן בנין דאָס וועגל. דאָס איז געווען אַ וועגל אויף הויכע רעדער, מיט אַ שמאָל לענגלעכן געזעס. עס האָט מיט זיין אויסזען געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ דאַרן שפין. אויגנבליקלעך איז אויפן קאַשטאַן אַרויפגעוואָרפן געוואָרן אַ גלאַנציק געשפאַן און דאָס פראַכטפולע פערד האָט זיך געפונען צווישן די צוויי האָלאָבל עס פון וואָגן. דאָס פיריאָריקע, דאַרע און פעסטגעבויטע פערד האָט אויפגעציטערט אין געשפאַן

און געקלאַפּט אָן די שטיינער פון הויף מיט זיינע קאָפּיטעס. היפּאָליט האָט געכאַפּט פון יענדרעקס האַנט די לייצעס און איינגעלאַדן צעוואָרין, ער זאָל זיך זעצן מיט די פלייצעס צו אים, אין דער פּאָזע פון אַ „געריסענעם דלער". ביידע האָבן שטאַרק אָנגעשפּאַרט זייערע פיס אויף די אינעווייניקסטע אייזערנע שטאַנגען, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די אַקסל. היפּאָליט האָט גענומען די בייטש אין האַנט אַריין און מיט דער צונג אַ סמאָטשקע געטון צום קאַשטאַן. דאָס פערד האָט זיך אַ שטאַרקן ריס געטון פון אָרט.

לכתחילה זענען זיי געפאָרן מיט אַ ברייטן שליאַך, פול מיט בערגלעך און גריבער און אויפדעמדאָזיקן וועג האָט ער נישט געקענט לאָזן דעם קאַשטאַן אין פולן לויף. צעוואָרי האָט, זיצנדיק מיט די פלייצעס אויסגעדרייט צום פערד, צום ערשטן מאָל באַטראַכט די פּייזאַזשן, וואָס זענען פּלוצלינג אַרויסגעשוואומען. די פעלדער-אָנזיכטן האָט ער געזען פון צוויי זייטן, ווי זיי וואָלטן געווען חלקים, וואָס ביגן זיך נישט צונויף.

דאָס איז געווען אַ מאָדנער איינדרוק פון טאָפּלטער בייס און פרעמדקייט, אָבער פול מיט רייץ.

דער טאָג איז געווען אַ נעפּלדיקער, אַ קאַלטער און שלעפּעריקער. די פעלדער זענען שוין אינגאַנצן ליידיק געווען. נאָר ערגעץ ווייט האָבן זיך דאָ און דאָרט געזען מענטשן, וואָס האָבן באַ עפּעס געאַרבעט. זייערע באַוועגלעכע און פינצטערע שאָטנס האָבן זיך דורכגעשלייכט דורך די געלע און גרויע פעלדער, דורך אויבערפלאַכן ווי פון געשונדענער הויט, אַרום די איינזאַמע וואָגנס. ערגעץ ווייט האָט געפּויערט אַ אומגעזעענע פייער און, אַ גרויער רויך איז מיט גרויסע וואָלקנס געשוואומען דורכן נעפּל.

— מיר קומען צום שאָסיי — האָט היפּאָליט געזאָגט. — איצט וועלן מיר זיך אַ לאָז טון. אַכטונג!

— אויף באַפעל!

היפּאָליט האָט מיט ביידע הענט אָנגענומען צעוואָרין אונטער די אָרעמס אַזוי, אַז זיי האָבן זיך צונויפגעפלאָכטן נישט פונאַנדערצורייס. דאָס וועגל האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו קלאַפּן, אַרויספאָרנדיק אויפן שטיינערנעם שאָסיי, וואָס איז געווען שמ

כיק פון די שאַרפֿע שטיינדלעך און גראַניטן. היפּאָליט האָט אַ שמיץ געגעבן דעם קאַשטאַן, איינמאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל. דאָס פערד האָט זיך אַ וואָרף געטון פאָרויס און זיך געלאָזט אין פולן גאַלאָפּ.

דאָס וועגל האָט זיך מיט אַ גרילצנדיקן רעש אָנגעהויבן צו וואַרפן פון איין גרוב צום אַנדערן, פון איין שטיין־שאַרף צום אַנדערן. דער לויף איז כּסדר שטאַרקער געוואָרן צוליב די פייערדיקע שמיץ. לסוף האָט זיך דאָס פערד מיט אַלע כּוחות אַ וואָרף געטון אין אַ ווילדן יאָג. צעזאַרי האָט שוין מער גאָרנישט געזען. זיין גאַנצע באַמיונג איז באַשטאַנען אין איינהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט און אָנלענען זיך אָן היפּאָליטס פּלייצעס. די רעדער פון וועגל האָבן כּמעט ווי נישט אָנגערירט די ערד, נאָר געבלאָזן איבער דעם שאָסיי אויף רעכטס און לינקס, אַרויסגעבנדיק אַלץ אָפטער דעם רויש פון אַ ווינט.

— איצט אַכטונג! פולער לויף! Full pace! — האָט היפּאָליט אַ רעווע געטון.

און באמת איז מען איצט געפאָרן אין אַזאַ גאַלאָפּ, אַז בעריקאַ האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט דערוואַרט אַ קאַטאַסטראָפע. ער וואָלט מיט חשק אַרויסגעשלעפּט זיינע הענט פון היפּאָליטס קלעם און אַראָפּגעשפּרונגען אין פולן לויף פון וועגעלע, נאָר וויעלאָסלאַווסקי האָט נישט געוואָלט אָפּלאָזן זיין פּאַסאַזשיר. זיין געשריי, וואָס האָט אָנגעטריבן דאָס פערד, איז געוואָרן ווילד און שטרענג. זיין בייטש האָט געפייפט. די דאָזיקע משוגענע נסיעה האָט אַזוי לאַנג געדויערט, אַז דער פּאַסאַזשיר האָט פאַרלוירן יעדע האָפענונג, זי זאָל זיך ווען עס איז ענדיקן. ער האָט געפילט אַ קאָפּ־שווינדל און אַ געפיל פון חלשות.

ער וואָלט זיך אָבער פאַר קיין שום פּרייז נישט מודה געווען אין זיין נישט ריטערלעכער לאַגע. ער האָט העלדיש געשוויגן און דויערהאַפט געוואַרט. ווי אין חלום האָט ער געהערט אין מיטן דעם דאָזיקן פליען עפּעס אַ רוף. ער האָט פון דער זייט דערזען עפּעס באַוועגלעכע פלעקן, אָבער אַזוי אומקלאָר, אין אַזעלכע זיגזאַגן, אַז עס האָט נישט געקענט אַריינדרינגען אין זיי

באוווסטזיין. אָבער אָט האָט וויעלאָסלאַווסקי אָנגעהויבן צוריקצו־רייסן זיין שפּרינגער מיט די לייטשעס. דאָס יונגעלע איז נאָך געלאָפן, נאָר איצט שוין מערער אין מיט שאָסיי. היפּאָליט האָט נאָכגעלאָזט צעזאַריס הענט און מיטן גאַנצן כּוח צוריקגעריסן מיט די לייצעס דאָס צעלאָזטע פערד. לסוף האָט ער באַוויזן עס גובר צו זיין, האַלטן עס אין אַ קלענערן לויף און דאָס פערד איז שטיין געבליבן אויפן אָרט.

— גיב אַ קוק, וואָס דער משוגענער האָט מיר אָפּגעטון! — האָט היפּאָליט אויסגערופן, אַראָפּטאַנצנדיק פון וועגעלע אויף דער ערד.

— וועלכער משוגענער?

— איינער פון די משוגעים...

און באמת איז היפּאָליט פון קאָפּ ביז די פיס באַשפּריצט געווען מיט קלעפּיקער בלאָטע. דאָס פּנים האָט זיך אים קוים ארויסגעזען פון די בלאָטע־שטיקער.

— דוכט זיך, אַז עמעצער האָט אונדז גערופן — האָט צע־זאַרי געזאָגט.

— פונוואַנען?

ער האָט זיך אַרומגעקוקט איבער די פעלדער און זיך פריי־לעך צעלאַכט.

— אַ! פרוי לאַורא...

— ווו? וואָס פאַר אַ לאַורא ווידער?

— אונדזער שכנטע, פרוי לאַורא קאָשטשעניעצקאַ מיט איר חתן. זע!

צעזאַרי האָט זיך אומגעקוקט און באמת באַמערקט „די שכנ־טע“. ס'האָט זיך דערנענטערט אַ יונגע דאַמע, פאָרנדיק אויף אַ פּראַכטפול גרויע פערד, וואָס האָט געמאַכט שיינע, וווּנדערבאַרע שפּרונגען. לעבן איר איז געפאָרן אַ רייטער אויף אַ ברוין רייט־פערד. די דאַמע איז געפאָרן מעגלעך, פעסט זיצנדיק אויפן זאָטל און באַהערשנדיק גלענצנד דאָס פערד. בשעת זי האָט זיך פון פעלד־וועג דערנענטערט צו דעם שאָסיי און צום אָרט, ווו ס'זענען גע־

שטאַנען די הילדן פון וועגעלע, האָט צעזאַרי געקענט באַטראַכטן איר געפּאַסטן מענערישן טראַכט, די לייכטע שיך, די געלבלעכע הויזן, דאָס קורצע רעקל און דעם נידעריקן, קיילעכדיקן הוט. דורך דערדאָזיקער נידעריקער קאָפּ־דעק זענען אויסגעצייכנט געהאַלטן געוואָרן אירע געדיכטע, וווּנדער־שיינע, בלאָנדע האָר, וואָס זענען איינגעוויקלט געווען אין אַ גרויסן „גרעק". די דאַמע האָט זיך געקאַטשעט פון געלעכטער, צוקוקנדיק זיך אויפמערקזאַם צו היפּאָליטן.

— מיר איילן צו אייך מיט הילף, ליבער שכן! מיר זענען גראָד מיטן הער וולאַדיסלאַוו געפאָרן דורך מיינע גרענעצן — און דאָ זעען מיר, אַז אַ פערדל טראָגט עמעצן אויפן וועג — כאַ־כאַ־כאַ!...

— איר האָט אַ טעות. ס'פערדל האָט אונדז נישט געטראָגן... — האָט זיך היפּאָליט באַליידיקט.

— באמת? ניין? דאָס פרייט מיך. ווייל כ'האָב שוין מיטגעפילט אַ נאָענטן.

— יעדנפאַלס דאַנק איך אייך פאַרן מיטגעפיל אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון מיין פריינט, צעזאַרי באַריקאַ.

— אַ! — האָט זי אַ נייג געטון איר קאָפּ אין דער ריכטונג פון באַריקאַ. — מיר דוכט זיך אָבער, אַז מיין מיטגעפיל האָט גיכער אַ שטאָך געטון מיין שכן... — האָט זי סאַרקאַסטיש צוגעגעבן, ווענדנדיק זיך צו היפּאָליטן.

בכלל האָט זי ווי נישט באַמערקט דעם „פריינט באַריקאַ", ווי ער וואָלט אין דעם געשפּאַן געווען עפּעס אַ סך ווייניקער אינטערעסאַנט, ווי דער קאַשטאַן.

— אָבער איר האָט עס אים אָנגעזייפט! — האָט זיך מיט זיין פעסטער באַס־שטימע אַריינגעמישט דער פרוי קאַשטשיענייעצקאַס באַגלייטער. דאָס גאַנצע פערד איז פאַרשוימט. מיר דוכט זיך, אַז איר האָט עס אָנגעצונדן. ווי עס סאָפּעט! ווען האָט איר זיך אומגעקערט?

— נעכטן.

— Tiens*) — האָט די דאַמע אויסגעשעצט. — און שוין היינט אינדערפרי אַזאַ שטורמישע אונטערנעמונג!

— אויף דער מלחמה האָט מען אונדז אויסגעלערנט פרי אויפצושטיין.

— און איר קומט אויך פון דער מלחמה? — האָט די יונגע דאַמע געפרעגט, ווענדנדיק זיך צו צעזאַרין.

— יאָ, אַוודאי, יאָ, אַן דער מלחמה.

— איר וועט מיר דערלויבן זיך פאָרצושטעלן... — האָט דער פרוי קאָשטשעניעצקאַס באַגלייטער געזאָגט צו צעזאַרין מיטן נידעריקסטן טאָן פון זיין באַס. —— איך בין באַרוויצקי.

— ב ריקאָ.

— איך קוק מיט דרך-ארץ אויף אמתע זעלנער... — האָט ער גערעדט מיט כיטרע-פאַרזשמורעטע אויגן. — אַליין אַרבעטנדיק דאָ אויפן אָרט בלויז אויפן געביט פון אָרגאַניזאַציע און הילף, האָב איך אין אמתן דרך-ארץ פאַר זעלנער.

— ס'איז דאָך באַוווסט, אַז איר האָט נישט געקענט גיין דינען צוליב אייער אַסטמע... — האָט זיך אַרייַנגעמישט די פרוי קאָשטשעניעצקאָ.

— הער וולאַדיסלאַוו ליידט אויף אַסטמע? אַזוי? כ'האָב גאָרנישט געוווסט דערפון... — האָט זיך וויעלאָסלאַווסקי געחידושט. — דאָס האָט איר בשעת דער מלחמה געמוזט באַקומען די אַסטמע...

— אַך! שוין פון לאַנג האָט דער הער וולאַדיסלאַוו געליטן פון שטיקעניש, און איצט האָט זיך עס אַרויסגעוויזן, ווען די דאָקטוירים האָבן אים אונטערגעזוכט בשעת דער סופּעררעוויזיע.

— איך ווינטש אייך פון פולן האַרצן אַ גיך אויסקערן זיך צום נאָרמאַלן געזונט! — האָט וויעלאָסלאַווסקי מיט אַן אייפריג-

*) אהאָ!

מיקן שפּאַט געזאָגט צום מעכטיקן רייטער, וואָס האָט געקענט, צוזאַמען מיט זיין אַסטמע, ברעכן פעסטונגס־מויערן.

— כ'דאַנק אייך, כ'דאַנק אייך... — האָט יענער גרויס־געשטאַמלט, דריקנדיק וואָס גיכער די אים דערלאַנגטע האַנט.

— צי גיט איר זיך אָפּ אַ דין־וחשבון, מיינע הערן, אַז איר געפינט זיך אויף מיין פעלד? — האָט די פרוי קאַשטשעניעצקאַ פּלוצלינג געזאָגט. — איר זענט פאַרפאָרן אויף מיינע שטחים. „אויב דער הירש איז אַריין צו מיר אין סטעפּ, איז ער מיינער". כ'בעט אייך צו מיר אויף פרישטיק.

— פרוי לאַוראַ! באַ אַזאַ אויסזען? איך בעט אייך קוקן אויף מיר מיט אַן אויג פון אויפמערקזאַמקייט און רחמנות, צי קען איך אין אַזאַ צושטאַנד, אַזוי באַשפריצט, פאָרן קיין לע־ביען?

— איר קענט פאָרן! ס'וועט זיך נאָך אין לעניעץ געפינען אַ שטיקל זייף, ווע איר זיך פרעכטיק אָפּוואַשן, און אַ יינגל וועט אייך אָפּפּוצן דאָס אַנצוג.

— אָבער מיר קומען דאָך גלייך פון דער שטאָל!

— כ'האָב אייך דערקלערט, אַז איך פאַרבעט אייך אויף פרישטיק.

— מאַדאַם!

די שיינע אַמאַזאָנקע האָט אויפן אָרט פאַרקירעוועט דאָס פערד און אַראָפּגעפאָרן אין אַ זייטיקן וועג, וואָס האָט זיך געצויגן דורך צעאַקערטע פעלדער, פאַרצויגענע מיט אַ דינער נעץ פון ווינטער־זריעות.

נאָך איר איז נאָכגעפאָרן איר חתן. די ביידע מיליטער־לייט האָבן זיך ווידער אַרויפגעזעצט אויפן וועגעלע און נאָכגעפאָרן יענער פאָר. צעזאַרי האָט זיך איצט אויסגעדרייט מיט פּנים צום פערד און ער האָט אַזוי אַרום געקענט זען די „אַמאַזאָנקע".
זי איז פּראַכטפול ווי זי שיקט געזעסן אויפן פערד.

זי איז געווען שלאַנקע, שיין־געבויטע, מוסקולערע, און, ווייזט אויס, שטאַרקע, — נישט צו־דאַר און נישט צו־פעט. אויגן

האָט זי געהאַט באמת הימל־בלויע. ס'איז אין איר נישט געווען קיין ברעקל פון קאָקעטעריע, איבערטרייבונג, נישט אויפריכטיקייט, סנאָביזם. זי איז געווען אין יעדער באַוועגונג, וואָרט און שמייכל — נאַטירלעך און סאָליד. עטלעכע מאָל איז זי צוגעפאָרן צום וועגל, כדי עפּעס צו פרעגן, אָדער עפּעס פריילעכס צו זאָגן. דאָ איז איר פערד אַרויסגעפאָרן אויף דער געפּרעסטער ערד, וואָס איז נישט לאַנג איינגעקלאַפּט געוואָרן דורך דעם שאַרפן פרימאָרגן־רעגן — און די פערדישע קאָפּיטעס האָבן זיך געטונקען אין פרישן טייג פון דער באַאַרבעטער ערד. דאַן האָבן זיך די שענקלען, ברוסטן און אָרעמס פון דער רייטערין האַרמאָניש געהויבן צוזאַמען מיטן פערדס באַוועגונגען, צוריק אַראָפּגעפאַלן און געצויגן זיך אויפן זאָטל. זי האָט זיך לייכט איבערגעבויגן, אָדער זיך ליבלעך געבייגט צום טאַקט פון דעם פערדס שפּרונגען. איר ווונדערשיין פּנים האָט אויסגעדריקט פרישע געזונטקייט און די פרעכטיקע ברוסט האָט געאָטעמט אין ספּאַזמען פון באַוועגונג, פריי אַריינטעמענדיק און אַרויסגעבנדיק די לופט, וואָס איז נאָך דורך קיינעמס ברוסט נישט אַדורך.

ס'איז אין איר געווען עפּעס אַ שטריך פון אָפנהאַרציקייט, וואָס האָט אַרויסגערופן פריינטלעכע געפילן צו איר.

אָבער איר שיינקייט און די שאַרפע בולטקייט פון איר קערפּער, וועלכער איז פאַרשטאַרקט געוואָרן צוליב איר זיצן אויפן זאָטל, האָט געדריקט אינעווייניק די קוקנדיקע יונגעלייט. זייערע אויגן האָבן געפינקלט. ווען די פּאָר האָט זיך אַ ביסל דערווייטערט, כדי שמייכלענדיק זיך דורכצושעפּטשען וועגן זייערע ענינים, האָט היפּאָליט אין דער שטיל אויפגעקלערט צעזאַרין:

— אַן אַלמנה. לאַורא. דער ערשטער מאַן קאָשטשיעניעצקי. עפּעס דאָרט אַ שרייבער, אַ ליטעראַט, אַ היסטאָריקער. געשטאָרבן מיט צוויי יאָר צוריק. אַ שיין גוט האָט ער פאַרמאָגט — אָט דאָס, וועלכעס מ'זעט איצט — לעניעץ. קאָשטשעניעצקי איז שטענדיק געווען אַ נעבעכדיקער, אַ קראַנקער, אַ מיזאַנטראָפּ. ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן מיט עמעצן פון די שכנים. אַן אומאָנגענעמער מענטש געווען. נו, איז ער געשטאָרבן, איצט

וואַרפט זיך דער באַרוויצקי נאָך איר האַנט. שוין צעפּגערעדט, כ'זע אפילו, אַז די פּלוניתטע איז אַ ביסל פאַליאַפּעט אין דעמדאָזיקן אַסטראַטיקער.

— אַנדערש, ווי אַזוי וואָלט זי געווען אַ לאַוראַ? איר האָט ראָמאַנטישע נעמען אין אייער געגנט.

— עט, דאָס איז עפּעס אַן אויפגעקומענער גביר. האָט אַ שיינעם גוט. חוץ דעם דרייט ער זיך אַרום דער אינדוסטריע, האַנדלט. אַ גביר. אַן ערשטקלאַסיק־פּיפּיקער קאָפּ. זיי קענען נישט אַזוי גיך חתונה האָבן, ווי ער וויל, ווייל קאָשטשעניעצקיס מוטער וווינט אין לעניעץ. די געשעפטן זענען פאַרפּלאָנטערט. קאָשטשעניעצקי האָט געהאַט צוויי קינדער פון ערשטן ווייב. די קינדער האָבן תביעות און רעכט אויף אַ חלק פון פאַרמעגן. זי אַליין קען נישט אָפּצאָלן נישט דער מוטער, נישט די קינדער, און אַזוי ווייטער. און דעם־דאָזיקן באַרוויצקין שמעקט אויך לעניעץ, ווייל אַזוי אַרום וואָלט ער אַריין אין דער סאָלידער געזעלשאַפט... קוק נאָר ווי דער הינטשלעגער שאַרט זיך צו איר! זעסט?

— עי, היפּעלע, צי גיסט זיך נאָר נישט פון דיין מויל די גאַלע אייפערזוכט?

— איך? צו דער לאַוראַ! ניין! אַן אשה ווי אַ בילד... דאָס איז אמת. אָבער כ'קען אויסהאַלטן.

— זאָגסט עס אויפריכטיק?

— דיר, ברודערקע, זאָל איך נישט זאָגן אויפריכטיק! ווייסט דאָך, ווי דער פאַניע האָט אין אַזעלכע פאַלן גערעדט...

— כ'ווייס, כ'ווייס!...

אָך, ווי שיין איז געווען דער צוויי־שורותדיקער וועג, מיט וועלכן זיי זענען געפאָרן! אמת, ס'איז אויף אים נישט געווען קיין אויסערגעוויינטלעכס. דאָ און דאָרט זענען געוואַקסן, פון מענטשן פאַרגעסענע, נישט אויסגעוואָרצלטע צוליבן צייט־דוחק, פאַרשידענע ווילדע געוויקסן, באַשאָטענע מיט מוראַדיקע שטעכערס. די דערנער האָבן איצט געהאַט אויף זיך זייערע ראָזיקע פרוכטן, מיט שענערע קאָלירן, ווי די שענסטע פרויען־ליפּן. זיי זענען גע־

וואַקסן אין האַלבע רעדער, קופּעכווייז, צווישן שטיינער, וואָס זענען געוואָרן אַרויסגעאַקערט פון פעלד און אַהערגעוואָרפן דורך די אַרבעטער פון די היינטיקע פאַראַבקעס. אַזוי איז „דאָס־דאָ" זיך געוואַקסן און איינגעוואָרצלט זיך אין פעלד, — און שפּעטער די בוימערלאָזע שטחים אויף דער העלער ערד. ערגעץ אויפן האָריזאָנט די נאָוולאַטשער אַלעען — דאָ די לעניעצער ביימער־גרופּן.

חתן־כלה האָבן זיך געלאָזט פאָרויס, געבנדיק פון דער ווייטנס צייכנס צו די מלחמה־העלדן, זיי זאָלן זיך צואיילן. פאָרנדיק אויף שיינע פערד איבער די העלע ערד־שטחים, זענען יענע צוויי געווען אַ גלענצנדיקע פּאָר. צעזאַרי האָט אַ ברום געטון:

— ס'איז גוט! איידער מיר וועלן אָנקומען, וועט שוין זיין נאָך אַלעם.

— געטראָפן! זי קען זיך שוין אָפּהיטן, זי קען שוין! קלוג איז דאָס, ווי אַ שד.

— צו וואָס־זשע וואָלטן זיי ווידער אַזוי געטריבן!

— כדי אונדז צו מאַכן אַ פיינעם אויפנאַם. וועסט זען... אָבער יעדנפאַלס — לאָמיר יאָגן! כדי דעם גראָב צו שטערן דאָס עסק!

די אויבערפלאַך האָט זיך אַראָפּגערוקט אין אַ טאָל, איבער וועלכן עס איז געשוומען אַ טייכל מיט אַרומגעריסענע ברעגן, צווישן קליינע לאָנקעס. ווייטער, אויף יענער זייט פון דעם זיך וואַקלדיקן בריקל, איז געווען אַ בערגל, אויף וועלכנס שפּיץ ס'איז געשטאַנען — לעניעץ. אין אַ קורצער צייט אַרום האָט דאָס וועגל זיך אָפּגעשטעלט בײַ דער וועראַנדע פון „פּאַלאַץ". ס'איז גיכער געווען אַ ווילע איידער אַ פּאַלאַץ אָדער הויף. — אַן איינשטאָקיק הײַזל, מיט שפּיגלדיקע שויבן, מיט אַ כמעט פּלאַטשיקן דאַך און אַ פלאַק אויפן שפּיץ דאַך, האָט עס געקענט שטיין אין ערשטן בעסטן אָרט פאַר זומער־וווינונגען און געהערן צו אַ פאַבריקאַנט אַ דײַטש, אָדער אַ ייִדישן אויפגעקומענעם גביר. מ'האָט אפילו זיך נישט געקענט באַגיין אָן דעם מזכה זיין דידאָזיקע סאַרמאַטיש־באַרבאַרישע געגנט מיט די מלאַכימלעך, וואָס זענען געווען אויפן איבערשטן

געזימס פון דער דירה און געהאַלטן קרענק, זייענדיק גראָב און פעט געמאָלט מיט אייל-פאַרבן.

די ביידע באַוולאָטשער הערן, נאָכן אָפּגעבן דאָס פערד אַ „מענטש", וואָס האָט זיי אָפּגעוואַרט, זענען אַרויפגעגאַנגען מיט די דאָ און דאָרט שטאַרקע געפלאַצטע בעטאָ-שטיגן אין קאָרידאָר אַריין, פונוואַנען אַ לאָקיי אין אַ פראַק האָט זיי גלייך אַוועקגעפירט אין באָד-צימער אַריין.

זיי האָבן זיך דאָרט געוואַשן, געקעמט, אָפּגערייניקט פון דער בלאָטע און מאָדנע אויסגעפוצטע זענען זיי אַהינגעגאַנגען אין סאַלאָן אַריין. זיי זענען אָבער דורכגעגאַנגען אויף דעמדאָזיקן סאַלאָן און אַריבער אין נאָנטסטן צימער, ווו ס'איז געשטאַנען אַ גרויסע שאַנק מיט ביכער, זייער שיין געבונדענע אין לעדער און סאַפיאַן. דאָרט איז געזעסן דער הער באַרוויצקי מיט אַ בוך אין האַנט. די באַלעבאָסטע איז נאָך נישט געווען.

— זעסט... — האָט היפּאָליט מיט אָנצוהערעניש אַ ברום געטון צו צעזאַרין. — זעסט ווי שיין דאָ איז...

— אמת... — האָט צעזאַרי געשמייכלט. — ביסט גערעכט געווען, זאָגנדיק, אַז דאָ איז אַזוי שיין.

פרוי קאָשטשעניעצקאַ איז אומבאַמערקבאַר אַראָפּ פון די שטיגן, וואָס האָבן געפירט פון דעם אַריינגאַנגס-קאָרידאָר אויף אַ שטאָק. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ באַשיידן מאָדיש קלייד. איר שיינקייט האָט איצט אַנדערש אויפגעשיינט. ס'איז עפּעס מאָדנע געווען, כמעט צו שטוינען, קוקנדיק אויף איר, אַזאַ געענדערטע.

די האָר, אָן דעם הוט, האָבן אַ שיין געטון מיט גאָלד, פון דעם אויסגעשניטענעם קלייד האָבן אַרויסגעקוקט די אָרעמס מיט אַ שפּע פון פראַכטפולע, אויסערגעוויינטלעך שיינע קערפּער-ליניען. אָנגעטון אין ווייכע, כמעט דורכזיכטיקע קליידער, איז די פרוי לאַוראַ געווען נישט ענלעך צו זיך אַליין. איבעראַשנדיק פאַרענדערט האָט אויסגעזען איר פּיסל אין דעם לאַקירטן פּאַנטאָפל, דאָס זעלבע פּיסל, וואָס האָט זיך מיט אַזאַ אָנגעצויגענעם אייזערנעם כוח אַריינגעשטופּט אין די פּיס-האַלטערס פונם זאָטל. די גאַנ-

צע פיס, וואָס זענען געווען באַצויגן מיט דעם גרויען זייד פון די זאָקן, האָבן אויסגעזען אַזוי שלאַנק, ווי בײַ אַן אונטערוואַקסנ-דיק מיידל, נאָר די אויגן זענען געבליבן דיזעלבע אויפריכטיקע און אמת זאָגנדיקע. דערפאַר זענען די ליפן נישט געווען אַזוי אמתדיק און אויפריכטיק, ווייל זיי זענען לייכט באַצויגן געווען מיט אַ באַפאַרבונג, וואָס האָט מיטן קאָליר דערמאָנט די פאַרב פון אַ פרוכט פון דער ווילדער רויז.

צעזאַרי איז געזעסן לעבן ביכער-שאַנק און ער האָט זיך איינגעקוקט אינם איינבונד פון די ביכער. אייניקע נעמען, וואָס זענען אויסגעגילדט געווען אויף די רוקנס פון ביכער, האָט ער זיך גלייכגילטיק אָפּגעשריבן.

ער האָט זיך דערמאָנט, דערמאָנט...

דעם פאָטערס שאַנק, ביכער... אויך דאָרט זענען אַזוי גע-שטאַנען די ביכער און האָבן זיך געצויגן ווי אַ גאָלדענער באַנד פון טיטולן. ער האָט זיך דערמאָנט דעם פלאַן און די איינאָר-דנונג פון זייער דירה. ער האָט אַליין פאַר זיך אָפּגעזיפצט אי-בער זיין גורל. אומעטום איז ער פרעמד, איינזאַם, עפּעס אַ פרעמד-לענדער אין זיין פאָטערלאַנד, עפּעס אַ פאַרבלאָנדזשעטער הונט, אָן אַ היים, אָן אַ האַר און אָן אַ הויף.

ער האָט געקוקט אויף די ביכער, און געטראַכט וועגן דעם, אַז אַלץ איז אומזיכער, צו ביסלעך, פאַרבייגייענדיק, אונטערגע-וואָרפן אַ חיהשער צעשטערונג. ווו זענען דעם פאָטערס ביכער, ווו איז די היים, ווו דער טאַטע, ווו די מאַמע? זיי זענען דערהרגעט, ווי די הינט, פאַר עפּעס אַן אורשפּרינגלעכן חטא — געוואָרפן אין גריבער, ווי די הינט!

זייער לעבנס-אַרבעט האָט גאָרנישט געבראַכט. זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי פאַרדינען אויף אַ שטראָפנדיקן טויט. זייער גאַנץ לעבן איז געווען עפּעס אַ לעכערלעכער טעות, אַ בלוטיקע מיספאַרשטענדעניש.

און די אַלע פון דאַנען זענען אַזוי זיכער מיט זיך. צו אַל-דע רוחות! זיי האָבן נאָך גאָרנישט נישט געזען, וואָס ס'איז דאָ, וואָס ס'געשעט אויף דער וועלט, און זענען אַזוי זיכער מיט זיך.

וואָס זענען זיי אַזוי זיכער, דאַמאָלס ווען ס'איז גאָרנישט נישט פאַרהאַן קיין זיכערס אויף דער וועלט. אַזוי מוראדיק גאָרנישט. ער, צעזאַרי באַריקאַ, ער אַליין האָט דאָך מיט זיינע אייגענע אויגן געזען, אַז ס'איז גאָרנישט נישטאָ..

— איר האָט ליב ביכער? — האָט אים געפרעגט די פרוי קאַשטשעניעצקאַ, זעצנדיק זיך אַקעגניבער אים.

— ביכער? נישט זייער. איך האָב ליב אַ שיינעם איינבונד.

— און דעם מיט גופא, — דאָס, וואָס געפינט זיך אין דעם איינבונד, — נישט?

— נישט זייער. איבעריקנס — ווייס איך דען.. איצט איז נישט געווען קיין צייט צו לייענען, און אַמאָל, ווען ס'איז געווען צייט, איז קיין חשק נישט געווען.

— און פון וועלכע געגנטן זענט איר? אַנטשולדיקט פאַר דער ווייבערישער נייגעריקייט...

— ער איז פון באַקו... — האָט היפּאָליט געענטפערט.

— אַזש פון באַקו! — האָט זיך פרוי לאַוראַ אויפריכטיק און אמתדיק געחידושט.

— מיין פאָטער האָט דאָרט געוווינט. די מוטער איז דאָרט געשטאָרבן.

— אָבער איר וועט בלייבן דאָ בא אונדז? אין אונדזער געגנט?

— אַ געוויסע צייט...

— דאָ, אין דער געגנט וועט איר יעדנפאַלס לענגער פאַרווילן. אמת, הער היפּאָליט? ווייל דאָ האָבן מיר אַ פּלאַן. מיר האָבן אַ פּלאַן פון אַ באַל אין נאָדאָלאַני. און קיין טענצערס געפינט מען נישט אויף קיין רפואה! איר טאַנצט דאָך?

— יאָ, איך טאַנץ.

— אויב אַזוי איז דאָ אַ נייער טענצער! אויסגעצייכנט!

— כ'ווייס נישט, ווען ס'קומט פאָר דער באַל. כ'ווייס נישט, צי כ'וועל קענען זיין אויפן באַל.

— טשאַרוש! מיין טייערע, לאָז צורו מיט דערדאָזיקער טעמע. נישט דו באַשליסט וועגן אַזעלכע ענינים, נאָר איך.

— אָט אַזוי! — האָט געציִשעט די שיינע דאַמע. — נישט אָפּלאָזן! נישט אָפּלאָזן!

ס׳איז אַריינגעקומען דער לאַקיי און שטיל איינגעלאַד צום טיש.

---

די פרייליין וואַנדאַ אָקשינסקאַ האָט שוין געענדיקט זעכצן יאָר און דאָך האָט זי נישט באַוויזן אַריבערצוקריכן פון פינפטן אין זעקסטן קלאַס פון דער טשענסטאָכאָווער מלוכה־שול. געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס מ׳האָט איר געעצהט צו גיין שוואָמען קלייבן, ווייל פון איר לערנען זיך וועט גאָרנישט נישט אַרויסקומען.

די באַמיִונגען פון איר פאָטער, אַ באַנק־באַאַמטן, האָבן גאָרנישט נישט געקענט פועלן, ווייל „וואַנדושיאַ" האָט באמת נישט געטויגט אין זעקסטן קלאַס אַריין. קורץ גערעדט: זי האָט נישט געקענט די כּפל נגס־טאַבעלע און אַלע „ווערטלעך" זענען כּסדר אַרויסגעפלויגן פון איר אָרימען קעפּל.

דער אומגליקלעכער פאָטער האָט זיך צעבייזערט אויף אַ רעכטן אמת און נישט געוואָלט אָנקוקן זיין היימיש „אייזל". די מאַמע אירע — דעם ווייבס פון פּאַרוואַלטער פון „ראַף" וויעלאָסלאַווסקיס גיטער אין באַוולאַזש אַ לייבלעכע שוועסטער — האָט אַרויסעקספּעדירט צו דער שוועסטער אויפן דאָרף דאָס אומפּאַרבעסערלעכע „אייזל", זי זאָל כאָטש אויף אַ קורצער צייט אַוועק פון פאָטערס אויגן און פון אונטער זיין שווערער פויסט.

דידאָזיקע פרייליין „וואַנדושיאַ" אָקושינסקאַ האָט צעזאַרי באַריקאַ געזען, בשעת זי האָט זיך געראַטעוועט דורך אַנטלויפן פון דער נאָכיאָגנדיקער נקמהזיכטיקער פּערל־הון... דידאָזיקע פרייליין וואַנדאַ האָט נאָר איין זאַך געהאַט פאַר איר באַרעכטי־

קינג: זי האָט געשפּילט אויף פּאָרטעפּיאַן. ס'האָט גאָרנישט נישט געקענט „אַריינקריכן" צו איר אין קאָפּ אַריין, אַחוץ דער מוזיק. זי האָט געקענט שפּילן אַ גאַנצן טאָג, נישט עסנדיק און נישט טרינקענדיק — זי האָט זיך געקענט באַגיין אָן שלאָף און אַפילו נישט וויסן, אַז זי לעבט אויף דער וועלט, אַבי מ'זאָל איר דערלויבן צו פּויקן אויפן פּאָרטעפּיאַן.

און זי האָט געפּויקט.

די עלטערן זענען בדיל־הדל געוואָרן פון צאָלן פאַר פּיאַנעס און פאַר „מעטרן". זיי האָבן געדרייט די קעפּ און פאַרזיכערט איינשטימיק: אַן אויסערגעוויינטלעכע פעיִקייט, אַן איבעראַשנדיק געהער, אַ זעלטענער זכּרון, אַן אמתער טאַלאַנט! דער פריילין וואַנדזשיאַ האָט דאָס אָבער נישט אַריינגעטריבן אין אַמביציע. זי האָט געשפּילט צוליב דער מוזיק גופא. זי האָט זיך באַרוישט מיט דער דאָזיקער „העכערער" מוזיק אַזוי ווי אַ שיכּור מיט בראָנפן. נאָכן קימען קיין נאַוואָלאָטש צום פעטער, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין פּאָרטעפּיאַן, איז דאָס אומגליקלעכע „אייזל" אַרומגעקראָכן, ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפּעלע. נאָך אַ געוויסער צייט האָט די מומע טוזשיצקאַ אָפטמאָל געטראָפן וואַנדזשיאַן זיצנדיק באַם טיש און התמדהדיק קלאַפּן מיט די פינגער אין טיש נישט באַגייענדיק זיך אָן אַ פיקטיוון באַנוצן דעם פּעדאַל. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון דער פאַרטריבענערס אויגן, בשעת זי האָט געשפּילט, אין דער צייט פון פעטער טוזשיצקיס אָפּוועזנהייט, — אויפן קאַנצעלאַריע־טיש.

די פריילין קאַראָלינאַ שאַרלאַטאָוויטש, וועלכע איז געווען אַן אַפּטע איינגייערין אין פאַרוואַלטערס הויז, האָט געבראַכט די ידיעה וועגן וואַנדזשיאַ אָקשינסקאָס בענקשאַפט נאָך אַ פּאָרטעפּיאַן, זי האָט ברייט פונאַנדערגעלייגט די דאָזיקע ידיעה פאַר אַ פאַרזאַמלונג אין דעם אַזוי גערופענעם „פּאַלאַץ", און זי האָט ווי געהעריק אויסגעלויכטן דעם ענין.

דער גלח אַנאַסטאַזי, די מומעס אַניעלאַ און וויקטאָריאַ, און בכלל אַלע שטוב־מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן, מען זאָל תּיכּף צולאָזן די מוזיקערין צום „פּאַלאַץ"־פּאָרטעפּיאַן, וואָס האָט

שוין כמעט פאַרגעסן אונטער זיין דעק, אַז ער איז עפּעס אַ מוזיקאַלישער אינסטרומענט און ער האָט זיך צוגעוויינט מיט דער צייט צו דער ראָל פון אַ טייער, אָבער לגמרי אום וצלען מעבלשטיק. נישט אָן אַ געוויסער אָפּאָזיציע האָט אויך די פרוי וועלאָסלאַווסקאַ דערצו מסכים געווען. אַזוי אַרום האָט זיך די פריילין וואַנדאַ אָקשינסקאַ צוגעכאַפּט צום פּאָרטעפּיאַן. זי האָט געמעגט פּראַווען איר קונסט אונטער פאָלגנדיקע באַדינגונגען: 1) פאַר מיטאָג; 2) ווען עס זענען נישטאָ קיין געסט; 3) ווען קיינער ליידט נישט אויף עפּעס; 4) ווען קיינער וועט בכלל נישט פּראָטעסטירן.

צוריקקערנדיק זיך אויפן וועגל פון פרישטיק באַ דער פרוי לאַוראַ קאָשעשעניעצקאַ און אַרויפגייענדיק אויפן באַלקאָן, האָבן היפּאָליט און צעזאַרי געהערט פון סאַלאָן שאָפּענס A dur פּאָלאָנעז, וועלכער איז פּראַכטפול געשפּילט געוואָרן.

דער גלח אַנאַסטאַזי, וואָס איז שוין לאַנג געווען אויף די פיס און — „ווען-ווען שוין אָפּגעריכט די הייליקע תפילות“ אין דער פּאַראַפיאַלער קירכע פון פויערישן דאָרף נידער-נאַוולאָטש און האָט איצט אַכטונג געגעבן אויף די מיטאָג-פּאָרבערייטונגען, וועלכע זענען גראָד געווען אין גאַנג אונטער דער אָנפירונג פון מאַטשעיוניאָ — האָט אָנגעקלערט פאַר די אָנגעקומענע ווער עס שפּילט און דערציילט די גאַנצע געשיכטע וועגן דער פריילין וואַנדזשאַ. ער האָט געעצהט נישט צו שטערן איר, בכלל נישט אַריינצוקוקן אין סאַלאָן אַריין, נאָר לייטיש זיך אַוועקזעצן אין עסצימער און ווי ס'הייסט דער שכל-הישר, ו סטרינקען פאַר מיטאָג עפּעס, וואָס מאַטשעיוניאָ וועט מסתמא תיכף דערלאַנגען.

אָבער די ביידע ריטער, וואָס זענען געווען אין אַ רויןשטימונג, אַ נאָך פרישטיקדיקער, זענען געווען גאָר באַ אַן אַנדער מיינונג.

זיי האָבן באַשלאָסן צו זען די מוזיצירנדיקע פריילין און זיך תיכף מיט איר צו באַקענען.

היפּאָליט האָט דער ערשטער געעפנט די הויז-טיר לינקס, וואָס פירט אין סאַלאָן אין גרייגעשלעפּט מיט זיך זיין פריינט.

דער לעצטער האָט פֿאַר זיך דערזען דעם קרבן פֿון די עופֿות־פֿאַרפֿאָלגונגען. זי איז געשטאַנען לעבן פּאַרטעפּיאַן, דערשראָקן ווי אַ פּענסיאָנאַרקע צוליבן אַרייַנקומען פֿון ביידע הערן, צווישן וועלכע ס׳איז געווען — אַ, פֿאַרצווייפֿלונג! — דער פּריץ פֿון נאַוואָלאַטש און די אַרומיקע שטחים. זי האָט זיך צאַפּלדיק אַ בייג געטאָן פֿאַרן הער פּריץ און מיט גליקס־אויסדרוק אים דערלאַנגט די האַנט, בעת ער האָט באַוויליקט זי צו באַערן מיטן דערלאַנגען זיין האַנט. איצט האָט זי זיך אָבער שוין בעסער געהאַלטן, ווי בשעת דעם אַנטלויפֿן פֿאַר די עופֿות.

זי איז געווען שלאַנק ווי אַ מיידל, אָבער שוין געפֿאָרעמט ווי אַ פֿריילין. זי האָט געהאַט לאַנגע פֿיס און לאַנגע הענט, לאַנגע, אין אַ צאָפּ פֿאַרפֿלאָכטענע האָר, אָבער אין די אויגן האָט זי געהאַט אַ באַזונדערן אויסדרוק, אַ טיפֿן און נישט קיין פּשוטן, ווי נישט פֿון דער וועלט.

— ניין! זי וועט זיך שוין קיינמאָל נישט אויסלערנען די כּפֿלונגס־טאַבעלע! — האָט צעזאַרי געטראַכט.

צוליב די עקשנותדיקע בקשה, זי זאָל נישט איבעררייסן דאָס שפּילן, איז פֿריילין וואַנדאַ בלאַס געוואָרן, ווי קרייד. זי האָט זיך געדרייט אין אַ זייט, ווי פֿאַרן לערער פֿון חשבון און גערודערט מיט די פֿינגער אויף אַזאַ אופֿן, אַז ס׳האָט זיך געמערקט אַ לחלוטינדיק פֿאַלן פֿון איר אינטעליגענץ. צעזאַרי האָט געהאַט רחמנות אויפֿן דאָזיקן מיידל. ער האָט זיך דערמאַנט, אַז ער האָט דאָך יעדן טאָג געשפּילט מיט דער מוטער אין פֿיר הענט און געהאַט אַזוי פֿיל מוזיק־לעקציעס, אַז ס׳איז גאָרנישט משער צו זיין.

ער האָט אָנגעפֿרעגט דער פֿריילין, צי וואָלט זי נישט געוואָלט שפּילן מיט אים אויף פֿיר הענט ליסטס אונגאַרישע טענץ, וועלכע ער האָט נאָך גוט געדענקט. זי האָט מסכּים געווען דורך אַ שאָקל מיטן קאָפּ, ווייל קיין קול האָט זי בשום אופֿן נישט געקענט פֿון זיך צרויסבאַקומען.

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט און געשפּילט. און בשעת זיי האָבן שוין געשפּילט, האָט דאָס צעשראָקענע מיידל נישט נאָר צו־

ריקגעווונען די מאַכט איבער זיך, נאָר אויך איבערן אומבאַקאַנטן הער, — שוין נישט רעדנדיק דערפֿון, אַז איר שפּילן האָט איבערגעשטיגן זיין שפּילן.

איר פּנים האָט זיך געענדערט, צעפֿלאַמט, באַלעבט און שיין געוואָרן.

יעדעס מאָל ווען זי האָט זיך געווענדט צום מיטשפּילער, האָט אַן אומגעווייניטלעכע שיין, אַ גלאַנץ פֿון אַ העכערער אינטעליגענץ, מ'קען זאָגן — אַ מוזיק-געניע האָט אויפֿגעפֿלאַמט אין אירע אויגן. אַלע שטוב-לייט זענען זיך צונויפֿגעקומען אין סאַלאָן אַריין און זיי האָבן, באַקוועם זיך אַוועקזעצנדיק אויף פֿאַרשידענע ערטער, אויסגעהערט די גוטע, הילכנדיקע מוזיק.

די פֿאַרמיטאָגדיקע פֿאַרזאַמלונג האָט מאַטשעיוניאָ איבערגעריסן מיט פֿאַרנייגונגען און דעליקאַטע ווונקען, וואָס האָבן געגעבן צו פֿאַרשטיין די בלי-שום-ספֿקדיקע אָנוועזנהייט פֿון דער „וואַזע אויפֿן טיש". די פֿריילין וואַנדאַ האָט אָוועקגעריסן די הענט פֿון די קלאַווישן, געהאָרכזאַם אויפֿגעשטאַנען און אין לעכערלעכע פֿאַרנייגונגען שטיל זיך אַרויסגעשליכט פֿון סאַלאָן.

---

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פֿריילין קאַראָלינאַ שאַרלאָטאַ-וויטשס געזונט-צושטאַנד איז, צום גליק, נישט געווען אַזוי האָפֿענונגסלאָז, אַז די „קראַנקע" זאָל נישט קענען זיין בײַם געמיינזאַמען מיטאָג. נישט נאָר זי איז געווען, נאָר זי האָט זיך אויך שטאַרק פֿאַרנומען מיט דער עקספּעדיציע פֿון די מאכלים. זי איז נאָר געווען געוואַלטיק שטאָלץ און דערהויבן לגבי צעזאַרי באַרקאַן. זי האָט בכלל נישט געקוקט אויף אים, נאָר אויב אירע אויגן האָבן זיך שוין יאָ געווענדט אין זיין ריכטונג, זענען אָבער די שוואַרצאַפּלען פֿאַרדעקט געווען מיט די אויגנדעקלעך. ס'איז אפֿשר געווען אַז, ס'מוז אויך ווייטער פֿאַרבלייבן אַ נישט אַנטפּלעקטער סוד, ווי אַזוי האָט זי געקענט, האַלטנדיק אַזוי פֿעסט פֿאַרמאַכט די אויגן,

דערזען זיין פאַרנייגן זיך, אויף וועלן זי האָט געענטפערט מיט אַן אמת קעניגלעכן שאָקל מיטן קאָפּ.

צעזאַרי האָט געוואָלט אויפפלאַנטערן די אומבאַקוועמע סיטואַציע, דערפאַר האָט ער זיך נישט דערלויבט אויפן מינדסטן שמייכל. ער האָט פריילעך דערציילט דער געזעלשאַפט וועגן דער רייזע אין וועגל, וועגן דעם וויזיט אין לבניעץ און ער האָט בכיוון קאַריקאַטורעל לעכערלעך געמאַכט זיך אַליין, דעם פאָרנדיקן אין דעם גאַלאָפּירנדיקן וועגל, כדי צו ווענדן און איבערוואַרפן אויף זיך דאָס געלעכטער. ס'האָט זיך אָבער אַלץ נישט איינגעגעבן. די פריילין שאַרלאַטאַוויטש האָט די אַלע באַמיונגען זיינע אויפגענומען מיט אַזאַ הויך־פאַריסענער נאָז און מיט אַזאַ מויל־קרימעניש, ווי אין זיינע אויספירונגען וואָלט באַמת געווען עפּעס אַ שטאַרק־אומאָנגענעמער ריח. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט צעזאַרי באַריקאַ באַקומען דאָס געפיל פון אַ געוואַלטיקער דערשטוינונג. ווייל בשעת ער האָט זיך באַמיט ווי ווייט אַלטרויִסטישער לגבי דער פריילין צו ווײַלן אויף זיין חשבון די געזעלשאַפט, האָט זי — זייענדיק בשעת מעשה לעבן דעם קרעדענס אין הינטער די פּלייצעס פון אַלע זיצנדיקע בײַם טיש — אַרויסגעשטעקט אויפן אַדרעס פון בעל־דרשן אַ געוואַלטיק־לאַנגע צונג, באמת — ביזן גאַרטל.

דאָס פּאָלעמישע מיטל, וועלכעס די פריילין קאַראָלינאַ האָט אָנגעווענדט, האָט אַזוי קורץ געדויערט, אַז צעזאַרי האָט זיך אַליין געפרעגט, צי ס'איז צופעליק נישט געווען קיין האַלוציגאַציע. דער ספק איז בײַ אים נאָך שטאַרקער געוואָרן, בשעת דער טאָן פון פריילין שאַרלאַטאַוויטשס ווערטער איז ווידער געווען אַזוי אָנגעבלאָזן און געהויבן, ווי מ'וואָלט געהערט די טראָן־רעדע פון אַ מלכה, אָדער די סיום־דרשה פון אַ לייטערין פון אַ פּענסיאָן (מיט גימנאַזיאַלע רעכט).

אַלץ וואָלט אָבער ווייטער ווי עס איז געגאַנגען, ווען נישט דעם גלח אַנאַסטאַזיס אומגליקלעכע שוואַכקייט צו געזאַנג. גענומען אַ שעלעכל קאַווע און צוגיסנדיק עפּעס אַ ראָזיקן צוגאָב אין אַ קליין גלעזל, האָט דער גייסטלעכער אָנגעהויבן זיין שוין גמאַסגעוואָרן לידל:

„Caroline, Caroline,
Prends ton chapeau fleuri
Ta robe blanche...“

באַם קלאַנג פון די ווערטער — „ta robe blanche...“*) — האָט זיך צעזאַרי גוקם געווען פאַרן אַרויסהענגען צו אים אַ רויטע צונג, וואָס וואָלט געקענט דינען פאַר אַ באָלשעוויסטישער פאָן, און ער האָט בעסמאַליש אַ שמייכל געטון. דאַן איז די מויד אינגאַנצן רויט געוואָרן, ווי צען באָלשעוויסטישע פענער און — אַרויסגעגאַנגען פון צימער מיט אַ מאַיעסטעטישן, געלאַסענעם, נאָר שאַרעוודיקן טריט.

— וווהין גייסטו, קאַרושאַ? — האָט זיך דאָס גלחל מצער געווען.

— דער פרייליין קאַראָלינאַ איז אומגעגעבן צו הערן דאָס דאָזיקע לידל... — האָט צעזאַרי אַרײַנגעשעפּטשעט דעם גלח אין אויער אַרײַן.

— באמת? נו, וועל איך שוין נישט! כ'וועל קיין פּאַרע פון מויל נישט לאָזן! אָבער פאַרוואָס? דאָס איז דאָך אַזוי אומשולדיק, אַזוי פריילעך — ווייסט, טשאַרוש — פריילעך...

— אומשולד איז אומשולד, און פונדעסטוועגן איז עס אומאָנגענעם... דאָס Caroline, Caroline...

— כ'וועל גיין נאָך איר. כ'מוז זי איבערבעטן! נישט קיין שלעכטער קוזין בין איך עס...

ווען דער גלח האָט זיך צוריקגעקערט אין עסצימער אַרײַן מיט דער פרייליין קאַראָלינאַ, האָט שוין היפּאָליט פאָרגעשלאָגן אַ נײַעם אויספלוג אויף נאָכמיטאָג, כדי צעזאַרי זאָל דאָך קענען באַקוקן די געגנט. ס'האָט געזאָלט פאָרן דער גלח, פרייליין קאַראָלינאַ, צעזאַרי, אָבער שוין נישט אויף אַ משוגען וועגל, נאָר אויף אַ גאַנץ מיושבדיקער ברישקע און היפּאָליט גו.א האָט געזאָלט רייטן אויף זײַן געליבטן ברוינעם פערד „אוריש“.

---

*) „די ווייס קליידל.“

דער גלח אַ־אַסטאַזי איז אַנטציקט געווען פונעם פּראָיעקט, ציזואַרי אויך, און די פריילין קאַראָלינאַ האָט אַ ביסל אַראָפּגעלאָזט פון איר געהויבענעם טאָן און באַוויליקט אַ שמייכל צו טון מיט אַ צביעותדיקער מעסיקייט. איידער דאָס מיטאָג איז דערגאַנגען צום אַנטגילטיקן ליקיערישן סוף, זענען שוין געמאַכט געוואָרן די נייטיקע פאַראָרדענונגען, און בשעת דעם אַלגעמיינעם אויפשטיין פון טיש, איז שוין די בריטשקע פאַרפאָרן פאַר דער וועראַנדע.

יענדרעק אַליין האָט אַנגעפירט מיט אַ פּאָר עכט־שוואַרצע פערד, אָפּגערייניקטע, אויסגעפוצטע, אָנגעטועטע אין גלאַנציקן געשפּאַן און באַשמירטע מיט פעטס. די בריטשקע איז, ווייזט אויס, געווען פריש אָפּגעמאָלט, ווייל יעדעס פיצל, יעדער טייל, די רעדער, ס׳געזעס, דער געל־לאַקירטער קויש — אַלץ האָט געגלאַנצט פון דער פאַרטרוקנטער הילער פאַרב. יענדרעק האָט געהאַלטן אין האַנט די בייטש און די לייטשן אויף אַזאַ אופן, ווי אַן אָפיציר האַלט אַ שווערד אויף אַ פאַראַד אין דער אַנוועזנהייט פון אַ אָנפירער — ער האָט נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון היפּאָליטס אויגן. און היפּאָליט האָט אַרומגעקוקט מיט אַן אומדערבאַרעמדיקן בליק די גאַנצע בריטשקע, גייענדיק פון איין טייל צו דער אַנדערער. דעם פּריצס שטרענגע אויג האָט אָבער גאָרנישט נישט געקענט געפינען: די בריטשקע און דאָס געשפּאַן, די פערד — מיט איין וואָרט — אַלץ, האָט געוואָרפן פונקען און שטראַלן, דערפאַר האָט זיך אין יענדרעקס אויגן אָפּגעמאָלן אַ זיגעריש און שטאָלץ וואָרט:

— אַבסאָלוט!

דאָס בלויזע באַגיין זיך מיט די פערד איז געווען די העכסטע מדרגה פון פלעגונג. דאָס איז געווען אַ פּאָר וואַלאַכן, שוואַרצע, ווי דער טונקלסטער סאַמעט. דידאָזיקע פערד זענען שוין יאָרנלאַנג געשטאַנען אין אַ פינסטערער שטאַל מיט אַ פאַרשטעלט פענצטערל און אַ טיר, וועלכע מען האָט געעפנט בלויז באַנאַכט. ביידע זענען זיי כסדר געפוצט, געריבן און געבערשט געוואָרן. היפּאָליט איז אַמאָל (פאַר דער באָלשעוויסטישער מלחמה) פלוצלינג אַריינגעקומען אין שטאַל און מיט זיין ווייס טיכל, וואָס איז

אַרומגעוויקלט געווען אַרום זײַן פֿינגער, האָט ער געפּרווט, צי איז אויף די פּעלן פֿון זײַנע ליבלינגען נישט פֿאַרהאַן קײן פּיצל שטויב. די פֿערד זענען ווילד געוואָרן אין דער פֿינסטערניש, זיך אָפּגעוווינט פֿון ליכט. זייערע קורצע און גלאַנציקע האָר זענען שוואַרץ געווען, ווי די שטערנלאָזע נאַכט און מיט זייער גלאַנציקייט און ווייכקייט ענלעך צום זײַדאַרטיקן פֿעלעכל פֿון אַ קרעט. דאָס שטאַל־ייִנגל האָט צוגעפֿירט פֿאַרן „גנעדיקן יונגן פּריץ" דעם פּרווינעם „אוריש", אַן אָנגעצונדענעם אין אַ לײַכט זאָטל אין אַ געהאַפּטענער דעק. דער יונגער פּריץ האָט זיך אין די אויגן פֿון דער מוטער, מומעס און פֿעטער, מיט אַ גראַציע און פֿלינקע געשיקטקייט אַרויפֿגעזעצט אויף „אורישן". דאָס איז געווען אַ קונסט־ווערק פֿון אומגאַנג מיט פֿערד, צום ערשטן מאָל בײַ היפּאָליטן נאָך אַזוי פֿיל חדשים וואַנדערן צופֿוס.

— היפּאָשאָ! כ'בעט דיך, זײַ פֿאָרזיכטיק, פֿאָרזיכטיק... — האָט געשעפּטשעט די מוטער, וואָס האָט איצט מער מורא געהאַט, ער זאָל נישט אַראָפּפֿאַלן פֿון זאָטל אויפֿן היימישן הויף, ווי מיט אַ חודש צוריק, ווען זי האָט נישט געוווּסט, צי ס'צעהאַקט אים נישט דאָרט דער ווילדער שונא אויף שטיקער און שלעפּט אים נישט איבער פֿעלדער אַ צוגעבונדענעם צו פֿערד.

היפּאָליט האָט מיט אַ צערטלעכן בליק באַרויִקט די מוטער און געוואַרט אויף דער געזעלשאַפֿט.

דער ערשטער איז אַרויסגעלאָפֿן דער גלח אין אַ באַדײַטנדיק קירצערער סוטאַנע, אין אַ פֿאַרנעמען גלחישן הוט. נאָך אים איז אַרויסגעקומען די פֿרײַלין קאַראָלינאַ. די צוויי ערשטע האָבן פֿאַרנומען די הויפּט־ערטער אין דער בריטשקע. צעזאַרי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן פֿעדערשטן גאַנזעס לעבן יעגדרעקן, אָבער אויסגעדרייט מיטן פּנים נישט צו די פֿערד, נאָר צו יענע צוויי פּערזאָן. די געזעסן, אַרומגעקלאַפּטע מיט גראָבן גרויען לײַוונט, זענען געהאָנגען אויף שטאַרקע לעדערנע פּאַסן, וואָס זענען אָנגעטשעפּעט געווען בײַ די קעפּלעך פֿון די אותיות־אַרטיקע האָקעס. אַלע האָבן זיך אַוועקגעזעצט, דער פֿורמאַן האָט אַ פּאָר מאָל געשמאַטשקעט צו די שוואַרצע „קרעטן", וועלכע האָבן דערווײַל אַפֿילו נישט

געטראַכט זיך צו רירן פון אָרט. זיי האָבן זיך אויסגעצויגן, גע־קלאַפּט אָן דער ערד מיט די קאָפּיטעס, אָדער פאַרבייגנדיק די קעפּ צו דער ערד, אַרויסגעגעבן קורצע, אָפּגעריסענע הירזשען, וואָס האָט קיין גוטס נישט פאָרויסגעזאָגט. ס'האָט זיך דערהערט אַ שטילער באַפעל פון היפּאָליטן, וועלכער האָט אַראָפּגעקוקט פון פערד אויף זיין געליבטן געשפּאַן:

— גיב אַ שטויס דעם ערשטן!

יענדריעק האָט אויפגעהויבן די בתולה־ריינע, בייע און נאָך נישט גענוצטע בייטש און לייכט אַ קלאַפּ געטון מיטן שפּיץ־קניפּל דעם גלאַנציקן הינטן פון דעם ערשטן וואַלאַך. פּאַניש איבעראַשט צוליב דער גרינגשעצונג פון זייער צניעות, האָבן זיך ביידע פערד אַ ריס געטון פון אָרט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז די בריטשקע איז געוואָרפן געוואָרן, ווי אַרויסגעלאָזט פון אַ שטיין־וואַרפער. צעזאַרי, וואָס איז געזעסן קעגנאיבער דעם גלח אַנאַסטאַזי, האָט זיך מיט אַן אימפּעט איבערגעבויגן און ער וואָלט מיטן קאָפּ אַ קלאַפּ געטון דעם גלח אין דער ברוסט, ווען נישט דער פּאַקט, וואָס ער האָט שוין געטראָפן אין אַ לערקייט.

קומענדיק צו זיך, האָט באַריקאַ דערזען אויפן הויפּט־געזעס, אַנשטאָט מענטשן, פיר אין דער הייך פּאַריסענע פיס — דערפון צוויי שוואַרצע פיס אין גלאַנציקע כאָלעוועס און שוואַרצע „פאַרגעס מיך נישט“, און צוויי ווייסע אין דינע, לייב־קאָלירקע זאָקן, וואָס זענען דערגאַנגען — העט! — אַריבער די קני. די זאָקן זענען באַ דער זייט פון יעדן פוס געהאַלטן געוואָרן מיט גומענע פּאַסקעס, וואָס זענען פאַרשוונדן געוואָרן אין אַן אומדערגרונט־לעכן תהום.

צעזאַרי האָט פאַרשטאַנען, אַז דעם טאָג טרעפט מיט דער פריילין שאַרלאַטאָוויטש דאָס צווייטע נישטאָנשטענדיק לעכערלעכע אומגליק.

זי איז פּשוט סאָלידאַריש פון באַוועגלעכן געזעס אַראָפּגע־פאַלן צוזאַמען מיטן גלח אין דעם ליידיקן הינטערטייל פון דער בריטשקע. זיי האָבן ביידע געפּאָכעט מיט די פיר שוואַרץ־ווייסע פיס זייערע, נישט קענענדיק זיך אַרויסבאַקומען פון קלעם. אַן

איינהייטלעכער געלעכטער-אויסברוך פון די פערזאָנען, וואָס זענען געבליבן אויף דער וועראַנדע, האָט זיי נאָכגעיאָגט אין דעם אמתן פלי, וועלכן עס האָבן איצטער אונטערגענומען די צוויי שוואַרצע „קרעטן".

צעזאַרי האָט זיך מיט התלהבות געוואָרפן צו הילף דער פרײַלין קאַראָלינאַ און אַרויפגעשלעפּט זי אויפן באַוועגלעכן געזעס. דערנאָך האָט ער אַרויסגעצויגן דעם גייסטלעכן. די פרײַלין איז געווען פאַרצווייפלט. זי האָט געהאַט טרערן אין די אויגן. זי האָט כסדר זיך פאַריכט איר קורץ קלייד, אַראָפּציִענדיק עס ווי אַמבידעריקסטן, כמעט ביז צו די טריט, און אַרומוויקלענדיק דערמיט די קני.

— אפשר אייך באָרג איך אַן אַגראַפקע צו פאַרשפּילען דאָס קלייד אונטער די קני? — האָט צעזאַרי געפּעגט מיט מיטגעפיל און דינסט-גרייטקייט.

— כ'דאַנק אייך! — האָט זי אויסגעשאָסן מיט אַזאַ פורע, ווי זי וואָלט בדעה געהאַט צופּצודאַנקען אים מיט דער פויסט.

— די געזעסן זענען באַוועגלעכע און, דעריבער, אומזיכערע. דאָס קען זיך איבערחזרן.

— ס'וועט זיך נישט איבערחזרן!

— ווער קען וויסן, צי ס'וועט זיך נישט איבערחזרן. אַן אָפּגעהיטענעם היט גאָט.

— האָסט עס גוט געזאָגט, הער טשאַרוש! — האָט זיך פּגעפּצט דער גלח — אָבער מיר האָט עס צעקלאַפּט די פּלייצעס! און דיך, קאַרושאַ, האָט עס אויך צעקלאַפּט?

— מיך האָט עס נישט צעקלאַפּט!

— אָ, מיין קינד, מיר האָבן געמאַכט אַ נישקשהדיקע באַווייזשטעלונג פון אונדזערע תחתונים..

— אַך! וועגן דעם וועלן זיי נאָך פּלוידערן! דאָס איז דאָך אַ גראָבקייט!

— מיך אַרט עס לגמרי נישט, אַז דער המון וועט אַרײַנקוקן אונטער מיין קליידל. אַנדערש איז עס מיט דיר! — האָט דער וויקאַר צופּגעזיפּצט מיט רחמנות.

— כ'בעט צו מאַכן אַמאָל אַ סוף דערמיט, ווייל איך גיי אַראָפּ! — האָט זי אויסגעצישעט.

— איצט אַראָפּגיין וואָלט אפילו געווען גענוג שווער. וואָלסט זיך ווידער איבערגעדרייט. מיר האָבן דאָך דאָ גאָר נישט גערעדט קיין שלעכטס, מיין קינד, עס וואָלט ערגער געווען, ווען מיר וואָלטן געשוויגן.

— און פאַרוואָס זענט איר זיך אַזוי שטאַרק מצער איבער אַזאַ נאַטירלעכער גימנאַסטישער עוואָלוציע!... — כ'פאַרשטיי נישט... — האָט צעזאַרי אַריינגעוואָרפן.

— כ'בין זיך מצער און שוין! איר זענט דאָ אַהערגעקומען און איר זענט מיין אומגליקס-ברענגער!

— אָ, דאָס איז שלעכט! אויב ס'איז אַזוי באמת, איז נישטאָ וואָס צו רעדן! מ'דאַרף מאַכן פּיס!

— זעסט, זעסט, קאַראָלינאַ, וואָס דו פּלוידערסט אויס!

— כ'האָב גאָר קיין שלעכטס נישט געזאָגט.

— איך פאַרבאָט דיר צו רעדן זאַכן, וואָס קומען אַרויס פון אוקראַאינישן כישוף, און איך, טשאַרויש, פאַרבאָט איך צו רעדן וועגן אַוועקפאָרן.

— און ווער וויל דען דער הער באַריקאַ זאָל אַוועקפאָרן? — האָט געפרעגט די פרײלין, אַרויסשטעלנדיק אירע שיינע בלויע אויגן.

היפּאָליט איז געריטן אויפן „ווריש" נעבן דער בריטשקע און מ'האָט געקאָנט זען, אַז דאָס רייטן פאַרשאַפט אים אַ גענוס. ער איז געריטן אַ שמייכלענדיקער, אַ פאַרטרוימטער, ער האָט כסדר געקלאַפּט דאָס פערד מיט דער האַנט אין קאַרק אַריין און אין די פלייש-קנוילן, צערטלענדיק געגלעט די גזשיווע. צעזאַרי האָט די גאַנצע צייט געהאַט פאַר זיך זיין פנים און ער האָט זיך פאַרטראַכט: ער ברוגזט זיך דאָ אויף דער בריטשקע, דראָט מיט אַרויספאָרן, און באמת וואָלט עס פאַר אים געווען אַ גרויסער צער, ווען ער וואָלט באַדאַרפט פאַרלאָזן נאַוולאָטש. ער האָט עס דאָך נאָך רעכט נישט אָנגעקוקט! ער איז דאָ עפּעס קלענער, פּשוטער געוואָרן, כמעט אַ קינד.

ס'איז דאָ אַלץ אויפֿסניי געוואָרן, ווי אין דער צייט פֿון דער פֿאַרגאַנגענער קינדהייט, אַלץ איז דאָ געוואָרן אינטערעסאַנט, ניי — אויסערגעוויינטלעך! יעדעס בערגל, יעדעס בערג־וועגל, וועלכעס זיי זענען פֿאַרבײַגעפֿאָרן, איז באַלד אויפֿן ערשטן בליק אים נאָנט געוואָרן, עפּעס אייגן, אומטײַלבאַר, כאָטש ס'איז דאָך נאָך אַלץ פֿרעמד און ניי געווען. די נײַגיריקייט האָט אים באמת געבײַענט, ער זאָל אויפֿשטיין אין דעמדאָזיקן פֿײַערלעך־אויסגע־שמירטן וועגל און אַרומקוקן זיך, דערזען, דורכדרינגען, וואָס גע־פֿינט זיך דאָרט ווײַטער, הינטערן דאָרן־וועלדל, בײַ וועמענס ברעג עס ציט זיך אַ וואָרצלדיקער, נאַסער וועג. ווײַניק דורכגייער האָבן זיי געטראָפֿן אין וועג. אַ געוויס ייִדל מיט אַ ברודיקן זאַק אויף די פּלייצעס האָט זיך נידעריק פֿאַרנייגט פֿאַרן הער פֿריץ, וואָס איז נישט בלויז צוריקגעקומען פֿון מיליטער, נאָר האָט אויך — אַזוי זאָגט מען — געוווּנען די מלחמה, פֿון טראָצקין אַליין גע־מאַכט אַ זויערן עפּל. באַלד איז ער געבליבן ווײַט פֿון הינטן. בעת ס'זענען אים נאָכגעלאָפֿן צעזאַריס גערואַנקען, צעזאַרי האָט אים כּסדר פֿאַר זיך געזען, בשעת אַנדערע זענען געווען צו אים אויסגעדרייט מיט די פּלייצעס.

ווי שטאַרק האָט צעזאַרי געוואָלט גיין מיט דעם ייִדל און פּלוידערן וועגן די סודות פֿון זײַן לעבן, וועלכעס צעזאַרי האָט נישט געקענט, נישט געזען גראָד אַזוי, ווי ער האָט נישט גע־קענט די געגנט, די צעשניטענע דורך אַ דאָרפֿישן וועג! דעם־סוד פֿון זײַן לעבן... וועגן דעם אינעווייניק פֿונעם זאַק, וועלכן יענער שלעפּט מיט אַזעלכע יסורים אויף זײַנע פּלייצעס. ער טראָגט דאָרט כּסתּמא אַ פּאָר פּערטלעך קאַרטאָפֿל פֿאַר דער מענגע קינ־דער, וואָס וואַרט אויף אים מיט אַ הונגעריקער בענקשאַפֿט. מיר קענען עס, מיר קענען... מיר קענען די הונגער־בענקשאַפֿט! ער טראָגט דאָרט אפֿשר צוויי גרויסע לעבלעך זויער קאָרן־ברויט, וואָס שמעקט אַזוי שטאַרק, בשעת דער מאָגן איז ליידיק און די קיש־קעס זענען ליידיק. מיר קענען עס, מיר קענען עס... אפֿשר טראָגט ער דאָרט אַ פּאָר געגנבֿעטע זאַכן... אפֿשר טראָגט ער דאָרט געגנבֿעטע פּויערישע שטיוול, וועלכע ער „פֿאַרפּאַסט" אין אַ

צעגיין דאַרף, כדי זייער אייגנטימער זאָל ביזן עק וועלט זיי נישט דערקענען. ווער ווייסט אים? ווער קען דורכדרינגען די מאַכינאַציעס פון אַ דאָרפישן ייִד? אַזוי אָדער אַנדערש, ער שלעפּט אויף זיך די משא, און שלעפּנדיק זי, קריכט ער אין זאַמד און אין בלאָטע, קריכט און וואַלגערט זיך איבער די וועגן פון דער אוראַלטער ערד. ער קריכט איבער דער ערד און שלעפּט אויף זיך די משא אין דערזעלבער צייט, ווען אויפן אַעראָפּלאַן, וואָס פליט פון וואַרשע קיין פּאַריז, אינמיטן די וואָלקנס און איבער די וואָלקנס, שלאָפט זיך געשמאַק אַן עלעגאַנטע דאַמע, צולענענדיק זיך אויף דער דנאָ פון דער לופט-קאַבינע, כדי צו קירצן זיך די לאַנגווייליקע צייט צווישן די לופט-סטאַציעס וואַרשע — טשעכיש-פּראָג. אָ, דלות, דלות פון אָרימען, בײַ וועלכן ייִד, ווער קען דיך אויסדערציילן

די בריטשקע איז פאַרבײַגעפאָרן צוויי אַלטע פּויערים, וואָס זענען געגאַנגען באָרוועסע, מיט קײַשלעך אין די הענט. זייערע פיס האָבן זיך געטונקען אין די קאַלטע קאַלוזשעס און געמישט די געדיכטע בלאָטע. זיי האָבן געפלוידערט, עקשנותדיק געפלוידערט, הויך, רעשיק. די לויפנדיקע בריטשקע האָט אויף זיי נישט געמאַכט קיין גרויסן אײַנדרוק. זיי האָבן קוים אויף אַ קליין רגעלע איבערגעריסן דעם שמועס. אַך, ווי אינטערעסאַנט דאָס וואָלט געווען — ניין! — וואָס פאַר אַ גליק דאָס וואָלט געווען אַרויסצושפּרינגען פון דער גלאַנציקער, פינקלענדיקער בריטשקע, אַראָפּצונעמען די שיך, שלעפּן די פיס אין דער בלאָטע, פאַרבינדן אַ שמועס מיט יענע צוויי, געבן זיי נאַרישע עצות, ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דער שלעכטער לאַגע, בייזערן זיך אויפן וויט, אויפן שרײַבער, אויף די פּריצים, אויף דעם סדר העולם — שעלטן און שרײַען!... גיין מיט יענע צוויי אויף אַ וועג, וואָס איז פול מיט שוועריקייטן און מכשולים, וואָס קילט די פיס, קני, קנאָכן, ביז צום ליידיקן בויך, אַ וועג, וואָס מאַטערט די אַלטע ביינער! צעזאַרי האָט גערופן אין זיך צו די צוויי אַלטע פּויערים, וואָס זענען געבליבן ווײַט — ווײַט אויפן וואָרצלדיקן וועג:

— העי, איר מענטשן! הערט זיך אײַן! איך גיי אַהין, צו-

זאַמען מיט אייך!

באמת איז ער נישט געגאַנגען, נאָר באַקוועם, גוט, שנעל געפאָרן, געטראָגן־געוואָרן דורך לאָנקעס, וועלדלעך, אין מיטן פעלדער און צווישן פלויטן, וואָס האָבן געפירט צו דערפער. אויף אַ געוויס אָרט האָט יענדרעק פאַרקירעוועט מיט אימפעט און דאָס וועגל איז, ווי אַ ווינט געפלויגן מיטן ווייכן וועג, איבער די ברייטע לאָנקעס. דער הימל איז געווען מילד, אָבער בלאַס, שוין פאַרנומען מיט אַ געוויסער טונקלקייט, — האַרבסטיק. די בלאַסע בלויקייט איז דורכגעשניטן געוואָרן דורך פאַרביקע וואָלקנדלעך, געיאָגטע פון אַ מונטער ווינטל. אַ געפיל פון גליק, יוגנט, געזונט, האָט אַלעמען כמעט אין דער זעלבער מאָס דורכגענומען. יעדער פון די פאָרנדיקע האָט עפעס אייגנס זיך אונטערגעזונגען. ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס גליק צעזעצט אפילו די אָדערן פון די פערד. אָבער אָט זענען זיי פלוצלינג שטיין געבליבן. צעזאַרי האָט זיך אַרומגעקוקט און דערזען, אַז זיי שטייען פאַר עפעס אַ טויער.

— דעם טויער! — האָט יענדרעק אויסגעשריגן מיט אַזאַ קול, אַז בלויז אויף זיין קלאַנג האָט זיך דאָס טויער אַליין באַדאַרפט תיכף צו עפענען און פריי לאָזן דעם וועג צו דער אַלטער און אָפּגעלעבטער וואָך־געביידע פון הויף.

דערווייל איז אָנגעלאָפן אַ יונגל מיט פלאַקסענע האָר. ער האָט אַזוי שווער געסאָפּעט, אַז ער האָט נישט געקענט כאַפּן דעם אָטעם און זיך באַראָצט פון איבעראַשונג מיט דער ברוין און בלויער קרעצעדיקער נאָז. די פערד זענען אַריינגעלאָפן אויף אַ גלייכן הויף, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט וויאַנעדיקע ווילד־גראָזן און נאָך געשמעקט פון זייער לעצטן אָטעם. דאָס וועגל האָט זיך ווידער פאַרהאַלטן פאַר פיר אַלטע לינדן־ביימער, אַזעלכע אַלטע, אַז פון ערשטן אויגנבליק אָן האָט מען זיי ליב געקריגן. הינטער די לינדן איז געשטאַנען אַן אוראַלט הייזל מיט אַ שוואַרצן דאַך, אַ שטאַרק געבויגענעם און אַראָפּהענגענדיקן איבער די לערכן־ווענט ביז צו דר'ערד. אַרום זענען געווען נייע פאָלוואַרק־געביידעס מיט געמויערטע סלופּעס, אַרטיקע און סאָלידע. היפּאָליט

איז אַראָפּגעשפּרונגען פון פערד, דער גלח אַנאַסטאַזי איז אַראָפּ פון דער בריטשקע און זיי זענען ביידע געגאַנגען אין הויף אַריין. ס׳האָט זיי מקבל־פּנים געווען אַ מענטש אַן אָנגעבערנטער, ווי ראַזאָווע ברויט, מיט אַראָפּהענגענדיקע וואָנסן, אַ דיקלעכער, אַ טיפּישער הער „אָקומאָ״. צעזאַרי האָט אָנגעפרעגט די פריילין קאַראָלי-נאַ, צי זי וועט אויך אַראָפּשטייגן און אַריינגיין אין דעם הויז.

— ניין — האָט זי נישט געטשלאָסן געענטפערט. — דאָ איז דאָ אַ שיינער טייך, כ׳וועל אַהינגיין צום טייך.

— צי קאָן איך גיין מיט אייך?

— אויב איר ווילט...

זיי זענען פאַרביי די פלויטן, געפלעכטענע פון טענענביימער, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די גערטנער אַרום דעם הויף און אַראָפּ-געגאַנגען פון אַ בערגל צום טייך. ער איז זיך געשטאַנען שטיל, ברייט, ריין, אונטערן האַרבסטיקן הימל, באַצויבערנדיק מיט זיי-נע טאַטערקעס און אַנדערע וואַסער-גראָזן. ווייט, באַם צווייטן עק פון וואַסער איז אין אים אַריינגעפלאָסן אַ טייך מיט אַ ברייטן אָפּפלוס. באַלד דערלעבן זענען געווען פאַרצוימונגען פון ברייטע קלעצער, וואָס האָבן געהויבן די וואַסער-פלאַך צום ראָד פון אַ וואַסער-מיל. אַ בריקל פון קלעצער איבער דידאָזיקע פאַרצוימונגען האָט פאַר-לייכטערט דעם אַריבערגאַנג פונם אַריינפאָר-וועג צו דער גראַבליע, וואָס איז באַוואַקסן געווען מיט הויכע גראָזן.

בשעת די פריילין קאַראָלינאַ און צעזאַרי זענען אַריבערגע-גאַנגען ס׳בריקל, האָבן זיי דערפילט דעם ריח פון פאַרוויאַנעטע אָלשינע און דעם ריח פון וואַסער-גרינס, וואָס איז געוואַקסן אין די פייכטע גריבער לעבן דער גראַבליע.

זיי האָבן זיך אָוועקגעשטעלט אויף דעם העכסטן אָרט פון דער גראַבליע און זיך צוגעקוקט צום טייך. ווונדערשיין איז גע-ווען זיין קאָליר, זיין פאַרנעם, זיין שטילקייט. אַ כישוף פון פאַר-געסנקייט, התבודדות, פון אַ זיין אויסער דער וועלט און איינזאַמ-קייט אויסער אַלעם, האָט געשמייכלט צו די אָנגעקומענע פון דעם דאָזיקן אָנגענעמען, היימישן וואַסער. אויף זיין אומבאַוועגלעכער אויבערפלאַך האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די הויכע אָלשינע-ביימער,

וואָס האָבן באַשאָטנט די מיל — אין די צוויי באַוועגלעכע גע-
שטאַלטן — קאַראַלינאַס און צעזאַריס. אין דעם טייך איזסבייג,
וואָס איז מיט אַ ברייטן אָרעם פֿאַרשוווּנדן געוואָרן צווישן געלע
וואַסער-געוויקסן, זענען זיך אָן מורא דורכגעשווומען צוויי ווילדע
קאַטשקעס. צעזאַרי איז ממש פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿונם איינדרוק.
אַז ער קען שוין די געגנט, אַז ער האָט זי אַמאָל געזען — אַז
ער איז שוין דאָ געווען. נאָכמער — עפּעס אַ מאָדנער אויסטער-
לישער צער האָט אים פֿאַרקלעמט דאָס האַרץ בשעת אָנקוק די
דרעמלענדיקע מיזכטיקייט פֿונם דאָזיקן וואַסער — ווי ער וואָלט
יאָרנלאַנג געבענקט נאָך דעם אָרט. — ווי אַזוי קען עס זיין? —
האָט ער זיך געפֿרעגט. — איז עס דען אַמאָל געווען אין חלום,
שוין אַזוי לאַנג, אַז עס איז אין גאַנצן פֿאַרלוירן געגאַנגען פֿון
זיכּרון? און אָט איז דורכגעשווומען דורך זיין האַרץ עפּעס אַ
משונהדיק וואָרט, וואָס האָט אים מיט ווייטיק דורכגענומען: —
„סעקולאַ".

— אָך, — האָט ער שטיל אָפּגעזיפֿצט — אמת... איך
דערמאָן זיך... האָט דאָך נאָך אַזאַ וואַסער, נאָך עפּעס אַן אייגענער
„סעקולאַ" מיין מאַמע דורכגעוויינט איר לעבן.

מיט אַ טאָפּלטער פֿאַרכאַפּטקייט האָט ער אַרומגענומען מיט
זיינע אויגן די דאָזיקע היגע „סעקולאַ" און ער האָט זיך נישט גע-
קענט אָנזעטיקן מיט איר. ער האָט געקוקט אויף די פֿאַרשידנ-
פֿאַרביקע וואָלקנדלעך — די רויטע, וואָס האָבן אָנגעזאָגט דאָס קו-
מען פֿון אַ ווינט — און פֿיאָלעטע, וואָס האָבן אין זיך געטראָגן
נייע האַרבסט-רעגנס — ער האָט געקוקט, ווי די וואָלקנדלעך
שווימען דורך איבער דער ריינער אויבערפֿלאַך. דער טייך האָט זיך
דאַן באַפֿאַרבט ביזן סאַמע דעק, געוואָרן טיף, תהומותדיק, אומ-
דערגרונטלעך, פֿול מיט סודות און תהומישן לעבן אין דער טיף. ווען
די וואָלקנס זענען אַוועקגעשווומען איבער די פֿעלדער, האָט ווי-
דער דער האַרבסט-קאָליר פֿון הימל אַראָפּגעטויכט אויף דער ריי-
נער וואַסער-פֿלאַך. די שוואַרצע מיל האָט געקלאַפּט און מ'האָט
אין איר שכנות נישט געקענט רעדן. די פֿריילין און צעזאַרי זע-
נען געגאַנגען אין דער לענג פֿון דער גראַבליע, פֿירנדיק מיט

זיך אין דער טיפֿעניש פֿון וואַסער זייער אויסגעצייכנטע און ביז צו לעכערלעכקייט ריכטיקע אָפּשפּיגלונג...

— געווען אַזאַ טייך בײַ אונדז, אין אוקראַינע... — האָט די פֿרײַלין קאַראָלינאַ געזאָגט.

— באמת? וואָרן איך זע גאָר אין דעם טייך מײַן מוטערס ליבלינגס אָרט. אַזוי האָט געמוזט אויסזען איר ליבלינגס־אָרט.

— יעדער האָט זײַן ליבלינגס־אָרט פֿון די קינדער־יאָרן. דאָס איז דאָס פֿאָטערלאַנד פֿון דער נשמה.

— איך האָב נישט.

— ס'געפֿעלט אײַך דאָ, אין פּוילן?

— נישקשה, כאָטש דאָ איז אין ערגעץ נישטאָ עפּעס, וואָס ס'זאָל „כּדאַי זײַן אָנצוקוקן“.

— נישטאָ, ווירקלעך, נישטאָ. דאָ, זעט איר, פֿעלט שווונג, ברייטער רוים.

— ס'איז אײַך שלעכט דאָ?

— ס'דאַרף מיר נישט זײַן שלעכט, ס'איז מיר אַפֿילו גוט. אָבער כ'בין געווען אַ בת־יחידה אין אַ רײַך הויז, באַשטימט און דערצויגן צו עשירות, און איצט מוז איך באַדינען דאָס עשירות פֿון פֿרעמדע.

— ס'איז דאָך נישט קיין פֿרעמדע.

— יאָ — נישט קיין פֿרעמדע.

— איר האָט אַ נעענטערע משפּחה?

— די דאָ, מײַן פֿאָטערס קרובים.

— אָבער די נאָענטסטע משפּחה?

— די נאָענטסטע אומגעקומען פֿון די באָלשעוויקעס.

— ווי אַזוי? אַלע?

— די מאַמע איז אין גרויסער אָרימקייט געשטאָרבן אין וואַרשע פֿון דערשעפּונג. דער פֿאָטער איז שוין גליקלעכער געווען, ווײַל באַלד נאָכן אַרויסגיין פֿון דער קיִעווער תּפֿיסה איז ער געשטאָרבן.

— און אין מאַטעריעלער הינזיכט? זײַט מיר מוחל, וואָס איך פֿרעג אײַך וועגן דעם.

— גאַרנישט! „כאַט׳ שאַראַם פּאַקאַטי״! די מאַמע, נאָך אַרויסוואַרפן זי פון אונדזער הויז, האָט טאַקע געוווינט בא אַזאַ וואַסער, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונדזער גוט פון פויערישן דאָרף. אַ גאַנץ יאָר איז זי דאָרט געזעסן. זי איז געזעסן אין אומגליקלעכע אין אַ פּויעריש הייזל. זי איז איינע אַליין אַרויס, אין איין קלייד. מיט איר איז נאָר געווען אונדזער פּראַכטפולער פודעל — גאַגאַ. איך בין געווען אין וואַרשע, איך האָב זיך אַרומגעטראָגן איבער דער וועלט... גאַגאַ האָט נישט געקענט אויסהאַלטן ס׳לעבן אין דעם פויערישן הייזל, ער האָט נישט איבערגעהאַלטן דעם דלות, נישט געקענט אויסהאַלטן, ווען מ׳האָט אים געקאָפּעט מיט די פיס און ווינטער אַרויסגעטריבן בשעת אַ זאַווערוכע, — ער איז געפּגרט. ער האָט אונדז געגעבן אַ מוסטער, אַז מיר דאַרפן אויך אַזוי שטאַרבן, ווען ס׳באַליידיקן אונדז די נידערטרעכטיקע טיראַנען. די מאַמע האָט זיך אַריבערבאַקומען קיין וואַרשע. — געשטאָרבן. כ׳בין אַליין.

— איצט בין איך ווידער איינער אומגליקס-טרעגער, דער לעצטער בלאָז פון באָלשעוויזם.

— דאָס איז שרעקלעך! — האָט זי זיך צעלאַכט, אַ פּאַרוויטלטע ביזן שטערן.

— גענוג שוין וועגן דעם! איר זענט אומנאַטירלעך, פול מיט פּרודעריע.

— כ׳האָב זיך, ווייזט אויס, נאָך נישט צוגעוווינט צו אַלע אמתן פון דער וועלט, כאָטש ס׳איז שוין צייט געווען דערצו און ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין מעגלעכקייטן.

— ווייסט איר, אַז אויך איך בין אין אַ געוויסער מאָס אַ „קרבן״ פון די באָלשעוויקעס?

— איר? אַזוי? כ׳האָב זיך עס פאַרגעשטעלט. דאָס איז אינטערעסאַנט!

צעזאַרי האָט אונטער דער השפּעה פון פּלוצלינגדיקן אימפּולס אָנגעהויבן צו דערציילן וועגן זיין פאָטער און מוטער, וועגן דעם אַנטלויפן פון באַקו און דעם נע-ונדעוון איבער רוסלאַנד, וועגן פאָטערס טויט און אָנקום צו דער פּוילישער גרענעץ. פּאַר-

אים אַליין איז עס עפּעס משונהדיק און לעכערלעך געווען דאָס אַנטפּלעקן די גייסטיקע וועלט פאַר אן אומבאַקאַנטער פּערזאָן, דאָך האָט ער אַלץ דערציילט מיט אַ פולשטענדיקער אָפנהאַרציקייט. ער האָט גערעדט וועגן איינצלהייטן, וועלכע ער האָט זיך ערשט וואָס דערמאָנט און דערזען מיט אַ גוואַלטיקער בולטקייט. ער האָט נאָך ביז איצט קיינמאָל פאַר קיינעם נישט אַנטפּלעקט זיינע פּערזענלעכע ענינים און משפחה-געפילן.

דאָס, וואָס ער האָט מיט גאַיאָוויעצן גערעדט וועגן דער מיטער, האָט נאָר געהאַט אַ שייכות צו דער מוטער און עפּעס אַן אייגנאַרטיקע געפיל-צערייצונג. ער האָט זיך אַפילו קיינמאָל נישט אָפנהאַרציקער פאַרטרויט פאַר היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקין. דאָס איצטיקע דערציילן וועגן זיין גאַנצן פאַרגאַנגענעם לעבן האָט אים פאַרשאַפט עפּעס אַ גייסטיקע דערלייכטערונג, אַן אמתע הנאה. די פריילין שאַרלאַטאָוויטש האָט אים אויסגעהערט אַזוי, אַז עס האָט אים נאָך שטאַרקער געשטויסן צום אויסרעדן זיך. זי האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם און פלייסיק, שטרענג און פאַרוואָלקנט. בשעת ער האָט דערציילט וועגן זיין פאָטערס ליידן און טויט האָבן טיילמאָל אָנגעהויבן צו צישען אין אירע ציין האַרטע, דערהויפּט רוסישע ווערטער. זיי האָבן זיך אָפּגעזעצט באַם צווייטן עק פון דער גראַבליע, ווו די דאָזיקע טאַמע איז אַריינגעוואַקסן אין הויכן פעלד אַריין. זיי האָבן געהאַט פאַר זיך די אָפּשפּיגלונג פון זייערע געשטאַלטן. אויף דעם צווייטן ברעג האָט זיך אויפגעהויבן אַ ווייסער הויף, אַ פאַרשטעלטער מיט אַ קראַנץ פון צוראַלטע לינדן-צווייגן, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אָפּגעשפּיגלט אויף דער ריינער וואַסער-פלאַך.

— נו, וואָס? ס'איז אייך אַ שאָד דער הונט גאַגאַ, אָדער גאַג? — האָט זיך דער יונגערמאַן געפרעגט, נאָך אַ לאַנגן שווייגן, בשעת ער האָט שוין געהאַט געענדיקט די דערציילונג וועגן זיך.

— צי ס'איז מיר אַ שאָד? כ'ווייס נישט.

— איר ווייסט נישט?

— יעדנפאַלס פיל איך דאָסזעלבע, וואָס ער האָט געפילט, בשעת די פויערים האָבן אים אַרויסגעוואָרפן אין דער זאַוויערו-

כ׳ז. מיך האָט מען אויך אַזוי אַרויסגעוואָרפן פון מיין הויז אויף דער גאַס אַרויס.

— וואָס קען מען טון! אַזאַ גורל שוין.

— אַ גורל! באמת! דער גורל געבוירן צו ווערן אַ פרוי און נישט קענען זיך כאָטש נוקם זיין אָן די שונאים. דער גורל, אַז מ׳זאָל ציטערן וועגן זיך, וועגן דער פרוי און זיך, פאַר יענע, וואָס האָבן זיך גענומען ס׳רעכט צוצונעמען מיר דאָס גאַנצע האָב־און־גוטס און — אַך! — די עלטערן. דאָס איז רעכט! דאָס איז יושר! דער הונט גאַגאַ האָט אַ בעסערן סוף געהאַט, ווי מיין מוטער! איר זענט זיך אפילו גאָרנישט משער, וואָס פאַר אַ גליק עס איז צו זיין אַ מאַנספּאַרשוין! נישט צו ציטערן פאַר דער אייגענער גאַנצקייט, זיין פריי פון דער טפשות, פון דער מורא, פון דער אייביקער זאָרג! אַך, צו קענען אַ זעץ טון, אַ זעץ טון אין קאָפּ אַריין מיט אַ שאַרפער שווערד, אָדער אַ שאַרפן שטילעט!

— ווי נקמהזיכטיק איר זענט עס!

— איך זוך נקמה. ווען איר זאָלט וויסן, מיט וואָס פאַר אַ געפיל איך האָב געלייענט די צייטונגען, אַז זיי גייען אַהער, אַז זיי קומען אַהער, כדי אונדז ווידער אַרויסצוּוואַרפן פון די הייזער און מאָרדן, דערשיסן, אַזוי ווי זיי האָבן דערשאָסן אין פּלאָצקער געגנט, נאָר דערפאַר, ווייל מ׳געהער צום אָדל.

— נישט נאָר דערפאַר, נאָר אויך דערפאַר, ווייל מ׳איז געווען אַ טיראַן, אַ הוטשינדער, אַ תּלין פון די פּאַראָבקעס. . .

— און ווען איר זאָלט וויסן, מיט וואָס פאַר אַ געפיל איך האָב געלייענט די צייטונגען, די ידיעות, אַז איר שלאָגט, איר צעקוועטשט זיי אויף קלעפּעכץ, אַז איר האַקט זיי אויפן פוילישן שטייגער!

זי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט און זיך אָנגעבויגן איבער צעזאַרין:

— פאַרוואָס זענט איר נישט געגאַנגען ווייטער, ווייטער, ווייטער? — האָט זי געפרעגט, איינבייסנדיק זיך אין אים מיט די אויגן.

— אַזש ביזן אָרעל? ווייטער — ביז קראַסנאָיאַרסק?

— ניט צום אָרעל און קיין קראַסנאָיאַרסק, נאָר קיין מאָסקווע! קיין מאָסקווע! — האָט זי איבערגעחזרט, אַריינלייגנ־דיק אַלצדינג אין דעמדאָזיקן וואָרט אַריין.

— איך פאַרנעם זיך נישט מיט קיין פּאָליטיק, באַזונדערס דאָ, בײַ דעמדאָזיקן טייך, דערפאַר ווייס איך נישט, פאַרוואָס מען האָט אונדז נישט געשטופּט אַזש קיין מאָסקווע.

— איר האָט קיין גײַסט נישט געהאַט!

— מיר האָבן קיין גײַסט נישט געהאַט, כּדי צוריק אַרײַנ־צוזעצן דעם פּודעל גאַנגאַ אין דעם פּאַלאַץ אויף אוקראַינע, וווּ עס איז איצט מסתּמא דאָ אַ דאָרף־שול.

— כּדי אָפּצונעמען דאָס אוּנקגערויבטע.

— כ׳בעט אײַך. דאָס, וואָס איז דאָרט צוגערויבט געוואָרן, איז פאַרפאַלן! דערויף דאַרף מען שוין שטעלן אַ צלמל. מ׳דאַרף שטעלן אַ צלמל, אָדער אַ גאַנצן, גרויסן צלם איבער יענעם גאַנצן װערק און איבער יענער גאַנצער וועלט. מיט דעם צלם דאַרף מען בענטשן, מוחל זײַן די חטאים. זאָל זיך דאָרט דער פּוילישער צלם שטיין איבער די אויסגעפּירטע פאַרברעכנס. דאָרט איז אַ רוסיש לאַנד און אַ רוסיש פאָלק. מיר פּאָליאַקן האָבן דאָ אַ פּויליש לאַנד און אַ פּויליש פאָלק. מיר האָבן פרייהייט. וועגן דעם, מ׳זאָל זיך צוריק אַהינשטופּן, דאַרף מען אפילו נישט חלומען, נישט נאָר נישט טראַכטן.

— כ׳וועל אײַך קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס ווערטל וועגן דעם פּודעל!

— איר וועט פאַרגעסן! מיר זענען דאָך שוין פרײַנט, און מיר וועלן זײַן נאָך אָפּנהאַרציקערע און בעסערע.

— פון וואַנען אַזאַ זיכערקייט? אַ טאָג איז נאָך נישט פאַר־בײַגעגאַנגען זייט אײַער קומען אין „ד ע ר ז י י ט,*)“ און שוין אַזאַ זיכערקייט מיט זיך.

---

*) אַ רוסיציזם, אַנשטאָט „אין דער געגנט“ — י. ט.

— איז עס דען נישט בעסער פאַר אייך צו האָבן דאָ — און בכלל אויף דער וועלט — אַ גוטן פאַרבינדעטן.

— ס'וואָלט גוט געווען צו האָבן אַזאַ פאַרבינדעטן — האָט זי געענטפערט אײנגאַנצן אַ רויטע. — אָבער קען מען דען גלייבן אַ מאַנספאַרשוין?

— „גלייב נישט קיין מאַנספאַרשוין, ווי אַ הונט, צי איז ער אַ ציווילער, צי אַ מיליטער־מאַן — שטענדיק איז ער אַ הונט פון דער קייט...”

— און איך בין, הייסט עס, אַ טאָפּלטער הונט, ווייל כ'בין שוין אַ ציווילער און נאָך אַלץ אַ מיליטער־מאַן.

— מיר וועלן זען... — האָט זי געענטפערט, לאַכנדיק פאַרשעמט.

— יעדנפאַל, אַלס אָנהייב — קלאַפּט איין! — האָט ער געזאָגט, אויסשטרעקנדיק די האַנט.

— איינגעקלאַפּט! — האָט זי האַרציק געענטפערט, דערלאַנגענדיק אים איר האַנט.

— אָבער־אָבער! ווי הייסט די געגנט?

— אַ מאָדנעם נאָמען האָט זי. הייסט כלאָדעק.

— זעט נאָר! כלאָדעק. ליבער כלאָדעק! ווי וואָלט איך געוואָלט באַקומען דאָ אַ פּאָסטן!

— אַ פּאָסטן? — כ'ווייס נישט וועסערן...

— ס'איז דאָך דאָ פאַרהאַן אַ מיל. מוז דאָך אויך זיין אַ מילנער, וועל איך אָננעמען דעם פּאָסטן פון אַ מילנער־יונג.

— אַך, אָט האָט איר אַ טאָלסטאָי אין מיניאַטור!... „דעם פּאָסטן פון אַ מילנער־יונג”... — האָט זי אים נאָכגעשפּעט.

איצט האָט זיך צעזאַרי פאַררויטלט ביז איבער די אויערן. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרריכטן זיין סיטואַציע פאַרזיכערנדיק:

— וואָס פאַר אַ טאָלסטאָי! נו, איז אַלזאָ נישט קיין מילנער־יונג, גוט! איז אַ געהילפס־שרייבער ביים פאַרוואַלטער.

— דאָ איז נישטאָ קיין פאַרוואַלטער, נאָר אַ עקאָנאָם, גרו-

באַשעווסקי, וועלכער שרייבט אַליין אַלץ, וואָס מ׳דאַרף, ווי אַ האָן מיטן נאָגל, און לויט די גאַנץ אַלטע סטאַטוטן.

— באַ דעם עקאָנאָם גרובאַשעווסקי... כ׳זאָל זיין באַם עקאָנאָם. זעט איר, ווי גוט איך בין: צו אַ מכה צוצולייגן.

— און פאַרוואָס עפּעס דווקא דאָ?

— אויב אייער מוטער האָט אַ יאָר צייט געקענט וווינען אין אַ פּויעריש הייזל, פאַרוואָס־זשע זאָל איך, אַ געזונטער און פעסטער יונג, נישט קענען וווינען אָט אויף יענעם בערגל, אין דעם הייזל? אָ, דאָט!

— וואָס־זשע וואָלט איר דאָ געטון? אַגיטירט?

— קיין שום אַגיטאַציע! ווען ס׳וועט קומען די צייט, וועלן זיי זיך אַליין צונויפֿעסטן אַגיטירן. וואָס פאַר אַ געדולדיק פאָלק דאָס איז! ס׳וועט אָבער קומען אַ צייט, אַז אויך אין דעם פאָלק וועט דער שכל אַריינדרינגען. דער שכל וועט זיך שטופּן דורך טירן און פענסטער אין דידזשאַיקע כאַטקעס און באָרעס. אַגיטאַציע איז נישט מיין זאַך. דער פּאָטער האָט מיר מיט געוויסע לעגענדן פאַרבאָטן צו אַגיטירן.

— וואָס־זשע דען?

— כ׳וויל דאָ די מענטשן דערקענען, מיט די אייגענע אויגן וויל איך אַלץ זען. די פּשוטע. די פּויערים, יידן, אַרבעטער, בעל־מלאכות, פישערס, אַרבעטסזאַמע און פוילעצער, גוטע און שלעכטע, חכמים און טפשים. כ׳וואָלט וועלן זיך אויספאָרשן וועגן זייער לעבן. אָנלעבן זיך מיט זיי!

— אַ מאָדנער געשמאַק.

אפשר טאַקע אַ מאָדנער, אָבער — וואָס קען מען טון! אַזאַ טבע שוין. כ׳וואָלט געוועזן אַ גוט שרייבערל, כ׳גיב אייך מיין וואָרט. כ׳וואָלט אַ גאַנצן טאָג געטון, וואָס מ׳וואָלט מיך געהייסן, און אין אָוונט, נאָך שקיעה, ווען אַלע אַרבעטן וועלן שוין זיין פאַרענדיקט, וואָלט איך זיך געוואָלט דאָ אויסקוקן, אָדער דאָרט אונטער די לינדן, קוקן אויפן ברייטן־ברייטן וואַסער, ווען די לבנה באַשיינט עס, אָדער ווען די שטערן באַווייזן זיך, — קוקן אויף דערדאָזיקער „סעקולע“ — און זיך אַזוי דאָ אין דער איינ־

זאַמקייט — דערמאָנען זיך אָן דער מאַמען... אָן דער מאַמען זיך דער־מאָנען... — האָט ער זיך שטיל אַליין אונטערגעזונגען, ווי די צוהערערין לעבן אים וואָלט אינגאַנצן נישט געווען.

מיט דעם קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט האָט ער גע־קוקט אין וואַסער אַריין. די פֿריילין קאַראָלינאַ האָט זיך פֿון אַ זייט אויפֿמערקזאַם צוגעקוקט צו אים.

גראָד זענען אָנגעקומען דער גלח אַנאַסטאַזי און היפּאָליט וועלאָסלאַווסקי און זיי האָבן ביידע געאײַלט דורך דער גראָבליע צו יענע צוויי פֿאַרטרונקענע אין שווייגן.

---

צעזאַרי באַריקאַ איז נישט געוואָרן קיין שרײַבערל אין דער עקאָנאָמיע, וואָס הייסט אין דער נאַוולאָטשער מדינה „כלאָדעק“. און געשען איז עס נישט צוליב עפּעס אַ מאָדישער „רעדוקציע“, נאָר צוליב דער שולד פֿונם קאַנדידאַט גופֿא. ער האָט פּשוט צו־ריקגעצויגן זײַן קאַנדידאַטור. בשעת ער האָט זיך צום ערשטן מאָל געווענדט מיט זײַן פּראָיעקט צו היפּאָליט וועלאָסלאַווסקין, האָט יענער אויף אַ געוויסער צײַט פֿאַרלוירן דאָס לשון, און אפֿילו ווילד אויסגעגלאָצט די אויגן. נאָך אַ געוויסער צײַט האָט ער ערשט אָנגעהויבן צו שטעלן פֿראַגן:

— אַ שרײַבער? אַ שרײַבער? אין כלאָדעק! דו? סטודענט פֿון אוניווערזיטעט? אַ מעדיקער? צו וואָס? צו וועלכן? וואָס אין?

צעזאַרי האָט אויפֿגעקלערט, אַז ער איז געקומען צו זײַן פֿרײַנט בלויז אויף אַ פּאָר טעג, און עס געפֿעלט אים דאָ אַזוי, אַז ער וואָלט גערן פֿאַרבליבן נאָך אַ געוויסע צײַט. ער קען דאָך דאָ נישט פֿאַרבלײַבן קיין רעזידענט, אַ מין „דאַמע צו דער געזעלשאַפֿט“, וויגן אין הויף, אַרומהוידען זיך און פּוסט־און־פּאַסטעווען. עס ציט אים צו זיך — זאָגט ער — דאָס מענטשלעכע לעבן דאָס פּשוטע לעבן. ער וויל עס אוממיטלבאַר דערקענען, אמתדיק דערקענען.

נישט פון דער צווייטער האַנט, נישט פונם טרעפּל פון דער קאַרעטע און נישט פונם זאָטל פון פריצישע פערד. ער וואָלט געוואָלט פּנים אל פּנים רעדן מיט די היגע מענטשן. אָבער נישט בלויז רעדן. ער וואָלט געוואָלט אַרבעטן צוזאַמען מיט זיי, אויב ער פאַרבלייבט דאָ, ווייל מ'קען דאָך נישט רעדן מיטן פאַרהאָרעוועטן מענטש, נישט אַרבעטנדיק מיט אים צוזאַמען.

היפּאָליט האָט פאַרשטאַנען דעם לעצטן אַרגומענט און ער האָט מודה געווען, אַז דער אַרגומענט איז פולשטענדיק ריכטיק. אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען דעם איינפאַל צו וווינען אין כלאָדעק. ס'איז געווען לעכערלעך, עפּעס רוסיש, צו גאָרנישט ענלעך.

— באַ אונדז — האָט ער זיך באַמיט אויפצוקלערן — קען מען נישט אַזוי. אין דעם איז דאָ עפּעס אַ טאָלסטאָיאַנישע, צי עפּעס אַן אַנדערע פּאָזע, אַ מעטאָד, אַ בלאָף — ווייל אין טאָלסטאָיס תּורה איז געווען אַ סך בלאָף. באַ אונדז קענסטו טון אַלץ, וואָס עס גלוסט זיך דיר, מיט איין תּנאַי: טאָרסט זיך נישט לעכערלעך מאַכן. ווען דו וואָלסט יאָ געטון אַזעלכעס, וואָלט איך לעכערלעך געוואָרן אין מיין פאַראַפיע... זאָג אַליין, טשאַרוש: — דאָס שרייבערל פון כלאָדעק איז מיין האַרציקער פריינט... צום טייוול! דאָס שמעקט מיט קאַבאַרעט... אין דעם שטעקט אַ שקר. מיר, פּאָליאַקן, זענען אַן אַלטע ראַסע, וואָס קען נישט פאַרטראָגן די רוסישע עקספּערימענטן, זייער נישט-אויפריכטיקייט, זייערע אַנטדעקונגען און בלאָפן. טאָלסטאָיס — נאָר אין גייסט און אמת — האָבן מיר אַרויסגעגעבן אין זעכצעטן יאָרהונדערט. זיי זיך מודה, ברודערל, אַז דו וואָלסט נישט געווען קיין אמת שרייבערל, וואָס פאַרדינט זיך ערלעך און מיט מי אויף זיין באַשיידן שטיקל ברויט, נאָר אַ פריצל פון שטאָט, וואָס שפּילט זיך, מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ קאָמוניסט, טוט זיך איבער פאַר אַ הויף-שרייבערל, און זונטיק שפּילט ער זיך ווידער גוט-ברודעריש מיט דער פריצהטעס קינדער, טוט זיך איבער פאַר אַ פריצל... חוץ דעם — וואָלסטו דאָך פאַרנומען דאָס אָרט פון אַן אמתן שרייבער, וואָס דאַרף עס

אפשר אין דער רגע נייטיק צו האָבן, ווייל ער האָט נישט פון וואָס צו לעבן. דאָס איז לעכערלעך, טשאַרוש!...

צעזאַרי האָט געמוזט מודה זיין, אַז היפּאָליטס אַרגומענטן זענען נישט זינלאָז. ער האָט זיך אונטערגעוואָרפן אָט דעם זין, פאַר אָט דעם, לאָמיר אים אָנרופן באַם נאָמען, פאַראַפּיאַלן סנאָביזם און ער האָט שוין מער נישט אַרויסגערוקט זיין קאַנדידאַטור. איבעריקנס, האָט ער נישט געהאַט קיין פרייע מינוט, וועלכע ער זאָל קענען ווידמען זיין איינפאַל ווערן אַ שרייבער. די מיטאָגן, אָוונט-מאָלצייטן, פרישטיקן און פאַרנאַכט-עסנס האָבן געדויערט כמעט דעם גאַנצן טאָג.

אויפגעשטאַנען איז מען געוויג שפּעט. און קוים האָט מען אָפּגעגעסן דאָס פרישטיק און מ'האָט אַ ביסל אָנגעהויבן צו דיסקוטירן איבער אַ צופעליקער טעמע גייט שוין ווידער שטילערהייט אַריין מיט זיינע ענינים דער אַלטיטשקער מאַטשעיוניאָ און דעקט מיט אַ ריין טישטוך דעם נאָר וואָס אָפּגערוימטן טיש. ס'האָט געהייסן, אַז די נאַוואָלאָטשער געזעלשאַפט האַלט נאָענט צום מיטאָג. עפּעס אַן אויספלוג, רייטנדיק אָדער אין אַ קעטשל, אַ קורץ נסיעהלע — דער צוריקקער — און אָט רוגזט מען זיך שוין צוליבן פאַרשפּעטיקן דאָס מיטאָג. — מיטאָג. — שוואַרצע קאַווע מיט אַ ביסל פּאָמעראַנצן-ליקער פון אינזל Curacao, פּאַפּיראָסן...

מ'רוימט אָפּ — די געזעלשאַפט הייבט זיך אָן צו פאַרקלערן און גייט זיך אַ ביסל צושפּאַרן, ווי דער שטייגער איז נאָכמיטאָג, — און מאַטשעיוניאָ הוסט זיך ווידער אונטער און הייסט גרייטן צום טיש. ווייסע „קאָווערע", טיי — מיט איין וואָרט, אַ five o'clock tea*) מיט די ברייטלעך פון קאָרן-מעל און ווייצן-מעל, מיט יענער אומבאַשרייבלעכער און פרישער פּוטער, מיט די דאָיקע טרוקענע קיכלעך, וועמענס רום עס האָט זיך ברייט פאַרשפּרייט אַריבער די גרענעצן פון דער נאַוואָלאָטשער מלוכה, ווייל די קיכלעך זענען אַ בלי-ספקדיקע „ספּעציאַליטעט

*) פינף אַ זייגער.

פון דעם הויז". נאָך דער קאַווע אַ מין שפּאַצירל, מ'גיט אַ פאַל אַריין אין דעם שכנותדיקן שטעטל נסטר-פּוסט, אָדער אַ ביסל מוזיק אין סאַלאָן, פון דער צייט ווען ס'האָט זיך דאָרט באַוויזן די פריילין וואַנדאַ אָקשינסקאַ, — אַ ביסל טענץ, ווען עפּעס אַ שכן איז געקומען צו גאַסט. און אָט דרייט זיך מאַטשעיוניאַ ווידער אַרום און קלינגט מיט די מכשירים.

ס'דערנענטערט זיך דאָס אָוונט-מאָלצייט.

מאַטשעיוניאַ זשמורעט מיט די אויגן און שעפּטשעט צו די ביגעריקע, קלערט אויף דעם גלח אַנאַסטאַזי מיט אַ שטילן סודען זיך: — שאָפּבאָק-בראָטן — אָדער — הון — בראָטפּאַן. נאָך דעם אָוונט-מאָלצייט עפּעס אַ שאַך-פּאַרטיי מיטן גלח אַנאַסטאַזי. עפּעס אַ פּאַרטיי „ווינט" (ביידע מומעס, די מוטער, דער גלח; אָדער — די מוטער, דער גלח, הפּאָליט, צעזאַרי) — עלף, האַלב צוועלף אַ זייגער... ס'איז עפּעס קאַלאַמוטנע צו גיין שלאָפן און צו דערבאַפן זיך אַ ביסל ס'האַרץ, און אַ לייכטן צובייסן פאַרן שלאָף. גיך שלעפּענדיק די פיס, ברענגט מאַטשעיוניאַ די היימישע שאָפּענע קעזלעך, די פרעמדע, שאַרפע, גרינע, די עפּל פון אומבאַשרייבלעכער גוטסקייט, האַרבסטיקע נאַשערייען, קליינינקע גלעזלעך מיט עפּעס אַ טונקל-קאַרשענעם געטראַנק... מיט איין וואָרט, אַ קורצער און באַשיידענער „איבערבייס" פאַרן חצותדיקן האָן-קריי.

נאָך אַזאַ פאַרברענגען אַ טאָג, ווי אויך אַ נאַכט, האָט אָפּטמאָל געהערשט אַ טויט-שטילקייט אין די אונטערשטע אַפּאַרטאַמענטן פון אַריאַנישן בנין, כאָטש ס'איז לאַנג געווען שוין נאָכן האַרבסטיקן באַגינען. די אַריינגאַנגס-טירן פון גאָרטן זענען געווען געשלאָסן, די לאָדנס פאַרשפּאַרט, און פון אינעווייניק האָט זיך געטראָגן איבערן גאָרטן דאָס קול פון זעלנעריש-גלחישן שנאָרכן. דער גלח אַנאַסטאַזי איז געווען בראש פון דעמדאָזיקן פאַסיוון ענין פון שנאָרכן. ס'האָט שוין געוואַרט אַ לאַנגע צייט דער קירבע-אַלטיטשקער פון נאַוואָלאָטש דאָלנאַ, כדי איבערצופירן דעם „דאָבראָדזשעי" דורך די פעלד-וועגלעך אָפּריכטן די פרימאָרגן-תפילה; יענדרעק האָט שוין לאַנג געוואַרט מיטן געזאָטלטן „אוריש", מאַטשעיוניאַ האָט זיך שוין לאַנג געדאגהט, וואָס די ערשטע טעפּ-

לעך ווערן אויסגעקילט און דאָס הייטל אויף דעם שמאַלט ווערט צו שטאַרק צוגע ראָטן.

דאָס שנאָרכן אונטער דער גלחישער אָנפירונג האָט זיך דערהויבן ביז צו די הויכע סופּיטן און געטרייסלט מיט די אַלטע ווענט.

אין אַזעלכע פאַלן האָט די פריילין קאַראָלינאַ אָנגענומען מוט צו באַנוצן זיך מיט די לעצטע מיטלען. זי האָט צונויפגעזאַמלט אין גאָרטן פאַרשידענע שטיינער, פעלזן־ברעקלעך, שאָפן־קעפּ און קיילעכדיקע שאַרבנס פון דער אָליגאָצען־, מיאָצען־ און פּליאָצען־תקופה. זי האָט צונויפגעזאַמלט די אַלע פאָרמאַציעס אין דער שכונות פון אַ סך אַ שפּיט רדיקן, כאָטש נאָך מער פאַרלאָשענעם, אַריאַנישן ישוב און אָנגעהויבן צו שיסן מיט די אוראַלטע אייבערבלייבענישן אין די פאַרשלאָסענע טירן. יעדער קלאַפּ פון אַ שווער־וואָגיקן מינעראַל האָט זיך מיט אַ ריזיקן אָפּקלאַנג פונאַנדערגעטראָגן איבער די ווענט און סופּיט פון דעם גרויסן און הויכן קאָרידאָר. די שלאָפנדיקע ריטער האָבן געמיינט, אַז דאָס איז שטאַרקע אַרטילעריע־פאָרברייטונג, וואָס ווערט אויסגעפירט דורכן פויקנדיקן פייער פון אַ גאַנצער האַרמאַטן־באַטעריע און אַז באַלד וועט פאָרקומען דער ערשטער אָנגריף פונם שונא.

דער גלח אַנאַסטאַזי האָט זיך אויפגעריסן און צוריקגעפאַלן, פּדי נאָך צוויי, דריי מאָל אַרויסצוגעבן שנאָרכן נישט נאָר נישט־קריסטלעכע, נישט וועלטלעכע, נאָר ממש עפּעס טייוולאָנישע, אָבער ווייל דער שטיינער־אָנגריף איז נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן און דאָס צולהכעיס טוענדיקע מיידל האָט אַלץ נייע קוילן געוואָרפן אין די פאַרשלאָסענע טירן, האָבן זיי זיך אַלע דריי אויפגעכאַפּט און מיט פרייד באַטראַכט איבער זיך די ווייסע סופּיטן, וואָס האָבן גאָרנישט געהאַט בדעה אַראָפּצופאַלן אויף זייערע פאַרשלאָפענע קעפּ. ערגעץ, אין דער נאָנט פון אַ פענסטער־שפּאַרע, זשומט זיך טרויעריק די לעצטע, ערגערנדיקע, האַרבסטיקע פליג, וועלכע איז דורך דער איבעווייניקסטער וואַרעמקייט נאָך דערהאַלטן געוואָרן באַם לעבן.

די זעלבער ווענען אַלץ שטאַרקער איבערצייגט געוואָרן.

אַז דאָס איז נישט דער שיסער-גרוב, נישט די מלחמה, נאָר דער שלום און טאַקע דער אויסגעחלומטער שלום אין אַ מחיהדיק צימער מיט אַ הויכן, געוויסטן סופיט...*) עהע! — באַלד וועט זיין דאָס פרישטיק! און וואָס פאַר אַ וועטער איז היינט? ס'רעגנט? ניט וואָס זאָל מען אַרויספאָרן נאָכן פרישטיק? רייטנדיק, צי אויף אַ צוויי רעדערדיק וועגל?...

דער גלח אַנאַסטאַזי האָט זיך געשלאָגן „על חטא” און אויף לאַטייניש געבעטן מחילה פאַר יענע שרעקלעכער, פאַר אַזאַ מיאוסער פאַרנאַכלעסיקונג אין גאָטס דינסט. ער האָט זיך מיט איין האַנט געוואַשן, מיט דער צווייטער געקעמט, בליץ-שנעל אָנגעטון פאַרקערט זיין מלבוש מיט די לאַנגע פאָלעס, כדי ווי צום גיכסטן אַרויסצוגיין פון הויז און לויפן איבער די פעלדער צו דער נאַוואָלאָטשער קירכע, נישט וואַרטנדיק אפילו אויף דעם אַלטיטשקן קירכן-דינער.

צעזאַרי באַריקאַ האָט צווישן איין עסן און דעם צווייטן נאָכגעגעבן זיין מאַניע פון דעם אַזוי גערופענעם דערקענען דאָס לעבן אין זיין אמתן אויסזען. ער האָט זיך פאַרגנבעט אין די שייערן, און אָנטייל גענומען אין דער גרויסער אַקציע פון דרעשן די תבואות באַ די ווינדע-דרעש-מאַשינען — ער איז געזעסן אין שפייכלער, אָדער אין די פערד-און קי-שטאַלן, — באַם פאַרשיטן די קאַרטאָפל-הויפנס, ווי אויך באַם קרויט-שניידן. די גרויסע שייערן זענען אין דער צייט געווען אָפן פון ביידע זייטן. עס האָבן געקלאַפט די מאַשינען, באַוועגט דורך פערד, וואָס זענען געווען איינגעשפאַנט אין די קער-רעדער, — דער ווינט האָט געבלאָזן אינם אָפפאַל און אין די פלעווע, אויפהייבנדיק אַ כסדרדיקן שטויב. ריזיקע מאַסן אויסגעדראָשן שטרוי איז געוואָרפן געוואָרן אָן אַ זייט. עס האָבן געשריגן די פערד-אָנטרייבער און גערעדט הויך

*) אין אָריגינאַל אַ ווערטער-שפיל: „pokój” באַדייט „שלום” און „צימער”. לײַדער איז עס אוממעגלעך ווי געהעריק איבערצוגעבן אין יידיש — י. ט.

די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך באַמיט איבערצושרייען דאָס גערויש פון די מאַשינען.

אָבער דאָס גאַנצע געדרודער, גרילצערייַ און געשריי איז באַזיגט געוואָרן דורך דעם אייביק-פרייִלעכן לידל פון די מיידלעך, וואָס האָבן אָפּגערוימט דאָס שטרוי. איבעריקנס, איז עס געווען די צייט, ווען די גאַנצע פאַרנעמע „פּאַלאַץ"-געזעלשאַפט, צוזאַמען מיט די טאָקטפּוירע מומעס און דער פּרוי ווִיעלאָסלאַווסקאַ אַליין, האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן הויף-בוידעם, כדי צו סאָרטירן די עפּל.

דאָרט אויפן בוידעם זענען געווען ספּעציעלע אָפּטיילונגען, אויסגעקלעבטע מיט ליים און באַשאָטענע מיט סעטשקע. מ'האָט דאָרט צונויפגעטראָגן מענגעס עפּל, נאָכדעם, ווי זיי זענען ווייך געוואָרן אין די גרויסע גאָרטנס פון ביידע זייטן אַריינפאָר-וועג.

דאָס זענען געווען עפּל פון פאַרשידענע מינים, אָבער אַלע זענען זיי געווען פון דער בעסטער קוואַליטעט. אויף דעמדאָזיקן גרויסן און גענוג הויכן בוידעם, איז געווען טרוקן, לופטיק — און אָנגענעמע וואַרעמקייט און אַן אמתער גן-עדן-ריח פון רייפע עפּל האָט זיך דאָרט געפילט. די „געזעלשאַפט" האָט זיך דאָרט פאַרזאַמלט כלומרשט כדי צו סאָרטירן די פּירות און אויסקלייבן די בעסטע אין ספּעציעלע אָפּטיילונגען, אָבער באמת האָט זיך די „געזעלשאַפט" באַשעפטיקט מיטן אויפעסן די בעסטע פּרוכטן אין אַ באמת איבערמאָסיקן סכום.

דער גלח, היפּאָליט, צעזאַרי, דער פעטער, אפילו די דינער און פאַרוויאַנטע מומעס, אפילו די פּרוי ווִיעלאָסלאַווסקאַ גופא, מיט איין וואָרט — אַלע האָבן געפירט אויפן בוידעם עפּעס ווי אַ מין עפּל-קוראַציע. חוץ דעם האָבן זיי דאָרט אויפן בוידעם פאַרלוירן די שאַלעכץ, און ווען זיי האָבן זיך פייערלעך באַוועגט און געגאַנגען אין „פּאַרוויילונגס"-און עסצימער.

דאָרט, אויף דער אייבערשטער טייל פון הויז, האָבן זיי זיך געוואָרפן מיט עפּל, געיאָגט זיך, געשטיפט ווי קינדער, אָדער בעסער געזאָגט, ווי אַ טאַדע שטשורעס אויפן בוידעם. אין די

דאָזיקע פּוידעם־שפּילן, געיעגן און שפּרונגען דורך די פֿולע אָפּ־טיילונגען און עפּל־בערג, איז אָפּטמאָל צעזאַרין אויסגעקומען נאָכ־צויאָגן די פֿריילין קאַראָלינאַ, כאַפּן זי און האַלטן זי אין די אָרעמס. איינמאָל האָט אפֿילו געטראָפֿן, אַז ער האָט זי געהאַלטן אַ סך לענגער, ווי די אומשטענדן און די זיגער־רעכט האָבן עס געפֿאָדערט, — ס'האָט אויך געטראָפֿן, אַז ער האָט דורך־אַגבֿדיק אָנגערירט מיט זיינע ליפּן איר באַק, די ראָזיקע און פֿרישע, ווי דער שענסטער און שמעקעדיקסטער עפּל.

נאָך דעם לעצטן פֿאַל האָבן זיך אָנגעהויבן זיינע מינעס, בלאָזן־זיך, עטלעכע־שעהדיקע — „איך זאָג אייך אַנטשלאָסן, אַז כ'וועל מער צו אייך נישט רעדן". — ס'איז אָבער אויך אָנגע־קומען די באַגנעדיקונג מיטן תּנאַי, אַז ער וועט זיך ווי אַמשטאַרקסטן באַמיען צו פֿאַרבעסערן זיך.

די אַלע באַשעפֿטיקונגען און, אויב מ'קען זיך אַזוי אויסדריקן, צייט־פֿאַרטרייבונגען, וואָס האָבן צעזאַרין פֿאַרכאַפּט אין נאַוואָלאַטש, זענען גאָרנישט געווען לגבי דער אַרבעט, וועלכע ס'האָט אים אָנ־געוואָרפֿן די פֿרוי קאָשטשעניעצקאַ. ווי ס'איז שוין באַוווּסט, האָט די לעניעצער אַלמנה־פּלה אָרגאַניזירט אַ גרויסן פּיקניק צו זאַמלען אַ פֿאָנד אויף צו קויפֿן קינסטלעכע אבֿרים פֿאַר די „גופּימלעך", די מלחמה־קרבנות — קאַליקעס אָן הענט און פֿיס. דער פּיקניק האָט געזאָלט פֿאָרקומען אין דעם גרעסטן פּאַלאַץ אין דער געגנט, אין אָראָלאַני, וואָס האָט געהערט צום עלטערן הער סטאָושאַן, אַליין אַ פּאַראַליזירטער.

ער האָט געוואָלט, כאָטש אויף אַזאַ אופֿן קומען צו הילף די „ברודער גופּימלעך". ער האָט איבערגעגעבן צו דיספּאָזיציע זיינע אַפּאַרטאַמענטן, מיט די אייביק אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן און די דאָרט זעלבסטשטענדיק־אַרומפֿליענדיקע מילבן. ווייל דער אָנ־מעכטיקער הער סטאָזשאַן — אַן אַלטער בחור, וועלכער האָט גע־לעבט אויף דער גנאָד פֿון די פֿלעגערינס און דער דינערשאַפֿט — האָט, פֿאַרשטייט זיך, מיט גאָרנישט געקענט זיך באַשעפֿ־טיקן, האָט די פֿרוי קאָשטשעניעצקאַ זיך צעבאַלעבאַטעוועט אין די אָראָלאַנער סאַלאָנען, ווי אַ גרוי גענדזל, צוגרייטנדיק אַלץ צו דער

אויסערגעוויינטלעכער פאַרוויילונג. זי האָט אויסגערודערט די גאַנצע געגנט, מאָביליזירט אַלץ, וואָס האָט געלעבט, געהאַט פיס און פראַקן; זי האָט געהערשט איבער דער יוגנט, ווי אַ דיקטאַטאָר, אַ גנעדיקער פאַר די געהאָרכזאַמע און אומברחמנותדיקער פאַר די פוילע, ווייל דאָס האָט געזאָלט זיין אַ פּיקניק, אַ קאָלעקטיוו-געשאַפענע פאַרוויילונג; ווייל ס'האָבן געזאָלט קומען אַ סך מענטשן — האָט מען באַדאַרפט צוגרייטן פאַרשידענערליי זאַפּאַסן. דערפאַר איז די פרוי קאָשטשעניעצקאַ אַרומגעפאָרן איבער די פּאַלאַצן, חיפּן און הייפלעך, אַרויסשלעפנדיק פון דאָרט די בעסטע וואורשטן און אויסליידיקנדיק די קעלערס. מ'האָט אין דער גאַנצער געגנט געבראָטן, געפרעגלט, געקאָכט אונטער דער קאָמאַנדע פון דער שיינער לעניעצער אַלמנה. פאַרשטייט זיך, אַז די גענעראַל-באַלעבאָסטע האָט געמוזט האָבן געהילפן.

— איר הויפּט-געהילף איז געווען דער חתן, הער באַרוויצקי.

ס'זענען אָבער אויך געווען צווייטראַנגיקע געהילפן, צווישן זיי — היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקי און צעזאַרי באַריקאַ. דער לעצטער איז אַריינגעפאַלן אין די נעגעלען פון דער אַלמנה-כלה און האָט געמוזט טאַנצן אַזוי, ווי זי האָט אים אונטערגעשפּילט. אָבער דער דאָזיקער קאַנדידאַט אויף אַ טענצער האָט געהאַט אַ געוויסן אָרגאַנישן דעפעקט, וואָס האָט אין די אומשטענדן נישט געקענט טאָלערירט ווערן: ער האָט נישט געהאַט קיין פראַק. וויעלאָסלאַווסקי האָט געוווסט וועגן דעם דאָזיקן פעלער, דערפאַר האָט ער אין אַ געוויסן שיינעם נאָכמיטאָג דורכגעפירט אַ גענעראַל-אַטאַקע, נאָך אַ שטאַרקער אַרטילעריע-פּאָרבאַרייטונג פון דריקן צו זיך און נאָך אַ פּויקנדיקן פייער פון די טרעפלעכסטע און שווערסטע אַרגומענטן: ער האָט כמעט אויף די קני געבעטן זיין פריינט, ער זאָל, אַלס סימבאָל, אַלס אָנדענק און צייכן פון ברודערשאַפט, נעמען בײַ אים אַ נייעם פראַק מיט די איבעריקע צודאַטן. ער האָט זיך פאַררופן אויפן געמיינזאַמען געלעגער אין די גריבער, אויף די געמיינזאַמע לייז, ווי אויך וואַנצן, אויפן געמיינזאַמען ברויט מיטן געמיינזאַמען חזיר-שמאַלץ, — ער האָט זיך פאַררופן אויפן

וואָלד ראַגאַטש הינטער דעם פרייסישן פּאַטקווו.

ער, דער הויכער יונג און מעכטיקער שליאַכטשיץ, האָט ממש ביטער געוויינט.

צעזאַרי האָט אַ לענגערע צייט געוויטיקט איבער זיין פול־שטענדיקן מאָראַלישן פאַלן, ביז ער האָט לסוף אַ מאַך־געטון אויף זיך מיט דער האַנט — מסכים געווען.

זענען זיי ביידע גיך אַראָפּגעפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, באַשטעלט אַ פראַק באַם דאָרטיקן מייסטער פּאָאָל, וואָס האָט אויך באַקליידט היפּאָליטן, — און אַ פאַרטיקער פראַק מיט אַ וועסט פון דער נייעסטער מאָדע, צוזאַמען מיט די מאָדישסטע און־אַזוי־ווייטערס, איז אין אַ געוויסן זונענדיק הערבסט־פרימאָרגן צוגעשיקט געוואָרן קיין נאַוואָלאָטש דורך אַ „ספּעציעלן מענטש“.

צעזאַרי איז דאַמאָלס נישט געווען אין דער היים, ווייל ער האָט זיך ערגעץ־ווו אַרומגעשלעפּט.

ווען ער איז אָבער פאַרמיטאָג אַריינגעקומען צו זיך אין צימער, האָט ער דערזען אויפן טיש אַ פראַק און אַנדערע טיילן פון באַל־קאָסטיום, חוץ דעם אַ העמד, שוין זיין אייגן העמד, וואָס איז אָבער אויף אַזוי אויסגעפּרעסט געווען, אַז ס'איז געווען אַן אמת מייסטערווערק. חוץ דעם — קעלנער, מאַנזשעטן, ווי אויך אַ ווייסער קראַוואַט, וועלכן ער האָט נאָך נישט באַשטעלט אין דער שטאָט. דער קראַוואַט איז געווען אַ פּראַכטפולער פון מאָדישסטן סאָרט און נישט קיין געקויפטער אין געשעפט. און בשעת באַריקאַ האָט אָנגעהויבן אויסצופאָרשן די דינערשאַפט: ווער — צום טייוול! — נישטערט עס אין זיין צימער און לאָזט דאָרט איבער פאַרשידענע גאַרדעראָב־טיילן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פרייַלין קאַראָלינאַ האָט דאָס אַלץ געבראַכט, אויפגעלייגט אויפן טיש, און, אַז זי פאַרנעמט זיך עס בכלל מיט דער אויפזיכט איבער דער הויף־וועשעריי.

צעזאַרי האָט ווידער געבראָכן די הענט צוליב זיין פול־שטענדיקן פאַלן, צוליב זיין שנאָרערישקייט, ווי אויך צוליבן טראָגן פרעמדע פראַקן און קראַוואַטן, אָבער נישט געקוקט אויף דעם אַלעמען, איז ער געווען גערירט פון דער זאָרגפעליקייט וועגן אים,

און ער האָט באַשלאָסן אָפּצודאַנקען דער פריילין באַ דער ערשטער געלעגנהייט.

אויף דער געלעגנהייט אָפּצודאַנקען פאַר אַזאַ ווונדערבאַר אויספרעסן דעם גאָרס, קעלנער און מאַנזשעטן האָט ער לאַנג נישט באַדאַרפט וואַרטן.

דעמזעלבן טאָג האָט ער באַ זיך אין צימער גראָד אָנגעמאָסטן דעם פראַק און נישט אָן הנאה אַרומגעדרייט זיך פאַרן שפיגל, אַננעמענדיק די שענסטע פאָזעס, ווי ער האָט דערהערט, אַז די פריילין קאַראָלינאַ גייט מיט אַ געזאַנג אַראָפּ פון די שטיגן פון דעם פאַרוואַלטערס — הער טושיצקיס — וווינונג. ער האָט ווי צום גיכסטן געעפנט די טיר און זיך באַוויזן אין פראַק פאַר דער פריילין. זי האָט אויסגעשריגן פון אַנטציקונג און באַקוקט אים פון אַלע זייטן, זאָגנדיק, אַז ער איז שיין, ווי אַ מאָדעל פון אַ סאַלאָן-מענטש אין „די דאַמע".

צעזאַרי האָט נישט געגלייבט און געבעטן, זי זאָל אַריינגיין צו אים אין צימער אַריין, ווייל ער האָט איר עפעס צו זאָגן אַן אינטערעסאַנטע זאַך. אַרומקוקנדיק זיך אויף אַלע זייטן, האָט זי איבערגעטרעטן די שוועל פון זיין צימער, גייענדיק אויף די פינגער. אָבער קוים האָט זיך פאַרמאַכט די טיר, און צעזאַרי האָט מיט אַ שטרענגער באַוועגונג אָנגעוויזן אויף דער וועש, וואָס איז געלעגן אויפן טיש און געפרעגט:

— ווער האָט געוואָגט זיך צו פאַרנעמען מיט מיינע קעלנערלעך?

האָט זי מיט מורא, מיט שרעק זיך מודה געווען אין דער שולד. און דאָרט איז טאַקע תיכף אויסגעפירט געוואָרן די שטראָף. צעזאַרי האָט זי געכאַפּט אין די אָרעמס און אַ פאָר מאָל דורכגעטאַנצט מיט איר פאַרן שפיגל אַ פיגור פון „שיממי". פריילין קאַראָלינאַ האָט שטיל געשעפטשעט, אַז עמעצער קען דערהערן, ווי זיי רודערן דאָרט אַרום — עמעצער קען אַריינגיין, און דאַן וועט זי זיין פאַרלוירן. מען וועט דערזען, אַז זי איז געווען אַליין מיט אים, אין זיין צימער... אַך!... דאָס אַלץ האָט גאָרנישט געהאָלפן. זיי האָבן געטאַנצט וואָס אַן אָכט אויף די פינגער,

שטילערהייט, אָבער ביז אָנמאַכט. און ווייל זי האָט נאָך אַלץ כסדר און עקשנותדיק געפּלוידערט וועגן דעם זיין פאַרלוירן, וועגן דער שלעכטער רעפּוטאַציע, וואָס זי וועט באַקומען און זי איז כמעט דערגאַנגען ביז דער מורא פאַר איר צניעות — האָט ער איר פאַרמאַכט דאָס פּלוידערנדיקע מויל מיט אַזאַ לאַנג קוש, אַז ער האָט זי טאַקע געקענט פאַרהיטן פון פּלוידערן, פון ווערן אונטערגעהערט און — „עווענטועל" פון פאַרלוירן גיין. דאַן איז זי שוין פעסט אַנטשוויגן געוואָרן. זי איז אַנטשוויגן געוואָרן אויף אַ לאַנגער, פאַרגעסנדיקער רגע, אין משך פון וועלכער די הערצער ווערן פון אומדערזעטלעכן תענוג אָפּגעשטעלט און די וועלט אַנטלויפט ערגעץ אין רוים. אָבער פריילין קאַראָלינאַ האָט דערוואַכט פון דער באַרוישונג. מיט די שטאַרקע אָרעמס האָט זי זיך אָנגעלענט אויף די ברוסטן פון דעמדאָזיקן עקשן און זי האָט אים אָוועקגעריסן פון איר מויל. מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט זי שעפּטשענדיק גערעדט:

— ברענגט מיך נישט אום! טוט מיר נישט קיין שלעכטס!

— שלעכטס? איז דאָס שלעכט געווען?

— איך בעט אייך זייער... פון טיפן האַרצן... ברענגט מיך נישט אום!

— אַך, מיט דעם „אומברענגען"! אומברענגען...

דאָך האָט ער זיך באַהערשט און אַרויסגעלאָזט זי פון זיינע אָרעמס.

— גייט, איר עקלדיקער קמצן... אָבער פריער... נאָך איינמאָל... אָ, דאָ, באַ דער סאַמע טיר...

קאַרושאַ האָט זיך נישט געקענט אַנטקעגנשטעלן, ער זאָל זי נאָר אָפּלאָזן... איר שמייכל איז געוואָרן ראַטלאָז-פריידיק, און מויל צו מויל האָט אַליין דעם וועג געפונען. עס איז פאַרביי אַ לאַנגע געזעגנונגס-רגע אויף אַ האַלב-שעהדיקער שיידונג. לסוף האָט זי זיך אַרויסגעריסן, אַ בייג-געטון מיטן קאָפּ און שטיל געעפנט די טיר. זי איז אַרויסגעגאַנגען. צעזאַרי האָט געהערט, ווי זי האָט געעפנט די אַריינגאַנגס-טיר און אַרויס אין גאָרטן. ער האָט געפילט גליק אין גאַנצן גוף, ווי דער קוש, וואָס איז דורך איין מויל דעם

אַנדערן מויל געגעבן געוואָרן, וואָלט איצט אַרומגעקרייזט איבער אַלע אָדערן אין געגליט אין מאַרך פון די ביינער.

ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענסטער. ס׳איז קיינער נישטו געווען. האָט ער זיך אַ טראַכט געטון:

— אַך, שווינדלערקע! ס׳איז קיינער נישטאָ. מ׳האָט נאָך געקענט אַפילו אַ האַלבע שעה זיך קושן. איצט וועט זיך שוין נישט אַזוי גיך מאַכן אַזאַ געלעגנהייט.

דערווייל האָט ער געהאַט אַ גראָבן טעות. ס׳איז געווען עמעצער, וואָס האָט גוט נאָכגעפּאָרשט דעם צופעליקן צוזאַמענקומען און גוט געזען די קושן. דאָס איז געווען די יונגע מוזיקערין, די פרייליין וואַנדאַ אָקשינסקאַ. ווען קאַראָלינאַ איז אַרויסגעגאַנגען פון אַר פעטערס וווינונג, האָט זיך די פּיאַניסטין בסוד אַרויסגערוקט נאָך איר אויף די שטיגן, לגמרי נישט כדי נאָכצושפּיאָנירן איר, נאָר כדי זיך צו דערלייכטערן ס׳האַרץ. כאָטש די „פרייליין" וואַנדזשאַ האָט נאָך נישט פאַרמאָגט אין איר אומטיילבאַרן אייגנטום די כפלונגס־טאַבעלע, האָט זי דאָך שוין דערפילט די רעזולטאַטן פון ווערן פאַרוווּנדעט מיט קופּידינס פייל.

כאַלד, ווי זי האָט דערזען צעזאַרי באַריקאַ, איז זי געטראָפן געוואָרן דורך דער אויבנדערמאָנטער פייל.

אַ שטומער און אויפטרייסלנדיקער ציטער האָט איר געגעבן צו וויסן: — דער! און ווען צעזאַרי האָט זיך געזעצט לעבן איר און געשפּילט אין פיר הענט, האָט אַ ווילדע ליבע — אַן אמתער ווולקאַן — אויסגעבראָכן אין פרייליין וואַנדזשעס האַרץ. אַן אַרויסגעטריבענע פון דער שול און פון דער היים, האָט זי גאָרנישט נישט געוווּסט, אַז דאָס הייסט באַ פאַרשידענע „אַלטע" מענטשן — ליבע.

די פרייליין וואַנדזשאַ איז גאַנץ פשוט גייסטיק קראַנק געוואָרן.

איר מצב — דאָס איז געווען אַ כסדרדיקע בענקשאַפט, וואָס איז דערגאַנגען אַזש ביז צו דער פולשטענדיקער צעמישונג פון אירע חושים. דאָס יונגע מיידל האָט געלעבט אין עפּעס אַ בלוי-

לעכן שטויב־וואָלקן. צעזאַריס פּערזאָן איז פֿאַרלוירן געגאַנגען, צעשוומען געוואָרן אין עפּעס אַ ווייכער, דורכזיכטיקער כמאַרע. דאָס הייליקע אָרט, וווּ ער האָט זיך אַרומגעדרייט, האָט געהאַט אין זיך עפּעס פֿון פֿיילכלעך אָדער רויזן־ריח, — אין זיין באַזונדערע מעלאָדיע, וועלכע ס'איז אוממעגלעך געווען תּפֿס צו זיין און אויסצושפּילן.

ווען ער איז נישט געווען, ווען ער איז ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן אָדער אַוועקגעגאַנגען, איז די גאַנצע וועלט פּוסט, אויסגעוועפּט, טויב און נמאס געוואָרן, פֿול מיט פֿינסטערניש און לאַנגווייליקייט. ס'איז נישט געווען קיין שום כּוח אויף דער וועלט, וואָס זאָל קענען אָפּציִען פֿריילין וואַנדאַס געדאַנקען און געפֿילן אין אַן אַנדערער ריכטונג. ס'האָט נישט געקענט זיין קיין פֿאַרבאָט, וואָס זאָל קענען פֿאַרענדערן, אָדער צונישט מאַכן איר בענקשאַפֿט. זי האָט מורא געהאַט פֿאַרן ווירקלעכן בילד פֿון איר אידעאַלער וויזיע, און די מורא האָט זי געבראַכט אין אַ מצב פֿון שטענדיקן שרעק און יעדע רגע פֿון צוזאַמענזיין מיט צעזאַרין, פֿון אַ שמועס מיט אים — איז געוואָרן אַ נייער אימפּולס צום חלומען וועגן אים, אַ חלום אָן אָן איבעררייס בייטאָג און ביינאַכט. די שטים זיינע, ווען זי האָט זי געהערט פֿונדערווייטנס, האָט געקלונגען אין איר אויער, ווי אַ וווּנדערבאַרע מעלאָדיע. זי האָט זיך באַמיט איבערצוזעצן דעם פֿריידיקן אָדער טרויעריקן קלאַנג פֿון זיין קול, איבערצוזעצן אים אויף דער שפּראַך פֿון מוזיק, און אַפּטמאָל האָט זי זיך אַליין געשפּילט עפּעס, וואָס קיינער האָט נישט געקענט פֿאַרשטיין. זי האָט אים געהערט אין פֿאַרשידענע מוזיקאַלישע שאַפֿונגען, וועלכע זי האָט אויסגעפֿירט — אָדער זי האָט אים פֿאַרלוירן אין דער מוזיק און צוריק געמוזט אויפֿזוכן. ס'האָבן דאַמאָלס צו איר גערופֿן וווּנדערבאַרע מוזיק־קולות, זי אַוועקגעפֿירט אין אומדערגרייכלעכע הייכן און ערגעץ דאָרט אין די רוימען האָבן זיי דורכגענומען איר האַרץ מיט אַ טיפֿן ציטער, דער קלאַפּ אין אַ ווירקלעכן קלאַוויש האָט פֿאַר איר פֿונאַנדערגעעפֿנט ווי עפּעס אַ גרויסן אַריינגאַנג אין אַ בלויע כמאַרע. זי איז אַריינגעשוווּמען אין אַנדערע וועלטן און וואָלקנס האָבן זי

געטראָגן אין זייערע אָרעמס, אָפּווישנדיק פון איר פּנים די שטראָמען איינזאַמקייטס־טרערן.

פרייַלין וואַנדאַ האָט אָפּגעהיט איר סוד, ווי אַן אויג אין קאָפּ.

זי האָט שוין לאַנג געוווּסט, אַז זי מוז שטאַרבן פון דער דאָזיקער אומפאַרשטענדלעכער קראַנקהייט, מיט וועלכער זי איז אָנגעשטעקט געוואָרן בלויז באַם ערשטן צוזאַמענטרעפן זיך מיט דעמדאָזיקן פרעמדן מענטש. זי האָט געוווּסט, אַז זי וועט שטאַרבן צוליב דעמדאָזיקן מענטש, און זי האָט נאָר געחלומט וועגן דעם, אַז ער זאָל אַמאָל — אַמאָל קומען אויף איר קבר און אַוועקזעצן זיך אויפן זאַמד־בערגל — כאָטש איין רגע! זי איז גערירט געוואָרן ביז צו די העכסטע גרענעצן פון דער אויסהאַלטעוודיקייט פון אירע נערוון פון דעם בילד, אַז זי ליגט אין דער ערד, אַ שרעקלעך פאַרענדערטע, און ער זיצט באַ איר קבר. די לבנה לייכט. אַ טיפע נאַכט. אַ נאַכטיגאַל זינגט אין די בעז־ביימער איבער די קברים.

זי האָט באַגאָסן איר פרישן קבר מיט שטראָמען אויפריכטיקסטע, אמתדיקסטע טרערן. בשעת צעזאַרי איז געווען אונטן באַ זיך, געזונגען, אָדער געלאַכט, שמועסנדיק מיטן גלח אַנאַסטאַזי, אָדער מיט היפּאָליטן, איז די פרייַלין וואַנדאַ שטילערהייט אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט פון גאָרן אין הויף אַריין און, איינגעטוליעט אין אַ טיפער נישע פון דער אַלטער אריאַנישער מויער, האָט זי אַ באַרוישטע זיך איינגעהערט.

אין איר נשמה זענען דאַמאָלס געבוירן און געפאָרמט געוואָרן גאָלדענע גראַדויסן פון אַ געטלעכער מוזיק, הימלישע אויפשווונגען אין זינקונגען אין תהום אַריין.

אָפטמאָל האָט זי אַ פאַרשיכורטע זיך איינגעהערט, ווען ער האָט געכראָפּעט אַמאָל גראָב, אַמאָל דין. דאָס לעבן באַ די טוזשיצקיס, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דער קיך, ווו די גוטמוטיקע מומע האָט געפירט די באַקאַנטע טיכסוכים אין דיסקוסיעס מיט דער דינסט, ווען דער חשובער פעטער איז נישט געווען אין דער היים, ווייל ער איז דאָרט בכלל געווען אַ גאַסט — האָט

איבערגעלאָזט דער פרייליין וואַנדאַ אַ מענגע צייט אויסצובילדן אירע געפילן.

קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף איר, ווען זי האָט זיך אַרויסגעגליטשט אויפן הויף, אָדער אויף די שטיגן און גע־געשטאַנען שעהן אין קאָרידאָר.

קיינער האָט איר נישט געקענט שטערן, ווען זי האָט אַ פאַרשיכּורטע געקושט דאָס הענטל פון צעזאַריס טיר, אָדער, ווען זי איז, בשעת צעזאַריס אָפּוועזנהייט, געשטאַנען אַ צוגעטוליעטע צו דער טיר, און אויסגעגאַנגען פון גליק און פון פאַרצווייפלונג צוזאַמען.

אין דעמזעלבן טאָג, ווען די פרייליין קאַראָלינאַ שאַרלאַטאַ־וויטש האָט זיך אַ קליין ביסל אויסגעקושט מיט צעזאַרין, איז וואַנדאַ אָקשינסקאַ אַראָפּ פון די שטיגן, ווי אַ געשפענסט, ווי אַ נאַכט־וואַנדלער, כּדי איבערצוגעבן זיך איר געהיימער מאַניע. די מוזיקערין האָט באַמערקט און געהערט, שטייענדיק אין דער קאָ־רידאָר־נישע, ווי די פרייליין קאַראָלינאַ האָט מיט „אים" גערעדט, ווי זי איז אַריינגעגאַנגען אין יענעם צימער...

געשטויסן דורך אַן אומבאַזיגבאַר געפיל, האָט די פרייליין וואַנדאַ זיך צוגערוקט צו דער טיר פון צעזאַריס צימער שטילער און פלינקער פון דער פלינקסטער קאַץ און זי האָט זיך איינגע־קוקט דורכן שליסל־לאָך.

זי האָט געזען די טענץ, געזען די קושן. אַך, וואָס פאַר אַ שרעקלעכע פלאַמען האָבן אויפגעבראַזט, זיך פונאַנדערגעבערענט און פאַרלאָשן געוואָרן אין איר ברוסט! ס'האָט זיך איר אויסגע־דוכט, אַז זי וועט נישט אויסהאַלטן, אַז זי וועט אָנהייבן צו קלאַפּן מיט די פויסטן אין דערדאָזיקער טיר, שרייען אין די הימלען, רייסן די האָר און פאַלן אין תהום...

אָבער זי האָט גאָרנישט נישט געטון אַזעלכעס.

געוואָרנט דורך פאַרבאָרגענע אימפּולסן פון אינסטינקט, איז זי אַריינגעשפּרונגען אין איר קאָרידאָר־נישע, אַריינגעשליידערט זיך אין די מויערן, וואָס האָבן איר מיטגעפילט, און געזען,

ווי די פריילין שאַרלאַטאָוויטש האָט פאַרלאָזט פּאַריקאַס צי־
מער.

איר שכל איז דאַמאָלס אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן.

ער איז פאַרנעפּלט געוואָרן דורך אַ שוואַרצן טומאַן, און נאָר וויכערס און דאָס רוישן פון געפילן האָבן זיך דורכגעצויגן דורך איר גאַנצן זיין. ערשט נאָך אַ ווײַלע, נאָך אַ לאַנגער ווײַלע האָט זי זיך אַרויפגעשלעפּט אין דער הייך, ווי יעדער פוס אירער וואָלט געווויגן הונדערט צענטנער. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט בײַ אַ בוך. איצט האָט זי פאַרשטאַנען, פאַרוואָס צעזאַרי קוקט אויף איר קיינמאָל נישט, רעדט מיט איר קיינמאָל נישט, ווי מיט אַנדערע מענטשן, און אויב ער גיט ווען יאָ אַ קוק אויף איר, שמייכלט ער איראָניש.

די פריילין וואַנדאַ האָט צום ערשטן מאָל אין איר לעבן גע־זען, ווי מענטשן קושן זיך, אָבער זי האָט אויסערגעוויינטלעך קלאָר פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַדײַט.

דאָס אומגליק האָט געוואָלט, אַז זי זאָל דאָס זען אויף אַזאַ שלעכטן ביישפּיל! דאָס בילד האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן, ווי מיט אַ טייוולשער שפּיז און אײַנגעגראָבן זיך אין איר האַרץ, ווי אַ דרײַעקיקער שפּיץ פון אַ שפּיז, וועלכן ס'איז אוממעגלעך אַרויסצורײַסן. זי האָט צונויפגעדריקט די אויגן, זי איז אָפּגעשטאָרבן, אויסגע־הויכט איר נשמה. זי האָט זיך אַרײַנגעשטופּט אַ גאַנצן טיכל אין מויל אַרײַן, אַז זי זאָל נישט וויינען, בילן, ווײַל דאָס גאַנצע פריערדיקע בילד האָט זיך כסדר, כסדר אַנטפּלעקט פאַר אירע אויגן.

---

דער טערמין פונעם פּיקניק האָט זיך גיך דערנענטערט, און נישט אַלץ איז שוין פאַרטיק געווען. קיין באַוולאַטש איז געקומען צו פליען פרוי לאַוורא קאָשטשעניעצקאַס אַ שליח, וועלכער האָט גע־בראַכט פאַרשידענע באַפעלן: מ׳דאַרף פאָרן דאָרט, ברענגען דאָס,

אָדער אַוועקרייטן ווי צומגיכסטן אין שטאָט אַריין נאָך געוויסע אומבאַדינגט-נייטיקע באַשטעלונגען.

געפאָרן איז אַמאָל היפּאָליט, אַמאָל צעזאַרי, און טיילמאָל ביידע צוזאַמען.

אין אַ געוויסן האַרבסט-טאָג האָט באַריקאַ, אויף פרוי קאָשטשעניעצקאַס באַפעל, אַוועקגעפירט קיין אָדאָלאַני אַ שאַכטל צוקערלעך און ער האָט זיך צוליבן גאָס-רעגן צוריק נישט געקענט אומקערן קיין באַוולאָטש. די פערד, וואָס האָבן אים מיט דער „סחורה" אַהינגעפירט קיין אָדאָלאַני, זענען אויך אין אַ פּיקניק-ענין אַוועקגעפאָרן אין שכנותדיקן הויף. צעזאַרי האָט געוואַרט אויף זייער צוריקקומען. דער קראַנקער הער סטאַזשאַן האָט זיך דעם טאָג שלעכט געפילט און ער איז געווען „נישט צום זען" און די פלעגערין-פאַרוואַלטערין האָט געקאָנט בלויז אַ קורצע צייט זיך באַשעפטיקן מיטן יונגנמאַן. אירע פליכטן האָבן זי „גערופן" צו דעם קראַנקן הער סטאַזשאַנס בעט.

צעזאַרי איז אַליין פאַרבליבן אין דעם טרויעריקן און פינסטערן סאַלאָן, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ מתים-שטיבל.

ער האָט שוין באַקוקט אַלע בילדער און צייכנונגען, מיט וועלכע די סאַלאָן-ווענט זענען באַהאָנגען געווען, דורכגעוואָרפן די אַלבומען מיט צייכנונגען פון פאַרשידענע „פאַרגאַנגענע" קינסטלער — ער האָט זיך אונטערגעזונגען, אַרומשפּאַצירט איבערן גרויסן דיוואַן, וואָס איז גרויס געווען ווי אַ סקווער און פּוכיק, ווי די גראָז-פלעצער פון אַ סקווער. דער ווינט האָט געשלאָגן און געקלאַפּט אין די שויבן.

ס'איז געווען בין-השמשותדיק, כמעט פינסטער, כאָטש דער טאָג איז נאָך געהאָנגען איבער דער ערד. די פערד זענען נאָך נישט צוריקגעקומען. דער יונגערמאַן האָט זיך געלאַנגווייליקט נישט אויף אַ שפּאַס. שלאָפן האָט נישט געפּאַסט, כאָטש דער שלאָף האָט אים געצויגן אין אַנדערע צימערן. זיך דורכשפּאַצירן האָט נישט געפּאַסט, און דער סאַלאָן איז אים שוין נמאס געוואָרן ביז דער העכסטער מדרגה.

„דאָך" האָט צעזאַרי ריזיקירט.

ער איז אריינגעגאנגען אין שכנותדיקן קאבינעט און שפעטער געעפנט די טיר פון דעם באל-זאל, דאס איז געווען א גרויסער זאל, מיט א פריש מיט וואקס אויסגעשמירטער פאדלאגע, א באצירטער מיט פאבריקע („וואונדערלעך") באציקירטע לאמפיאנען. דער הער נייגעריקער איז אויך ארויסגעגאנגען פון דעם זאל און געעפנט די טיר פון א קליינעם צימער מיט א וועראנדע, וועלכע איז ארויס אין גארטן אריין. ער איז אויך ארויסגעגאנגען אויף דער וועראנדע, וואס איז שטארק פארפלייצט געווען דורכן לעצטן רעגן — און מיט א פאר בעטאן-טרעפלעך איז ער אראפגעגאנגען אין גארטן. אבער דער רעגן האט נאך פעסט געשמיסן, האט ער זיך צוריקגעצויגן אין הויז, און דורך די אלע צימערן זיך אומגעקערט אין סאלאן אריין. ער איז שוין גרייט געווען ווי צומבקוועמסטן אוועקצולייגן זיך אין פאטעל און ער האט שוין אפילו נישט געשעמט זיך מיטן געדאנק וועגן א געהיימען דרימל, ווי ער האט דערהערט א קלאפעריי פון רעדער. ענדלעך! די פערד זענען צוריקגעקומען.

— כ'וועל פארן! — האט צעזארי געטראכט, צונויפנעמענדיק זיינע זאכן.

דערווייל האט זיך דערהערט פרוי לאורא קאשטשעניעצקאס שטים אין דעם ברייטן און פראכטפולן וועסטיבול, מיט דער מירמלשטיינערנער פאדלאגע און שפיגל-ווענט. אין א רגע ארום האט זיך די טיר געעפנט און זי אליין האט זיך באוויזן אין איר גאנצער פראכט.

— איר זענט נאך דא?! — האט זי אן איבערראשטע אויסגעשריגן. — איך האב געמיינט, אז איר זענט שוין לאנג צוריקגעפארן קיין באוולאטש...

— ניין, צו אייער באדויערן. — די פערד, וואס האבן מיך אהערגעבראכט, זענען אוועקגעפארן קיין סוכאלוסטעק. זיי האבן געזאלט צוריקקומען נאך מיר. זיי קומען נישט.

— א סקאנדאל! פארוואס האט איר פון דאנען, פון אדאלאני נישט געפאדערט קיין פערד? א מיליטער-מאן און קען נישט רעקוויזירן...

— כ'האָב טאַקע נישט געוואָלט מאַכן קיין סקאַנדאַל. איך בין נישט קיין שטאַרקער אָנהענגער פון די מלחמה־און רעקוויזיציע־מעטאָדן. איך האָב געהאָפט, אַז די פערד וועט אַ יאָדע רגע אָנקומען פון סוכאַלוסטעק. כ'האָב שוין בעסער באַשלאָסן געדולדיק צו וואַרטן. און אָט, ווי איר זעט, האָט מיך דער גורל גוט באַלוינט פאַר מיין אָנשטענדיקער האַנדלונג.

— כ'באַמערק נישט, דער גורל זאָל אייך האָבן מיט עפּעס באַלוינט. אָבער, וואָס האָט איר דאָ געטון מיט אייער אָנשטענדיקער האַנדלונג? איינער אַליין אין דעם גרויסן שפּיטאָל?

— כ'האָב זיך געלאַנגווייליקט, צוגעהערט זיך ווי דער רעגן גיסט.

— אָרימער אַרעסטאַנט! נו, ס'וועט גאָרנישט נישט העלפן! כ'וועל אייך אָפּפירן קיין באַוולאָטש.

— כ'וועל אייך זייער דאַנקבאַר זיין, און ווי גליקלעך איך וועל זיין, דאָס פּרוּוו איך אַפילו נישט אויסצודריקן פאַר אייך.

— איין רגעלע... כ'וועל זיך אַ ביסל אָפּרוען, גוט?

— אַך, פרוי... פרוי לאַורא...

די שיינע פרוי קאָשטשעניעצקאַ האָט אַראָפּגעוואָרפן דעם מאַנטל פון די אַקסלען, פאַרראָכטן די האָר פאַרן שפּיגל און אַוועקגעזעצט זיך אין פאָטעל. בשעת צעזאַרי האָט געכאַפּט אין דער לופטן דאָס מאַנטל פון אירע אַקסלען, האָט אים באַהויכט דער דורכדרינגלעכער ריח פון דעם גלענצנדן, שטאַרקן פּערפום. בשעת ער האָט זיך אַוועקגעזעצט קעגנאיבער דער אלמנה־כּלה, האָט דער אַזוי דוכט זיך, שוואַכער ריח, אַרומגעוויקלט זיינע חושים, ווי עפּעס אַן אומגעזעענער שטריך. דערפאַר איז שוין געווען איר קליין פיסל, וואָס האָט זיך אַרויסגערוקט פון אונטער איר קורץ קליידל, אַ גאַנץ בולטע צערייצונג. צעזאַרי האָט זיך דערמאַנט די פיסלעך אין גראָבע זאָקן, ווען זיי האָבן געדריקט די פאַרשוימטע זייטן פון אַ פערד — פיס שיין־געפאָרמטע און צוגעשפּאַנטע, ווי פון שטאָל. ער האָט פאַרזשמורעט די אויגן און מיט אַ גזלניש שמייכעלע פאַרדעקט זיינע אמתע געפילן.

— סאַראַ שאָד, וואָס כ'בין נישט געווען אינדערהיים — האָט די שיינע פרוי געזאָגט. — כ'וואָלט אייך שוין לאַנג צוריקגעשיקט די פערד. כ'קום איצט צוריק פון מיין אַרומפאָרן. וואָס פאַר אַ טיפּן! וואָס פאַר אַ טיפּן! איבעריקנס, וועט איר זיי זען מיט די אייגענע אויגן. מיר וועלן זיך ווײַלן, ווײַלן!

— איר וואַרט מיט אומגעדולד אויף דעם־דאָזיקן פּיקניק?

— נאָך ווי!

— איר וועט אַ סך טאַנצן?

— אָך, וועל איך טאַנצן!

די פרוי קאַשטשעניעצקאַ האָט מיט אַ באַזונדערער באַוועגונג אויסגעצויגן די אָרעמס. צעזאַרי האָט אויף איר געקוקט פון אונטער די ברעמען און אַ נערוועזער ציטער האָט דורכגענומען זיין גאַנצן קערפּער.

— און איר וועט אַ סך טאַנצן?

— יאָ! מיט אייך.

— מיט מיר? מיין חתן איז אויסערגעוויינטלעך איפערזיכטיק.

— דער חתן... — האָט צעזאַרי אַרויסגעזיפעט. — ער וועט זיין אויסערגעוויינטלעך איפערזיכטיק, און איך וועל כסדר מיט אייך טאַנצן. וואָס האָט איר דאָך מיך פאַרבעטן אויפן פּיקניק.

— איר שפּעלט זיך, ווייזט אויס, פּאַר, אַז ער איז סתם אַזוי טעאָרעטיש איפערזיכטיק...

— ס'קען זיין טעאָרעטיש און פּראַקטיש, און איך וועל מיט אייך טאַנצן ביז חלשות. די־דאָזיקע אייפערזוכט זיינע מוז זיך דאָך אין עפּעס אָנכאַפּן... זאָל ער כאָטש וויסן, פאַרוואָס צו זיין איפערזיכטיק!

— מיר וועלן שוין זען, ווי ס'וועט דאָרט זיין אויף דעם־דאָזיקן פּיקניק. און איצט דאַרפן מיר שוין פאָרן... — האָט די פרוי לאַורא געזאָגט, אויפשטייענדיק פון איר אָרט.

צעזאַרי האָט איר דערלאַנגט דאָס מאַנטל, וועלכעס זי האָט, אין דער אייליעניש, נישט באַוויזן צו פאַרקנעפּלען. זיי זענען אַרויס-

בעגאַנגען פֿון זאַל אין קאָרידאָר אַרײַן, שוין זײַענדיק געזעגנט מיט אַלטן קאַמערדינער, וועלכער האָט פֿאַרענטפֿערט זײַן ברויט־געבער און געבעטן אַנטשולדיקונג פֿאַר זײַן באַלעבאָס, וועלכער קען נישט אויפֿנעמען די „גנעדיקע פֿרוי".

פֿרוי לאַורא האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און אַרויסגעגאַנגען דורך דער טיר, וועלכע דער לאַקיי האָט געעפֿנט.

פֿאַר דער טיר איז אונטער אַן אַרײַנפֿאָר־דאַך געשטאַנען די באַרימטע קאַטש, די גלאַנציקע פֿון אויסנווייניק און ווײַסע פֿון אַטלאַס, אינעווייניק די אַזוי גערופֿענע „ליבעס־קאַטש" פֿון קאַטשעביעצקין פֿאַר זײַן ווײַב.

דער רעגן איז אַ ביסל אײַנגעשטילט געוואָרן, אָבער ער האָט נאָך אַלץ געגאָסן מיט אַ נעץ פֿון אַ סך געדיכטע טראָפּנס.

פֿרוי לאַורא האָט אַליין געעפֿנט דאָס טירל פֿון דער קאַטש און איז, ווי אַ פֿויגל, אַרײַנגעפֿלויגן אין דעם ווײַסן אינעווייניק פֿון דער קאַטש.

ס'איז שוין פֿינסטער געוואָרן, און דער אַלטער פֿורמאַן האָט אָנגעצונדן די ליכט בײַ די זײַטן פֿון די קאָלעס. צעזאַרי האָט זיך אַרײַנגערוקט אין דער קאַטש, אַן אײַנגעלאַדענער דורך פֿרוי קאַטשעשעניעצקאַס אַ פֿרײַנטלעכער באַוועגונג. אַ קליינע, ווײכע האַנט האָט אים געהאָלפֿן אַרויפֿגיין אויפֿן טרעפּל. אָן וואַקלעניש, אָן ישוב הדעת האָט ער פֿעסט צוגעדריקט זײַנע ליפּן צו דער־דאָזיקער האַנט. און ווי ער האָט נאָר פֿאַרקלאַפּט ס'טירל און ווי די פֿערד האָבן נאָר אַ ריס געטאָן פֿון אָרט, אַרײַנפֿאָרנדיק אין דער פֿינסטערניש פֿון אַ לינדן־אַלעיע — האָט צעזאַרי, געשטויסן דורך אַן אומצוימבאַרער מאַכט פֿון שגעון, אַרומגענומען די וווּנדער־לעכע פֿרוי, צוגעדריקט זײַנע ברענענדיקע ליפּן צו אירע ליפּן און איר צוגעוואָרפֿן זיך מיט דער גאַנצער קראַפֿט פֿון זײַן פֿײַער.

זי האָט נישט געגעבן קיין געשריי, נישט געזיפֿצט, בשעת ער האָט זי, אַ נאָכגעביקע און געהאָרכזאַמע, פֿאַרכאַפּט אין זײַן

באַזיך. די פערד האָבן געטריבן מיט ברייטן, זאַמדיקן וועג פון דער אַלעיע. די לאַמטערן־שיינען האָבן געוואָרפן פלוצלינגדיקע בהלה־שאָטן צווישן די גרויסע לינדן און טאָפּאָלן־ביימער. די קאַרעטע האָט זיך געוויגט אַהין און אַהער, ווי אַ קינדער־וויגל. איר שוואַרצע קאַסטן און די שפּיגלדיקע פענסטער, וואָס זענען געווען פאַרהאָנגען מיט פאָרהענגלעך, האָבן געוואָרפן אַ סודותפולן גלאַנץ און דורכגעשניטן די האַרבסט־נאַכט, וואָס האָט זיך שנעל אַראָפּגעלאָזט אויף די נאַסע לאָנקעס און פאַרוויאַנעטע פעלדער.

אין דעמדאָזיקן ווילדן אומגעריכטן געגנוס, אין דער סכּנה, אין דעם וויגן זיך און ציטערן איז געווען דער תּהום פון פרייד פאַר די ביידע צופעליקע געליבטע.

זיי זענען פולשטענדיק צעדולט געוואָרן פון זייער פלוצלינגדיקער ליידנשאַפט, זיי האָבן געחלומט וועגן זייער געגנוס, פילנדיק אים אין דער פולער מאָס. זייערע קושן און צערטלערייען זענען געווען תּהומותדיק, ווי די נאַכט, פול מיט אַן אומדערשעפּלעכן כּוח, ווי די פערד, וואָס טראָגן זיך אין רוים.

— פון אָדאָלאַני קיין נאַוולאָטש איז געווען אַ פינף וויאָרסט וועג. פון דער אָדאָלאַנער אַלעיע איז די קאַרעטע אַרויסגעפאָרן אויפן פרייען פעלד. אָבער, ווי גיך, ווי פלוצליגג האָט זיך דערהערט דער ביימער־רויש פון דער נאַוולאָטשער אַלעיע! צעזאַרי האָט געקושט לאַוראַס הענט, קניִענדיק כּסדר. זיין גאַנצער ליבעס־שגעון איז געלעגן אין דער פראַגע:

— צי דער חתן?...

— שטיל! — האָט זי אַרויסגעוואָרפן פון דער ברוסט, נאָך נישט קענענדיק כאַפּן דעם אָטעם.

— צי דער חתן?...

— ניין! ניין! קיינמאָל נישט! קיינמאָל אין דער וועלט נישט! כ'שווער אייך בײַ אַלעם, וואָס איז מיר הייליק...

— פאַרוואָס האָט איר חתונה מיט דעמדאָזיקן מענטש??

אַך, אמת... איר האָט אים ליב...

— שטיל, שטיל!

— פאַרוואָס האָט איר התגרה מיט דעמדאָזיקן מענטש?

— איך וועל אייך אַלץ דערקלערן, דערציילן. זעט! עס איז שוין באַהלאַטש...

די קאַרעטע האָט אויסגעדרייט אין אַ האַלב־ראָד אַרום לאַמטער פאַרן הויז און שטיין געבליבן. צעזאַרי האָט עלעגאַנט אַ קוש געטאָן פרוי לאַוראַס האַנט און ער האָט זיך טיף — טיף פאַרנייגט פאַר איר. זי האָט נישט געוואָלט אַרויסשטייגן און נישט געוואָלט זיך זען מיט קיינעם. די טירלעך האָבן זיך פאַרקלאַפּט און ווידער האָט הויך געסקריפּעט דער זשוויר פונעם וועג, וואָס האָט זיך געצויגן אַרום דער לאַמטער. באַלד איז די שוואַרצע קאַרעטע פאַרשוווּנדן געוואָרן אינם טונקעלן מיטן פון די אוראַלטע ביימער, ווי אַ ליידנשאַפטלעכע, אומגלויבלעכע חלום־וויזיע.

---

עטלעכע טעג פאַרן טערמין פון דער אַדאַלאַנע־פאַרטיילונג איז פרוי לאַוראַ קאָשטשעניעצקאַ אַריינגעפאַלן קיין נאַוואָלאַטש, „ווי נאָך פייער" — צו דערלעדיקן אַ געוויסע, זייער דרינגענדיקן באַל־ענין. צווישן אַנדערע באַפעלן, וועלכע זי האָט איבערגעגעבן היפּאָליטן און צעזאַרין, איז געווען איין באַפעל, וואָס איז אויפן אויער איבערגעגעבן געוואָרן דעם לעצטן. באַריקאַ האָט אויפמערקזאַם אויסגעהערט דעם באַפעל און געענטפערט מיט אַ שטומער פאַרנייגונג. ך, — ער האָט נאָך געענטפערט מיט אַן אומבאַמערקבאַרן שמייכל, וואָס האָט דורכגענומען דיביידע שמועסנדיקע מיט אַ ציטער ביזן מאַרך פון די ביינער.

דעם זעלבן אָוונט איז צעזאַרי פרי געגאַנגען שלאָפן, זאָגנדיק, אַז ס'טוט אים וויי דער קאָפּ. איידער דער גלח אַנאַסטאַזי איז מיט היפּאָליטן אַהיינגעקומען אין דעם קאַנצעלאַריע־הויז, ווו ס'זענען געווען די גאַסטצימערן, איז שוין פינסטער געווען אין באַריקאַס צימער. ער איז שוין, ווייזט אויס, געשלאָפן. נישט וועלנדיק אים שטערן אין באַקעמפן די מיגרענע, דורכן שטאַרקנ־

דיק שלאָף, האָבן זיי זיך ביידע זייער רויִק פאַרהאַלטן. זיי זענען געגאַנגען אויף די פינגער און געהיטן זיך פאַר אַ הוסט.

אָבער צעזאַרי איז גאָרנישט געווען אַזוי קראַנק.

בשעת יענע זענען אַריינגעקומען, האָט ער זיך, אין דער פינסטער, אַרויסגעגליטשט פון זיין צימער, איז אַדורך דעם פּאַרק און דורך זייבער צן אַלעיע, וואָס האָט געפירט אין דער ריכטונג פון לעניעץ, איז ער אַרויס אויף אַ פעלד-וועג. צו גרוי קאָשטשוש־ניעצקאָס הויף איז געווען אַ מהלך פון אַ פיר וויאָרסט מיטן שליאַך און מיטן שאָסיי, דורך די פעלדער איז עס אָבער געווען אַ סך נעענטער.

צעזאַרי האָט געהאַט פאַר זיינע אויגן דאָס ווייטע ליכט פונם הויף, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ בערגל.

די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, אַ קילע, אַן אמת האַרבסטיקע און זי האָט שוין געבלאָזן מיט אַ ווינטערדיקן וויכער. אָבער דעם וואַנדערנדיקן איז הייס געווען. ער איז געגאַנגען גיך, שטיל, אָן אַ שאָרך. ער האָט זיך באַהאַלטן און ענלעך געמאַכט צו דער נאַכט, ווי אַ פוקס, אָדער אַ וואָלף, וואָס לויערט אויף זיין רויב, מיטן ברעג פון וואַלד, וועמענס סוף עס האָט דערגרייכט צום דאָזיקן זייטיקן וועג, איז ער צוגעקומען צו די לאָנקעס, וועלכע רינגלען אַרום די סאַזשלקעס אין טאָל הינטער לעניעץ. ער האָט נישט געוואַגט צו גיין דורכן אַריינפאָר-וועג, האָט ער דערפאַר זיך געמוזט באַשליסן אַרומצוגיין דעם טייך און גיין דורך דער גראַבליע, וועלכע ער האָט באַטאָג געזען בלויז פון דער ווייטנס. דער געדאַנק, אַז עס קענען אים דאָ כאַפּן די וועכטערס, פעלדהיטערס, אָדער מילנערס, האָט זיך דורכגעגליטשט דורך זיין מוח אָבער נישט פאַרהאַלטן אים אפילו אויף קיין רגע. די וואַסערן פונם טייך און פון די סאַזשלקעס, וואָס האָבן זיך געצויגן איינע נאָך די אַנדערע וואָס אַמאָל ווייטער אין דער פינסטערער טיפעניש פון דער נאַכט, האָבן שוואַך געשיינט אין דער געדיכטער פינסטערניש.

באַריקאַ האָט נישט פאַרלאָזט דאָס וועגל, וועלכעס ע

האָט באַטרעטן — און אַ דאַנק דעם האָט ער געטראָפן צו דער גראָבליע.

ער איז גיך דורכגעלאָפן, פאַרבייגעגאַנגען דעם וואַסער־אָפּגאַנג, ווו דאָס פליסנדיקע וואַסער האָט זיך שטיל און אַזוי מאָד־נע דורכנעמענדיק געשושקעט אין דעמדאָזיקן פרעמדן אָרט, אין דער טיפער פינסטערניש. נאָכן וואַסער־אָפּגאַנג און נאָך דער גראָבליע האָט זיך דער וועג אויפגעהויבן אײַנדערהייך. דאָס זאַמדי־קע וועגל האָט דערגרייכט צום גאָרטן־פלויט, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט דערנערדיקע קוסטעס.

— איצט — יעמוד — די הינט... — האָט זיך דער וואַנ־טוריסט אַ טראַכט געטון.

אָבער אויך דעראָזיקער אומדערטרעגלעכער געדאַנק האָט אים נישט אָפּגעהאַלטן. ער האָט געפונען אין פלויט פון די צו־געשפּיצטע ברעטער עפּעס אַן עטוואָס מער „גאַסטפרײַנטלעך", אָדער, פשוט, אַ מער דורכגעפוילט אָרט, — ער האָט אָנגעכאַפּט מיט דער האַנט דעם אויבערשטן טייל פון אַ ברעט און מיט אַ לײַבן־שפּרונג איז ער אַריבער דורכן פלויט. ער איז אַרײַנגעפאַלן אין דערנערדיקע מאַלינע־אָדער אַגרעסט־ביימער און ער האָט זיך אַרויסגעדרייט פון זיי אויף אַ ברייטן און געפּרעסטן שטעגל, שאָדנדיק אַ ביסל די גאַנצקייט פון זײַנע מלבושים.

זיין געדאַנק האָט געאַרבעט איבער דעם, צי וועלן זייַנע פיס נישט איבערלאָזן קיין צו־דייטלעכע שפורן. דערפאַר איז ער טאַקע געגאַנגען אויף די פינגער מיטן שטעג, וואָס האָט געפירט אויפן בערגל. ס'איז אים הייס געווען — אָפן און פשוט גערעדט — פון מורא, נישט קיין קליינע דערלייכטערונג איז פאַר אים גע־ווען דאָס אָנטרעפן מיט די קני אַ גאָרטן־באַנק.

ער האָט זיך אָוועקגעזעצט און זיך אײַנגעהערט.

קיין הינט האָט מען אין דער שכנות נישט געהערט. דורך אַ מאָדנעם, כמעט משוגענעם געדאַנקען־לויף, אָדער בעסער גע־זאָגט, צוליבן לויפנדיקן קראַהאָד פון געפילס־אימפולסן, האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער איז איצט אין באַקו, אין דער צייט פון דער טערקישער באַלאַגערונג. ס'באַדראָט אים עפּעס, עפּעס לויערט אויף אים

אין דער שטומער, פאַרשטאַרטער, פאַרשטיינערטער פינסטער יש. עפעס גנבעט זיך אונטער צו אים. דורך די שוין בלעטערלאָזע צווייגן האָט מען געזען די באַלויכטענע פענסטער פון פ״וי קאַשטשעניעצקאָס פּאַלאַץ. צעזאַרי האָט זיך אויסגעמאָלט אין געדאַנק די פאַרכישופנדיקע, מיט טייוולשן גענוס פולע באַציִונג מיט דער דאָזיקער פרוי און ער האָט זיך אויפגעריסן פון דער באַנק. מיט אַן אימפּעט כמעט איז ער צוגעלאָפן צו דעם ווינקל פון דער ווילע, וואָס איז אים אָנגעוויזן געוואָרן אין דעם געהיימען שמועס. ער האָט דאָרט אָנגעטראָפן אויף עטלעכע בעטאָן־טרעפלעך, וואָס האָבן געפירט צו אַ טיר. ער האָט געוווּסט, אַז די טיר וועט זיין אָפן. ער האָט זי באמת געעפנט, געבנדיק אַ דריק די קליאַמקע, לייכט, אַזוי לייכט, ווי ס'איז נאָר מעגלעך געווען. און די טיר האָט זיך געלאָזט עפענען שטיל און פּאַמעלעך. די דאָזיקע אָפענע טיר, אין דער זייט פון גערטנער אָדער פעלדער, איז געווען זיין ערשטער מיטהעלפער.

אָ, מיט וואָט פאַר אַ פרייִדיקן שטאָלץ ער איז אַריינגעגאַנגען אין פינסטערן קאָרידאָר!

אויסציִענדיק די הענט אויף ביידע זייטן, האָט ער אָנגעטאַפּט די ווענט. אין איינער פון די דאָזיקע ווענט האָט דורך אַן עפענונג געלויכטן אַ שיין. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָרט איז אַ טיר. ער האָט תיכף אַריינגעקוקט דורכן לאָך פון שליסל און אַרומגעקוקט דאָס ליידיקע צימער. דאָס איז געווען יענע ביבליאָטעק, וווּ ער איז שוין געווען אויף צומאָרגנס נאָך זיין קומען אַהער.

ער איז לאַנג געשטאַנען פאַר דער טיר און זיך מיישב געווען, צי זאָל ער איצט אַריינגיין. אויב אַ דינער וועט אַריינקריכן אין דעמדאָזיקן ליכטיקן צימער, כדי צו פאַרלעשן דאָס ליכט, וואָס וועט דאַן זיין? און אפשר איז דאָס פאַרויסגעזען, און דער דינער וועט נישט אַריינגיין אין צימער אַריין? אָבער אויך דורכן קאָרידאָר קען דאָך דורכגיין עמעצער פון די שטובלייט.

פאַרלאָזנדיק זיך אויפן בלינדן צופאַל און אויפן מזל פון

דער ליבע, האָט ער אַ דריק געטון די קליאַמקע, וועלכע ער האָט שוין געהאַט געפונען און געהאַלטן אין דער האַנט. מיט איין שפרונג איז ער אַריין אינעם באַלויכטענעם צימער.

שטיל איז ער דורכגעשפרונגען דאָס גאַנצע צימער ביז צום ברייטן אָטאָמאַן, וואָס איז געשטאַנען אין פינסטערסטן ווינקל. דאָרט האָט ער זיך באַקוועם אַנידערגעלייגט, האָט גענומען אין דער האַנט אַריין אַ בוך, וואָס איז לעבן אים געלעגן, און אָנגעהויבן צו לייענען פון יענעם אָרט, ווו דאָס בוך איז אָפן געווען. אמת, ער האָט נישט אַלץ פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געלייענט, ער איז אָבער גענוג לאַנג אַרומגעריטן מיטן אויג איבער די שורות אויפן זייטל פון אויבן אַראָפּ. ער איז איצט געווען פולשטענדיק רויק: ער איז געקומען צו דער פרוי קאַשטשעניעצקאַ אין אַ וויכטיקן באַל-עניָן, וואָס האָט נישט געקענט אָפּגעהאַלטן ווערן. ער האָט רויק געוואַרט.

ערגעץ ווייט, אויפן גאָרן האָט מען געהערט אַ שמועס. — אַ געלעכטער. — אַ פרויען-געלעכטער איז עס געווען. אָבער אויך אַ מענעריש געלעכטער. צוויי פרויען און אַ מאַנספּאַרשוין.

— באַרוויצקי... — האָט ער כמעט הויך אַרויסגעשטאַמלט פאַר זיך. — באַרוויצקי איז דאָ... — האָט ער זיך אַליין מודיע געווען.

ער האָט פאַרלוירן דעם מוט. נישט פון מורא, נאָר פון שנאה. אין דער ערשטער רגע האָט ער געוואָלט אויפשטיין, אַרויסגיין, ווי ער איז אַריינגעקומען, און מאַכן פּיס קיין באַוולאָטש. ער האָט אַ וואָרף-געגעבן אַ מיאוסע קללה, אַ באַקינישע, אַ פאָרט-קללה. ער האָט זיך געוואַקלט. אָבער די באַקוועמע לאַגע אויף דער סאָפע, די מעגלעכקייט אַרויסצוקריכן פון דער אומבאַקוועמער, כמעט גנבשער סיטואַציע, אַרויסצוקריכן ווי עס איז מיט כבוד — דאָס האָט אים פאַרהאַלטן.

ער האָט געלייענט, פלאַצנדיק פון כעס, קריכנדיק פון דער הויט און וואָיענדיק, ווי אַ פוקס, וואָס איז אַ ריינגעכאַפּט געוואָרן אין אייזערנעם שטייגל, ווי אַ וואָלף אין פאַנג-גרוב.

עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער זיצט שוין דאָ אַ שעה

צייט, אויב נישט מער. ער האָט שוין איבערגעלייענט אַ צען דרוק־זייטן, נישט פאַרשטייענדיק קיין איין זאַץ. ער האָט געענדערט די פּאָזע אויף אַ וואָס אַמאָל באַקוועמערער, וואָס אַמאָל ווייניקער שרעקעוו־דיקער און וואָס אַמאָל מער פרייער, שיינער, עלעגאַנטער. אַך, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן דאָס וואָלט געווען דורכצושפּאַצירן זיך דורך דעם צימער, אַהין און צוריק.

פּלוצלינג האָט ער דערהערט, אַז די טיר אויבן עפנט זיך, די טרעפּ קרעכצן און עטלעכע פּערזאָן גייען אַראָפּ אונטן. ס'האָט זיך געהערט פרוי לאַוראַס געלעכטער, דאָס קול פון איר חתן און פון נאָך עפּעס אַ פּערזאָן. די אָנוועזנהייט פון דער לעצטער האָט באַריקאַן צימשטאַריקסטן באַאומרויקט. צום טייוול! ווער איז דאָס פאַר איינער?

דערווייל האָבן זיך די דריי פּערזאָנען פריילעך געשמועסט, אַראָפּגייענדיק אונטן. דער הער באַרוויצקי האָט זיך געזעגנט מיט דער כלה, בעטנדיק זי שטאַרק, זי זאָל זיך תיכף לייגן — זי זאָל זיך מאַרגן נישט צופיל מאַטערן, אַזוי ווי זי האָט עס געטון אין די פאַרגאַנגענע טעג, ווייל זי וועט שלעכט אויסזען אויפן באַל. די דריטע פּערזאָן האָט פאַרזיכערט, אַז „לאָלא" וועט זיך באַלד לייגן. צעזאַרי האָט זיך משער געווען, אַז דאָס רעדט די מוטער פון לאַוראַס ערשטן מאַן, די אַלטע פרוי קאָשטשעניעצקאַ. ער איז געזעסן איינגעהויקערט אויף זיין קאַנאַפּע און דורכגעלעבט אמתע יסורים פון נאַרישן אומרו. און אפשר וועט דערזאָגיקער באַרוויצקי עפּעס זוכן אין דעם צימער... און אפשר די עלטערע פרוי... און באמת האָבן זיך עמעצנס טריט דערנענטערט צו דער ביבליאָטעק־טיר. ס'איז אַריינגעקומען די פרוי לאַוראַ. זי האָט זיך פריידפול צעשמייכלט, דערזעענדיק דעם געהיימען גאַסט, און הויך געזאָגט:

— מ'ברענט דאָ כסדר אומנוצלעך די לאָמפּן!

גיך האָט זי זיך צוגערוקט צום טיש און אַראָפּגעבלאָזן דעם פלאַם. באַרוויצקי האָט זיך אויך דערנענטערט צו דער ביבליאָ־טעק־טיר: ס'זענען געקומען געזעגנונגס־שושקערייען און צוריק־שושקערייען. לסוף איז דער חתן אַרויסגעגאַנגען אין קאָרי־

דאָר און אויף דער וועראַנדע. באַלד האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּערײַ פון אַן אָפּפאָרנדיקן וואָגן. די פרוי לאַורא האָט זיך אומגעקערט אין גרויסן קאָרידאָר אַריין און געזאָגט צו איר באַ-גלייטערין:

— אַך, שלאָפן, שלאָפן! איך בין שרעקלעך מיד.

— לייגסט זיך באַלד?

— באַלד! כ'וועל נאָר פאַרמאַכן די טיר פון הויז. אַ גוטע נאַכט, מאַמע!

צעזאַרי האָט דערהערט אַ קלאַנג פון קושן און אַ שאָרך פון לייכטע טריט. די פרוי לאַורא איז אַריבערגעגאַנגען דורך דער ביבליאָטעק און מיט אַ רעש פאַרמאַכט די טיר, דורך וועלכער ער האָט זיך אַריינגעגנבעט אין דעמדאָזיקן צימער אַריין. אַ רגע האָט זי זיך צוגעהערט צום קלאַנג פון דער אַלטער פרויס טריט איבער די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט אויפן גאָרן. שפּעטער האָט זי זיך דערנענטערט צו באַריקן און געזוכט אין דער פינסטערניש זיין האַנט, וועלכע זי האָט פעסט געדריקט אין איר צעגליטער האַנט, שלעפּנדיק אים מיט זיך. אויפן וועג האָט זי אָפּגעבלאָזן דעם פלאַם פון לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אין קאָרידאָר און זי האָט געפירט דעם געליבטן אויפן גאָרן, כמעט נאָך די טריט פון דער אַלטער פרוי.

זיי זענען אַזוי געשיקט געגאַנגען לעבן זיך, טריט בײַ טריט, אַז עס האָט זיך געהערט נאָר איין סקריפּ פון יעדן טרעפּל. אויבן איז צעזאַרי, געשטויסן דורך לאַוראַן, אַריינגעפאַלן אין דער טיר פון אַ שלאָפצימער. דאָס איז געווען אַ גרויס און שיין צימער, אַ העל-באַלויכטנס דורך אַ גרינעם לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפן ברעטל פון פענצטער. אַ גרויסער, ווייכער און פוכיקער דיוואַן האָט פאַרדעקט דעם באָדן פונם גרעסטן טייל פון צימער. עס איז געשטאַנען עלעגאַנט מעבל, עס זענען געהאַנגען אַ סך בילדער. אין אַ נישע, אַ האַלב-פאַרדעקטער מיט אַ שיינער קאָטאַרע, האָט מען געזען אַ מאַהאָן-בעטל, נאָך נישט געבעט און פאַרדעקט מיט אַ דעקע.

— איר הוסט נישט? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— ניין.

— טאָ גייט דאָ אַריין.

צעזאַרי איז אַריינגעגאַנגען אין שכנותדיקן צימער אַריין, וווּ ס'איז געשטאַנען אַ שרייב-טיש מיט שרייב-געצייג, און לעבן טישל אַ וויג-שטול. באַריקאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן פּאָטעל און ער האָט דערהערט מיט איבעראַשונג, אַז די שיינע פרוי רעדט מיט עמעצן. דאָס האַרץ האָט אים אָנגעהויבן צו קלאַפּן נישט אויף אַ שפּאַס. ס'האָט זיך אָבער באַרויקט, ווען ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטוב-מיידל בעט-אויף דער באַלעבאָסטעס געלעגער. אין אַ רגע אַרום האָט דאָס שטוב-מיידל, אַרויסשעפּטשענדיק טרוקן: אַ גוטע נאַכט! — פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר. די פרוי לאַורא האָט איבערגעדרייט דעם שליסל אין טיר און ענדלעך נעעפנט איר גאַסטס באַהאַלטעניש.

צעזאַרי האָט אויסגעצויגן די הענט נאָך זיין דעראָבערונג. די פרוכט פון אַזאַ גרויסן מוט און פּחד.

זיין דעראָבערונג האָט זיך אָבער אַוועקגערוקט פון זיינע הענט, אַרויסשעפּטשענדיק:

— באַרוויצקי קומט אַמאָל צוריק פון וועג...

— וואָס עפּעס? צוואָס?

— צוליב זיין נישט איינגעשטילטער בענקשאַפט נאָכן „מלאך" זיינעם.

— קען ער עס היינט אויך זיך דערוועגן?

— אַמאָל האָט ער זיך אַהער אומגעקערט פון וועג און געזעסן נאָך צוויי שעה.

— אַ טיפּש!

— אַ טיפּש, נישט טיפּש... מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז ווען ער וועט אַוועקפאָרן, וועל איך שטענדיק זיצן בײַם פענסטער אַזוי לאַנג, ביז ס'וועלן נישט פאַרשווינדן די לאַמטערנס פון זיין פייעטאָן. ער האָט אַזוי געבעטן וועגן דעם! אַזוי געבעטן! דאָס איז ביטיק פאַר זיין מנוחה, פאַר דער רו פון זיינע חתונישע, פאַר-

חיזהדיקע חלומות. אַלס צייכן פון וואַכן, טראַכטן וועגן אים, חלומען אויף דער וואָר און בענקען נאָך דער פּיקסאַטור פון זיינע וואָנסעס, דריי איך אַרויס און אַריין דאָס ליכט פון לאָמפּ, בשעת ער פאָרט און איילט זיך איבער די פעלדער צום שוסיי. אַזעלכע זענען אונדזערע ליבעס-סיגנאַלן. און איצט — וואָס האָט איר פון מיר געמאַכט?

— איצט — זאָלן אים אַלע רוחות פירן!

— איך מוז אַרויס-און אַריינדרייען דאָס ליכט, ווייל ער קען נאָך צוריקקומען.

— נו, וועל איך שוין דרייען די קנויט. איך וועל עס אים שוין פיין אָפּטון!

— דאָס איז שרעקלעך! אַ פּאַראַט! און פאַרוואָס נישט איך?

— אייך שטערן די קליידער... די קליידער!

און אין דער אמת האָט צעזאַי דערזען, אַוועקשטעלנדיק זיך באַם ברייטן, אין דער הויך-געוועלבטן פענסטער, צוויי ליכט-רינגען פון די לאָמטערנס, וואָס האָבן זיך גערוקט דורכן פינסטערן, אויסדורכדרינגלעכן תהום. ער האָט אַריינגעדרייט דאָס ליכט פון לאָמפּ, וואָס איז געשטאַנען אויפן פענסטער, און נאָך אַ געוויסער צייט — צוריק אַרויסבאַקומען אַזאַ גרויס ליכט, אַז ס'האָט אַזש אַרויסגעשלאָגן אַ קאַפּעטש פון לאָמפּ-גלעזל. אין אַ רגע אַרום האָט ער אָנגעהויבן אַריינצודרייען צוריק אין רעזערוואַר די אַרויסגעדרייטע קנויט, אַ דאַנק וועלכן דאָס פייער האָט זיך גוססדיק פאַרקלענערט, ווי אַ ספּאַזמאַטישער ליבעס-עקסטאַז.

דערפירנדיק דעם לאָמפּן-פלאַם ביז צו אַ כמעט פולשטענדיקן פאַרשווינדן, האָט צעזאַרי אים ווידער אָנגעהויבן אַרויסצודרייען ביז דער העכסטער מדרגה. ער האָט עס אַזוי לאַנג געטון, ביז וואַנען די צוויי ליכט-רינגען, וואָס זענען כסדר קלענער געוואָרן אין דער נאַכט, זענען נישט אינגאַנצן פאַרשוונדן געוואָרן... דאַמאָלס האָבן צוויי גאַקעטע אָרעמס אַרומגענומען זיין עקרייזלטן קאָפּ און אָפּגעקערט אים פון פענסטער. אַ פרייד-גע-

ליכטער האָט זיך צעקלונגען. צעזאַרי האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון דער הויכקייט פון פענסטער אין די אָרעמס פון ריינעם גליק*).

---

עס איז ענדלעך געקומען דער גרויסער טאָג פון דער אַל־געמיינער פאַרווילונג. די גאַנצע הויפּישע געגנט איז אַריינגעפאַלן אין אַ מצב פון אמתן פיבער. פריזירער פון טשענסטאָכאָוו

---

*) דעם מחבר׳ס פרודעריע און דער טיפער דרך־ארץ פאַר דעם לעזערס (דער לעזערינס) פרודעריע, און בעיקר די הכנעה פאַר דעם קריטיקערס סופּער־פּרודעריע, דערלויבט נישט דאָ צו ברענגען די איינצלהייטן און איבערלעבונגען פון יענעם אָוונט, — דאָס, וואָס איז געשען אין פרוי לאַוראַס פאַרשלאָפענעם צימער. וואָס קען מען טון! אָ, חשוב־ע (ער) לעזער (ין) — מיר לעבן נישט אין דער תקופה פון גרויסער אָפנהאַרציקייט, פון דעם רענעסאַנס־מייסטער און דעם מייסטער פון אַלע דורות — לודוויק אַריאָסט — וואָס האָט נישט געקאַרגט זיך און דער גאַנצער וועלט די באַשרייבונג פון רוגיערס און אַלדינאַס גליק אין זיבעטן ליד פון „ווילדן אָרלאַנד״. דאָן איז דער שעפער נישט געווען געצווונגען אַרויסצווארפן דעם ביישיקסטן טייל פון זיין געדאַנק און אַרייַנצוואַרפן אים אין מיסט־קאַסטן. הייַנט קענען מיר נישט גיין מיטן וועג פון די גרויסע, פון אַלעמען געאַכפּערטע אבות פון דער שאַפונג. און אויך דאָ, אין דעם נידעריקן און ביי־דער־ערדיקן באַדענקען זיך פון לעבנס „ערב־פרילינג״, מוזן מיר פאַרמאַכן אויף אַ שליסל דאָס אמתדיקסטע, געזונטסטע, שטאַרקסטע בילד פון ערב־פרילינג און דעם געזונטן, מיט לעבנס־שפּרודלדיקן תוכן זייַנעם — און איבערלאָזן דאָס אַלץ דעם לעזער׳ס (ינס) קראַנקער, פאַרדאָרבענער, ציניַשער „השערה״.

און אפילו פון די אַרומיקע שטעטלעך האָבן אָנדולירט, פריזירט און געקעמט די פרויען — אַרומפּאָרנדיק מיט „שנעלצוגן“ פון הויף צו הויף. מען האָט נאָך צוגעפרעסט, געענדערט, אויסגעענ-דיקט ביז דער לעצטער רגע. אין גאַנץ אָטש איז מאַטשעיוניאַ גע-ווען, ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, נישט נאָר דער צערעמאָניע-מייסטער, נאָר אויך נישט אַבי-וואָס פאַר אַ פריזירער. אמת, אַז אין דעם פרט האָבן זיינע מיינונגען און פרינציפּן געשמעקט אַ ביסל מיט דער צייט פון ביסמאַרקס יוגנט-יאָרן, דאָך האָט ער אָבער געדרייט מיטן אייזנדל, פרוּווענדיק גאַנץ געשיקט אויף זיינע ליפּן דעם כּוח פונעם אייזנדל.

קודם-כּל איז, פאַרשטייט זיך, צוגעבאַקן געוואָרן דער „גנע-דיקער הפּטשיאָ“, שפּעטער דער „גאַסט“, לסוף, ניש-קוקנדיק אויף זיינע צביעקישע פּראָטעסטן, אויך דער גלח גאַסטעק — „קוים-קוים“, ווי עס האָט געמאָלדן מאַטשעיוניאָ, — כּדי קיינעם נישט צו ערגערן.

די צוויי ערשטע זענען אָנגעטון געווען אין בייע פּראַקן, וואָס זענען, ווי אויסגעגאָסן געלעגן אויף זייערע אויסגעפּולטע און שיקפּולע זעלנערישע פיגורן. דער גלח גאַסטעק האָט געהאַט אויף זיך עפּעס אַ גלאַנצנדיקע ספּודניצע, דערויף האָט ער אָנגעטון עפּעס אַ מין זשופּעצע פון טייערער סאַיעטע, אַ דעלעקאַטע און גלאַנצנדיקע, מיט זיידענע קנעפּלעך, וואָס איז פון פאָרנט געווען אויפ-געקנעפּלט און פאַרבונדן באַם האַלדז מיט אַ זיידן שנירל און מיט ענלעכע פרענדזלעך. אויף די פיס האָט דער גלח גאַסטעק אָנגע-טון אַ פּאָר גלאַנצנדיקע לאַק-שיך מיט שטאָלענע קלאַמערלעך, און די לידקעס האָט ער באַצויגן — צום טייוול! — מיט אמתע דאַ-מען-זאָקן, וואָס האָבן דערגרייכט ביז די צוג, אַלדע רוחות, הויך-אויפ-געהויבענע סודות פון זיין דערוועלטיקער אויסערלעכקייט.

ווען צעזאַרי באַרקאַ האָט זיך פאַרן אַרויספאָרן אַרומגע-געקוקט פון אַלע זייטן אין גרויסן שפּיגל, האָט ער געמוזט מודה זיין, אַז ער זעט ממש אויס, ער האָט זיך אַליין צוגעקוקט צו זיך, ווי צו עפּעס אַן אומבאַקאַנטער געשטאַלט. ער איז אינגאַנצן נישט ענלעך געווען צו דעם באַוואַקסענעם און אָפּגעריסענעם יונג,

וואָס האָט אַ באַרוועסער אָפּגעפירט מתים אויף געבערג הינטער באַקו און נישט צום רייזנדיקן אונטער די פוטערס אויפן וועג פון כאַרקאָוו צו די פּוילישע גרענעצן. און נישט נאָר ער איז זיך אַליין געפעלן געוואָרן, נאָר ער האָט אויך דערוועקט אין זיך גופא עפּעס שטורמישע אימפּולסן, כדי אָפּצושפּיגלען אין שפּיגל דעם אומפאַרגלייכלעכן עלעגאַנט און ברייט-פּלייציקן יונגערמאַנטשיק מיט דער פריזירטער טשופּרינע.

בשעת אַלע דריי, — „דריי פּאַרפירערס“ — זענען זיך צונויפגעקומען אַ רגע פאַרן אָפּפאָר אין צעזאַריס צימער, האָט היפּאָליט אַרויסגעשאָסן מיט אַ ספּאַזמאַטישן געלעכטער, דערזעענדיק דעם גלח אַנאָס אַזוי.

— וואָס לאַכסטו, היפּעק? — האָט געפרעגט דער גלח, נישט אָן אַ געוויסער בהלה אין דער שטים.

— ווי אַזוי זאָל איך דאָ נישט לאַכן! וואָס האָסטו אָנגעטון אויף זיך, דו גלח?!

— וואָס הייסט, וואָס? אַ קלייד.

— „אַ קלייד“? נישט קיין קלייד, נאָר אַ קליידל, און אייגנטלעך אַ ספּודניצע, און אונטער איר אַ ״האַלק״. האָסט זיך געדאַרפט פון פאָרנט אָננייען אַלס באַצירונג עפּעס אַ פאַלבאַנע. אויב דו האָסט אַזעלכע שווענצלעך באַם האַלדז, מעגסטו דאָך אויך האָבן אַ פאַלבאַנע פון אונטן.

— זיי ווידער נישט צו איראָניש געשטימט!

— וואָס רעדסטו? אָדער טו אויס דיין גאַנצע גלחישע קאָקעטעריע און טו אָן אַ פראַק, אָדער טראָג אויך אויפן באַל אַ קאַפּאָטע ביז צו דר׳ערד, ווי אַלע גלחים.

— זיי ווידער נישט צו ראַדיקאַל, היפּעק! ביסט נישט געבוירן געוואָרן און ביסט נישט אויס צו זיין אַ וואָלטער.

— אָט האָסטו שוין — וואָלטער! ווער ס׳וואַגט נאָר אויסצולאַכן זייערע קאָקעטעריע-שווענצלעך, מיט וועלכע זיי דעמאָראַליזירן די פּוילישע מיידלעך, דער איז שוין וואָלטערס אַן אָנהענגער.

די מחלוקה איז איבערגעריסן געוואָרן, ווייל פון יענער

זייט אַריאַנקע האָט זיך דערהערט דאָס טויבע קלאַפּעניש פון רע-
דער. אַלע דריי זענען, אָנטוענדיק די מאַנטלען און אַרומוויק-
לענדיק זיך די העלדזער מיט שאַלן, אַרויפגעשפּרונגען אויף די
געזעסן. מיט וואָס פאַר אַ ווערטער קען מען דיך אויסדריקן, דו גליק
פון דער געזונטער יוגנט, בשעת מען פאָרט מיט שדיש-פעסטע
פערד אויף אַ פּריצים-באַל אין פוילן! די קילע נאַכט און אירע
פייכטע ווינטן האָבן באַהויכט די פאַרחלומטע קעפּ. די שטאַרקע
צערייצונג, דער מיסטיקער אויסברוך פון אומויגבאַרן כוח האָט
ווי אויפגעהויבן צו דעם ווייטן, ווייטן ליכט צווישן די נאַקעטע
ביימער גיכער, ווי די הירושנדיקע פערד. לייכטע, פריילעכע און
נישט דווקא לייטישע לידלעך האָבן זיך געקײַקלט פון די יונגע
פריצישע ליפּן.

— נאַסטוש, ברודערל, דו האָסט בדעה הײַנט צו טאַנצן? — האָט היפּאָליט געפרעגט.

— טאַנצן? דאָס איז אָפּהענגיק...

— דאָס איז אָפּהענגיק. און צי מעגט איר בכלל טאַנצן מיט פרויען?

— הער נאָר — קוק בעסער, צי דו האָסט אַ באַזי-טיכל.

דער גלח האָט דידאָזיקע ווערטער אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ ערנסטער שטימע, ווי ער וואָלט געפּרעדיקט עפּעס אַ מאָראַלישן פּרינציפּ. נאָכן קומען קיין אָדראָלאַני איז באַריקאַ אַליין אַרײַנגעגאַנגען אין דעם פאַרווײַלונגס-זאַל, ווײַל זײַנע צוויי באַגלייטער זענען אַוועק, מיטגעריסענע דורך באַקאַנטע פון זייער קרייז. ער האָט זיך געפונען אין אַ גלאַנצנדיקן און פאַרביקן קרייז, ער איז צעטומלט געוואָרן און שיער נישט געוואָלט צוריקגיין. ער האָט זיך איבערצייגט, אַז ס'זענען דאָ סיטואַציעס, וואָס ליגן ערגעץ העכער אָדער ערגעץ אין דער זייט פון דער גאַנצער דערציִונג און פון דער דעראָבערטער אַליין-זיכערקייט. צו אַזעלכע האָט געהערט דאָס גרינג און פרייע פאַרהאַלטן זיך אין אַ פוילן סאַלאָן.

צעזאַרי האָט זיך באַמיט פאַרלירן, צו ווערן אין המון פון יונגע מענטשן, אָבער ער האָט קיינעם דאָ נישט געקענט און האָט

דערפֿאַר אויך נישט געקענט פֿאַרבינדן אַ פֿרייען שמועס. ער האָט
זיך דורכגעשטופּט, געפּלאָנטערט, „אַריינגעפֿאַלן" צווישן די פֿריי־
זיך שמועסנדיקע, ער האָט זיך געשטויסן, איבערגעבעטן, אַרויפֿגע־
טרעטן אויף די לאַק־שיך... דאָס איז שוין לאַנג געווען אָפּגע־
רעדט אין די אָרגאַניזאַציאָנס־פּאַראַגראַפֿן פֿון דאָזיקן פּיקניק, אַז
מ'וועט נישט מעלדן די אָנגעקומענע, און פּרינציפּיעל נישט פֿאָר־
שטעלן אַלע פֿאַר אַלעמען.

ס'איז אָפּגערעדט געווען אין די נישט געשריבענע פּונקטן
פֿון דעמזעלבן סטאַטוט, אַז די הויפּט־און פּרינציפּיעלע שטרעבונג
איז צו שינדן דאָס גראָבע און גרויסע אייגנטום פֿון פֿאַרשידענע
ווערטן לטובת די איבנדערמאָנטע „גופֿימלעך", און צו באַרייסן
זיי מיט אַלע באַוווּסטע און אומבאַוווּסטע מיטלען. קיינער האָט
דאַמאָלס אויף קיינעם קיין אַכט נישט געלייגט. מ'האָט זיך גע־
ווילט גרופּנווייז, אין געגנט־קרייזן, מ'קען אַפֿילו זאָגן — און
דאָרפֿס־קרייזן, פּאַראַפֿיע־קרייזן. דער שניידנדיקער אָרקעסטער
האָט שוין „געקלאַפּט" דאָס זיידיקע און אַ פּאָר פּאָרלעך האָבן
שוין געטאַנצט אין ליידיקן רוים פֿון דעם באַל־זאַל.

צעזאַרי האָט אין זיין אַרומדרייען זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ
ליידיקער שטול און פֿריי זיך אַוועקגעזעצט, כּדי צו פֿאַרמאַסקירן
זיין עם־האָרצות און אומוויסנקייט אין די פֿראַגן פֿון „האַלטן זיך".
ער האָט כּסדר געטראַכט, צי האַלט ער גוט די הענט, צי האָט ער
ווי געהעריק אַוועקגעשטעלט זיינע באַלעטיסטישע פֿיס.

ער האָט באַקוקט אַנדערע פֿאַרשטייער פֿון טיפּ „יוגנט" און
ער האָט, אָפּהענגיק פֿון באַקומענעם איינדרוק, געפֿאָרמט זיינע
פֿיס. אין אַ געוויסער רגע איז דורכגעלאָפֿן דורך זיין גוף אַ פֿלאַם
פֿון לעבעדיקן פֿייער — פֿון שפּיץ קאָפּ, ביז די גראָבע פֿינגער
אין די לאַק־שיך.

די פֿרוי קאָשטשעניעצקאַ איז אַריין אין זאַל.

זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַן עלעגאַנט באַל־קלייד, ווע־
מענס ראָזיקער אַטלאַס, דער לייכט אַרויסשיינענדיקער פֿון אונטער
די שפּיצן, האָט איר צוגעגעבן אַ נייעם און נישט געזעענעם חן.
אין דעם ראָזיקן קלייד איז זי דאַרער געווען און אויסגעוויזן צו

זיין העכער. די שטאַרק־אויפגעדעקטע אָרעמס און פּלייצעס האָבן אַנטפּלעקט די אַנטציקנדיקע ליניעס פון איר יונגן געביין און שיינעם גוף.

צעזאַרי האָט נישט געוואָלט גלייבן זיינע אייגענע אויגן, און ער איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך אַן אַמתדיק גליק־געפיל, זעענדיק בפירוש, אַז דאָס איז טאַקע זי. באַלד איז אָבער דער שטאָלץ, דאָס געוואוהן זיך פאַר זיך אַליין מיט איר אויספאַרגלייכלעכער שיינקייט, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ דריקנדיקן, נאָגנדיקן צער, וואָס האָט אים אַרומגעכאַפּט.

לעבן איר איז געגאַנגען אַן עלעגאַנטער, אין אַ פראַק, אַ גלאַנצנדיקער מיט די לאַק־שיך, מיט אַ גאָרס, מיט אָפּראַזירטע באַקן און אַ אָל מיט איינעם, אַמאָל מיט דעם צווייטן אויסגעפּאָמאַדירטן האַלבראָד פון זיינע האָר — דער „חתן" באַרוויצקי.

די פרוי לאַוראַ האָט גערעדט, פאַרנייגט זיך, געשמייכלט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט — זי האָט דורכגעוואַנדערט מיט אירע פרייליכע, צעגליטע אויגן איבערן גרויסן סאַלאָן, וואָס האָט זיך כסדר אָנגעפולט. זי האָט זיך באַגריסט, באַגריסט, באַגריסט, געשמייכלט און געשמייכלט. זי האָט אויך געענטפערט מיט אַ פרייליכן שאָקל מיטן קאָפּ אויף צעזאַריס באַגריסונג. אָבער אירע אויגן זענען ווייטער געלאָפן, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך אפילו אויף אַ רגע...

ער האָט געוווּסט, אַז אַזוי דאַרף זיין, אַזוי מוז זיין, און פונדעסטוועגן האָט אַ שאַרפער שטאָך, ווי דער גיפט פון אַ בין זיך דורכגעשניטן אין זיינע געפילן. ער האָט זיך באַמיט נישט צו קוקן אין איר זייט, דערהויפּט דערפאַר, כדי נישט צו זען דעם „אידיאָט" באַרוויצקי, וועלכער האָט זיך צו זיין כלה — דער „אידיאָט"! — כסדר אָנגעבויגן און כסדר עפּעס געשושקעט — דער „אידיאָט"!

דערווייל איז אין זאַל אַריינגעקומען די גאַנצע נאָוואָלאַטשער געזעלשאַפט: די פרוי וויעלאָסלאַווסקאַ, דער פעטער מיכאַל מיט זיינע גראָבע און אַראָפּהענגנדיקע וואָנסעס, אַ באַזונדערס פאַרענדערטער אין זיין פראַק — די ביידע מומעס, „אַנטשעליק" און

„וויקטואַר“ — (אַך, די אַלטע חורבות“!... — ווי עס האָט גע-
זונגען דער אויסוואורף-שוועסטערגזון היפּאָליט). — לסוף קאַרושאַ,
און אפילו די, פון רחמנות מיטגענומענע און אָנגעטוענע אין אַ גיך
צונויפגעלאַטעטע קליידל, פריילין וואַנדאַ אָקשינסקאַ. דאָס אַלץ האָט
אַהערגעדונערט מיט צוויי ריזיקע קאָטשן און האָט איצט באַוויזן
דער וועלט, וואָס עס הייסט — נאַוולאָטש. נעמלעך: הויכגע-
שטעלטע מינעס, אויסגעצייכנטע פּאָרם, פּאַריסענע קעפּ און שמייכ-
לען פון פּאַר פינף-און-דרייסיק יאָר. פאַרשטייט זיך, אַז מיטן אויס-
נאַם פון דער דאָ פּאַרבלאָנדזשעטער פריילין קאַראָלינאַ, נו, און
דער פריילין וואַנדאַ, וועלכע האָט געקוקט מיט אויסגעגלאָצטע
אויגן אין רוים אַריין, גאָרנישט אין קיינעם נישט געזען און
גרייט געווען יעדער רגע צו מאַכן פּיס, ווען נישט די מוטי-
קע פריילין שאַרלאָטאָוויטש, וואָס האָט זי פעסט געהאַלטן בײַ דער
האַנט.

ביידע האָבן זיי דערזען באַריקאַן אין דער מענגע מענטשן
און ביידע האָבן זיי דערפילט דאָס, וואָס ער האָט דערפילט דער-
זעענדיק די פרוי קאָשטשעניעצקאַ. אָבער אויך צעזאַרי איז צו-
פרידן געווען מיט זייער קומען.

אין פלוצלינגדיקן צופלוס פון מוט איז ער אויפגעשטאַנען
פון זיין אָרט, קוים ווי זיי האָבן זיך נאָר אַוועקגעזעצט. ער האָט
זיך דערנענטערט מיט עלעגאַנטן טריט, וועלכע ס'האָבן אים אַ
לאַנגע צייט און אָן אויפהער געלערנט די טאַנץ-מייסטערס אין
באַקו, און ער האָט איינגעלאַדן די פריילין קאַרושיאַ צום שימי.
ווייל דער מיטן זאַל איז נאָך געווען ליידיק געווען, האָט ער גע-
צויגן די אויפמערקזאַמקייט אויף זיך אין אויף זיין טענצערין.
איבער די אָרעמס פון זיין טענצערין האָט ער געקענט קוקן, ווי-
פיל ער האָט געוואָלט אויף לאַוראַ קאָשטשעניעצקאַ. אין דעם מאָ-
מענט און לאַנגווייליקן טאַנץ האָט ער געקענט אַמאָל דערנענ-
טערן זיך צו איר, אַמאָל דערווייטערן זיך, ווי פון אַ מקור פון
שמחה.

האָבנדיק בײַ זיין האַרץ אַ האַרץ, וואָס איז נאָך נישט אָנ-
גערירט געוואָרן דורך ליבעס-געפיל, אַ האַרץ, וואָס האָט צום

ערשטן מאָל אָנגעהויבן מיט אַ ווילדן טעמפּ צו קלאַפּן פאַר אים; דערפילנדיק צום ערשטן מאָל דעם תענוג פון דעמאָזיקן געפיל, פאַייניקנדיק זיך כמעט מיט קאַראָלינאַן דורכן קערפּער-צאַפּל, ווען זיי זענען געווען אָפּגעטיילט בלויז דורך די שוואַכע קליידער, אָבער דער ריטם אין חוק פון טאַנץ האָט פיזיש זי איבערגאַנצן אים אָפּגעגעבן, — דאַמאָלס איז ער אויסגעגאַנגען פון בענקשאַפט נאָך לאַורא.

דערווייטערנדיק זיך פון יענער, האָט ער געברענט פון ליבע, פון פּחד, פון צער, פון שנאה, פון צאָרן, וועלכעס האָט אים פאַרכאַפּט דעם אָטעם, בשעת באַרוויצקי האָט עפּעס איר אין אויער אַריין געשושקעט. אַך, ווען ער זאָל דערהערן, וואָס ער שושקעט!...

אָבער אַנדערע אויגן האָבן אים געזען, געזען זיין טאַנץ און געהאַט דאָס זעלבע געפיל, וואָס ער! דאָס זענען געווען וואַדאַ אָקשינסקאָס אויגן. דער זאַל מיט דעם גלאַנצנדיקן פאַרקעט איז פאַר איר געווען אַן אומענדלעכער תהום, אַ שוואַרצער אָפּגרונט אין וועלכן ער האָט זיך געדרייט, צודריקנדיק צו דער שויס, פאַראייניקדיק זיין ברוסט, זיינע קני און פיס מיט פריילן קאַראָלינאַ שאַרלאַטאָוויטשס ברוסט, קני און פיס. זי האָט דאָך אויסגעצייכנט געוווּסט, וואָס עס פאַרבאַהאַלט זיך הינטער דער אויסערלעכער פאָרם פון דעמדאָזיקן טאַנץ, מיט וואָס זיי וועלן ענדיקן אַזאַ טאַנץ און וועגן וואָס זיי טראַכטן און חלומען, טאַנצנדיק און שמייכלענדיק כסדר.

זי איינע האָט געוווּסט דעם סוד, די געהיימניש, דעם תוך פון דער משונהדיקער פאָרם פון זייער טאַנץ. דאָס, וואָס זי האָט געזען מיט אירע אייגענע אויגן, איז פאַר איר געווען אַזאַ איבערראַשנדיקע אַנטדעקונג פון די קערפּערלעכע סודות, פון דער פאַר איר מסופּנדיקער מיסטעריע, פון דער אויסגעלאַסענער גופים-דערנענטערונג, אַז ס'האָט זי אַריינגעבראַכט אין אַן אומאויפהערלעכן שגעון.

איצט האָט עס זיך ווידער איבערגעחזרט פאַר אירע אויגן.

איצט האָט זיך דערזעלבער סוד אַנטפּלעקט פאַר אירע אויגן. די

פרײלין װאַנדאַ איז געזעסן „סמירנאָ“ אויף דער שול, װי בשעת אַ רעקאָלעקציע — זי איז כלומרשט רויק געזעסן אויפן באַל, װו דער גורל האָט זי פאַרװאָרפן, אָבער אין דער אמתן איז זי געטראָגן געװאָרן אין דער װיסטעניש פון פאַרצװייפלונג. אַ טרוקענער יאָמער האָט צעריסן איר יונגבטלעך האַרץ. די װעלפּישע ציין און די טיגרישע נעגל פון דער אײפערזוכט האָבן געשניטן די איבער איר אַלײנהערשנדיקע ליבע. אַ געשרײ איז פאַרגליװערט געװאָרן אויף אירע ליפן, אַ בלינד געװײן האָט איר האַלדז פאַרשטיקט. זי האָט כסדר געשמײכלט מיט אַ געמאַכטן שמײכל, און אַן אַלץ גרעבערע פינסטערניש איז געפאַלן אויף אירע אויגן אין דעמדאָזיקן סאַלאָן, װאָס האָט זיך געבאָדן אין ליכט.

און אַט האָט אין דעם פולשטענדיקסטן פאַרלירן זיך — אויפגעבליצט פאַר איר עפּעס אַן אויסגאַנג.

אַ דערלײכטערונג האָט זיך באַװיזן אין איר שוין־פאַרשטײנערטן האַרץ. אַ שטים, עפּעס אַ נחמה, אַן אָנצינדיקער בעל־עצה האָט זיך גערופן אין אירע פינסטערנישן, דאָס איז געװען די שנאה צו דערדאָזיקער קאַראָלינאַ.

— װאַרט אונטער ? — האָט אויסגעשעפּטשעט צו איר קאָנקורענטין די פרײלין װאַנדאַ, װאָס האָט נישט געקענט די כפלונגס־טאַבעלע.

ענדלעך האָט צעזאַרי אויפגעזעצט די פרײלין קאַראָלינאַ נאָכן פילמאָליקן אַהין־און־צוריק דורכגליטשן זיך, און קוים האָט ער אָפּגעטרוקנט פון זײן שטער, די גרויסע שװײס־טראָפּנס מיט אַ פאַרפומירטן טיכל, אויף װעלכן ס׳האָט געשײנט היפּאָליט װיעלאָסלאַװסקיס מאָנאָגראַם, האָט ער זיך באַלד צוגערוקט צו דער ערשטער פון ברעג, צו אַ פרײלין פון דער „שכנות“. ער האָט זי אַ ביסל „אויסגעטײסלט“, זיך אויפגעזעצט און באַלד װידער געגאַנגען — אָ, גאָט! — צו דער מומע אַניעלאַ. די האָט כמעט מיט אַן אויסגעשרײ אָנגענומען זײן נדבה.

די בײדע מומעס האָבן נאָך געטאַנצט. בײדע האָבן זײ געטראָגן מאָדישע קלײדער אויף זײער געבײן, אויף די אויסגעטריקנטע

מוסקולן און אראָפּגעהאָנגענע שטיקער פעטס. זייערע פאַרוויאַנגעטע העלדזער און עקלדיקע בריסטן זענען באַדעקט געווען מיט שוין נישט מאָדישע ביוסטן, ווי אויך מיט קוואַזי-העלדזער, געמאַכט פון עפעס אַ קינסטלעכער מאַסע, וואָס האָט באַדאַרפט אַרויסווייזן די גלאַטיקייט פון קערפּער, יונגקייט און חן.

מיט דער הילף פון סאַמעטלעך, וואָס האָבן פאַרדעקט די ערטער, וווּ ס'זענען צוגעלאַטעט געוואָרן די קינסטלעכע העלדזער צו די אמתע און מיט דער הילף פון אַ סך, פון אַן אמתן באַרג פּודער, וועלכער האָט באַדעקט די ערזאַץ-בריסטן, האָבן די מומעס געהאָפט, באַם קינסטלעכן לאָמפּן-שיין, אָפּצונאַרן די מענטשהייט. זיי האָבן אַליין נאָך איין מאָל — ווער ווייסט, צי נישט דאָס לעצטע פון די לעצטע? — געוואָלט חלומען און באמת דורכגעלעבט דעם חלום וועגן דעם, פאַר זיי שוין אויף אייביק פאַרלוירענעם, ליבעס-גן-עדן, אָדער בעסער, — צום טייוול! — לאָמיר זאָגן דעם אמת — וועגן דער אויף אייביק פאַרלוירענער מעגלעכקייט פון קערפּערלעכער באַהעפטונג. נישט, חלילה, צוליב רחמנות אָדער צוליבן וועלן באַפרידיקן זייער אילוזאָרישן ברענענדיקן חשק, האָט צעזאַרי געשטופּט אַהין און צוריקגעשלעפּט, געשוקלט און פונאַנדערגעטרענט פריער די מומע אַניעלאַ און שפּעטער — וויקטאָריאַן. און נישט צוליב קורטואַזיע האָט ער דערוועקט אין זיי די קרענקלעכע היץ.

דאָס איז געווען זיין וועג צו דער פאַרגעטערטער.

ער האָט זיך נישט געוואָלט אָנוואַרפן. אים האָבן געקרענקט אירע שמועסן מיט אַלע, און בעיקר די שמייכלען און דאָס פאַרטרויטלעכע שעפּטשען צו „יענעם”.

ער האָט זיך אַרומגעדרייט לעבן איר, פאָכנדיק, — אַמאָל מיט דער, אַמאָל מיט יענער — ספּודניצע. איבעריקנס, איז אים צומלייכטסטן געווען צו קוקן בשעתן טאַנץ אויף לאַוראַן, פון צווישן די אָרעמס, אָדער איבער די אָרעמס פון דער, אָדער יענער. נאָך דורכטאַנצן מיט אַ גאַנצער ריי פריילעכס, ווייבלעך, אלמנות און גרושות איז אויך געקומען די צייט אויף וואַנדאַ אָטשינסקאַ.

בשעת צעזארי האָט זיך פֿאַרנייגט פֿאַר איר, האָט ער דערהערט אַ שטילן קולכל:

— כ'בעט אייך...

— כ'הער, פֿריילין וואַנדאַ...

— כ'בעט אייך ... איך קען נישט טאַנצן!

— איר קענט. איך וועל אַזוי פֿירן, אַז איר וועט זיך שוין „אָנקענען".

— כ'קען נישט! — האָט זי אַרויסגעזיפֿצט.

— נאָר דאָס איז דאָך לייכטער, ווי די כּפּלונגס-טאַבעלע! וואָס הייסט? איר וועט מיר אָנטזאָגן, מיר, וואָס האָט געשפּילט מיט אייך אין פֿיר הענט?

מיט אַ חלשותדיקער באַוועגונג האָט זי זיך אויפֿגעהויבן און אוועקגעשטעלט. ווען ער האָט זי אָנגענומען, האָט זי זיך איבערגעבויגן אויף זיין האַנט, ווי אַ פּעלערין, וואָס איז אַריבערגעהאָנגען איבערן אָרעם, אָדער ער וואָלט זי באַדאַרפֿט שלעפּן איבער דער פּאָדלאָגע, ווי אַ זאַק קאַרטאָפֿל. זי איז נישט געשיקט און נישט צום טאַקט אַרומגעגאַנגען איבערן זאַל, ווערנדיק געפֿירט דורך זיין אָרעם.

זייענדיק פֿאַרנומען מיט זיין ליבע, האָט ער נישט געוווּסט, וואָס מיט איר טוט זיך. ער האָט נישט געוווּסט, וואָס פֿאַר אַ נישט פֿאַרלאָשענעם שגעון ער דערוועקט אין דעם מיידל, בשעת ער דריקט זי צו צו זיך, פֿאַר אַלעמענס אויגן, ווי ער דריקט צו די יונגע, שטייפֿע, נאָך אומרייפֿע, אָבער שוין היפּשע ברוסטן איר'ע צו זיין ברוסט. אָבער דעם מיידלס אונטערשפּרונגען האָט אים, נאָך דער פֿריערדיקער גרויסער טאַנץ-אַרבעט, שטאַרק אָפּגעמאַטערט, האָט ער זי אַלזאָ אָפּגעפֿירט צו דער שטול און אוועקגעזעצט זי. דאַן האָט ער זיך ווי צומגיכסטן געווענדט אויף זיין אָרט. די פֿרוי־לאַוראַ איז גראָד געוועזן אַ רגעלע פֿריי, ער האָט זיך פֿאַרנייגט פֿאַר איר, און באַלד ווי זי איז אויפֿגעשטאַנען, האָט ער דערהערט איר מורמל, וואָס איז אַריינגעפֿלאָסן אין זיין אויער, ווי אַ חימלישער קלאַנג.

— טשאַרוש! טשאַרוש! כּישופֿמאַכער*) מיינער! ביסט היינט שיין, ביסט פּראַכטפֿול. דיינע האָר זענען אויסגעצייכנט פֿריזירט. ביסט געשיקט. ביסט דער געשיקסטער פֿון אַלע. דו ביסט שטאַרק, געזונט, שלאַנק, ביסט זייער סובטעל. שמעקסט! ס'קליידט דיר זייער דער פֿראַק און קוש דיינע געקרייזלטע האָר. כ'קוש דיינע אויגן. כ'קוש דיינע ליפּן. כ'האָב דיך ליב, טשאַרוש! כ'האָב דיך ליב ביז שגעון! כ'האָב דיך ליב ביזן טויט, וווּנדער־שיינער טשאַרוש!

די פֿרוי לאַוראַ איז געשפּרונגען פֿון דער הויט. אין די באַוועגונגען, וואָס האָבן צעגליט דאָס בלוט אין די אָדערן, אין די פֿאַרנייגונגען, שפּרונגען אין אין טאַנץ־וואַרפֿן זיך פֿון גוף, האָט זי אים אַמצייליקע מאָל געריימט, געצערטלט מיט ווערטער, געגלעטן, מיט איין — צווייזילביקע ווערטער, וועלכע מען קען דאָ — ליי־דער! — נישט איבערחזרן צוליב דעם אָנגענומענעם באַגריף פֿון געזעלשאַפֿטלעכער מאָראַל.

צעזאַרי איז געווען פֿאַרכמאַרעט און טויב פֿאַרעקשנט. ער האָט בייז אויסגעברומט:

— רײדסט כּסדר מיט דעם גראָבן.

— כ'מוז...

— דאָס איז נישט קיין מענטש. דאָס איז אַן אמתער ביר־זשוי. אַן אָקס מיט וואָנסן. דו קענסט קוקן אויף זיין אויסגעפּו־מאַדירטן קאָפּ? איך קען אַפֿילו פֿון דערווייטנס נישט פֿאַרטראָגן דעם אָקס.

— טשאַרוש! טשאַרוש! כּישופֿמאַכער מיינער! טראַכט נישט וועגן קיין אָקס. קוק נישט אויף אים. איינציקער, ווי איינ־ציק ס'איז די זון אויפֿן הימל.

— אויב עס איז אמת, אַז דו ליבסט מיך, איז ווי אַזוי קענסטו, צום טייוול, רעדן מיט דעם גראָבן נפֿש?

---

*) אין פּויליש אַ קליינע שפּיל — „טשאַראָקשיענזשניק". אַ ממעגלעך זוי געהעריק איבערגעגעבן אין יידיש. י. ט.

— כ'האָב דיר שוין דאַמאָלס געזאָגט, טשאַרוש — דאַמאָלס — געדענקסט? — דאַמאָלסט, — אַז כ'מוז.

— כ'געדענק נישט...

געדענקסט שוין נישט? ער איז רייך, האָט אַ ירושה נאָכן ברודער, וואָס איז אַן קינדער געשטאָרבן, ער קען אָפּצאָלן אַלע חובות, וואָס הענגען ווי אַ הונדערט-פודיקער משא איבער לײַבעניץ. איך וואָלט אומאָפּהענגיק געוואָרן, איך וואָלט זיך באַפרייט. איך מוז!

— נו, מוז איך איך קוקן אויף אים מיט שנאה.

— טראַכט נישט וועגן דעם טשאַרוש, טשאַרוש...

— דער געדאַנק וועגן דיר פאַראייניקט זיך מיטן געדאַנק וועגן אים. און איך טראַכט און טראַכט וועגן דיר טאָג און נאַכט! נאָר דיך זע איך אויף דער ערד! נאָר דיך, שטענדיק און אומעטום! איך ווער משוגע נאָך דיר! דו, לאַוראַ! ווען?

— אַך, ווען... כ'וועל טראַכטן וועגן דעם. אפשר היינט. זעץ מיך איצט אַוועק און שפּעטער טאַנץ ווידער מיט מיר...

— אויב דער בירזשוי וועט זיך נאָכאַמאָל אָנבייגן איבער דיר און וועט שושקען... וואָס שושקעט ער? ווי וואַגט ער צו שעפּטשען? אויב דו וועסט נאָכאַמאָל שמייכלען, ווען ער וועט אָנהייבן שעפּטשען, וועל איך מאַכן אַזאַ סקאַנדאַל, אַז איר וועט דאָ אַלע אַרויספליען, ווי פון אַ פייל-אין-בויגן...

— באָלשעוויק!

די פרוי לאַוראַ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף איר אָרט גראָד דעמאָלט, ווען מ'האָט אַרייַנגעפירט אין באַל-זאַל דעם הער סטאַזשאַן אויף אַ באַוועגלעכער שטול. אָנגעטאָן אין אַ פראַק, ווייסן קראַוואַט און וועסט, אַן אויסגעקעמטער און פריילינגדיקער אויף זיין געלעגער, האָט דער באַלעבאָס פון אָראָלאַני, — מיט זיינע אומבאַוועגלעכע פיס, באַדעקטע מיט אַ לייכטן שאַל — געמאַכט אַ טיפן איינדרוק. די גאַנצע געזעלשאַפט האָט זיך גרופירט אַרום אים. שטעלנדיק און אַרויסנעמענדיק כסדר דעם מאָנאָקל פון זיין חשכות-פולן אויג, האָט דער הער סטאַזשאַן באַגריסט אַלעמען מיטן אַמאָליקן עלעגאַנטן זשעסט און ליבלעכן שמייכל. ער האָט

באַוועגט מיט די הענט אין ס'האָט אויסגעזען, אַז ער רודערט מיט זיינע באַוועגונגסלאָזע פיס.

— ס'פרייט מיך, אַז כ'קען כאָטש דינען אויף דער הייטיקער פאַרזאַמלונג אַלס עמבלעם, אַלס סימבאָל. — האָט ער געזאָגט צו די דאַמען, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט.

— וואָס פאַר אַ? וואָס פאַר אַן עמבלעם? וואָס פאַר אַ סימבאָל? — האָט מען זיך געפרעגט פון אַלע זייטן.

— איך בין דער עמבלעם פון די אַלע „גופימלעך", וועלכע די הייטיקע פאַרוויילונג דאַרף אונטערשטיצן. כ'בעט אַ גלעזל...

דער הער סטאַזשאַ האָט גענומען ס'גלעזל, וועלכעס ס'האָט אים קניִענדיק דערלאַנגט איינער פון די שכנים. מיט די ציטערדיקע פינגער האָט ער אָנגענומען זיין שלאַנק פיסל, מיט גרויס מי האָט ער עס אויפגעהויבן אינדערהייך מיט זיין טרוקענער האַנט און געזאָגט צו די אַרומיקע מיט אַן עלעגאַנטן שמייכל, וואָס איז אין יענער רגע פול געווען מיט טיפע, סימבאָליש-אויסזעענדיקע יסורים.

— איך טרינק פאַרן געזונט פון די העלדן פון אונדזער לאַנד, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע הענט אָדער פיס, פאַרטיידיקנדיק די פרייהייט פון אונדזער לאַנד, פאַרטיידיקנדיק אונדזער פרייהייט!

אין פייערלעכער שטילקייט, בײַ אַלגעמיינער געדריקטקייט און מיט טרערן אין די אויגן האָבן אַלע אויסגעטרונקען דעם טאָסט. דעם באַלעבאָס אַריינקומען, און בעיקר זיין מרה-שחורהדיקער טאָסט האָט איבערגעריסן די טענץ. אַ טייל פון דער געזעלשאַפט איז אַריבער אין עסצימער, ווו עס זענען צוגעגרייט געווען אויסערגעוויינטלעך-געשמאַקע ביסנס. אין דער צייט איז די פרוי וויעלאָסלאַווסקאַ מאַיעסטעטיש צוגעגאַנגען צו דער פריילין וואַנדאַ אָקשינסקאַ, אָן אַ וואָרט זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און זי דורכגעפירט צווישן דעם המון מענטשן. וואַנדאַ אָקשינסקאַ איז מער ווי זיכער געווען, אַז די, אין איר געדאַנק אַלמעכטיקע דאַמע, האָט מיט איר דורכלייכטיק בליק דורך און דורך געזען אירע מחשבות, געפילן, נידערטרעכטיקע פּלענער און מיאוסע פאַר-

לאַנגען, און זי פירט זי איצט אַרויס צו יענער זייט טיר פון דעם פּאַלאַץ, כדי זי אַרויסצושטויסן אין דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אויפן פינסטערן הויף, וואָס איז איבערפולט געווען מיט אַלטע פורמאַנעס מיט בייטשן. דערווייל האָט די פרוי וויעלאָסלאַווסקאַ באַדייטנדיק נענטער געפירט דאָס געוועזענע פענסיאָנס־מיידל — צו דער קלאַוויאַטור פון אַ שוואַרץ, טייערן פּאָרטעפּיאַן, וועלכער איז געשטאַנען אויף אַ קליינעם פּיעדעסטאַל אין ווינקל פון סאַלאָן. דאָ האָט די „מאַדאַם פּריצהטע" אַוועקגעזעצט די פריילין וואַנדזשאַ אויף אַ קיילעכדיקן טאַבורעט, און זי האָט איר געשעפּטשעט אין אויער אַריין מיט אַ באַפעלערישן און הערשערישן טאָן, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין ווידערשטאַנד:

— שפּיל דאָס בעסטע, וואָס דו קענסט, אָבער כ'זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען מיט דיר! גיב אַכטונג, דו זאָלסט מיך נישט קאָמפּראָמיטירן! פאַרשטייסט! גיב נאָר אַ טראַכט, וואָס פאַר אַ פּערזאָנען ס'הערן דיך. דו דאַרפסט פּראַכטפול שפּילן, ווי דו קענסט צומבעסטן. זיי שטילערהייט מתפלל אין שפּיל!

— כ'פאַרשטיי, אָבער כ'ווייס נישט, צי כ'וועל באַוויזן... — האָט וואַנדאַ אויסגעשעפּטשעט.

זי האָט אַרויפגעלייגט אירע הענט אויף די ווייסע קלאַווישן פון דעם פּראַכטפולן פּאָרטעפּיאַן און זי האָט שרעקעוודיק אַ קלאַפּ געטון איינמאָל, צווייטמאָל. זי האָט דערהערט קלאַנגען פון אַן אויסגעצייכנטן אינסטרומענט. די באַזונדערע קלאַנגען האָבן זיך אין איר אַריינגעריסן און זענען איר דורכגעלאָפן, ווי אַ ליכט, וואָס פאַרטרייבט די פינסטערניש. זי האָט פאַרגעסן וועגן דעם, אַז ס'הערן זי אַזעלכע „וויכטיקע" פּערזאָנען, זי האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז זי געפינט זיך אין אַזאַ גרויס סאַלאָן, אַ, אָנגעפולטן דורך אַן ערשטקלאַסיקער געזעלשאַפט. זי אַליין האָט זיך תיכף פאַרוואַנדלט אין עפּעס אַנדערש, ווי זי איז מיט אַ רגע צוריק געווען — אין אַ געטלעכן אינסטרומענט פון כישופדיקער מוזיק. זי האָט שוין נישט געציטערט מיטן גרויסן ציטער, מיט דעם מיידלשן פּחד באַ דעם געדאַנק, אַז „פּערזאָנען" וועלן הערן איר מוזיק, אין וועמענס ווערט זי האָט גראָד אַבסאָלוט געספקט.

דערהערנדיק די מוזיק, איר נשמהס נשמה, האָט זי זיך באַ-
פרייט פון שרעק. ס'האָט זיך אָפּגעטאָן די טויטקייט פון אירע הענט. זי האָט דערפילט אין איר קרייץ און אין די שפּיץ פינגער פון אירע פיס די איר שוין באַקאַנטע, אייגענע, מאָדנע קעלט — ווי אַ כּלי-זין פון איר כּוח, וועלכן זי האָט שוין פריִער געקענט באַהערשן.

זי האָט זיך אויסגעגלייכט. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט, ווי אַ מלכּה אויפן טראָן.

ס'האָט אויסגעזען, ווי עפּעס אַ נישט-ערדיש פייער וואָלט פאַרכאַפּט, אויפגעהויבן און צעשויבערט אירע האָר. פון איין רגע צו דער צווייטער האָט זיך אין איר גאַנצן זיין פאַרשפּרייט די מאַכט פון איר נשמה, אַ באַוווּסטזיניקע אין איר כּוח, אַ זעענדיקע פון דעם ערשטן ביזן לעצטן קלאַנג די גאַנצקייט פון דעם קונסט-ווערק, וועלכעס זי האָט געהאַט פאַר זיך. אירע פינגער זענען ענלעך געוואָרן צו די אומוויסנדיקע און געהאָרכזאַמע העמערלעך, וואָס זענען אינעווייניק אין דעם שוואַרצן קאַסטן, באַצויגענע מיט זאַמש, געגרייט געוואָרן דורך די פינגער — זיי זענען ענלעך גע-וואָרן צו די דעמאָנען, וואָס זענען אַרויס פון זייער נישטיקייט, כּדי אָפּצוגעבן, לויט איר ווילן, דעם קלאַנג זייערן און שפּעטער ווידער אַנטרינען צו ווערן אין דער נישטיקייט.

דער פּעדאַל האָט געוואַרט אויף איר שוואַכן טריט, כּדי צו דערהייבן דאָס ליד און דערגרייכן ביזן דעק פון, תּהום מיטן קול פון, די אָנסופיקע השתּפכותן פון באַס.

די אומדרייסטע און נישט-דעצידירטע פרייַלין איז געוואָרן אַ חוצפּהדיקער גייסט, וואָס וואַגט צו קעמפן מיט די איבערמענטשלעכע כּוחות פון געפיל, ווי דער סודותדיקער פויגל, וואָס האָט זיך אַליין פאַרברענט אויפן מירראַ-שייטערהויפן און צוריק אויפ-געשטאַנען פונם אייגענעם אַש אַ יונג-געוואָרענער, אַזוי האָט אויך אין איר נשמה אָנגעהויבן צו פלי[illegible] דער פרייַדפולער ליבעס-פעניקס, דער פילפאַרביקער, דער געבוירענער אויפן שייטערהויפן פון אַלע אירע געפילן. דער, וועמענס שוואַב[illegible] מענטש וועט נישט זיין בכּוח פאַרויסצוזען. זי אייגנע האָט אויסגעצייכנט געקענט

דעם פלי פון דער פילפארביקער פלעדערמויז מיט די רויטע פעדערן אויף דער הינטערשטער זייט פון קאפ.

זי איינע האט אים אין דער פינסטערניש פארפאלגט און איבערגעגעבן זיין פלי, זיין לויף אויבן און אראפ, אהער דא און העט ווייט. זי האט געשפילט א ליד פארן שיינעם בחור, אין וועלכן זי האט זיך, ווי מ׳זאגט עס, פארליבט אויף טויט, כאטש זי האט אים נאך אפילו רעכט נישט געקענט. זי האט דערציילט מיט די טענער פון אומשטערבלעכן מייסטער די געשיכטע פון איר ליבע, אלע אירע יסורים און זייער תמצית, די באהעלטענישן און קרומע וועגלעך פון אירע געפילן, זייערע פארבארגענע שמאלע וועגלעך און דורכגענג, די פינסטערע און מוראדיקע גריבער, און זי האט געוויזן די הימלען פון פרייד, וואס האבן זיך פארשפרייט איבער איר קאפ, בשעת ער האט זיך צו איר דערנעענטערט. זי האט געשפילט איר קאנקורענטין, קאראלינאן, די שנאה־דער־קלערונג און א טיפע, מוראדיקע התראה...

ווען די פרײלין וואנדא האט אנגעהויבן צו שפיל, ארייננגיסנדיק אירע געפילן אין איינע פון בעטהאווענס לעצטע סאנאטן, און אויפן זאל איז געווארן א גרויסער כאאס — הייביקע „פער־זאנען" זענען ארויסגעגאנגען, אנדערע אריינגעקומען, די האבן זיך געזעצט, יענע געשטופט זיך ביי די טירן — איז געקומען דער פאסיקסטער מאמענט. די פרוי לאורא האט לייכט א צי־געטאן מיט די ברעמען אין צעזארנס ריכטונג און, נישט קוקנדיק מער צו אים, ארויסגעגאנגען אומבאמערקט דורכן זאל. ער איז, — אנשטאט צו הערן דעם כישוף פון דער מוזיק, וואס האט אים גערופן און געלאקט, — אויך ארויסגעגאנגען שטילערהייט פון זאל, אמת, אין אן אנדערער ריכטונג, ווי די פרוי לאורא, אבער איילנדיק צום זעלבן אנגעוויזענעם ארט.

ס׳זענען אבער געווען אויגן, וואס האבן נאכגעפארשט דאס געמיינזאמע ארויסגיין פון די געליבטע, כאטש זיי זענען ארויסגעגאנגען דורך פארשידענע טירן. קאראלינא שארלאטאוויטש, וואס האט געלעבט אין מצב פון אן אומאויפהערלעכער צופרידנקייט, א זיכערע ביי זיך, אז צעזארין ציט צו איר, ווייל ער האט זי

דאָך אַזוי פיל מאָל געקושט מיט אַזאַ לוסט — האָט ווי דער בעסטער שפּאָן און קליגסטער דעטעקטיוו, נאָכגעפאָרשט זיין יעדן בליק, און דערזען מיט אַ שרעקלעכער איבעראַשונג, אַז זיינע אויגן ווענדן זיך איינמאָל, צווייטמאָל, דרייטמאָל, צען מאָל, הונדערטמאָל אין דער ריכטונג פון דער שיינער אַלמנה.

זי האָט אָנגעהויבן צו פאַרפאָלגן אויף יעדנס בליקן און שמייכלען. און זי האָט אַלץ דערזען. זי האָט, נישט הערנדיק, געהערט די ווערטער, וואָס זיי האָבן צווישן זיך אַרויסגעשושקעט בשעתן טאַנץ. זי האָט פאַרשטאַנען יעדעם ציטער פון פרוי לאַוראַס ברעמען. באַמערקט, ווי ער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון זאַל. אַ תּליענישער קלאַפּ אין האַלדז אַריין מיט אַ שווערד, ס'דורכלעכערן איר האַרץ מיט אַ רוצחס מעסער וואָלט אַזוי נישט דערשיטערט איר נשמה, ווי די לעצטע אַנטדעקונג. זי איז אַראָפּגעפאַלן פון איר טאַרפּעיִשן פעלז. דאָס איז געווען עפּעס ערגערס ווי דאָס באַרויבן זייער הויז דורך די באָלשעוויקעס.

זי וואָלט נישט געקענט דערוואַכן פון דעם שרעקלעכן שלאָף, אין וועלכן זי איז פּלוצלינג אַריינגעפאַלן.

זי האָט געקוקט אויף די לאַכנדיקע, פריילעכע, זיך שפּילנדיקע מענטשן, וואָס זענען מיט אַ רגע צוריק געווען אַרום איר, און זי האָט נישט פאַרשטאַנען, ווו זיי זענען צוהינגעקומען. די פאַרצווייפלונג האָט זי געשטויסן פון אָרט, דורכגעפירט דורך זאַלן און קאָרידאָרן, ערגעץ אויף אַ טעראַסע.

קאַראָלינאַ איז אַראָפּגעגאַנגען מיט די נאַסע און גליטשיקע טרעפּ. אַזוי ווי זי איז געווען אָנגעטאָן, אין איר לייכטן באַל-קלייד, איז זי אַרויסגעלאָפן אין גאָרטן אַריין. זי איז געגאַנגען מיט עפּעס אַן אַלעיע, אַרויפפאַלנדיק יעדע רגע אויף עפּעס אַ גרויסן בוים, וואָס האָט הויך-הויך טויב געדונערט. אָפּגעשטויסן פון איין שורה ביימער, איז זי אַרויפגעפאַלן אויף אַ צווייטער. און די אין יענע שורה האָט זי אָפּגעשטויסן פון זיך.

— אָ, גאָט! — האָט קאַראָלינאַ געזיפצט, פּלאָנטערנדיק זיך רעכטס און לינקס צווישן די ביימער. זי איז לאַנג געגאַנגען אין דער נאַכט, אַ דערהרגעטע אין דער נשמה און נישט וויסנדיק

וואָס ס'וועט טרעפֿן מיט איר. אין אַ צייט אַרום האָט זי דערהערן אַ שטילן שמועס, — אַ שושקערײַ. — מיטן אינסטינקט, וועלכער נאַרט נישט אָפּ, מיט אַ נישט פֿאַרפֿירנדיקער העל־זעערײַ פֿון ליבעס־אומגליק האָט זי פֿאַרשטאַנען, אַז ער רעדט דאָ מיט לאַוראַן. זי האָט זיך צוגעהערט. — ס'איז שטיל געוואָרן, — דער ווינט האָט געפֿײַפֿט. מסתּמא האָבן זיי באַמערקט איר ווייסק לייד...

פּלוצלינג האָט זיך לעבן איר פֿאַרבײַגעשאַרט עפּעס שרעקלעכס, איבעראַשנדיקס. איר אומגליק־רעטעניש איז געדיכטער געוואָרן און האָט זיך לעבן איר פֿאַרבײַגעשאַרט ווי אַ נאַכט־געשפּענסט. אָנגערירט איר קלייד. קאַראָלינאַ האָט פֿאַרטיפֿט אין דער פֿינסטערניש אירע בליקן און זי האָט דערזען, ממש מיט סאָוועס אויגן, דערהערט מיט קעציש אויערן און דערפֿילט מיט די אייגענע נאָזלעכער דעם ריח פֿון לאַוראַס פּאַרפֿומען.

דאָס זענען זיי פֿאַר איר פֿאַרבײַגעגאַנגען.

שוואַרצע, שמעקעדיקע, שווײַגנדיקע. פֿאַרשאָלטן געשפּענסטן! זיי האָבן זיך פֿאַרבײַגעשאַרט ווי איין שאָטן אין צוויי פּערזאָן. זיי זענען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין דער פֿאַר איר אויג־אומדורכדרינגלעכער חשכות — אין דעם פֿאַר איר אויער־אַמדעריאָגבאַרן מרחק. די נאָזלעכער האָבן שוין נישט געקענט דערכאַפּן זייער אָנוועזנהייט. קאַראָלינאַ איז פֿאַרבליבן אַליין. זי האָט מיט אירע הענט אַרומגענומען דעם קאַלטן שטאַם פֿון בוים, וועלכן זי האָט אָנגעטראָפֿן אויף איר וועג, און אַרײַנגעגאָסן אין זײַן טויטער ברוסט לאַנג־פֿאַרשאָלטענע טרערן פֿון איר פֿאַרשטויסנקייט. דער ווינט האָט א בער איר געפֿײַפֿט.

ווען קאַראָלינאַ שאַרלאַטאָוויטש האָט זיך, אַ דערפֿרוירענע, ביזן מאָרגן פֿון די ביינער, אומגעקערט פֿון פּאַרק אין די באַלויכטענע זאַלן, איז שוין געווען נאָך וואַנדאַ אָקשינסקאַס מוזיק. מען האָט זי אוועקאַפּלאָדירט פֿון פּאַרטעפּיאַן, זי וואָל צופֿעליק נישט האָבן בדעה ווידער צו בעטהאָווענירן. דער אָרקעסטער האָט זיך צעשפּילט. מ'האָט געטאַנצט. דער גרויסער זאַל איז פֿול געווען מיט פּאָרלעך, וואָס האָבן זיך אַהין און צוריק גערוקט צום טאַקט פֿון שימי. שפּעטער האָט מען געטאַנצט „באַרבאַרישע“ טענץ:

א מאַזור, אָבערעק, קראַקאָוויאַק. אַ געוויסער יונגער פריץ האָט, צו אַלעמענס צופרידנקייט באַוויזן וווּנדער אין דעם וויכערישן אָבערעק — אָבער אַ נאַכטיער. די יונגע און אַלטע טענצער האָבן שוין עפּעס געהאַט אויסגעטרונקען. דער טומל האָט זיך פאַרגרע-סערט, אומעטום האָט געהילכט געלעכטער.

קאַראָלינאַ איז נאָך אַלץ געווען פאַרפרוירן. זי האָט גע-שווידערט פון קעלט אין די איינגעווייד. אירע האָבן געציטערט. עס איז איר נישט איינגעפאַלן עפּעס אויסצוטרינקען. זי איז געזעסן אויף דער שטול, קוקנדיק אויפן עולם מיט אַ שמייכל, ווי אַ צו-געקלעבטן צום פּנים. פּלוצלינג האָט זי דערהערט איר נאָמען. דער גלח אַנאַסטאַזי האָט גערעדט מיט געריי[illegible]

— קאַרושאַ! קינדעלע! מוזסט אונדז עפּעס טאַנצן, לי-בענקע! איקראַינע טייערענקע! דו מוזסט! צום אָנדענקען פון דער גאָלדענער אוקראַינע... איר האָט נישט קיין אַנונג — האָט ער אויפגעקלערט די אַרומיקע — וואָס פאַר אַ וווּנדער דאָס איז, ווען זי טאַנצט. קאַראָלינאַ! דו מוזסט!

— פריילין קאַראָלינאַ! קאַראָלינאַ! פריילין קאַרושאַ! — האָט גערופן דער המון. די מומע וו'עלאָסלאַוויסקאַ אַליין האָט זיך דערנענטערט און צו וויסן געטון מיט די אויגן, אַז מ'דאַרף טאַנצן אויב אַלע בעטן אַזוי.

ס'האָט נישט געקענט זיין קיין ערגער אויסגעקליבענע צייט. קאַראָלינאַ איז פאַרגליווערט געוואָרן אויפן בלויזן געדאַנק, אַז זי דאַרף איצט טאַנצן „סאָלאָ" דעם שלעמישן קאָזאַק. זי האָט שוין געוואָלט קאַטעגאָריש אָפּזאָגן, אָבער זי האָט דערזען צעזאַרין אין המון. ער האָט אויך געבעטן זי זאָל טאַנצ . ס'האָט אויפגעציטערט אין איר דאָס האַרץ פון אַ פּריצישן, הערשערישן, אוקראַינישן שטאָלץ. זי האָט אַ קוק געטון אין זיין זייט און אַרויסגעזייט צווישן די ציין:

— מיט פאַרגעניגן וועל איך טאַנצן, אויב איר ווינטשט עס זיך. אָבער אַליין? ס'איז צו פאַרהאַן דער הער באַריקאַ וואָס טאַנצט אויסגעצייכנט דעם קאָזאַק. אפשר וועט ער וועלן טאַנצן מיט מיר.

— באַריקאַ! — האָט געדונערט היפּאָליט, וואָס איז ערן גוט געווען בגילופין. — באַריקאַ טאַנצט פּראַכטפול אַ קאָזאַק־טשאָרוש, ברודערקע, קום אַהער! די שענסטע קאָזאַטשקע פון די ווילדע פעלדער, קוק, אַ פאַרטריבענע פון איר פּאָטערלאַנד, בעט דיך, דו זאָלסט איר דערמאָנען, ווי אַזוי ס'איז דאָרט געווען...

— הער באַריקאַ, כ'בעט אייך, דערמאָנט מיך, ווי אַזוי איז דאָרט געווען... — האָט קאַראָלינאַ געזאָגט.

צעזאַרי איז אַרויס פון המון און אַוועקגעשטעלט זיך אין ליידיקן ראָד. קאַראָלינאַ האָט אָנגענומען אַ טאַנץ־פּאָזע און אַרויסגעבליט אַנטקעגנגיבער אים. היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקי האָט זיך אַ לאָז געטון צום פּאַרטעפּיאַן און אָנגעהויבן מיט אַ ריטמישן אימפּעט צו וואַרפן די ווילדע טאַקטן פון קאָזאַקישן טאַנץ. אָנגעטענדיק זיך באַ די זייטן, האָט ער זיך שפּרינגענדיק אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו קאַראָלינאַן, אַמאָל גלייך, אַמאָל פון דער זייט, אָדער דורכטאַנצנדיק אַ האַלב־ראָד, און גאַנץ געשיקט צו געטרעטן מיט די פיס, בלייבנדיק שטיין האַרט לעבן איר. בשעת ער האָט זיך צוריקגעצויגן אויף זיין אָרט, איבערחזרנדיק זיינע פריערדיקע באַוועגונגען און שפּרונגען, האָט זיך קאַראָלינאַ אויך אָנגענומען באַ די זייטן און, פאַרוואַרפנדיק דעם קאָפּ, אָנגעהויבן נאָכצוטון זיינע באַוועגונגען.

ווען זי איז פון איר אָרט דורכגעלאָפן דעם ליידיקן שטח, איילנדיק זיך צום טענצער, האָבן אירע טרוקענע טריט אין די לאַקירטע פּאַנטאָפּעלעך און זיידענע זאָקן געפינקלט, ווי די ליבע־פלאַמען אַליין. תיכף האָבן זיי זיך ביידע צוגעטאַנצט, אויספירנדיק אַלץ לעבעדיקערע, שטורמישערע, ווילדערע פיס־באַוועגונגען, צוועבנדיק זיך און אונטערשפּרינגענדיק פון דער ערד. קאַראָלינאַס טאַנץ איז געווען אַ גלענצנדיקער מוסטער פון געשיקטקייט און רייץ. דאָס איז געווען, ווי אַ בילד פון אַ פּלוצלינגדיקן אָנפאַל און פאַרעטערישן אָנגריף, וועלכנס קרבן עס אַנטלויפט אויך אַזוי פאַרעטעריש און פּלוצלינג. אירע ליפּן זענען געווען ווייטיקדיק צעשמייכלט, די אויגן גלאַנציק, ווי שטערן, די ווייסע ציין האָבן געגלאַנצט צווישן די מיידלשע ליפּן און דער גאַנצער גוף האָט זיך

געוואָרפֿן און געריסן אין דער אומבאַוויגבאַרער צערייצטקייט, אַרייַנגעשטופּט אין דער נעץ פֿון אַ ווילדער, נישט געצוימטער מעלאָדיע. אין דעם אָננעמען זיך באַ די זייטן, צוזעצן זיך און אין די פֿאַרן אויג אומבאַמערקבאַרע פֿיס־וואָרפֿן איז געווען אַן אויסער־געוויינטלעכע לאָקנדיקע און רייצנדיקע מעלאָדיע פֿון איר גוף. די טענצערקע גופֿא האָט דערפֿילט אַן אויסטערלישן גענוס אין דעם וואַרפֿן זיך פֿאַרן טענצערס אויגן מיט אירע שיינע ברוסטן, עלאַסטישן אייַנגעצויגענעם בויך און די שלאַנקע פֿיס. שטאָלץ, דערהויבן און אַרויסרופֿנדיק האָט זי געוואָרפֿן פֿאַר זיינע אויגן אירע קליינע טריט, אַרויסגעטוויכט און צוריק באַהאַלטן אירע ברוסטן. איר קאָפּ איז געווען שטאָלץ פֿאַריסן און פֿאַרוואָרפֿן אַהינטער. אירע אויגן האָבן געוואָרפֿן אין די אויגן פֿון פֿאַרבערעכער און פֿאַרעטער טויזנט נסיונות און טויזנט קללות.

אַן אָנגעלענטע אויפֿן פּאַרטעפּיאַן האָט זיך וואַנדאַ אָקשינסקאַ צוגעקוקט צו די צוויי. אירע צוגעזשמורעטע אויגן האָבן געמאָסטן צעזאַריס און קאַראָלינאַס יעדע שפּרונג און געציילט זייער יעדן שמייכל. און אין דער צווייטער זייט פֿון דעם ליידיקן טאַנץ־ראָד האָט זיך רייצנדיק אויסגעצויגן אין אַ געגילדטן פֿאָטעל די פֿרוי לאַורא קאָשטשעניעצקאַ אין איר פֿולער פּראַכט, רייץ און צוציִונג־קראַפֿט. זי האָט אויך געמאָסטן יעדן טריט, שפּרונג, באַוועגונג, יעדן איבערבייג, צוזעצן זיך און אַרויפֿפֿלי אין דער הייך פֿון „איר" טשאַרוש, טשאַרוש, כּישופֿמאַכער... זי האָט נאָך געהאַט אין די אויערן דעם ווינט־גערויש צווישן די נאַקעטע צווייגן פֿון דער גראָבאָווער אַלעיע. פֿון אירע אָרעמס האָט זיך נאָך נישט אויסגעצאָטעמט די דורכדרינגלעכע האַרבסט־קעלט און עס איז נאָך נישט אַוועק פֿון איר די פֿינגער־פֿאַרגליווערונג פֿון צורירן זיך מיט די אייזקאַלטע, גראָבע, באַמאָכטע באַנק־ברעטער אין דער טיף פֿון דער שוואַרצער אַלטאַנע. זי האָט נאָך געהאַט אויף אירע ליפּן דעם ריח פֿון זיינע ליפּן, אויף די ברוסטן זיין באַגערטע פֿרייד־פֿולע און גליקזעליקע משא, און אין די סודות־פֿולע וועגן פֿון איר גוף — די פֿלאַמענדיקע, הייסע, ציטערנדיקע מיט אַ שטילער און צאַרטער שמחה פֿרוכט פֿון זיין מעכטיקן גענוס.

איצט האָט ער זי אַריינגעבראַכט אין אַנטציקונג מיט זיין טאַנץ, מיט זיין פלי, מיט זיין אומאויסשעפּבאַרן פולסירנדיקן און פסדר זיך באַוועגנדיקן כּוח. און זי האָט אים געפילט אין איר גאַנצן וועזן, ווי די באַוועגונג און שפּרונג, וואָס פליט דאָ און דאָרט איבער איר ווילן, ווי אַ פילפאַרביקער דונער־זיגזאַג. גראָד דאַמאָלט האָט זיך איבער איר אויער אָנגעבויגן איר חתן, דער הער באַראַוויצקי, און געמאַכט שטעכיקע באַמערקונגען וועגן דער נישט־פּאַסיקייט פון טאַנצן אַ קאַצאַפּישן טאַנץ אין אַ פּוילישער געזעלשאַפט. זיינע באַמערקונגען זיינען געווען פולשטענדיק ריכטיקע, אויסגעצייכנט־פאָרמולירטע, פּינקטלעך און טרעפלעך איינגעפאַסטע און בייסיקע אַפאָריזמען.

די כּלה האָט פולשטענדיק אַקצעפּטירט דעם חתנס בייסיקע באַמערקונגען.

זי האָט געטיילט זיין אויפרעגונג. זי איז אפילו גרייט געווען צו פּראָטעסטירן, ווייל זי, אַלס איניציאַטאָרין און באַלעבאָסטע פון פּיקניק... אָבער ס'פּאַסט נישט. ס'פּאַסט נישט איר אַליין. זי האָט אויפמערקזאַם געמאַכט איר חתן אויפן פאַקט, אַז די וויעלאָסלאַווסקיס — די מוטער, אַנאַסטאַזי, היפּאָליט — האָבן דאָך אַליין פאָרגעשלאָגן ס'זאָל טאַנצן דאָס אָנשיקעניש, דער באַריקאַ. ווו האָבן זיי עס אויסגעגראָבן דעם שנעק, באַריקאַ? אויך מיר אַ נאָמען! נישט אמת, שנאָבעלע?

דערווייל האָט דער „שנעק", כאָטש ער איז אַזוי בויגעוודיק און שטאַרק, געוויזט איבעררייסן די „פּריסיודעס" און באַפרייען פון זיי די פריילין שאַרלאַטאַוויטש. און ווען דער קאָזאַק האָט זיך געענדיקט, האָט די קאַפּעליע ווידער אָנגעהויבן צו שפּילן נעגערישע טענץ און דער גאַנצער זאַל איז פאַרפולט געוואָרן מיט די זיך דורכגליטשנדיקע פאָרלעך. איצט האָט שוין די פאַרוויילונג דערגרייכט צו איר העכסטן שטאַפּל.

פון עסצימער (בעסער געזאָגט — טרינקצימער), איז אַהער דערגאַנגען אַ קנאַפּ־אַריסטאָקראַטישער כאַאָס פון קולות. עמעצער האָט שוין דאָרט געזונגען מיט אַ הויכן באַריטאָן, וואָס האָט דערמאָנט דאָס געזאַנג פון טראַמוויי־רעדער באַם אַריינדרייען זיך אין

אן עק גאַס, בשעת אַ פּראָסטיקן ווינטער-באַגינען. מ'האָט שוין אפילו געהערט שרייערישע מחלוקתן פון בגילופֿנדיקע אינדיווידועמס, היפּאָליט און דער גלח אַנאַסטאַזי האָבן זיך באַוויזן אין דער טיר פון טאַנץ-זאַל און האָבן אָנגעהויבן געבן צייכנס צו צעזאַרין. ער איז געגאַנגען צו זיי, דורכשטופּנדיק זיך דורכן צעטאַגטן עולם.

— פֿאַרוואָס טרינקסטו גאָרנישט ? — האָט אים היפּאָליט געפרעגט, אויסגלאָצנדיק אַ פּאָר פֿאַרגעפּלטע אויגן און אָנכאַפּנדיק זיך מיט די מאַכטלאָזע הענט נישט נאָר אָן שכנים, נאָר אויך אָן שכנטעס.

— איך טרינק.

— טרינקסט גאָרנישט און דו עסט גאָרנישט. כסדר טאַנצסטו און טאַנצסט. מיר טרינקען און דו טרינקסט נישט. טאַנצסט דאָרט עפּעס קאָזאַקישע קאָזאַקן. וואָס איז דאָס ?

— איך האָב אים דאָך דערצו אָנגערעדט... און דו אויך !... — האָט געטענהט דער גלח.

— צום טייוול ! צום טייוול, גלחטשוק ! כ'ווייס, וואָס איך רעד. ער קרימט זיך מיט אונדז. כ'ווייס און פּאַרטיק ! ער וויל מיט אונדז נישט טרינקען, ווייל מיר זענען בורזשויען, און ער איז אַ גרויסער באָלשעוויק. שטער מיר נישט, דו ראָצער. דו ! שוואַרצער יעזויט, פּאָמידאָר ! כ'ווייס, וואָס איך רעד. טשאַרוש, ברודערל ! געדענקסט ?

— כ'געדענק. היפּ ! נישטאָ וועגן וואָס...

— צווישן ליסקאָוו און פּאַטקאָוו, אין וואַלד ראָגאַטש. דאָ איז אַ לאָנקע, דאָרט אַ הויף, דאָ אַ וועג. איך ליג אין אַ גרוב און כ'זע נישט נישט קיין לאָנקע, נישט קיין וואַלד און נישט קיין וועג, ווייל די מאָסקווער ריפּע איז מיר אַריינגעפּאָרן מיטן שטיק אין בויך. און אָט פיל איך: עמעצער זעצט זיך אַוועק לעבן מיר. אויף די אַקסלען האָט ער מיך גענומען און געקראָכן איבער דער לאָנקע אונטן, איבערן בריקל קיין פּאַטקאָוו ! ברודער ! טרינק מיט מיר, ברודערלעבן ! לייבלעכער ברודער מייַנער, טשאַרוש באַריקאָ !

— גוט, מיר וועלן טרינקען!

— די, גלחטשיק, שוואַרצער יעזויט — אַוועק! ביסט נאָך אַלץ דאָ! פּאָמידאָר, — וואָן! מיר טרינקען! האָסטו דען פֿילטע־געשמעקט, דו פּאָמידאָרישער יעזויט? ביסט געזעסן אין לאָך פֿון מייז באַם רבונו של עולם הינטערן אויוון, און די ציין האָבן דיר פֿון מורא געקלאַפּט: קלאַפּ-קלאַפּ-קלאַפּ... איך קען דיך! איצט האָסטו זיך ערשט אויסגעלאַקירט, דאָס איז נישט קיין קונץ בײַ־דערקע!

— אַט זענען די רעזולטאַטן פֿון דערציִונג ווערן אין אַ מאָסקווער גימנאַזיע... — האָט דער גלח אַנאַסטאַזי געגעבן זיך צו די צרומיקע.

— ווײסט מיר דאָ נאָך אַרויספֿאָרן מיט דײַן כיראָוו! אָ, דאָס איז שוין איבער מײַנע כּוחות!

— שטיל, היפּ! ווי קען מען עס אַזוי אָנגרײַפֿן אַ ברודער...

— וואָס פֿאַר אַ ברודער איז ער מיר! דאָס איז דאָך אַ גלחטשוק! אין כיראָוו האָט ער זיך מתוודה געווען אויף לאַטײַניש. כ'טרינק מיט דיר, און מיט דעם — נידער!

— אויך איך טרינק מיט דיר! — האָט צעזאַרי אויסגערופֿן, באַשטעטיקנדיק מיט טאַט די ווערטלעכע פֿאַרזיכערונג.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ טרינקען! דו פֿאַראַכטעסט מיך, דערפֿאַר, ווײַל איך בין אַ געלט-זאַק, כלומרשט אַ בורזשוי, און דו אַ רויטער באָלשעוויק. אָך, ביסט זיך גראָב טועה, טשאַרוש... גראָב! צעשנײַד מײַן האַרץ, צעשנײַד און דו וועסט זען...

— טשאַרוש, טרינק אויך מיט מיר! — איז צוגעשטאַנען צו אים דער גלח אַנאַסטאַזי. — הער זיך נישט צו, וואָס דער־דאָזיקער אפּיקורס רעדט אויס וועגן מיר. דאָס איז אַ רעזולטאַט פֿון דער מאָסקווער דערציִונג, פּשוט — מאָסקווער דערציִונג, און פֿאַרטיק!

— כ'טרינק מיט דיר, פּאַטערל ליבער.

— אַוועק, שוואַרצער! האָסט געזען, טשאַרוש, וואָס פֿאַר אַ סוטאַגע ער האָט עס אָנגעטון... פֿון אויבן אַטלעס, פֿון אונטן

פאַמידאָרן-פּלייצעס. A bas la culotte!*) — האָט היפּאָליט אָנ-
געהויבן צו שרייען מיט אַזאַ הייזעריקער שטים. אַז אַלע, וואָס
האָבן זיך געפונען אין דעם גרויסן טרינק-צימער, האָבן זיך אויס-
געדרייט צו אים מיט אַ געלעכטער.

אָבער אין דער רגע האָט שוין היפּאָליט ווייניק וואָס גע-
ווּסט. ער האָט געפּאָכעט מיט די הענט און געוואָרפן מיט די
פיס, אָבער אָן אַ פעולה, ווייל ער האָט שוין נישט געקענט שטעלן
קיין טריט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן טיש און צראָפּנע-
האָנגען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט. די פריינט, שכנים, באַקאַנטע
האָבן אים אָנגענומען אונטער די הענט און אַוועקגעשלעפּט אים
ערגעץ אין דעם פאַררייכערטן רוים כאַטש ער האָט זיך מיט אַלע
כּוחות אַנטקעגנגעשטעלט.

אויפן אָרט איז פאַרבליבן דער גלח אַנאַסטאַזי. ער האָט
זיך דערפילט פאַרפליכטעט צו פאַרטרעטן היפּאָליטן. ער האָט גע-
טרונקען מיט באַריקאָן, כסדר זיך קושנדיק און דיספּוטירנדיק אָן
איפּהער. דער דיספּוט איז געווען אַ טעאָלאָגישער, אַן אָנגעפּולטער
און אָנגעשטאָפּטער מיט אַזעלכע סובטילע ענינים, אַז מ'האָט לסוף
לחלוטין נישט געוווּסט, וואָס טענהט דער וויקאַר און וואָס באַ-
קעמפט צעזאַרי. זיי האָבן אַלץ העכער געהויבן די קולות, אָנגע-
כאַפּט זיך באַם מינדסטן ווערטל, זיי האָבן זיך באַליידיקט און ווי-
דער איבערגעבעטן, צוריקגייענדיק צום תמצית פון דעם דיספּוט,
צום קערן פון דעם ענין, צום אמתן תוכן פון דעם סיכסוך. אָבער
עס איז באַלד געקומען אַ פאַטאַלער מאָמענט, אין דאַמאָלס
האָבן זיי שוין נישט געקענט זיך אָריענטירן, צוליב וואָס פירן זיי
דעם סיכסוך.

עס האָט זיי אַרויסגעראַטעוועט פון דעם קאָנפליקט אַ גע-
מיס דורך ביידן באַליבן ליד.

און אָט האָבן זיי ביידע אָנגעהויבן צו זינגען. אָבער אויך

*) אַראָפּ די הויזן!

מיטן געזאַנג איז עס זיי נישט גוט געגאַנגען. אין אַ רגע אַרום האָט שוין יעדער פון זיי עפּעס אַנדערש געזונגען.

אַזוי האָט עס זיך געדרייט, ביז מ'האָט צעזאַרי, געװאָפן דורך כּפּעציעלע ש"וחים אין דעם טאַנץ-זאַל אַריין. ער איז גע-גאַנגען אַנטשלאָפן. די פּרוי קאָשטשעניעצקאַ האָט אים געװאָלט זען.

ער האָט זיך אַװעקג שטעלט פאַר איר, מיט דער כּוונה צו טאַנצן, אָבער, דערזעענדיק האַרט לעבן איר דעם הער באַרוויצ-קי, האָט ער זיך אויסגעגלייכט און אָנגעהויבן צו זייען דורך די ציין פאַרשידענע אינלענדישע און אויסלענדישע װערטער, פון פאַרשידענער אָפּשטאַמונג, בעיקר אָבער באַקיניש-רוסישע, טערקי-שע, פערסישע, גרוזינישע און סתם פאַרט-אויסדריקן. צום גליק האָט מען אים געהאָלפן צו ענדערן די ריכטונג. ער איז אַװעק, אין אונטערגעהאַלטענער דורך אייניקע יונגעלייט, אין דערזעלבער ריכטונג, װוּ ס'איז פריִער געגאַנגען היפּאָליט װיעלאָסלאַװ-סקי.

ס'איז שוין געװען פרימאָרגן, בשעת ער האָט זיך אויפגע-כאַפּט אין עפּעס אַ צימער. היפּאָליט האָט געשנאָרכט אַזוי שרעק-לעך, אַז די פאָרהאַנג באַם פענסטער האָט געציטערט. דער גלח אַנאַסטאַזי האָט זיך געװאַשן אין אַ גרויסער שיסל, אַן עמאַלי-טע אויף בלוי. ער האָט געהירזשעט װי אַ יונג פערד, באַגאָסן זיך דעם קאָפּ און װידער געהירזשעט. לסוף האָט ער זיך גוט אָפּגעװישט און געפרעגט מיט אַ ניכטערער שטים:

— טשאַרוש, פאָרסט מיט מיר?

— װוהין?

— קיין נאַװולאָטש.

— גלחל, און װוּ זענען מיר איצט?

— אין אָדאָלאַני, אויפן פּיקניק. אויפן פּיקניק אין אָדאָ-לאַני... — האָט ער פולשטענדיק גוט אויסגעזונגען און מיט אַ געבקרײַנער שטים.

— נו, אויב אַזוי, פאָר איך!

— נו, אוב אַזוי — שטיי אויף! געריהרט זיך! איינס-צװיי!

דער היפּעק וועט שוין דאָ פאַרבלייבן. אַ שכּור, מאָסקווער דערצוונג. שפּעטער וועל איך אַהערשיקן נאָך אים אַ געשלאָסענע קאַרעטע, כּדי מ'זאָל נישט אַרויסרופן קיין ערגערניש און קיין מענטשלעך אויג זאָל נישט זען. אויפשטיין!

צעזאַרי איז פולשטענדיק באַרוישט געווען, אָבער שוין ניכטערער אַ ביסל. בליץ-שנעל האָט ער זיך אָפּגעוואַשן, אויסגעקעמט און אָנגעטון. אַרויפגעוואָרפן דעם פּאַלטן אויף די אַקסלען, דאָס היטל אויפן קאָפּ. זיי זענען שטיל אַרויסגעגאַנגען. פאַרבייגעגאַנגען דעם קאָרידאָר און שטיגן. אין צווייטן עק פון פּאַלאַץ האָט געשפּילט די מוזיק און מ'האָט געהערט פון דאָרט אַ טומל פון דער פאַרווײַלונג, וואָס האָט נאָך אַלץ ווי צעזעצט דאָס ריזיקע און רויִקע הויז. פאַר די אַריינגאַנגס-טירן זענען שוין געשטאַנען די פערד, בשעת זיי זענען אַרויסגעגאַנגען. יענדרעק איז געזעסן אויף די קאָזלעס. ער האָט געהאַט אַ לוסטיקע מינע.

— איך זע, אַז דו ביסט די נאַכט געווען אָנגעזויפן, חכם מיינער! — האָט שטרענג אויסגערופן דער גלח — פון דיין מינע דערקען איך עס.

— דאָך קען איך פאָרן. איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט האָבן אַ גוטע צוריקרייזע.

— פּרוּוו נאָר נישט גוט מיך איבערצודרייען, שיכּור אייגער, וועל איך דיך אָנלערנען!

דער גלח איז אַריינגעשפּרונגען אין פאַיעטאָן, נאָך אים צעזאַרי, די פערד האָבן גערירט. ס'האָט שוין געגרויט דער טאָג. בשעת דער פאַיעטאָן איז דורכגעפאָרן דעם פּאַרק, האָט צעזאַרי זיך צוגעקוקט, מיט די אויגן זוכנדיק איצט אַן אָרט, וואָס איז אים פון דער נאַכט באַקאַנט געווען. נעבן פּאַרק און דער אַלעיע האָט זיך באַוויזן דאָס פּויערישע דאָרף אַדאַלאַני. אין די פענסטערלעך האָט מען געזען דאָס ליכט פון נאַפט-פּאַקעלן. ס'האָבן געסקריפּעט די טירן פון די, מיט שטרוי-באַדעקטע, נידעריקע און קליינע הייזלעך. די פערד האָבן געהירזשעט, קי האָבן געמרוטשעט, חזירים האָבן געשריגן, די גענדז האָבן געגאָגערט, הענער האָבן געקרייעט און הינט האָבן פאַרביסן געבילט. די מענטשן האָבן זיך

באַשעפטיקט מיט די בהמות, געפּאָרעט זיך אַרום די באַ-די-ערדיקע חזיר-שטאַלן, געטראָגן וואַסער און פּאַשע. אַ שווערע, גראָבע און נידעריקע אַרבעט האָט געבראויזט אין יעדן ישוב. פון צייט צו צייט איז עמעצער שטיין געבליבן, אַרויסשלעפּנדיק גרויסע שטיוואַליעס פון דעם טיפן זומפּ. ער האָט געקוקט אויפן דורכלויפנדיקן פּאַיעטאָן, אויף די געשפּאַן-פערד, וואָס האָבן געזעצט מיט פּאַרע-וואָלקנס — און ער איז געפאַלן צו זיין אַרבעט. די טיפע בלאָטע פון שליאַך האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט זיך אַריינגעגאָסן אין הויף אַריין און פאַרייניקט זיך, צונויפגעגאָסן מיט מיסט-זומפּ. אויף צעזאַרין האָט אַ בלאָז געטון אַן אומדערטרעגלעכער טרויער באַם אָנבליק פון דעם דלות פונעם מענטשלעכן דאַזיין צווישן די זומפּן און מיסט-קאַלוזשעס.

— גלעזערנע הייזער... — האָט ער אַרויסגעזייט דורך די ציין.

— וואָס זאָגסטו? האָט געפרעגט דער גלח אַנאַסטאַזי.

— אַן אָנגענעם דערפל... — האָט צעזאַרי געזאָגט.

— אַ דאָרף, ווי אַ דאָרף. נישט אָנגענעם, און נישט אומאָנגענעם. פּשוט אַדאָלאַני. אַרבעטן דאַרף מען דאָ האָבן, אוי, אַרבעטן! דאָס פויערן-פאָלק דאָ איז אַ גוטס, ערלעכס, גאָטספאַרכטיקס, פלייסיקס, אַרבעטסזאַמס — אָבער אַרבעטן דאַרף מען איבער אים, אַרבעטן שווער מיט די זייטן.

צעזאַרי האָט זיך שטיל צעלאַכט.

— וואָס לאַכסטו? איך ווייס שוין גוט, וואָס איך רעד, ווייל כ'לעב דאָך צווישן זיי. אַלע זענען זיי דיזעלבע.

— כ'לאַך נישט, ליבער גלח, נאָר איך גענעץ. אוי, גענעץ איך!

---

נאָך די תענוגים פון פּיקניק זענען אָנגעקומען פּוסטע און לאַנגווייליקע טעג. וואָס גרעסער ס'איז געווען דער רעש און

שטאַרער די באַרוישונג, וועלכע ס'האָט אַרויסגערופן די פּאַרוויילונג, אַלץ מער און שטאַרקער האָט זיך שפּיטער דערפילט די דאָרפס-רויקייט און די האַרטקייט פון דער טאָג-טעגלעכער אַרבעט.

צעזאַרי באַריקאַ האָט שוין מער נישט דערמאַנט דעם פּאָסטן אין כלאָדעק. ער האָט אפילו אונטערגעברומט א ביסל וועגן צוריקקער קיין וואַרשע און צו דער מעדיצין, אָבער דאָס איז נאָר געווען לפנים און ווי צום פּראָוויצירן אַ דייטלעכערע איינלאַדונג אויף אַ לענגערע צייט. ס'וואָלט אים שווער געווען איצט אָוועקצופאָרן. ער איז דאָ פּלוצלינג אַריינגעוואַקסן געוואָרן ביז איבער דער גאַרטל און אפילו ביז איבער די אָרעמס. ער האָט נעהאַט טויזנטער ענינים צו דערליידיק, און אַלץ האָט געצילט צום אויסזוכן עפּעס אַן אויסרייד. ער האָט זיך איינגעדרייט און איינגעקוועטשט אויפן אָרט, נישט קענענדיק אַרויסשפּרינגען קיין לעניעץ. ער האָט געוואַרט, געגאַנגען פון אָרט צו אָרט, אַרויסגעקוקט אין פעלד אַריין, שטענדיק צהין, ווו ס'האָבן זיך געזען ברויגלעכע ביימער-גרופּן אויפן ווייטן, פאַרנעפּלטן בערגל אונטערן אויסרייד פון וועלן צוקוקן זיך צום אַקער, יאַגד, און אַמיינסטן צוליב די שפּאַצירן גופא, איז ער געגאַנגען אין יענער ריכטונג.

אָבער ס'זענען געלאָפן פוסטע, מערדעריש-איינטאָניקע, אומדערטרעגלעך-פּרוכטלאָזע טעג. גאָרנישט! קיין וואָרט נישט, קיין ידיעה, קיין סימן! אָפּטמאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס אַלץ, וואָס ער האָט דורכגעלעבט, איז נאָר געווען אַ זינלאָזער חלום און נישט מער. ער האָט כמעט, ווי נישט געזען די מענטשן, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט. און אַזוי ווייט איז ער געווען פאַרנומען מיט זיין פאַרבאָרגענער ליידנשאַפט, אַז ער איז זיכער געווען אין דער באַהאַלטנקייט פון זיין סוד. ער איז זיכער געווען, אַז וועגן זיינע געפילן ווייסט קיינער אַבסאָלוט גאָרנישט.

דערווייל איז יעדער טריט זיינער, יעדע מחשבה, יעדע בלאַסקייט פון פּנים, בשעת מ'האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט — „לעניעץ" — אָדער דאָס וואָרט — „לאַורא" — יעדער קרעכץ

און רגע פון פאַרטראַכטונג — דאָס אַלץ איז קלאָר געזען געוואָרן דורך וואַכנדיקע אויגן.

אין אַ געוויסן פינסטערן טאָג, — די טעג זענען שוין פינסטער געווען, — האָט צעזאַרי געשפּילט אין פיר הענט מיט דער פרײַלין וואַנדאַ אָקשינסקאַ אין נאַזלאָטשער סאַלאָן. ער האָט געשפּילט מעכאַניש, טראַכטנדיק וועגן זײַנע אינערלעכע יסורים, האַקנדיק מיט די טויטע קלעפּ פון זײַנע הענט, רײַסנדיק דאָס אײַנגעאַרטיקע געוועב פון בענקשאַפט מיט דעם קאָמפּליצירטן, נערוועזן שפּיל פון די פינגער. מ'קען זאָגן, אַז ער האָט נישט געהערט די דורך זײַנע אייגענע פינגער אַרויסבאַקומענע מוזיק, אַז צײַטנווײַז האָבן זיך צו אים דערטראָגן די אינעווייניק דריקדיקע סודותפולע כוחות בלויז פון אַ פאַרבײַגײַענדיקער מעלאָדיע. עס האָט זיך געענדיקט לישטס שאַפונג, וועלכע זיי האָבן בײַדע געשפּילט. ביידנס הענט האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף די קלאַווישן. צעזאַרי האָט נאָך אַרויסבאַקומען די לעצטע קלאַנגען מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט.

פּלוצלינג האָט ער אין טיפסטער דערשטוינונג דערפילט, אַז די פרײַלין וואַנדאַ האָט, אַנשטאָט אויף די ווײַסע, אָדער שוואַרצע קלאַווישן, אַוועקגעלייגט איר רעכטע האַנט אויף זײַן האַנט. די אויסגעצויגענע, אײַז־קאַלטע, ספּאַזמאַטיש־ציטערנדיקע האַנט האָט צוגעדריקט זײַן האַנט צו די קלאַווישן — די דאַרע פינגער האָבן מיט אַן אײַזערנער קלעם אַרומגענומען זײַנע פינגער.

צעזאַרי איז אַ לאַנגע צײַט געזעסן אָן אַ באַוועגונג, אונטערגעבנדיק זיך דעם דריק, אין פולסטער אומוויסנהייט. וואָס דאַרף ער טון מיטן משכון, וואָס האַלט אים אין דער האַנט. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן אויף דעם מיידלס פּנים, איר קאָפּ איז געווען אויסגעדרייט און אַרײַנגעדריקט צווישן די אַקסלען, ווי זי וואָלט וועלן אײַנהאַלטן זיך פון שלוכצן, אָדער איבערהאַלטן קלעפּ. די האַנט, וואָס האָט אַרומגענומען זײַן האַנט, האָט כסדר פיבערדיק געציטערט און מיט די נעגל זיך אַרײַנגעריסן אונטער זײַנע פינגער.

לכתחילה האָט ער געמיינט, אַז זײַן פּאַרטנערין איז נישט־

גוט געוואָרן, אַז דאָס איז עפּעס אַן אַטאַק — „איס־זיעריקאַ", אויף וועלכן ס'ליידן שטאַרק די פּריילינס אין רוסלאַנד. אָבער, צוקוקנ־דיק זיך צום שמייכל פון די ליפּן, האָט ער פאַרשטאַנען. ער האָט פאַרזיכטיק און אַנטשידן אַרויסגענומען זיין האַנט פון אונטער איר האַנט. וואָס ער האָט ווייטער צו טון, האָט ער נישט געוווּסט. אין זיין זכרון האָט זיך דורכגערוקט די מעלאָדיע פון באַקאַנטן אָפּע־רעטן־לידל:

„אין אידעס וואַלד דריי געטינס שטיין
און קריגן זיך כסדר:
ווער שענסטע איז, ווער האָט מער חן
פון אונדזער געטינס עדה?..."

זיין געדאַנק איז אַוועקגעפלויגן צו דער פאַרגעטערטער, צו דער געטין. זיין טרוים האָט אים צו יענער אַוועקגעטראָגן. ער האָט געזאָגט מיט אַן אומבאַרחמנותדיקן, מיט אַן אכזריותדיקן שמייכל:

— איך האָב דאָ מיט אַ צייט צוריק געזען, ווי איר זענט אַנטלאָפן פאַר אַ פּערל־הון.

— איך? איר האָט עס געזען? — האָט זי אַרויסגעקרעכצט, אויפרייסנדיק זיך פון אָרט.

— איך האָב געזען, ווי אַרום אייך זענען געפלויגן בענד־לעך, פּאַסקעס, פאַלבאַנקעס, און איר האָט געמאַכט קולות און גע־טרייסלט מיט די פיס.

די פריילין וואַנדאַ האָט זיך צעטומלט אויפן אָרט. פון איר מויל האָט זיך אַרויסגעריסן אַ טיפער זיפץ, שפּעטער אַ שאַרפער קוויטש. זי איז אויפגעשטאַנען, אַוועקגעזעצט זיך, ווידער אויפגע־שטאַנען, פאַרנייגט זיך, אַ שפּרינג־טוענדיק — זי איז מיט אַ זייט אַרויס פון צימער, אַראָפּגעלאָפן פון באַלקאָן און אַנטלאָפן דורכן גאָרטן, ווי ס'וואָלטן זי געיאָגט טויזנט צעווילדעוועטע פּערל־הינער, פּאַ־ווס, העגער און אינדיקעס.

דאָס כסדרדיקע איבערטראַכטן, ווי אַזוי זיך צו זען מיט דער פאַרגעטערטער, האָט אים געבראַכט צו אַ געוויסער פעולה: צע־

זאַרי האָט זיך באַוויזן צו זען מיט לאַוראַן. ס'קען אפילו אויסקומען מאָדנע, אָבער אַלץ זאָגט עדות דערויף, אַז די בענקשאַפט, די נערוועזע דערוואַרטונג, דאָס אַרויסקריכן פון דער אייגענער הויט, דער באַגער זי צו זען, דאָס רופן זי מיט אַלע כוחות פון דער נשמה און מיט יעדן טראָפן בלוט, דאָס חלומען וועגן איר אַזוי עקשנותדיק, אַז ס'האָט זיך כמעט אין פעלד פאַר אים באַוויזן איר בילד — אָט דאָס אַלץ האָט לסוף רעאַליזירט איר פיזישן געשטאַלט.

זי האָט פּלוצלינג אַ ווירקלעכע אַרויסגעטייכט פון זיין חלום, ווי זי וואָלט זיך געשטעלט אויפן באַפעל פון זיין אינעווייניקסטן שגעון.

צעזאַרי האָט נישט איינמאָל געפילט, אַז אין אַ רגע אַרום דאַרף זי זיך באַווייזן, מוז זי זיך באַווייזן, און ווען ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ — האָט זי זיך באַוויזן, טראָגנדיק אים במתנה אַ ליבעס-שמייכל, איר נשמהס ענטפער אויף די חלומות פון זיין נשמה. אַזוי איז עס געווען אין אַ געוויס זונטיק-טאָג אין דער באָוולאָטשער קירכע, בשעת דעם גלח אַנאַסטאַזיס פּאַטעטישער דרשה. אַזוי איז אויך אַן אַנדערשמאָל געווען אין נאָוולאָטשער סאַלאָן, ווען זי איז פּלוצלינג אַריינגעקומען אין דער הייסער בענקשאַפטס-רגע.

ווי שטאַרק ער האָט ליב געהאַט איר שמייכל, באַוועגונגען, רייד, בליקן!

ווי שטאַרק ער האָט פאַרערט איר גוטמוטיקע און פריילעכע וויציקייט, — די בנעימותדיקע וויציקייט, — די צעטלעכע און סובטעלע וויציקייט, אין וועלכער עס איז נישט געווען קיין האָר נאַרישקייט, שרייענדיקייט, צווידייטיקייט — קיין האָר נישט! ווי שטאַרק ער האָט פאַרערט די שטילע, אינטימע שמועסן מיט איר וועגן נישט טאָג-טעגלעכע און גאָר נישט לעבנס-נוצלעכע זאַכן, ווען זי האָט גערעדט פון האַרץ צו האַרץ, וועגן איר נשמה און וועגן איר פריינטס נשמה! דאָס זענען געווען, ווי זוניקע וואַנדערונגען אין אַ ווייטן לאַנד אַריין — משמעות וועגן זיך פאַר זיך אַליין. ס'איז בא איר גאָרנישט געווען פון אויסגעלאַסנקייט און

אַלץ פֿון ליבע. אפילו די ליבעס־ענינים, וואָס זענען געווען אומגעצוימטע אויסגעלאַסן, זענען בײַ איר געווען בלויז ליבע. איר ווילדקייט, דאָס פֿאַרגעסן זיך, דאָס געדענקען און דער גאַנצער ליבעס־שגעון איז טאַקע געווען אמתדיק, אָבער דאָס איז אויך געווען אַ קרבן — פֿאַר דעם געץ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „טשאַרוש". ווײַל זי איז געווען צוויי יאָר עלטער פֿאַר איר געצל און ווײַל זי איז שוין געווען אַן אלמנה, האָט זי זיך אין אַ געוויסער מאָס געהאַלטן פֿאַר דעם „שנעקס" אַן אַפּיטרופּסטע. זי האָט אים געגעבן קלוגע עצות און צערטלעכע אָנווייזונגען. זי האָט אים געלערנט נישט איין לעבנס־חכמה, וועלכע ער האָט נישט באַוויזן אויסצולערנען זיך אין זײַן אָן־סדרדיקן און צעטרייסלטן לעבן.

חוץ קאַראָלינאַן, וואָס האָט אייניקע סימפּטאָמען געזען, אַנדערע געהערט, די פֿאַרגעפֿילט, יענע אויסגעקאָמבינירט און אייניקע גאָר אויסגעשפּירט, האָט אין באַוולאָטש קיינער זיך נישט אָנגעשטויסן, אַז עס קומט עפּעס פֿאָר צווישן זיי. עס איז געקומען צו פֿאָרן די פֿריצהטע קאָששטשעניעצקאַ, די ליבסטע שכנהטע, פֿונאַנדערשמועסן זיך וועגן פּיקניק — זי האָט מיטגעבראַכט אַ מענגע פּלאָטקעס, מעשהלעך, רכילותלעך, אַזוי פֿיל, אַז מען האָט זיך נישט געקענט גענוג אָנהערן מיט זיי. מען האָט אַ גאַנצן אָוונט זיך אָנגעלאַכט און מען האָט זי נישט געוואָלט אַרויסלאָזן.

וואָס איז דען פֿאַר אַ משונהדיקס, אָדער נישט־אַרטיקס געווען אין איר קומען צו פֿאָרן? וואָס איז דען פֿאַר אַן אומנאַטירלעכע זאַך, אַז זי האָט גערעדט מיט די הערן, די טענצערס אירע, מיט צעזאַרין און היפּאָליטן, אַז זי האָט זיי אַ לאַנגע צייט דערמאָנט אַ סך זאַכן, — אַז זי האָט זיי אַליין דערציילט, וואָס זיי האָבן דאָרט אַלץ אָנגעבראָיעט, ווען זיי האָבן שוין געהאַט גוט־פֿאַרזייפּטע אויגן?

נאָר קאַראָלינאַ האָט דערזען אַ געוויסע באַוועגונג, און באַלד נאָכדעם, — ווי צעזאַרי האָט געכאַפּט אַ קליינטשיק קוויטל. און אָט בעט צעזאַרי צוטאַרנס פֿערד קיין טשענסטאָכאָוו. ער דאַרף פֿון דאָרט אַרויסשיקן אַ דרינגענדיקע טעלעגראַמע צו זײַן פֿרײַנט און,

אין אַ געוויסער מאָס אַפּיטרופּס, צום העכ גאַיאָוויעץ, כדי יענער זאָל וויסן, אַז איצט קומט ער נאָך נישט צו פאָרן, כאָטש גאַיאָוויעץ רופט אים דורך אַ רעקאָמענדירטן בריוו, ער זאָל קומען אויף אַ געוויסן טערמין.

קאַראָלינאַ האָט אויסגעפּאָרשט מיט שפּיאָנישע מיטלען, אַז דעמזעלבן טאָג איז אויך די פרוי קאָשטשעניעצקאַ אַרויסגעפאָרן פון לעניעץ, די אויספאָרשונג אירע האָט, נאָך לאַנגע זוכענישן, אויפגעוויזן, אַז זי פאָרט טאַקע קיין טשענסטאָכאָוו. דאָס מעגלעכע איז אין קאַראָלינאַס געדאַנק געוואָרן בלי-שום-ספקדיק.

אין אַ פינסטערער, ווינטיקער, שטורמישער נאַכט, האָט קיינער נישט געהערט דעם לויף און אפילו הירזשען פון פערד אין פּאַרק, נאָר קאַראָלינאַ האָט געהערט — אוי, געהערט! פון וואַנען קומט ס'הירזשען פון אַ פערד אין פּאַרק! קאַראָלינאַ האָט זיך באַגינען דורכגעשפּאַצירט איבער די אַלייען, און זי האָט געפונען די שפּורן פון פערדס טריט. שפּורן, וואָס זענען אָפּגעשווענקט געוואָרן דורכן רעגן, פאַרפלייצט דורכן האַרבסטיקן גאָס, פאַרשאָטן דורכן טויבן וויכער.

עמעצער איז דאָ אין מיטן דער נאַכט פאַרביי געפאָרן.

אַ פאַרשאָלטענער גאַסט איז דאָ געווען.

ער האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר דער פינסטערניש און שטורם-ווינט, פאַרן רעגן און געדיכטן נעפּל, ער האָט נישט קיין מורא געהאַט, אַז מ'וועט אים כאַפּן און דעמאַסקירן, אַז מ'וועט אים מקבל-פנים זיין מיט שאָסן, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ נאַכט-גנב. קאַראָליגאַס אויגן האָבן אויסגעפאָרשט די ריכטונג פון די שפּורן און אָנגעטראָפן אויף אַ בוים, בײַ וועלכן ס'פערד איז צוגעבונדן געווען. אָט זענען צעטרעטענע, פאַרוויאַניעטע זאַנגען, אָט דאָ איז אָפּגעריבן די קאָרע פון בוים. דאָס פערד איז געפּרווירן געוואָרן פון שטורם-ווינט און דאַן האָט עס געהירזשעט. ער האָט אַ לאַנגע צייט געמוזט וואַרטן אין שטורם-ווינט און רעגן, אויב ער האָט אַזוי דייטלעך אויסגעטרעטן אַ ראָד אַרום דעם בוים. עס האָט דער גנב געמוזט לאַנג, זייער לאַנג פאַרברענגען אין פּאַרק.

צעזאַרי איז אָפטמאָל פאַרשווּנדן געוואָרן באַלד אין אָנ-

הייב אָוונט. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט צו שרייבן בריוו, אָדער, אַז ס'שוט אים ווי דער קאָפּ. אָבער צומאָרגנס האָט דאָס שיק-ייִנגל נישט געקאָנט דערפּוצן די שיך, וואָס זענען דורכגעגעצט און פֿאַרבלאָטיקט געווען, און דאָס אַנצוג האָט ער געמוזט טרוקענען באַם פֿייער. אויפֿשטייענדיק אין דער פֿרי, האָט קאַראָלינאַ געכאַפּט, אומבאַמערקבאַר פֿאַר דער דינערשאַפֿט, דאָס אויסגעטרוקנטע אַנצוג, זי האָט עס באַשמעקט — און דערפֿילנדיק דעם ריח פֿון לאַוראַס פּערפֿומען, איז זי אַרייַנגעפֿאַלן אין אַ תּהום פֿון שגעון. איבעריקנס, האָט שוין דאָס בלויזע אומבאַדינגטע און אכזריותדיקע צעזאַריס אָפּקערן זיך פֿון אַלץ און אַלעמען — און בעיקר דאָס אָפּקערן זיך פֿון איר — דאָס האָט דייַטלעכער, ווי איר גאַנצער ביז-איצטיקער שפּיאָנאַזש, באַשטעטיקט דעם פֿאַטאַלן אמת.

---

אין איינעם פֿון די לעצטע נאָוועמבער-טעג האָט צעזאַרי, — צוריקקומענדיק נאָך אַן איינטאָגיקער אָפּוועזנהייט אין באַוואָלאָטש, פֿון שטעטל שניעגולאַ, ווו ער איז געפֿאָרן מיט היפּאָליטן — געטראָפֿן אין זיין צימער אויפֿן טיש דעם גלח אַנאַסטאַזיס אַ צעטל, וואָס איז געווען באַשריבן מיט אַ בלייַפֿעדער און אַנטהאַלטן פֿאָלגנדיקן תּוכן אין די גרויס-געשריבענע אותיות: — „קום תּיכף-ומיד אין קאַראָלינאַס צימער! אַנאַסטאַזי". איידער צעזאַרי האָט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, וואָס באַדייט עס, און איידער ער האָט באַוויזן אָפּצוּוואַשן די הענט נאָך דער רייזע, האָט זיך די טיר געעפֿנט און דער גלח אַנאַסטאַזי איז נישט אַרייַנגעגאַנגען, נאָר אַרייַנגעריסן זיך אַן אָנגעטוענער אין זיינע פֿייערלעכע בגדים. צעזאַרי איז אַזש אויפֿגעשפּרונגען און אַ רגע שטום געבליבן.

— קום גיכער! — האָט דער גלח אויסגערופֿן.

— וואָס באַדייט דאָס אַלץ? — האָט זיך אַ ריס געטון דער נגערמאַן.

— קום אין קאַראָלינאַס צימער, הערסט!

דער גלח האָט, וויינענדיק, באַפוילן, ער האָט מיט אַ דע־פּעטישן זשעסט אָנגעכאַפּט צעזאַריס האַנט און האָט אים ברוטאַל אַ שלעפּ געטון. צעזאַרי האָט אַרויסגעריסן די האַנט און אויפגע־קאָכט זיך:

— איך בעט מיך אָפּצולאָזן! איך בין נישט דעם גלחס פּאַ־ראַפּיאַנער.

— ריר זיך! שנעל! קאַראָלינאַ שטאַרבט!

— וואָס איז דאָס?

— זי שטאַרבט! דאָס גאָלדענע קינד! זי וויל דיך זען פאַרן טויט! נאָר דאָס בעט זי און בעט. שוין גיכער, ווייל מיר קענען פאַרשפּעטיקן!

דער גלח אַנאַסטאַזי האָט זיך הויך, אָנמעכטיק צעוויינט. צעזאַרי איז געווען אַזוי באַרוישט, אַז ער איז אַרויסגעלאָפן צו־זאַמען מיטן גלח אָן אַ היטל פון צימער, נישט טראַכטנדיק וועגן דעם, וואָס ער טוט. ווען זיי האָבן זיך איינער נאָכן אַנדערן גע־שטופּט אין דער טיר און געלאָפן דורכן פּאַרק, האָט צעזאַרי, נישט קענענדיק כאַפּן דעם אָטעם, זיך אויסגעפרעגט:

— וואָס איז געשען? ווי אַזוי? וואָס איז פאַרגעקו־מען?

— פרעג זיך אַליין!

— וואָס דרייסטו אַ קאָפּ!

— דיך פרעג! כ'האָב געהערט איר לעצטע ווידוי. פאַר־שטייסט? כ'שווייג. אָבער דו — שלאָג זיך על חטא!

— שווייג־זשע בעסער אינגאַנצן!

— גאָט, זיי זיך מרחם!...

אויף די וועראַנדע־שטיגן איז געשטאַנען היפּאָליט. ער האָט געבראָכן די הענט און געשלאָגן מיטן קאָפּ אין די וועראַנדע־זיילן. גראָד אין דער רגע זענען פאַר דער וועראַנדע אָנגעלאָפן אַ פּאָר פערד, די פּאָר ברוינע שפּאַן־פערד, וואָס זענען אַזוי גע־ווען באַגאָסן מיט שוים, אַז מ'האָט נישט דערקענט די קאָליר פון דידאָזיקע פּראַכטפולע פערד. יעגדרעק האָט נישט געקענט איי־

האַלטן די פערד, וואָס זענען שפּרינגענדיק געפלויגן מיטן גאַנצן כּוח פון זייערע ביינער און מוסקולן. די ברישקע האָט זיך פאַרהאַלטן ערשט צווישן די ביימער פון פּאַרק. ס'איז פון איר אַראָפּגעשפּרונגען אַ יונגער דאָקטאָר, אַ כירורג פון דער שטאָט. נישט באַגריסנדיק זיך מיט קיינעם, אין הוט און אין מאַנטל, מיט אַ שאַכטל מכשירים אין דער האַנט איז ער נאָכגעלאָפן היפּאָליטן איבער קאָרידאָרן און צימערן. נאָך זיי איז ערשט געגאַנגען דער גלח און צעזאַרי. פונדערווייטנס, פון דריטן צימער האָבן זיך געהערט פאַרצווייפלטע קרעכצן, אַן אמתער ברום פון דער אין ווייטיק זיך צאַפּלענדיקער קאַראָלינאַ. אין דער טיר פון איר צימער האָבן זיך געשטופּט די מומעס, פּרוי וויעלאָסלאַווסקאַ, די־נערינס, מאַטשעיוניאָ, וואָיטשוניאָ, שטובמיידלעך, דעם עקאָנאָמס ווייב און הייבער פון די פורמאַנעס. דאָס אַלץ האָט געשטאַמלט, געלאָפן, עפּעס אַריין־און אַרויסגעטראָגן, געהעצהט און געוויינט. דער ניכטערסטער איז געווען מאַטשעיוניאָ, וואָס האָט כּסדר עפּעס געשלעפּט און אַלעמען באַרויִקט.

צעזאַרי האָט אים אַ שלעפּ־געטון באַם אָרעם און שעפּטשענדיק געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

— די פריילין איז אַוועקגעפאַלן.

— וואָס איז איר?

— שרעקלעכע יסורים.

— פון מאָגן?

— ניין, דאָס איז עפּעס שלעכטס.

ער האָט זיך אָנגעבויגן צו באַריקאַס אויער און אַנטשלאָסן אויסגעשעפּטשעט:

— דאָס זעט מיר אויס צו זיין אַ פאַרסמונג.

— אַליין זאָל זי זיך האָבן געסמט?

— דאָס ווייס איך נישט. זי איז מיט אַ געשריי געקומען פון גאָרטן. און אָט צאַפּלט זי זיך שוין אַזוי אפשר אַ שעה אַ ציט.

— אַ פאַרסמוּנג וואָלט נישט געקענט דויערן אַ שעה צייט.

— כ'ווייס נישט.

ווי אויף אַ רוף האָט זיך דער דאָקטאָר אַרויסגערוקט פון צימער. ער האָט זיך אומגעדולדיק אַרומגעקוקט צווישן די אַנוועזנדיקע און אומווילִיק אויסגעבּרומט:

— צו שפּעט. ווער פון אייך איז דער הער באַריקאַ?

— וועגן וואָס? — האָט צעזאַרי געפרעגט.

— כ'בעט אייך אַריינגיין, די קראַנקע רופט.

צעזאַרי איז אַריין אין צימערל, ווו ער איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. ס'האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן דאָס שרעקלעכע אויסזען פון קאַראָלינאַס פּנים. זי איז געווען אינגאַנצן גרוי, דאָס פּנים, ווי פון צעראַטע, מיט שוואַרצע גריבער אונטער די אויגן. זי האָט אינגאַנצן אָן אויפהער געציטערט. בּאַ זיין אַריינקומען האָט זי אויסגעקרעכצט:

— הער צעזאַרי... איך געזעגן אייך.

— וואָס האָט איר געטון? — האָט ער אויסגעשריגן און אויפגעקאָכטער.

— איך ווייס גאָרנישט. עפּעס געשען... מיט מיר. זיי געזונט, טשאַרוש.

אין צימער איז קיינער נישט געווען. פּלוצלינג איז אַריינגעקומען דער גלח אַנאַסטאַזי. ער האָט, ווייבעדיק, אַריינגערוקט, מיט אַ באַוועגונג, וואָס פאַרטראָגט נישט קיין ווידערשטאַנד צעוואַריס רעכטע האַנט אין קאַראָלינאַס קאַלטער, ציטערדיקער האַנט. ער האָט בּיידע הענט אַרומגעדרייט מיט דער סטולע*) און ער האָט אָנגעהויבן צו מאַכן צייכנס פון צלמים איבער דידאָזיקע פאַרבונדענע הענט, שעפּטשענדיק אַ לאַטייניש תּפילה.

קאַראָלינאַס פּנים איז מילדער געוואָרן. אַ ווייסער שיין איז דורכן פּנים דורכגעלאָפן. דורך די איבערמענטשלעכע יסורים האָט זיך אַ שמייכל דורכגעריסן. אַ רגע האָט ער געלויכטן אויף די

*) אַ מין בּרייטער גאַרטל פון די פּריסטערלעכע גלחישע בּגדים.

ווי אייזן, שוואַרצע ליפּן. צעזאַרי האָט זיך אָנגעבויגן און אַ קוש געטון די ליפּן, וועלכע ער האָט דער ערשטער אָנגערירט מיט זיינע ליפּן — און דער לעצטער. ער איז אָפּגעשפּרונגען, ווייל דאָס מויל האָט זיך אַ מעכטיק צעעפנט, אַרויסלאָזנדיק אַ ווילדן קרעכץ, און די גאַנצע צונג האָט זיך פון אים אַרויסגערוקט אין דרויסן. נאָך איין, צווייטמאָל האָט זיך דער קרעכץ איבערגעחזרט — און אַלץ איז מאָדנע — פּלוצלינג שטיל געוואָרן. דער דאָקטאָר האָט צוגעלייגט דאָס אויער צו קאַראָלינאַס ברוסט. ער האָט זיך לאַנג צוגעהערט. שפּעטער האָט ער אַ טרייסל געטון מיט די פינ-גער, אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבן צונויפצורוימען זיינע מכשירים, זוכן זיין פאַרוואָרפן מאַנטל און הוט. קאַראָלינאַ איז געשטאָרבן. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— איר וועט זיין אַזוי גוט מודיע זיין דעם קרייז-דאָקטאָר. דאָס איז באַשיינפּערלעך אַ פאַרסמונג.

אויף דער דערקלערונג האָט לכתחילה געענטפערט אַ שטיל-שווייגעניש, שפּעטער אַן אַלגעמיינער קרעכץ, אַ האַרציק געוויין, אַ געשריי, אַ רעש פון קולות. אַלץ האָט זיך פונאַנדערגעברויזט, פונאַנדערזשומעט. דער גלח אַנאַסטאַזי, אַן אַרומגערינגלטער דורך אַלע, האָט ביטער וויינענדיק געזאָגט:

— איך קען אייך גאָרנישט נישט זאָגן, ברודער און שוועס-טער, כאָטש איך ווייס אַלץ. איר ווייסט אַליין, אַז איך קען גאָר-נישט נישט זאָגן דערפון, וואָס איך האָב געהערט באַ דער ווידוי. נאָר דאָס איינס: זאָגט אָפּ הייסע תפילות פאַר איר נשמה, ווייל דאָס איז נישט קיין זעלבסטמערדערין. דאָס איז אַ קרבן.

די פּשוטע מענטשן זענען געפאַלן אויף די קני באַ דער טיר פון קאַראָלינאַס צימער. דער גלח איז געפאַלן אויפן פּנים האַרט לעבן דעם בעט און הויך מתפּלל-געווען מיט אַ געוויין. צעזאַרי איז געשטאַנען אין אַ ווינקל פון צימער. ער האָט געקוקט אויף קאַראָלינאַס טונקעלן, כמעט שוואַרצן פּנים. ס'האָט זיך אים געחלומט, אַז ער האָט שוין מיט אַ לאַנגער צייט צוריק, בשעת

ער האָט אַרויסגעפירט די מתים אין באַקו, געזען אַזאַ פּנים. ס'האָט צו אים אײנע פּונקט אַזוי גערופן, כאָטש מ'האָט אירע ווערטער נישט געהערט. קוים האָבן די מענטשן געענדיקט זייערע תפילות, האָט זיך זייער רעש, זייערע קולות און דאָס גערודער פונאַנדערגעטראָגן איבערן גאַנצן הויז, און פון הויז האָט עס זיך אַרויסגעקײַלערט אויפן הויף, אין שייער אַרײַן, אין אַלע געבײַדעס אויפן הויף און אין דאָרף.

— וואָס איז געשען? ווי אַזוי? פאַרוואָס? ווער איז שולדיק?

מ'האָט אָנגעהויבן צו זאַמלען מאַטעריאַלן פעסטצושטעלן די געשיכטע פון דעם טאָג, אָבער דאָס איז אַ ביסל שווערלעך צוגעגאַנגען, ווייל קאַראָלינאַ איז כסדר אומעטום געווען, כסדר זיך געפּאָרעט, כסדר געלאָפן ערגעץ־ווו און פון ערגעץ צוריקגעגאַנגען. ווי־זשע האָט מען געקענט שעפּן גענויע ידיעות? מאַטשיוניאַ האָט פעסטגעשטעלט, אַז ער האָט דער ערשטער דערהערט איר געשריי אויף דער וועראַנדע, איר רוף נאָך הילף. האָט מען זיך אָנגעשטויסן, אַז זי איז געקומען פון גאָרטן. אָבער אין גאָרטן און אין פּאַרק האָט זי קיינער נישט געזען, ווייל אין יענער צייט איז דאָרט קיינער נישט געווען. מ'האָט אָנגעהויבן נאָכצופאָרשן טריט נאָך טריט, רגע נאָך אַ רגע, ווו קאַראָלינאַ איז אין דעם טאָג געווען: אין די קי־שטאַלן, באַם עקאָנאָם אין הויז, באַם פאַרוואַלטער אין הויז, אין הינער־שטייג, אין די חזיר־שטאַלן. מ'האָט אָנגעהויבן צונויפצושטעלן די גענויע כראָנאָלאָגיע פון אירע באַזוכן און מ'האָט אָנגעהויבן פעסטצושטעלן, אַז גלייך נאָכן מיטאָג, אַלזאָ צומשפּעטסטן, איז זי געווען אין דעם פאַרוואַלטערס, דעם הער טוזשיצקיס וווינונג. זענען טאַקע אַלע, אפילו, די פרוי וויעלאָסלאַווסקאַ, ביידע מומעס, דער פעטער מיכאַל, היפּאָליט, צעזאַרי, מאַטשיוניאַ — אַהינגעלאָפן אין דער „אַריאַנקע". די כסדר באַשעפטיקסטע, אויב נישט אין קיך, איז אין דער אומגעגנט, פרוי טוזשיצקאַ, האָט נישט געוווּסט, וואָס איז „אויפן הויף" געשען. בשעת מ'האָט איר מודיע געווען, אַז קאַראָלינאַ לעבט נישט, האָט זי לגמרי פאַרלוירן דאָס לשון. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטול און מיט אויסגעגלאָצטע אויגן געקוקט אויף דער פאַרזאַמלונג פון הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן.

זי האָט געוואָרפֿן עפּעס אומפּאַרשטענדלעכס און געגלאָצט מיט די אויגן, לסוף האָט זי אַרויסגעשאָסן:

— אָבער די פֿריילין קאַרושאַ איז דאָך בײַ אונדז פֿאַרנאַכט געווען! געזונט, ווי אַ פֿישל! די גנעדיקסטע, די טייערסטע פּערזאָן! וואָס רעדן די הערשאַפֿטן!

— און וועלכער צײַט איז דאָ קאַראָלינאַ געווען? — האָט געפֿרעגט דער פֿעטער מיכאַל.

— און וועלכער צײַט? באַלד... ווײַל מיר האָבן גאָרנישט געקוקט ווי שפּעט ס'איז. מיר האָבן זיך געשמועסט, אויסגעטענהט... זי איז אַרײַנגעקומען, פֿאַרמאַכט די טיר, ווײַל דורך דער טיר בלאָזט שטענדיק, מיר האָבן זיך איבערגעזעצט אין דעמדאָזיקן סאַלאָנדל — גאָט, זאָל זיך מרחם זײַן! — אונדזערן — און יאָ... ווי שפּעט איז געווען, ווען די פֿריילין שאַרלאָטאָוויטש איז בײַ אונדז געווען, וואַנדזשאַ, ווו ביסטו? וואַנדזשאַ!

פֿון צווייטן צימער האָט זיך דערהערט פֿריילין וואַנדאַ אַקשינסקאַס אומדרייסט קול. לכתחילה האָט אָפּהוסטן, ווי געוויינטלעך, און שפּעטער דאָס קול.

— ס'איז געווען פֿיר אַ זייגער. נאָך פֿיר.

— פֿיר אַ זייגער, — האָט איבערגעחזרט פֿינקטלעך פּראַווזשיצקאַ. — נאָך פֿיר.

— צי האָט קאַראָלינאַ עפּעס דאָ געגעסן בײַ אײַך, אָדער אפֿשר געטרונקען? — האָט אויף אַן ומשולדיקן אופֿן געפֿרעגט מיכאַל סקאַלניצקי, ווי ער וואָלט, כּנהוג, געזאַמלט פֿאַרשידענע נאַר-לוויה-ווערסיעס.

— זי האָט געטרונקען. זי האָט ליב געהאַט וואַסער מיט ווײַמפּערלעך-זאַפֿט. זי האָט בײַ אונדז שטענדיק געטרונקען, אָדער וואַסער מיט ווײַמפּערלעך-זאַפֿט, אָדער טיי מיט זשוראַווינע-זאַפֿט. כ'האָב צוגעגרייט אויף ווינטער אַ ביסל ווײַמפּערלעך-זאַפֿט, האָט די פֿריילין קאַראָלינאַ געטרונקען. ווען זי איז אַהערגעקומען, פֿלעג איך זי הײַפֿלעך: — די פֿריילין וועט טרינקען טייעלע מיט זשוראַווינע-זאַפֿט... און די פֿריילין קאַראָלינאַ ענטפֿערט...

— פֿון גלאָז האָט זי אויסגעטרונקען?

— יאָ, אַ פּולס. דוכט זיך, אַז אַ פּולס. און אפשר איז נאָך עפּיס געבליבן. דאָס געדענק איך נישט, מיינע הערשאַפטן. מיר האָבן גערעדט. צי קען מען דען...

— זייט מיר מוחל... און אפשר שטייט דאָ נאָך ערגעץ דאָס גלאָז, פון וועלכן די זעליקע קאַרושאַ האָט געטרונקען זאַפּט? מ׳דאַרף זען, וואָס פאַר אַ זאַפּט איז עס, אַז ער האָט איר אַזוי פאַרשאַדט.

— דער ווײַמפּערלעך־זאַפּט האָט איר געשאַדט! — איז די פרוי טוזשיצקאַ איבעראַשט געוואָרן. — מיין זאַפּט! — איז זי אינגאַנצן ווייס געוואָרן אויפן פּנים און אויפגעציטערט מיט איר גאַנצן היפשן גוף. — דער זאַפּט וואָלט געקענט שאַדן דער פריילין קאַראָלינאַ? דער זאַפּט, וועלכן איך האָב אַליין אייגנהענטיק געמאַכט? ניין, מיין הער! אַלץ קען מען זאָגן אויף מיר, אָבער דער זאַפּט, וועלכן איך האָב געמאַכט, האָט נישט געקענט פאַרשאַטן דער פריילין קאַרושאַ! וועגן דעם איז נישטאָ וואָס צו רעדן! — האָט זי באַשלאָסן מיט ווירדיקייט און באַליידיקטן שטאָלץ.

— איר האָט איר אַליין דערלאַנגט דאָס גלאָז מיט וואַסער און זאַפּט?

— צי איך האָב אַליין דערלאַנגט? תּיכּף! איך בין אַליין אַרייַנגעלאָפן אין קיך אַריין, ווען די פריילין קאַרושאַ האָט אַרויסגעזאָגט איר ווילן צו טרינקען וואַסער — איך האָב אָנגעשעפּט אַ גלעזל וואַסער פון דעם בלעכערנעם עמער. דאָס וואַסער איז דאָך פון אונדזער ברונעם, דאָס ריינסטע אויף דער וועלט. שפּעטער בין איך אַרייַנגעגאַנגען אין שפּייכלערל אַריין און אַרויסגעברענגט פון דאָרט אַ פלעשל מיט זאַפּט, איך האָב אַוועקגעשטעלט די פלאַש אויף אַ טעצעלע. לעבן דער פלאַש — דאָס גלאָז וואַסער. איך האָב אַהערגערופן מיין שוועסטער־טאָכטער, די אָרעמע האַנדזשאַ, וועלכע איר זענט אַזוי גוט געווען און באַוויליקט מיטצונעמען מיט זיך אויף דער פאַרווײַלונג אין אַדאַלאַני — זי זאָל אַהינטראָגן דאָס טעצעלע אין צימער אַריין און זי זאָל עס דערלאַנגען דער פריילין קאַרושאַ, ווייל אַליין בין איך געגאַנגען פאַרמאַכן דאָס שפּייכלערל. אָפּטמאָל לאָזט מען איבער דאָס שפּייכ-

לערל אַ צוויי מינוט אָפן און שפעטער פעלט דאָס, יעצט איז ניש־טאָ. ווער האָט גענומען, ווער האָט גערירט — האַק אַראָפ דעם קאָפ, שטעק אַריין די ציין אין דער וואַנט — קיינער ווייסט נישט!

— הייסט עס, אַז די פרייליַן וואַנדזשאַ האָט אַהינגעבראַכט דאָס וואַסער מיטן זאַפט פון קיך אין צימער אַריין? — האָט דער פעטער מיכאַל זייער העפלעך געפרעגט.

— יאָ, וואַנדזשאַ.

— און ווו איז אייער שוועסטערן־טאָכטער, די פרייליַן וואַנד־זשאַ?

— וואַנדזשאַ — קום־נאָר דאָ אַהער! — האָט די פרו־טוזשיצקאַ אויסגערופן.

פון דעם שכנותדיקן צימער איז אַרויסגעגאַנגען די פרייליַן וואַנדאַ און זיך פאַרנייגט פאַר די פאַרזאַמלטע. זי האָט זיי אַלע געקענט, אָפט געווען אין הויף, זי האָט פון זיי געהאַט אַ כּך טובֿות און נישט ווייניק פאַרגעניגנס, אַזוי, אַז זי האָט שוין פאַר קיינעם נישט קיין מורא געהאַט. איבעריקנס, איז זי, אין דער צייט פון איר אָנוועזנהייט אויפן דאָרף אַ ביסל געזעלשאַפטלעך אויסדרעסירט געוואָרן, צוגעוויינט זיך צו געוויסע פיינערע מאַניערן. די שיין פון דעם נאַפט־לאָמפ האָט אומדייטלעך באַלויכטן פרייליַן [illegible]־סקאַס פנים. זי איז רויק געשטאַנען נישט ווייט פון דער טיר, ציפנדיק לויט איר פענסיאָנאַרישער געוווינהייט דעם ברעג פון שירץ.

— איר האָט עס דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער אונדזער קרובה קאַראָלינאַ שאַרלאַטאָוויטש? — האָט געפרעגט דער הער סקאַלניצ־קי, אַזוי ווי ער וואָלט אַרויסגעטרעטן אינעם נאָמען פון אַלע פאַר־זאַמלטע. גערעדט האָט ער ווייך, פאָטערלעך און זייער העפלעך.

— יאָ, איך האָב דערלאַנגט — האָט וואַנדזשאַ געענטפערט.

— צי האָט איר באַזונדער דערלאַנגט דעם זאַפט אין דער פלאַש און באַזונדער ס׳וואַסער אין גלאָז, צי האָט איר אַליין אַריינ־געגאָסן דעם זאַפט אין גלאָז אַריין?

די פרייליַן וואַנדזשאַ האָט נישט באַלד געענטפערט. ס׳האָט

געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי זי וואָלט קאָנצענטרירט די געדאַנקען און דערמאַנט זיך די דאָזיקע קלײנע געשעענישן. לסוף האָט זי געענטפערט.

— די פרײלין קאַראָלינאַ האָט זיך אָנגעגאָס, זאַפט פון דער פלעש אין גלאָז אַרײַן.

— אַזוי, אַז איר האָט נישט מער געטון, ווי איבערגעטראָגן די טאַץ פון קיך אין סאַלאָנדל אַרײַן און דאָ האָט איר אַוועקגעשטעלט די טאַץ אויפן טיש?

— נאָך... איך האָב נאָך גענומען פון דער שאַנק אין יענעם צימער דאָס זילבערנע צוקער-קעסטל מיט צוקער און כ'האָב עס אַוועקגעשטעלט אויף דער טאַץ.

— ווײַל טײַלמאָל — האָט די פרוי טושיצקאַ אײַלנדיק זיך אַרײַנגעמישט — האָט די פרײלין קאַראָלינאַ צוגעשיט צוקער, כאָטש דער זאַפט איז זיס געווען. — גאָט מײַנער! און נאָך ווי זיס. אָבער, פאַרשטײט זיך, אַ ביסל זויערלעך, האָט זי דערפאַר ליב געהאַט עס אָנצוצוקערן. דאָס ווילדע קינד, וואַנדזשאַ, האָט גענומען דעם צוקער פון שאַנק אַרויס, ווײַסנדיק וועגן דער פרײלין קאַראָלינאַס גוסט. זי האָט אים אַוועקגעשטעלט אויף דער טאַץ און אַהינגעטראָגן.

— און צי האָט איר, פרײלין וואַנדזשאַ, אָנגעצוקערט דאָס וואַסער פאַר אונדזער קוזינע, צי האָט זי עס אַלײן געטון? — האָט היפּאָליט געפרעגט.

— איך האָב אָנגעצוקערט דאָס וואַסער.

— איר? — האָט מיכאַל סקאַלניצקי אונטערגעכאַפּט.

— אין דעם, צי אין יענעם צימער? — האָט היפּאָליט געפרעגט.

— אין יענעם צימער... — האָט וואַנדאַ געענטפערט נאָך אַ רגע וואַקלען זיך.

— פאַרוואָס האָט איר לכתחילה אָנגעצוקערט דאָס וואַסער? — האָט היפּאָליט געפרעגט.

— ווײַל די פרײלין קאַראָלינאַ האָט אַזוי ליב געהאַט. זי האָט ליב געהאַט, ס'זאָל זײַן זיס.

— וויפיל לעפעלעך צוקער האָט איר אַרײַנגעלייגט אין גלאָז אַרײַן? — האָט וויעלאָסלאַווסקי ווייטער פאָרגעזעצט.

— צוויי.

— איר ווייסט זיכער, אַז דאָס איז געווען צוקער און נישט עפּעס אַנדערש? אפשר האָט איר על-פּי-טעות אַרײַנגעשיט אין גלאָז אַרײַן נישט קיין צוקער, נאָר עפּעס אַנדערש?

— דאָס איז געווען צוקער, פון דער צוקער-פּושקע.

— איר געדענקט עס אויסגעצייכנט?

— כ'געדענק.

— און אפשר וואָלט איר דערקענט דאָס גלאָז, פון וועלכן אונדזער קרובה האָט געטרונקען?

— זוך אויס דאָס גלאָז, קינד מײַנס! אפשר שטייט דאָס גלאָז ערגעץ דאָ! מען דאַרף די הערן איבערצייגן אין דײַן אומשולדיקייט... — האָט אומרויִק, זאָרגעוודיק געזאָגט די פרוי טו-זשיצקא, אַרײַנוואַרפנדיק דערבײַ אַן איראָנישן טאָן.

— ניין, מאַריניאַ האָט צוגענומען דאָס טעצל מיטן גלאָז, זי האָט עס אויסגעוואַשן און מיר האָבן שוין פון דעם גלאָז געטרונקען קאַווע מיט דער מאַמען. אָדער די מומע, אָדער איך האָבן פון דעם גלאָז געטרונקען קאַווע.

— ווײַל, כ'מוז זיך מודה זײַן פאַר אײַך, מיר האָבן ווייניק גלעזער, מוז מען זיי כסדר וואַשן... — האָט בייסיק אַרײַנגעוואָרפן די פרוי טושיצקא. — די שכירות פאַרן אַדמיניסטראַטאָר פון די נאַוואָלאַטשער גיטער איז אַזאַ, אַז מען קען זיך נישט דערלויבן אויף אַ טוץ גלעזער, נישט רעדנדיק וועגן סערוויזן. די זאַכן זענען נישט צוגענגלעך פאַר אונדז, מענטשן פון אַרבעט, פון זייער שווערער און זייער פאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט... — האָט זי צוגעוואָרפן איבערגענומען.

— יאָ, יאָ... — האָט היפּאָליט געזאָגט. — און פונדעסטוועגן וואָלט איר אפשר געווען גוט אונדז צו ווײַזן ס'גלעזל אָדער דעם פלאַקאָן, פון וועלכן אונדזער קרובה האָט זיך אַרײַנגעגאָסן דעם זאַפט, וואָס איר זענט פונדעסטוועגן יאָ בכוח געווען אויסצופרעגלען פון די שכירות פאַרן פאַרוואַלטן מיט די נאַוואָלאַטשער גיטער...

די פרוי טוזשיצקא איז אַ פגעש זאַגען פון אָרט און מיט קליינע טריטלעך אַריינגעלאָפן אין צווייטן צימער אַריין. באַלד נאָכדעם האָט זי געבראַנגט דעם פלאַקאָן פון דורכזיכטיקן גלאָז, אין וועלכן ס'איז געווען ביז דער העלפט אַ געדיכטער זאַפט. היפּאָליט האָט געבעטן די פריילין וואַנדאַ, זי זאָל דערלאַנגען אַ לעפעלע. בשעת זי האָט עס געבראַנגט און דערלאַנגט היפּאָליטן, האָט ער אויף איר אַ קוק געטון פון אונטער די ברעמען, אָנגרייפנדיק און נישט אָפּטרעטנדיק. די פריילין וואַנדאַ האָט געהאַט דעם שטענדיקן געזיכטס־אויסדרוק פון צעשרעקונג און דעפרעסיע. זי האָט דערלאַנגט דאָס לעפעלע און אַוועק אין דער פענסטער־נישע, ווו זי האָט זיך איינגעטוליעט אין דער מושלין־פאָרהאַנג. היפּאָליט האָט אָנגעגאָסן אויפן לעפעלע אַ ביסל זאַפט פון דער פלאַש און ער האָט פאַרזוכט אַ ביסל. ער האָט זיך באַלעקט, געקלאַפּט מיט דער צונג, צום סוף האָט ער אויסגעברומט:

— דער זאַפט — איז פרימאַ! האַ, נישטאָ וואָס צו רעדן! נישט דער זאַפט האָט קאַראַלינאַן פאַרשאַדט. דאָס האָט עפּעס אַנדערש. נישט אמת, פעטער?

— יאָ, דאָס האָט עפּעס אַנדערש... — האָט צוגעשעפּטשעט דער הער סקאַלניצקי, דרייענדיק די שוואַרצע וואָנצעס.

אין דער צייט זענען אַלע געזעסן אין אַ טויט־שטילקייט אויף דעם אָטאָמאַן און אויף די אויסגעבעטע שטולן. מאַטשעיאָוניאַ איז געשטאַנען בײַ דער טיר און, אונטערשפּאַרנדיק זיך זײַן געגאָלטע גאָמבע, האָט ער זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו אַלעם, וואָס די גנעדיקע הערן רעדן. צעזאַרי האָט כסדר געקוקט אויף דער פריילין וואַנדאַ. ער [illegible] האָט געוווסט וועגן אַ געוויסער אײַנצלהייט, וועגן דעם גיכן באַדעקן זײַן האַנט דורך דער האַנט פון דער עקלהאַפטיקער מויד. ער האָט כסדר געטראַכט וועגן יענער מינוט.

---

קיינער האָט נישט באַמערקט, אַז דער פרייליין קאַראָלינאַ שאַרלאַטאַוויטשעס טויט, די סעקציע פון איר קערפער און די לויה זאָלן האָבן געמאַכט אַ וועלכן ס'איז איינדרוק אויף צעזאַרי באַריקאַן. פרייליין וואַנדאַ אָקשיגסקי איז — צוליב געפינען אין דער פאַרשטאַרבענערס איינגעווייד אַ ביסל סטריכנין, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם טויט — גערופן געוואָרן צום אויספאָרשונגס-ריכטער און אפילו אַרעסטירט געוואָרן, און שפעטער, צוליבן מאַנגל אין רעאַלע באַווייזן קעגן איר, צוריק באַפרייט געוואָרן. די אַלע געשעענישן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט די גאַנצע געגנט אין אַ מצב פון ווייסער היץ, האָבן צעזאַרין ווייניק גערירט. מען קען אפילו זאָגן אַז די מלחמה מיט איר אכזריות און פאַר דער מלחמה — די בילדער פון די באַקינישע רעוואָלוציעס — האָט אָפּגעקילט אין אים די עמפפינדלעכקייט אויף טראַגישע געשעענישן. צעזאַרי האָט שוין צופיל געזען די „טרויעריקע שטיקלעך", ער זאָל זיך קענען טיף דורכנעמען מיט זיי. פאַרקערט — דער טראַגיזם פון געשעענישן האָט אין אים געבוירן אַ טרוקנקייט, אַ האַרטקייט, אַן אינערלעכע פאַרגלייוועטקייט און האָט חוץ דעם צעפלאַמט אין אים אַ דראַנג צו באַרימען זיך, אַ ציניזם, אַ פעיִקייט צום איבערליציטירן זיך אין אכזריות און, אויב נישט אַ פאַרברעכערישקייט פון אינסטינקט גופא, איז אַ געוויסן סוראָגאַט פון דער פאַרברעכערישקייט, אַ סנאָביזם, וואָס פאַרערט די פעיִקייט צו מאָרדן.

ווען ער וואָלט אינגאַנצן נישט געהאַט געזען די מלחמה- און רעוואָלוציע-„שטיקלעך", וואָלט ער נישט נאָר מורא געהאַט, נאָר אפילו זיך געשראָקן. די דערינערונג אָן אַזעלכע מאוימדריקע בילדער האָט אים געהייסן קוקן אויף אַזעלכע קליינע געשעענישן, ווי אויף אַ מאָרד צווישן צוויי פערל-היגער, ווי אויף אַ קינדער-שפּיל. שוין גרעסערע זאַכן געזען! ער האָט געזען, ווי אַ באַנדע ריזיקע יונגען האָבן געשענדעט — איינער נאָכן אַנדערן — אַן אומשולדיק אַרמעניש מיידל, און שפעטער האָט זי דער לעצטער אַ שטויס-געטאָן מיט אַ מעסער אונטערן האַרץ, וועלכעס האָט שוין כמעט ווי נישט געקלאַפּט. ער האָט געזען, ווי שפעטער האָט די

באַנדע זיך פֿאַרייכערט פּאַפּיראָסן און, אונטערזינגענדיק, זיך געגאַנגען אין איר זייט. וואָס פֿאַר אַ ראָלע שפּילט אַקעגניבער דעם קאַרושאַ און די צווייטע!

אין תוך אָבער האָבן די פֿון דער נאָנט געזעענע מלחמה- און רעוואָלוציע-געשעענישן נישט אַזוי דעצידירנדיק געווירקט אויף צעזאַריס שטימונג, ווי זיין צעווילדעוועטע ליידנשאַפֿט צו לאַוראַ קאָשטשעניעצקאַ. זיין ליבע-התלהבות איז אַזוי שטאַרק געווען, אַז די נאָוואָלאָטשער געשעענישן האָבן אים געדינט פֿאַר אַ טעמע צו אינטערעסאַנטע נייעסלעך, וועלכע ער האָט איבערגעגעבן זיין האַרין. ער איז גליקלעך געווען, ווען ער האָט געקענט צושטעלן עפּעס גלייך פֿון דער נאָדל, עפּעס נאָך פֿריש-צאַפּלדיקס: מ'האָט אַרעסטירט וואַנדאַ אָקשינסקאַ, ווייל בשעת דער סעקציע האָט מען אין קאַראָלינאַס אינגעווייידן געפֿונען סטריכנין. בשעת דער רעוויזיע האָט מען געפֿונען אַ גלעזל מיט דעמזעלבן סטריכנין אין דער שאַנק פֿונם פֿאַרוואַלטער טוזשיצקי. וואַנדאַ פֿאַרטיידיקט זיך כמעט נישט. זי לייקנט אָפּ, און פֿאַרטיק. זי ווייסט וועגן גאָרנישט. זי האָט קיינמאָל נישט געזען קיין גלעזל מיט סטריכנין אין פּעטערס שאַנק. פֿאַרוואָס האָט זי עפּעס געהאַט אַריינצושיטן סם אין קאַראָלינאַס גלאָז? ווער-זש? אָבער האָט עס אַריינגעשיט? זי אַליין? די דינסט איז דאַמאָלס נישט געווען אין דער היים. טוזשיצקי איז געווען אין כלאָדעק. אין פֿאַרוואַלטערס דירה זענען געווען צוויי מענטשן — די פֿרוי טוזשיצקאַ און וואַנדאַ.

פֿרוי טוזשיצקאַ? נישטאָ דער מינדסטער חשד.

וואַנדאַ? די אונטערוואַקסנדיקע מויד, דער טעמפּער קאָפּ, דער „מוזיקוס", וואָס האָט וועגן גאָטס וועלט נישט געוווּסט, די נאַרישע און שרעקעוודיקע וואַנדאַ? וועגן דעם סודותפֿולן דריקן זיין האַנט דורך דער נאַרישער וואַנדאַ — (אַך, ווי נאַריש זי איז!) — האָט ער קיינעם נישט דערציילט. צו וואָס זאָל ער זיך צוּוואַרפֿן אַ ליבער-ביליאַט און איר אַ פֿאַרניכטונגס-שטיין? און דאָס אויך נישט: ער האָט פּשוט נישט געוואָלט, אַז לאַוראַ זאָל זיך בייזערן אויף אים, אַז זי זאָל אים חושד זיין. ער האָט איר אויך נישט דערציילט, און קיינעם נישט, וועגן דעם קושן זיך מיט

קאַרושאַן. צו וואָס-זשע זאָל ער רעדן וועגן איין אידיאָטישן דריק פֿון דער האַנט? און אַזוי האָט צעזאַרי אַהינגעטראָגן זיין האַרץ די נייע ידיעהלעך, ווערסיעס, קלאַנגען.

געזען האָט ער זי בסוד, אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרט, אין דער שטאָט אין אַ האָטעל, נאָר אין מיטן דער נאַכט בײַ איר. ער האָט זיך אַזוי ביטרע, אַזוי פֿאַרוויסזעענדיק און פֿאַרזיכטיק אויפֿגעפֿירט, אַז ער וואָלט געקענט הייסן אַ מענטש — אַ פּוקסיכע, אָדער אַ טכויער, פֿון דעם מין טכויערס, וואָס גנבענען זיך באַנאַכט מיטן אַריין אין די הינער-שטייגן. אָבער ביז אַ צייט האָט די קרוג דאָס וואַסער געטראָגן. לסוף האָט זיך אָפּגעריסן ס'הענטל — און די גאַנצע קרוג האָט זיך צעבראָכן נישט צום פֿאַריכטן.

דאָס איז געווען האַרט פֿאַר ווייַנאַכט. צעזאַרי האָט איבער די ימים-טובים בדעה געהאַט צו פֿאַרבלייבן אין גאַוולאָטש און צום נייעם יאָר צו פֿאָרן קיין וואַרשע און נעמען זיך צום שטודיום. און גענומען האָט ער זיך אַזוי קאַטעגאָריש צום שטודיום, ווייל די פֿרוי לאַוראַ האָט זיך אויך געקליבן קיין וואַרשע אויף די פֿאַר וואָכן קאַרנאַוואַל. באַרוויצקי האָט אויך געזאָלט פֿאָרן קיין וואַרשע, אָבער דאָס האָט ווייניק געווירקט אויף צעזאַריס חשק צום שטודיום.

אין אַ געוויסער דעצעמבער-נאַכט, אַרום דריי אַ זייגער, האָט זיך צעזאַרי אַרויסגעגנבעט פֿון דער וווינונג און אַוועק קיין לעניעץ. ער איז, ווי געוויינטלעך, געלאָפֿן איבער פֿעלדער און איז דערפֿאַר גיך אַריבער דעם מרחק צווישן ביידע הויפֿן. די נאַכט איז געווען אַ רויִקע, אַ פֿינצטערע. אַ שניי האָט געשאָטן. צעזאַרי האָט שוין געקענט אַ געוויס אָרט אינעם פּלויט, ווו ס'איז לייכט געווען אַריבערצוקריכן און ער האָט זיך געלאָזט לויפֿן דורך די בערגלעך, די לייכט פֿאַרשאָטענע מיטן שניי, צו דער אים באַקאַנטער טיר. זי איז אָפֿן געווען, איז ער שטיל אַריינגעגאַנגען און געקומען ביז דער ביבליאָטעק. אָבער ווי ער איז נאָר דאָרט אַריינגעקומען, האָט ער דערפֿילט עמעצנס אָנוועזנהייט אין צימער, איז ער שטיין געבליבן און איינגעהערט זיך, איינהאַלטנדיק דעם אָטעם.

פּלוצלינג האָט אים אַ קלאַפּ־געטאָן אין די אויגן דאָס ליכט פֿון אַן עלעקטריש לאַמטערל, וואָס האָט אויפגעבליצט אַ קעגניבער אים. אין דער זעלבער רגע האָט ער געהערט אַ פֿייף און דערפֿילט אַ משוגנהדיקן ווייטיק אין דער לינקער באַק. דער ווייטיק איז געווען אַזוי שטאַרק אַז צעזאַרי האָט אַ קוויטש־געטאָן און איינגעבויגן זיך צו דער ערד, אָנכאַפּנדיק זיך מיט ביידע הענט באַם קאָפּ. דאַמאָלס האָבן איבער אים אָנגעהויבן צו פֿייפֿן נייע קלעפּ פֿון אַ שטעקן, אָדער בייטש. דער, וואָס האָט אים געשלאָגן, איז געשטאַנען אַ טריט פֿאַר אים, סאַפּענדיק און שעלטנדיק.

צעזאַרי האָט דערקענט דאָס קול.

דאָס איז געווען באַרדיצקי. דער געדאַנק האָט אַדורכגעבליצט זיין מח. די שנאה, וואָס איז שטאַרקער געווען פֿונעם ווייטיק, וואָס איז דורכן ווייטיק שטאַרקער און אויפגעפלאַמט געוואָרן, האָט אים געגעבן אַזאַ כּוח, וועלכן ער האָט אין זיך קיינמאָל נישט געפֿילט.

ער האָט זיך געוואָרפֿן מיט די בלויזע הענט פֿאָרויס, זוכנדיק דעם שונא. און פֿאָכענדיק מיט די הענט אין דער לופֿטן, טאַפּנדיק אַרום אין דער פֿינסטערניש, האָט ער אָנגעטראָפֿן אויף דער שפּיצרוט, מיט וועלכער מען האָט אים דערלאַנגט די קלעפּ.

באַריקאַ האָט אָנגעכאַפּט די שפּיצרוט, אַ ריס געטאָן זי מיט אַלע כּוחות און אַרויסגעריסן זי פֿון שונאס האַנט. אויגנבליקלעך האָט ער אָנגענומען דעם דינערן טייל פֿון דער שפּיצרוט אין האַנט אַריין און ער האָט אָנגעהויבן צו שניידן אין דער פֿינסטערניש מיט דער גראָבער גאַלקע פֿון הענטל. ער האָט געטראָפֿן — און, ווייזט אויס, אין קאָפּ אַריין, ווייל יענער איז קרעכצנדיק אַנידערגעפֿאַלן אויף דער ערד. צעזאַרי האָט אים אין דער פֿינסטערניש געפֿונען און ער האָט אין אַ נקמה שגעון אָנגעהויבן אים צו טרעטן מיט די אָפּצאַסן, ווו נאָר ער האָט געטראָפֿן — אין קאָפּ, אין די זייטן, אין דער ברוסט. האָבנדיק אין דער האַנט די כּלי, מיט וועלכער ער האָט געקענט שלאָגן, — האָט ער געשלאָגן אָן רחמנות.

באַרוויצקי האָט זיך פון דער ערד אויפגעכאַפּט אויף די קני און אָנגעכאַפּט באַריקאַן בײַ די פיס. עס איז אומגעפאַלן עפּעס אַ שטול. ביידע האָבן איצט אַרויסגעגעבן דערשטיקטע שנאה־אויסרופן שלאָגנדיק זיך מיט אַלע כוחות מיט די פויסטן און קאַטשערנדיק זיך איבערן דיוואַן אין אַ פאַרביסענעם קאַמף.

פלוצלינג איז ליכטיק געוואָרן. — לאָורא! — זי איז מיט אַ ליכט אין דער האַנט געשטאַנען בײַ דער שוועל. זיי האָבן אויפגעהערט זיך צו שלאָגן. האָבן זיך געשטעלט אויף די פיס. זי האָט אויסגעשעפּטשעט צו באַרוויצקין:

— פון וואַנען ביסטו אַהערגעקומען?

— כ'האָב געוואַרט אויף דײַן געליבטן. כ'האָב זיך אומגעקערט פון וועג. דאָ אין דער ביבליאָטעק האָב איך געוואַרט אויף דײַן געליבטן.

— אויף מײַן גאַסט.

— אַ גאַסט פיר אַ זייגער בײַנאַכט.

— כ'מעג אויפנעמען, וועמען איך וויל.

— און ווען דו ווילסט?

— און ווען איך וויל.

— כ'בין מסכים, גנעדיקע פרוי, און כ'וועל באַלד פאַרלאָזן די אַזוי גאַסטפרײַנטלעכע שוועלן. כ'האָב נאָר געוואָלט איבערלאָזן אַן אָנדענק פאַר אײַער גאַסט, ער זאָל עס טראָגן אַ פּאָר וואָכן און וויסן, מיט וועמען ער האָט צו טון.

— דו וועסט דײַן אָנדענק אויך איבערטראָגן אַ רוסישן חודש! — האָט זיך באַריקאַ צעלאַכט.

— כ'בין אַזוי הויכמוטיק, אַז כ'וועל אים נישט אַרויסרופן אויף קיין דועל. כ'וויל אײַך נישט קאָמפּראָמיטירן.

— אָבער האָסט מיר נאָכשפּיאָנירט! דערמיט האָסטו מיך שוין קאָמפּראָמיטירט. און מיט וועלכער רעכט?

— איר קענט דאָך נישט אָפּלייקענען, אַז איר האָט פאַרדינט אויף אַ וואַכנדיקער אויפמערקזאַמקייט פון אײַער לעגאַלן חתן.

די פרוי לאַורא האָט נישט געענטפערט. זי האָט זיך געווענדט צו צעזאַרין:

— ווי האָט איר געוואַגט זיך אַהער אַריינצורייסן אין דער צייט! איר זעט, צי וואָס ס'איז דערגאַנגען! אייער באַרישע לי־בעריי, אייערע אומזיסטע בקשות, דערקלערונגען און ענלעכע נאַ־רישקייטן, אויף וועלכע איך בין כסדר אויסגעשטעלט, זענען געווען באַטאָג אַלס אַ פאַרוויילונג, אַלס פלירט. אָבער וואַגן אין מיטן דער נאַכט אַריינצוגיין צו מיר אין הויז אַריין! מיך צו קאָמפּראָ־מיטירן און דערפירן צו אַזאַ סקאַנדאַל!

— איך האָב אייך דאָך געזאָגט — האָט באַריקאַ געענט־פערט — אַז כ'האָב פיינט אייער חתן. כ'האָב עס אייך געזאָגט, צי נישט? כ'האָב געוווּסט, אַז ער וואַכט דאָ איבער די נעכט און כ'בין טאַקע געקומען, כדי אים אויסצוקלאַפּן מיט זיין אייגענער שפּיצרוט. איר זעט זי? מיט דער טאַקע! זיין אייגענער, און זי איז אין מיינע הענט. כ'האָב אים געהאַקט מיטן גראָבן עק איבערן קאָפּ. אָט אַזוי!

אין שגעון האָט צעזאַרי, נישט קוקנדיק אויף דער אָנ־וועזנהייט פון דער פרוי, אַ קלאַפּ געטון באַרוויצקין. די גראָבע קויל פון הענטל האָט יענעם געטראָפן אין דער זייט פון קאָפּ און אין אָרעם אַזוי, אַז יענער האָט זיך אַזש איינגעבויגן מיט אַ קרעכץ. לאַורא האָט אים פאַרשטעלט מיט זיך. זי האָט אויסגע־שריגן:

— ווי וואַגט איר עס? דאָס איז מיין חתן!

— ס'וואָלט גוט געווען, איר זאָלט אַוועקגיין אין אייער גאַסט־צימער, ווייל כ'וויל אים נאָך שלאָגן, און איר שטערט מיר!

— אַרויס פון מיין הויז, שנעק איינער! — האָט זי אויס־געשריגן מיט אַ טעאַטראַלישן זשעסט.

— לאַורא! — האָט צעזאַרי געזאָגט, אַוועקשטעלנדיק זיך אויך אין אַ טעאַטראַלישער פּאָזע.

— איר זאָלט מיר באַלד, תיכף־ומיד זיך אָפּטראָגן פונדאַ־

נען — האָט זי געזאָגט, בעטנדיק מיט די אויגן, ער זאָל אַרויס־
גיין.

אָבער צעזאַרי איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַ פֿוריע־פֿאַרביסנקייט.
ער האָט נישט געוווּסט, וואָס ער טוט. ער האָט גיך איבערגע־
דרייט די שפּיצרוט אין דער האַנט: ער האָט זי אָנגענומען
בײַם האַרטן קײַלעכדיקן הענטל און אײַנמאָל, צווײמאָל געפּרוּווט
איבער לאַוראַס געריצטע הענט צו דערגרייכן באַרוּיצקין. יענער,
ווידער, זייענדיק באַטויבט דורכן פֿריִערדיקן קלאַפּ, האָט זיך פֿאַר־
שטעלט הינטער דער כ ה.

— הער באַריקאַ! — האָט זי אויסגעשריגן.

— וואָס?

— גייט אַרויס פֿונדאַנען! גיי אַרויס פֿונדאַנען! גיי אַרויס
פֿונדאַנען!

— גוט, כ'וועל גיין. כ'וועל באַלד גיין. כ'האָב נאָר גע־
וואָלט...

נישט וויסנדיק שוין וואָס ער רעדט, האָט ער צוגעגעבן:

— כ'האָב אײַך געוואָלט געבן, מײַנע ליבע מוסטערהאַפֿטע
חתן־כּלה, מײַן ברכה צו דער נײַער, ריווח־ברענגענדיקער באַלע־
באַטישקייט.

און דערבײַ האָט ער אַ קלאַפּ געטון לאַוראַן מיט דער שפּיצ־
רוט איבערן פּנים און צעשפּליטע הענט. שפּעטער איז ער אַרויס־
געגאַנגען מיט דער שפּיצרוט אין דער האַנט.

---

ער האָט זיך אַרומגעשלעפּט איבער די פֿעלדער. אָנטרעפֿנ־
דיק אַ הויפֿן היי, האָט ער זיך אין אים אײַנגעגראָבן און גע־
יאָמערט, אפֿילו געוואָיעט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. ער האָט פֿונדער־
ווייטנס געזען אַ שײַן אין לעניעצער הויף און צום טויזנטסטן מאָל
זיך איבערגעחזרט, אַז מער וועט זײַן פֿוס דאָרט נישט אַרײַנטרעטן
אט לאַכן איצט דאָרט פֿון אים לאַוראַ און דער מענטש, אַזוי ווי

ער האָט אַמאָל, צעשווימענדיק זיך אין גליק, געלאַכט פון באַרוויצקין. ווער ווייסט, אפשר הייבט יענער איצט אָן צו פאַרגרעסערן די שיין פון לאָמפּ, ס'זאָל אים דאָ אין הויפן היי נישט זיין צו פינסטער. באַם שיין פון יענעם ליכט-שפּיל, האָט ער איצט געזען זיין אומגליק.

און איצט איז עס נישט געגאַנגען אַליין.

ווי ס'איז דער שטייגער פון אַ מענטשלעכן אומגליק, וואָס איז, ווי אַ וואָלף, אַן אַלייןלעבנדיקע חיה, אָבער ס'האָט ליב דערביי צו גיין מיט אַ גאַנצער סטאַדע — אַזוי האָט אים איצט אַרומגערינגלט אַ סטאַדע.

אין דער נאַכט האָבן פאַר אים אַרויסגעטויכט זכרונות:

קאַראַלינאַס טויט און דער תמעוואַטער וואַנדאַס פאַרברעכן. פאַרוואָס זענען יענע צוויי פאַרלוירן געגאַנגען? כּדי לאַורא זאָל איצט קענען זיין מיט באַרוויצקין. אָ, פאַרצווייפלונג!

צעזאַרי האָט געזען פאַר זיך זיין גענוס מיט לאַוראַן, בשעת יעדעס מאָל האָט געהאַט צוויי צונגען פון גענוס, און ער האָט געפילט, געפילט מיט אַלע חושים, מיטן שגעון פונם שכל און מיט דער פּיין פון זיין נשמה, אַז ער האָט זי פאַרלוירן אויף אייביק. ווער האָט עס — צום טייוול! — אויפגעהויבן זיין האַנט, ער זאָל לאַוראַן אַ קלאַפּ טון! דאָס האָט דידאָזיק קאַראַלינאַ אַ קלאַפּ געטון לאַוראַן מיט דער שפּיצרוט איבערן פּנים! ווי-שע דען וואָלט ער אַליין פעיק געווען אויף אַזאַ געמיינהייט, אויף אַזאַ פאַרברעכן, אויף אַזאַ נידערטרעכטיקער מיאוסקייט! שלאָגן אַ שוואַכע פרוי מיט אַ שפּיצרוט איבערן פּנים! שלאָגן לאַוראַן! שלאָגן די, וואָס האָט מיליאָנען קושן געגעבן זיינע ליפּן! שלאָגן דאָס מויל! אַך, סאַראַ מיאוסקייט, סאַראַ שאַנד! שלאָגן זי דערפאַר, ווייל זי האָט פאַרשטעלט אַ מענטש פון קלעפּ אין קאָפּ מיט אַ האַרטער, בלייערנער קויל — עס זאָל אפילו זיין דער ערגסטער מענטש! דער מענטש האָט דאָך נישט געהאַט אין דער האַנט קיין שום זאַך מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן. ער האָט זיך פאַרשטעלט. צום טייוול! האַרדראַר!

צעזאַרי האָט זיך געוואָרפן אין זיין היי-באַרע און פאַרשטופּט:

זיך ס'פֿיל מיט די פֿויסטן, כּדי פֿון ווייטיק נישט צו וואַיען איבערן גאַנצן פֿוסטן פֿעלד. אַך, זכרונות, זכרונות פֿון גן־עדן, וועלכעס ער האָט אַליין מיט איין קלאַפּ צעשטערט אויף אייביק. זכרונות פֿון אַן אָוונט אין אַ פֿרעמדער שטאָט, ווען ער האָט אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר פֿון אַ האָטעל־צימער. די אייביק־אומפֿאַרגעסלעכע זכרונות, די אייביק־פֿריידיקע — ווען די טיר האָט זיך געעפֿנט און ס'האָט אים אַריינגעצויגן אין פֿייַעריק אַ פֿון אויבן ביז אַראָפּ נאַקעטע האַנט. . . ווי אַזוי קען ער פֿאַרגעסן דעם תּענוג פֿון דעם ערשטן אַרומנעמען זיך און דעם פֿלי איבער די הימלען פֿון געפֿילפֿולקייט, גוטסקייט, גנאָד און דער ריינסטער, אמתדיקסטער ליבע? אָפּזאָג זיך פֿון לאָוראַן? אָ, בעסער שטאַרבן! צעשלאָגן זיך דעם קאָפּ כּדי עס זאָל אין אים נישט פֿאַרבלייבן קיין געדאַנק אָפּצוזאָגן זיך פֿון דער הימלישער מתּנה, פֿון דעם ערדישן קונסטווערק, פֿון דער העכסטער און ריינסטער שיינקייט, וועלכע די ערד האָט פֿון איר שויס אַרויסגעגעבן!

צעזאָרי האָט געוויינט.

ער האָט אַ לאַנגע צייט געוויינט, נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן. ס'האָבן אים אַרומגערינגלט איצט די דריי פֿרויען, ווי דריי נקמה־געטינס. ער האָט זיי דאָ געטראָפֿן, נישט ווויסנדיק, אַז ער וועט זיי דאָ טרעפֿן און ער האָט זיי אַלע דריי אַזוי גראָב באַוואָלהט. פֿאַר איינער איז ער געוואָרן אַן אומגליק־ברענגער, פֿאַר דער צווייטער איז ער געוואָרן די שטויס־קראַפֿט צו אַ מאָרד, און די דריטע האָט ער געשלאָגן. און די, די לעצטע — דערפֿאַר ווייל זי האָט אים ביז שגעון ליבגעהאַט.

וואָס זאָל ער טון מיט זיך?

ווי אַזוי זאָל ער אַרויסקריכן פֿון דעם גיהנום פֿון געוויסנביסן? וואָס זאָל ער טון? ווי אַזוי זאָל ער זיך פֿאַר זיך אַליין רעהאַביליטירן? וווהין זאָל ער אַנטלויפֿן פֿאַר זיך אַליין?

ער איז אַרויסגעקראָכן פֿון זיין גאָרע און אויסגעצויגן אַ פּאָר געבײַלטע פֿויסטן אין דער זייט פֿון לאָוראַס הויז. ער האָט געדראָט מיט די געבאַלטע פֿויסטן און גערעדט:

— וועסט אייביק, ווי לאַנג דו וועסט נאָר לעבן, באַדויערן

אונדזערע געהיימע נעכט! וועסט אים טרערן פארגיסן, פארוואס דו האסט נישט איצט, נאר מיך פארטריבן פון דיין הויז! מיך האסטו פארטריבן? כ'האב גוט געטון, שלאגנדיק דיך! די שרעקעדיקע, פארוויסטענדיקע, פארעכנדיקע, נידערטרעכטיקע, כיטרע, געמיינע! ער וועט דיר אפרייניקן פון חובות דיינע גיטער? און איך — ארויס! איך אהין? איך לויף צום פארבארגענעם געגנט, אז ער דער אפיציעלער מאן! וועסט שטארבן אין צער נאך מיר, וועסט אויך אזוי בייסן די הענט, ווי איך טו עס איצט! אבער שוין אוועק פון אונדזער פרייד. ווי אזוי קען איך זיך אומקערן צו דיר, איך א מאנספארשוין, איך א זעלנער — נאכדעם, ווי איך האב דיך געשלאגן אין דער אנוועזנהייט פון אן אנדערן מאנספארשוין? מ'דארף גיין אין דער וועלט אריין!

אבער אנשטאט אוועקצוגיין „אין דער וועלט אריין", האט ער זיך אומגעקערט אין זיין היי־נעסט. ער האט אנגעפליקט א ביסל טרוקן גראז און אויסגעבעט זיך א געלעגער. ער האט זיך איינגעוויקלט אין היי און, זייענדיק צוגעוווינט אויף דער מלחמה צו ליגן אויף דער ערד, האט ער זיך אויסגעצויגן אויף די פלייצעס.

ס'איז קאלט געווען. נאך דער שטילער נאכט האט צו באגינען צו אנגעהויבן צו בלאזן איבער די פעלדער א טרוקענער, קאלטער ווינט. א דראבנער שניי האט אנגעהויבן צו פליען און אומבאמערקבאר זיך פונאנדערצושיטן

צעזארי האט געזען און געהערט, ווי ס'ציט זיך אין זיין ווייטקייט איבער די פוסטע פעלדער, איבער דער פארפרוירענער אקער־ערד א שארפער ווינטערדיקער ווינט. זיין נשמה איז איצט געווען, ווי די פונאנדערגעאקערטע ערד, אין וועלכער יעדער זאמען קען שלאגן ווארצלען. שלאפן האט ער נישט געקענט, ווייל זיין גוף האט געציטערט און ס'הארץ האט גיך, שטארק און טויב געשלאגן. חוץ דעם האט איצט דער קלאפ אין באק, וועלכן ער האט באקומען פון באראוויצקין, געריסן ווי א מכה.

צעזארי האט געטאפט די באק מיט די פינגער און געפילט עפעס, ווי אן אנגעלאפענעם פאס איבער דער גאנצער באק. ווי

אַזוי קען ער זיך איצט באַווייזן אין נאַוואָלאָטש? צוריקקומען און איינדערפרי זיך זעצן באַם פרישטיק מיט אַזאַ אָרנאַמענט אויפן פרצוף? יעדער וועט דאָך דערקענען, אַז דאָס איז פון אַ געשלעג. די אַלטע מומעס, די גנעדיקע פרוי, סקאַלניצקי, דאָס גלחל היפּאָליט — אָך, היפּאָליט! — אפילו דער מאַטשעיוניאַ. יעדער וועט זיך טראַכטן: — עהע, ברודערקע! האָסט געקריגן אין פּיסק אַריין, עווענטועל אין דער מאָרדע...

דאָס איז צו גאָרנישט! מ'דאַרף אַנטלויפן. אַנטלויפן אין דער וועלט אַריין! אין דער ברייטער וועלט אַריין!

און אָט האָט צעזאַרי דערפילט, ליגנדיק אַזוי אויפן ביסל צונויפגעשלעפּטן היי, וואָס האָט באַדעקט די ריינע, פאַרפרוירענע ערד, אַז ער איז ווידער איינזאַם. אַזוי ווי ער איז אַמאָל געווען אין באַקו. ער האָט דערפילט, אַז הינטער אים איז גאָרנישט נישטאָ, און פאַר אים אַן אומבאַקאַנט טויט פעלד, דורך וועלכן ס'ציט אַ ווינט פון איין עק וועלט צום אַנדערן. און אין דערדאָזיקער איינזאַמקייט זיינער וועט שוין ליידער נישט קומען צו פאָרן דער פאָטער, וואָס איז דורך ליבע, דורך אַ פאַרבאָרגענעם כוח געטריבן געוואָרן פון איין עק וועלט צום צווייטן, ווייל ער איז שוין נישטאָ. ער שלאָפט, ווי אַ שטיין. ער ליגט, ווי אַ בערגל ליים פאַרפרוירן אין אַריינגעפרוירן אין טויבן פעלד.

אָט האָט ער דאָ אויפן וועג געפונען פריינטשאַפט, גאַסטפריינטלעכקייט, סימפּאַטיע. אַלץ איז אַריינגעטרעטן געוואָרן דורך ווילדע פיס אין דר'ערד אַריין. און ער איז ווידער איינער אַליין, אַזוי ווי אין באַקו, אַן אָפּגעטיילטער מענטש פון אַלעמען אויפן פרייען פעלד.

דער פאַרביילויפנדיקער ווינט איז פאַר אים גוט און פילנדיק געוואָרן: ער האָט אים געזונגען זיין ביטער ליד, וועגן אייביקן טויט און אייביקן צוריקקער צום לעבן. אויף זיינע פליגל האָט דער ווינט גענומען צעזאַריס פאַרוואונדעטע געפילן און ער האָט זיי ערגעץ געטראָגן, ווי ער טראָגט די פרוכט־ברענגענדיקע זאָמען. ער האָט אים צום שלאָף געוויגט, ווי דער לעצטער פריינט. אָבער דער שלאָף איז נישט אַראָפּגעשוואומען אויף די וויעס פון

זיין מאַנאַטאָן ליד. אַ קעלט האָט מיט אַ דריק אַרומגענומען, צו זאַ ריס הענט און פיס, זי האָט זיך אַריינגעריסן אונטער זיין מלבוש און מיט אַ ציטער דורכגעלאָפן דורך זיין קרייץ. צעזאַרי האָט זיך אויפגעכאַפּט פון אָרט און אָנגעהויבן לויפן איבער די פעלדער. זיינע אויגן, וואָס האָבן זיך שוין צוגעוווינט צו דער פינסטערניש, האָבן באַמערקט פון דער ווייטנס די גריבער, אַקער־חלקים, מיסט־בערגלעך און ביימער.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט זיך פון לעניעץ דערהערט אַ רעדער־קלאַפּערײַ. ס'האָט זיך געזען דאָס ליכט פון לאַמטערנעס, וואָס האָבן זיך גלייכמעסיק באַוועגט: דאָס איז באַרוויצקי אַרויסגע־פאָרן פון לעניעץ. האַ! וואָס? מ'קען איצט גיין צו לאַוראַן... ער איז דאָך שוין דאָרט נישטאָ. איינער איז אַוועק, וועט קומען דער אַנדערער. ס'טרעפט אַזוי! ער האָט זיך נאַריש צעלאַכט, ווי אַ ווינט־שד אין ליידיקן פעלד און ער איז ווייטער געלאָפן. אין לאַוראַס פענסטער, אין דער האַלבראָדיקער גרויסער שויב, האָט זיך דאָס ליכט פאַרברייטערט אין דער הייך, אויפגעהויבן זיך, און שפּעטער פאַמעלעך אויסגעגאַנגען. ניין! ער וועט שוין נישט גיין צו איר נאָך יענעם שנאָרען ליבע! די שבועות און אויסרופן, אַז נאָר ער אַליין פאַרמאָגט איר האַרץ, האָבן קיין שום ווערט נישט. זי נאַרט ביידן אָפּ. דאָס איז דער איינציקער אמת.

אויף זיין וועג האָט ער אָנגעטראָפן דעם באַקאַנטן דורכ־גאַנג אין גאָרטן. ער איז אַריין אין דעם לעניעצער סאָד און אין פולשטענדיקסטן פאַלן פון זיין באַוווסטזיין, אין נישט וויסן ווו ער איז און וואָס טוט זיך מיט אים, איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, דורך וועלכער ער פלעגט שטענדיק אַריין אין דעם הויז.

ער האָט אַ דריק געטאָן די קליאַמקע. די טיר איז געווען פאַרמאַכט. ער האָט אַרומגעקרייזט דאָס הויז־היינקל, געבליבן שטיין באַם פענסטער, אין וועלכן עס איז שוין פאַרלאָשן געוואָרן דאָס ליכט, און ער האָט מיטן גאַנצן כּוח פון זיין נשמה גע־ביטן:

— לאַוראַ! לאַוראַ!

אָבער דאָס גאַנצע הויז האָט פאַרנאַכטנדיק געשוויגן. דאָס פענס-טער איז פאַרמאַכט געווען, און די גאַנצע ערד האָט געשוויגן. ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אַוועקגעגאַנגען. ער איז צוריק אַרויסגעקראָכן אין פעלד אַריין און לאַנג געגאַנגען, טראָגנדיק אין זיך די נאַקעטע אין עקלדיקע פּיין פון פאַרשוויסינג.

ער איז געקומען אין וואַלד.

דער סאָסנעס-גערויש אין וואַלד האָט אים פאַרשאַפט אַ דערלייכטערונג, ווי עפּעס אַ טיפע און ראַפינירטע מוזיק. ער האָט זיך דאָרט אַוועקגעזעצט אויף אַן אָפּגעהאַקטן בוים, וואָס האָט אַרויסגעשטאַרצט פון שניי, צווישן די סאָסנעס. ער האָט גענומען דעם קאָפּ אין די הענט און דורכגעקוקט די געפילן-געשיכטע פון זיין לעבן.

לאַנגע שעהן זענען פאַרביי, איידער ער האָט אויפגעוואַכט. ס'האָט געטאָגט. אַ ווייסלעכע בלויקייט האָט אָנגעפילט דעם וואַלד. דער ווינט איז ווידער אנטשוויגן געוואָרן און אַן אומדערגרינטלעך שווייגן איז געלעגן איבער די דיקע ערטער.

צעזאַרי איז אַרויס פון וואַלד און זיך אַרומגעקוקט אויף דער געגנט. ס'האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער זעט זי צום ערשטן מאָל. יעדנפאַלס איז ער נאָך קיינמאָל נישט געווען אין דעם וואַלד, כאָטש ער האָט שוין דורכגעוואַנדערט די געגנט צופוס און רייטנ-דיק. ער האָט באַמערקט, אַז ער איז פאַרקראָכן הינטער דעם פויערישן דאָרף נאַוולאָטש, פון דער דרום-זייט, צווישן דער קיר-כע און דעם הויף. אין דער נאָענט האָבן זיך נעפלדיק באַוויזן פאַרשידענע קוסטעס און ביימער. ער איז צו זיי צוגעגאַנגען, טראַכטנדיק, אַז דאָרט מוז זיין אַ וועג.

אין אַ רגע אַרום איז ער צוגעקומען צו יענע קוסטעס, דורכטאַנצנדיק די אַקער-חלקים.

דאָס איז געווען דער נאַוולאָטשער בית-הקברות, וואָס איז געלעגן צווישן דאָרף און צווישן הויף. דער בית-הקברות איז שלעכט פאַרצוימט געווען, אָדער בעסער, אינגאַנצן נישט פאַרצוימט. ס'זענען נאָך געשטאַנען סלופּעס, וואָס זענען אַמאָל געווען קאַנטיק אַרומגעטעסעט. און היינט האָט זיך פון זיי געשיט פוילהאָלץ. אויף

דער ערד זענען געלעגן צעפוילטע און מיט שניי באדעקטע ברעטער.

צעזארי האט געוואלט דורכהאקן דעם בית-הקברות, גייענדיק גלייך, ווייל ער האט געזען אונטערן שניי די שפורן פון א וועג, אדער אליע. ער האט זיך דערמאנט, אז ער איז דאך מיט א קורצער צייט צוריק געווען אויף דעם ארט, בא קאראלינא שארלאטאוויטשס לויה.

ער איז שטיל געבליבן, ארומגעקוקט זיך!

א דארפיש בית-הקברות! נידעריקע, גאנץ נידעריקע, נישט קיין קברים נאר קברימלעך... קליינע בערגלעך, פון צייט צו צייט ארומגעקלאפטע מיט א לאפאטע און אמאל-אמאל, צו פרילינג-צייט, ארומגערינגלטע מיט א גראז-דיוואן. ערטערווייז: איינגעפאלענע קברים, איינגעזונקענע אין דער ערד. דא און דארט א הילצערנער צלם מיט א קרענצל שמעקנדיק גרינס. ערטערווייז, אן אויפשריפט אויף א בלעכערנעם טאוול. דער נאמען און צונאמען, אויסגעמאלט מיט א שווארצער פארב און מיט פארשידענע ארטאגראפישע פעלערן, און א בעטלערישע בקשה וועגן תפילות, וועלכע קיינער ריכט קיינמאל נישט אפ. אן אמת דארפס-בילד. דא קליינע און בא-דער-ערדיקע קברימלעך, און צווישן זיי אין סאמע מיט, שטייען מירמלנע מצבות מיט געגילדטע אויפשריפטן, צעבראכענע גראניט-זיילן און ווייסע מלאכים מיט פארשווארצטע פנימער און אויסגעפוילטע אויגן. דארט ליגן די פריצים. אין סאמע מיט שטייט דער ריזיקער, פראכטפולער משפחה-קבר פון די וויעלאסלאווסקיס, וואס איז פארוואקסן מיט א מענגע מירמלנע פליטן, וועלכע דער רעגן האט דורכגעאקערט, ווי ער אקערט דורך דאס ליים אין פעלד.

צעזארי האט זיך דערגענטערט צום דאזיקן משפחה-קבר.

דא האט מען דאך פון דער זייט אפגעגראבן א ביסל ערד, געעפנט דאס ציגעלנע ווענטל און אריינגערוקט אין דעם שווארצן תהום פון פוילקייט די צעשמייכלטע און פריילעכע קארושא, וואס האט געהאט ליפן זיסערע, ווי קארשן און מאלינעס.

צעזאַרי איז פאַרבייגעגאַנגען דאָס וועגל, וואָס האָט געפירט דורך דער ברייט פון בית־הקברות צום טויער מיט די אַראָפּגעריסענע טירן. ס'איז אַלץ איינס געווען צו גיין אַהין, אָדער אַהער. ער האָט געדענקט, אַז באַם משפחה־קבר איז געווען אַ הילצערן בענקל, אויף וועלכן די פרוי וויעלאָסלאַווסקאַ איז געזעסן, בשעת זי איז געגאַנגען תפילות זאָגן בײַ איר מאַנס מקום־מנוחה. אויף דעם בענקל איז עמעץ געזעסן. יענער האָט אויפגעהויבן דעם אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ. דאָס איז געווען דער גלח צנאַסטאַזי. אין אַ גלחיש מאַנטל און אין אַ בלוילעך היטל, ווי די דאָרטיקע פויערים זענען אָנגעטון, איז ער ענלעך געווען צו די שטיינער און מאַרמאָרן, פעלזן און אייזנס פון די מצבות.

— גוט מאָרגן, צעזאַרי! — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ פרעמד קול. — פון וואַנען גייסטו און וווהין אַזוי פרי?

— כ'האָב געוואָלט באַזוכן קאַראָלינאַס קבר.

— איך אויך. גייענדיק אָפּריכטן די הייליקע תפילות, באַזוך איך עס יעדן טאָג. נו, איך שטער דיר נישט. זײַ מתפלל.

— צו תפילות ביסטו אַ גלח.

— איך — יאָ. אָבער איך טו עס, אַזוי צו זאָגן, אַמטלעך, פּראָפעסיאָנעל. און דו דאַרפסט עס אין דעם פאַל ספּעציעל טון.

— איך ווייס אַליין, צי איך דאַרף מתפלל צו זײַן, אָדער נישט.

— אויסער דיר, ברודער, ווייס איך דער צווייטער און דער לעצטער, אַז דו דאַרפסט.

— אויף וויפיל מיר איז באַוווּסט, איז אַ גלח מחויב צו האַלטן בסוד אַ ווידוי.

— בלי שום ספק. אָבער דאָ הערט אונדז נישט קיין לעבעדיקער מענטש. און, פאַרשטיי, עס הערן אונדז די טויטע! און זי הערט — דײַן קרבן.

— וואָס פאַר אַ קרבן? וואָס איז דאָס ווידער פאַר אַ פּלוידערייִ!

— זי האָט זיך אין דיר פאַרליבט אויף טויט און לעבן. א יידעלשע, א מענטשלעכע זאַך. און דו? האָסט זי נישט ליב געהאַט, ווייל דו האָסט זיך פאַרליבט, אָבער אין אַן אַנדערער — און פאַרוואָס־זשע האָסטו זי געקושט?

— אַזוי איז מיר געפעלן געוואָרן. ס'איז אַ יינגלשע זאַך צו קושן שיינע מיידלעך.

— אָבער דו האָסט געקושט אַן אומשולדיק מיידל, אַ יתומה, אַ נע־ונדניצע, אַ היימלאָזע, וואָס האָט זיך דאָ, בײַ אונדז אין הויז, מיט איר שווערער און ערלעכער אַרבעט פאַרדינט אויף א שטיקל ברויט. און הער מיך אויס, דו אָפּטריניקער! — אַן אַדל קינד! זעסטו, ווי גאָט האָט זי שרעקלעך געשטראָפט פאַר די קושן מיט אַבי וועמען? דו וועסט זיך מיר נאָך גרויסן מיט דיין מאָסקווער פאַרווילדערונג! פאַל תיכף אויף די קני פאַר איר קבר און בעט מחילה.

— מיין זאַך איז עס, מיינע חשבונות מיט איר... איך האָב אייך נישט געבעטן קיין עצות און נישט קיין אַדל־קאַטוילישע אָנ־ווייזונגען.

— בײַ מיר וועסטו מיטן גרויסן זיך גאָרנישט פועלן! איך בין טאַקע באַרופן דערצו, כ'זאָל ווייך מאַכן פאַרהאַרטעוועטע געוויסנס. און דיין געוויסן לאָז איך אויך נישט אָפּ!

— מיין געוויסן וואַרפט מיר גאָרנישט נישט פאָר. כ'זאָל וועלן, האָב איך זי געקענט פאַרפירן, און קיין שלעכטס האָב איך דאָך נישט געטון. מיינע קושן האָבן איר פאַרשאַפט אַ געניס. זי האָט זיי אַליין געזוכט. איך מיין, אַז זי האָט געוויינט און זיך געמאַטערט, ווען כ'האָב איר אָפּגעזאָגט די קושן.

— שווייג! שווייג! איך וויל עס נישט הערן! און אויב דו ווילסט עס מיר דערציילן מיט אַ גוטער כוונה, קענסטו עס ערגעץ אַנדערש טון. קום מיט מיר! כ'וועל אָנטאָן מיינע פיי־ערלעכע מלבושים. כ'וועל זיך אַוועקזעצן אין קאָנפעסיאָנאַט און כ'וועל דיך אויסהערן, וועסט אַראָפּוואַרפן פון דיין האַרץ די שטיינער, וואָס באַלאַסטן דיך. אויב כ'וועל קענען, וועל איך דיך באַפרייען פון דיינע זינד. איך שווער דיר בײַ גאָט, וואָס לעבט איי־

ביק, אַז דו ווערסט, ברודער טשאַרוש, געפינען אַ דערלייכטערונג
פאַר דיין האַרץ!

צעזאַרי האָט זיך האַרציק צעלאַכט, און פון געלעכטער האָט
ער אַרויסגערעדט:

— ווערסט זיך עס נישט דערלעבן, גלח׳ל, זאָלסט מיך כאַפּן
אויף דיין שטריק! איך בין אַ פרייער לאַשאַק. מיר קענען צוזאַ־
מען עסן, פלוידערן, מיר קענען זיך אָנשיכורן, ווייל דו, גלח,
האָסט עס ליב און ביסט אַ גרעסערער בקי פאַר מיר אין הלכות
עסן און טרינקען, אָבער פונוואַנען נעמט זיך צו דיר די פרע־
טענזיע צו הערשן מיט אַזעלכע קוואַליפיקאַציעס איבער אַזאַ סוב־
טעלן אָרגאַניזם, ווי דאָס מענטשלעכע געוויסן? ווי מיין געוויסן?

— וואָר, זעסטו, נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין אַ
נאַשער און אַ לץ, נישט געקוקט דערויף, וואָס כ׳האָב ליב פריי־
לעכקייט, געלעכטער, אַ וויץ — בין איך אויך אַן הכנעה־דיקער
און טרייער דינער פון גאָט.

— כ׳ווייס וועגן דעם, אָבער, איך בין נישט פון דער פאַ־
ראַפיע. נישט פון דער און נישט פון קיין שום פאַראַפיע.

— דערפאַר גייסטו אַרום אויף דער ערד, צווישן גאָטס שטי־
לע און ערלעכע קינדער, ווי אַ בייזער אָנגרייפער, דער טויט און
מאָרד ליגן אויף דיינע שפורן, כאָטש דיין טריט איז אַזוי פריי,
אומשולדיק, לייכט — אַן אמת יינגלערישער.

— עס מאַכט נישט אויס. כ׳וועל ווי עס איז זיך ווייטער
דורכגיין.

— און ווער האָט דיך אַזוי מיאוס מכבד געווען? האָסט
דאָך אַ ברוין־און־בלויען צייכן אויפן פנים.

— כ׳בין געפאַלן אויפן וועג און זיך פאַרוווּנדעט דאָס
פנים.

— Tiens! זעסטו, אַז דו האָסט שוין קיין זיכערן טריט.
אויך דו פאַלסט אום, שטעלסט נישט זיכער דעם טריט.

— מיינע טריט לענקט נישט דער אויסגעצייכנטער גלחי־
שער פרינציפּ: באַפעלן מיט דער טיפסטער הכנעה און הערן באַ־
פעלן מיט אַן אומדערגרייכלעכן שטאָלץ. איך גיי זיך מיט מיין

אַרט גיין. אָבער כ'וועל זיך אַזוי אויך ווי ס'איז אַן עצה געבן.

— זאָל דיר גאָר אַלץ מוחל זיין. און זאָל ער דיך אָפּהיטן פון אַלדאָס שלעכטס. איך מוז גיין אין דער קירכע. בלייב דאָ אַליין — און וויין אין דער שטילקייט פון דיין נשמה לעבן אַט דעם קבר.

— Farçeur!*) — האָט צעזאַרי אויסגעבורטשעט.

דער גלח האָט נישט געענטפערט. ער איז גיך אַוועקגעגאַנגען.

---

צעזאַרי האָט זיך שטיל אומגעקערט אין צימער אַריין, האַלטנדיק פאַרדעקט ס'פּנים, כדי ס'זאָל אים עמעצער נישט דערזען מיטן צייכן פון שפּיצרוט־קלאַפּ. ער האָט זיך פאַרבונדן ס'פּנים מיט אַ טיכל, איינגעגראָבן זיך אין בעט און איינגעשלאָפן געוואָרן, ווי אַ שטיין. ער איז דורכגעשלאָפן דעם גאַנצן טאָג און אַ טייל פון דער נאַכט. ס'האָט אים אויפגעוועקט דאָס ליכט אין צימער און דער הילך פון טריט. דאָס איז היפּ ליט ווילאָסלאַווסקי געשטאַנען לעבן בעט. צעזאַרי האָט אומווילּיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— צעזאַרי! וואָס טוט זיך מיט דיר? האָסט נישט געגעסן און נישט געטרונקען...

— כ'בין געשלאָפן.

— גוט. אָבער הייס דיר עפּעס אַהערברענגען. וואָס ווילסטו?

— בעט, מ'זאָל מיר אַהערדערלאַנגען טיי. כ'בין אַ ביסל נישט געזונט און כ'קען דערפאַר נישט גיין צום טיש.

— נו, צום טיש דאַרפסטו נישט גיין, ווייל אַלע שלאָפן שוין לאַנג, אָבער מאַטשעיוניאַ וועט דיר עפּעס צוגרייטן.

---

*) קאָמעדיאַנט!

— מ׳דאַרף נישט! אויף מיין וואָרט, מ׳דאַרף נישט! כ׳וועל חאַרטן ביז מאָרגן.

— וואָס טוט זיך עס מיט דיר! וואָס באַהאַלטסטו עפּעס אויפֿן פּנים?

— כ׳בין אין אָוונט געגאַנגען דורכן פּאַרק. א צווייג האָט מיר א קלאַפּ געטון אין דער באַק אַריין.

— אַ מאָדנע צווייג, וואָס טרעפט דווקא אין דער באַק אַריין. אפילו צווייגן פּאַטשן אין אונדזער געגנט. וואָס פאַר א לאַנד פון פּאַרעלטערטער ערנהאַפטיקייט!

— יאָ, א לאַנד פון א ביסל צופיל פּאַרעלטערטער ערנהאַפּ־טיקייט.

— טשאַרוש! — האָט היפּאָליט פּלוצלינג געזאָגט מיט א פּאַרוואורף — דו באַהאַלטסט זיך עפּעס פאַר מיר! כ׳וויל זיך דיר נישט אָנוואַרפן, אויב דו באַהאַלטסט זיך.

— אָבער איך באַהאַלט זיך נישט! כ׳בין געשלאָגן.

— איך זע דאָך, אַז דו באַהאַלטסט אין זיך עפּעס אַ פּיין. ס׳טוט זיך דאָ עפּעס אַרום דיר, וואָס איך קען נישט פאַרשטיין. מ׳דערציילט מיר פאַרשידענע נאַרישקייטן און אפילו חזירייען. איך גלייב גאָרנישט. איצט דער צייכן אויפֿן פּנים. . .

— לאָז מיך צורו!

— צי זענען מיר נישט געווען זעלבער אין איין שיס־גרוב! — האָט היפּאָליט געדעדט מיט טרערן אין די אויגן, אָנכאַפּנדיק זיין פריינט בײַ דער האַנט, — כ׳האָב דיך דורך־און־דורך דערקענט און מיר האָבן פאַר זיך נישט געהאַט קיין סודות. איינער איז גע־גאַנגען פאַרן אַנדערן, ווי פאַר זיך אַליין. און איצט ראַנגלסטו זיך מיט עפּעס אַ שונא דאָ, אין מיין היימישער נעסט, דאָ, אויף מיין מיסט, און ווילסט מיך נישט האָבן פאַר אַ ברודער אין דעם ענין. דאָס טוט מיר וויי, באַריקאַ!

— ס׳זענען דאָ זאַכן, וועלכע מ׳קען פאַר קיינעם נישט פאַרטרויען, אפילו נישט פאַר דיר.

— נישטאָ קיין זאַך, וועלכע איך זאָל נישט קענען פאַר־

פרויען דיר. גייסט דאָך נישט גנבענען קיין פערד, און באַפאַלסט דאָך נישט קיינעם אויף די וועגן!

— נו, זעסטו — כמעט...

— ע, ביסט אַ שוטה! — כ'וועל דיר נאָר איינס זאָגן: אויב דו האָסט עפּעס אַ פאַרפאַל, אויב דו קעמפסט מיט עמעצן, אויב ס'איז אויף דיר געקומען אַ צרה, וואָס איז איבער דיינע כוחות, אַ טויב אומגליק... מיט וועמען ס'זאָל נישט זיין, וועגן וואָס ס'זאָל נישט זיין, שטיי איך אויף דיין זייט! איין וואָרט — און כ'וועל שניידן, ווי דו וואָלסט אַליין, מיט דיין אייגענער האַנט געשניטן! ווילסט אַ סעקונדאַנט, ווילסט אַ פאַרטרעטער, ווילסט אַן alter-ego*), ווילסט אַ פאַרמיטלער — וועגן וואָס ס'זאָל נישט זיין — איך בין גרייט!

— כ'דאַנק דיר, היפּ! איך ווייס דאָך, ווער דו ביסט, אָבער דאָס איז מיר אַלץ לחלוטין איבעריק.

— ווער האָט דיר אַ קלאַפּ געטון איבער'ן פּנים.

— אַ צווייג אין פּאַרק.

— ווילסט מיך נישט?

— ניין.

— כ'פאַרשטיי. כ'וועל זיך שוין מער נישט אָנוואַרפן מיט מיין פּערזאָן.

— היפּאָליט, ברודערקע! לאָז מיך אָפּ.

— איז שוין, הייסט עס, נישטאָ צווישן אונדז יענץ, וואָס איז געווען אין די שוך־גריבער.

— כ'וועל דיר נאָר איינס זאָגן: דאָרט אין די שוך־גריבער זענען נישט געווען קיין שיינע פרויען. וועגן מער פרעג מיך נישט. זינג זיך צו דאָס איבעריקע, ווייל מער קען איך דיר נישט זאָגן. דאָס איז אַ סוד.

— אַ סוד, וועגן וועלכן ס'האָבן היינט אַ גאַנצן טאָג אַלע שפּערלינגען בעפּישטשעט אויף אַלע דעכער.

---

*) אַ צווייטן איך.

— באמת ?

— און וואָס מיינסטו ! כ׳וויל זיך שטעלן לעבן דיר, כ וויל דיך פאַרשטעלן און שלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס... וואָס דו וועסט נאָר הייסן... און דו זאָגסט מיט אַזאַ פּאָמפּע : אַ סוד !

— כ׳האָב צו דיר איין גרויסע בקשה.

— אַלץ !

— דערלויב מיר צו פאָרן אויף אַ וואָך — צוויי אין דעם קליינעם פּאָלווארק קיין כלאָדעק. כ׳וואָלט געוואָלט זיין אַליין, אפילו דיך נישט זען. . . נו, און ס׳זאָל מיך קיין מענטשלעך אויג נישט זען. כ׳וואָלט וועלן זיך פאַרהיילן מיין פּרצוף און פאַרטראַכטן זיך אין משך פון דער צייט, וועגן אַלץ, וואָס האָט מיך דאָ ארומ-געריינגלט. כ׳קען איצט נישט זיין בײַ אייך און נישט אומקערן זיך אין שטאָט אַריין. כ׳האָב אין זיך אַ טומאַן, אַ טומאַן. . .

— כ׳וועל היינט פאַראָרדענען. וועסט דאָרט קריגן אַ צי-מערל. אָבער דאָס וועט זיין קליין, פשוט, אָרדינער, ווייל דאָרט איז דאָך קיין קאָמפאָרט נישטאָ.

צעזאַרי האָט נישט געקענט רעדן. ער האָט אויסגעצויגן די האַנט צום פּריינט זיינעם. היפּאָליט האָט אָנגענומען זיין האַנט און לאַנג זי געדריקט. לסוף האָט ער אַרויסגעלאָזט די האַנט מיט אַ זיפץ :

— קיין כלאָדעק — אַליין. . . עך, דו שוטה ! דו דאַרדאַ-נעל-אייזל ! האָסט אומגעבראַכט קאַרושען, מיר האָבן אין דער משפּחה אַזוי באַשלאָסן צווישן זיך, מ׳זאָל קאַרושען אַריסטאָקן. מיר האָבן איר באַשלאָסן צו געבן אין נדן אָט דאָס כלאָדעק. עס האָט זיך אויסגעדרוכט, אַז דו האָסט זי ליב. כ׳האָב געחלומט : זיי וועלן חתונה האָבן, זיי וועלן זיך באַזעצן אין כלאָדעק. כ׳האָב געמיינט, אַז מיר וועלן דאָס גאַנצע לעבן פאַרבלייבן שכנים. עך, דו שוטה !

צומאָרגנס באַגינען האָט זיך צעזאַרי אַריבערגעטראָגן קיין
כלאָדעק איידער מ'איז נאָך אויפגעשטאַנען אין נאַוולאָטשער הויף.
ער האָט זיך מיט קיינעם נישט געזעגנט, ווייל נאָך קאַראָליינאָס
טויט איז ער סיי ווי געווען נישט אַזאַ אָנגענומער גאַסט בײַ די
איינוווינער פון דעמדאָזיקן הויף. היפּאָליט האָט אים פּערזענלעך
אָפּגעפירט און אים „איבערגעגעבן" דעם עקאָנאָם גרובאָשעווסקי.
אויספירנדיק אָפיציעל, כמעט יורידיש, די דאָזיקע מיסיע, איז ער
זיך באַלד מיט אַ קליינעם שליטן אַוועקגעפאָרן. צעזאַרי האָט זיך
פון אונטער די ברעמען צוגעקוקט צום הער גרובאָשעווסקי און
יענער האָט, צוהיסטנדיק און גלעטנדיק זיינע אַראָפּהענגענדיקע
וואָנסעס, צוגעקוקט זיך צו צעזאַרין. לסוף האָט ער מיט אַ נישט-
איבעריק גאַסט-פריינטלעכן זשעסט איינגעלאַדן צעזאַרין אין הויז
אַריין:

— קומט, כ'בעט אייך, אַריין אינעווייניק...

דער אינעווייניק איז געווען גאָר באַנט. פון דער וועלט, רעגן
ווינט און צו גרויסן פראָסט האָבן אים געשיצט די ווענט פון לער-
כע-ביימער, די ווייסע און פון עלטקייט אַזוי שטאַרק אויסגעבויגענע
ווענט, אַז יעדע פון זיי איז נישט געווען קיין גלייכפלאַכיקע, נאָר
אַ כוואַליעדיקע. פון קליינעם וועראַנדעלע איז מען אַריינגעגאַנגען
אין אַ קאָרידאָר, מיט אַ פּאָדלאָגע פון פּלאַטשיקע שטיינער, און פון
קאָרידאָר האָט אַ נידעריקע, דורות-אַלטע, אַרומגעקאָוועטע טיר
אַריינגעפירט אין אַ ברייט צימער מיט אַ פּאָר פענסטער. די פּאָד-
לאָגע איז דאָרט אויך עפּעס כוואַליק געווען, ליגנדיק אויף דער
הוילער ערד. פון די שפּאַלטן אין די אַלטע פּאָדלאָגע-ברעטער
האָט זיך אַרויסגעקומען אַ ריח פון האַרבסטיקע אויסגוסן און ווינ-
טערדיקע פראָסט-פאַלגונגען, און די גרויסע זומערדיקע רעגן-גאָסן
זענען אין דער ברייט דורכגעשווומען די ברעטער, ווייל דאָס
פאַרפוילטע און פון שימל דורכגעפרעסענע געהילץ האָט — ליי-
דער! — נישט געקענט איינהאַלטן און אָפּשטויסן די אָנגריפן,
ווי אין די אַמאָליקע צייטן. אין גרויסן „צימער" איז געשטאַנען
אַלט מעבל מיט שטאַרק צעפליקטע „דעקעס". אויף די ווענט
זענען געהאָנגען אַזוי פאַרשטויבטע און פאַרשוואַרצטע „לאַנדשאַפטן".

אַז מ'האָט באמת נישט געוווּסט, צו וואָס הענגען זיי שוין אַזוי־פיל יאָרן אויף די פאַרזשאַווערטע טשוועקעס, אין דער צייט, ווען זיי ווייזן קיינעם נישט קיין פּיצל בילד און בכלל גאָרנישט. אַ גרויסער, שוואַרצער טיש אויף פוילנדיקע פיס איז געווען, ווי דער צענטראַל־פּונקט פון דעמדאָזיקן הויז. ס'איז דאָרט שוין געשטאַנען אַ טשייניקל מיט קאַווע, אַ ווייס טעפּל מיט סמעטענע; ס'איז געלעגן אַ ברויט, וואָס איז סעמעטריש אַרומגערינגלט געווען מיט אַ פּוטערניצע, מיט אַ צוקער־פּושקע — אַ שיינע איבערבלייבעניש פון לאַנג פאַרגאַנגענע צייטן — מיט אַלטע מעסערס, אויסגעריבענע פון שאַרפן און שניידן, און מיט גאָפּלען מיט אויסגעבראָכענע ציין. דער אַלטער, אויך אַזוי אַנטיקישער, ווי אַלץ אין דעם הויז, הער גרובאַשעווסקי, האָט גענומען צעזאַריס וואַליזע און אַוועקגעטראָגן זי אין שכנותדיקן קליינעם, איין־פענסטערדיקן צימער. דאָרט האָט ער פאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט די וואַליזע בײַ אַ יאַשינעבעט, אַן אויסגעלייגטס מיט גוטע קישנס און אַ בלויער, זיידענער דעקע.

— מיר האָבן נאָר צוויי צימערן, גנעדיקער הער — האָט זיך פאַרענטפערט דער הער גרובאַשעווסקי, — וועט דאָ דער גנעדיקער הער באַוויליקן זיך באַקוועם צו מאַכן לויט זיין ווילן. איך וועל זיך מיט מיין „מיט־ווייב" געפינען אין יענעם ערשטן צימער.

— כ'בעט אייך! כ'בין קיין „גנעדיקער הער", נאָר אַ גאַנץ פּשוטער באַריקאַ, ס'טוט מיר זייער לייד, וואָס איך האָב אָנגעמאַכט בײַ אייך אַזאַ ווירוואַר.

— הם... וואָס דאָרט! — האָט גרובאַשעווסקי נישט אויפריכטיק געזאָגט. — אַ גאַסט אין הויז, גאָט אין הויז — האָט ער שוין אינגאַנצן ליגנעריש און אפילו שווינדלעריש צוגעגעבן.

— איר וווינט שוין לאַנג אין כלאַדעק? — האָט צעזאַרי געפרעגט, אַבי עפּעס צו זאָגן.

— פינף און דרייסיק יאָר, גנעדיקער הער. שוין דאָס זעקס און דרייסיקסטע, זינט מיר זענען אָנגעקומען אין דעם כלאַדעק. מ'איז דאָ גוט אַלט געוואָרן אין דעם אָרט. מיט מאָך איז מען באַוואַקסן געוואָרן, ווי אַ שטיין אויפן היגן פעלד.

— יאָ, דאָס איז אַ שטיק צייט.

— אין משך פון דער גאַנצער צייט איז גאָרנישט נישט געענדערט געוואָרן אין דעם הויז. דיזעלבע ווענט, דיזעלבע בעלקעס, דערזעלבער דאַך, דיזעלבע גראַטעס. ס'הייזל איז אַלט, ווי די וועלט. אין יענעם צימער איז דאָ אַן אויפשריפט אויף אַ בעלקע: „Anno Domini 1782". פיר סלופעס זענען דאָ פאַראַן אויף דער וועראַנדע. איינער אַ וואַקלדיקער, מ'זאָל אים אָנרירן מיט אַ פינגער, פאַלט ער אום. ער פאַלט שוין אַזוי פיר און צוואַנציק יאָר. אַלע אין אונדזער הויז און אין דער גאַנצער געגנט ווייסן, האַלטן זיך ווייט פון אים, ווייל ער קען צעקוועטשן?

— פאַרוואָס־זשע פאַרפעסטיקט מען אים נישט?

— נישט מיין הויז. נישטאָ וועגן דעם קיין דיספאָזיציע. כ'האָב נישט קיין לייטער. און דער סלופ שטייט סיי־ווי שוין יאָרן־לאַנג. און וויפיל תבואה איך האָב עס שוין אין משך פון דער צייט אַרויסגעגעבן אין די באַזילאָטשער שפייכלערס! ווער קען עס איבערציילן! וויפיל מאָל מען האָט עס שוין אָפגעמאָלן אין דער היגער מיל!

דערווייל האָט מען איינגעלאַדן צום פרישטיק. בײַ דעם פרישטיק, וואָס איז געווען פונקט אַזוי ווי אין באַזילאָטש און מיט דיזעלבע צערעמאָניעס, האָט דאָ דערפילט מאַטשעיוביאַס אַמט די פרוי גרובאַשעווסקאַ, אַ פאַרשווינטע אין אַ געפאַסטן שוואַרצן מלבוש, מיט אַ שוואַרץ היטעלע אויפן גרויען און, לאָמיר עס זאָגן, פליכעוואַטן קאָפ — אַ פאַרשווינטע אַ דאַרע און ביייניקע, אַז צעזאַרי האָט זיך אַ ביסל דערשראָקן, דערזעענדיק זי. דאָס בעטן און צורעדן אים צום עסן איז דאָ אינטענסיווער געווען ווי אין באַזילאָטש.

דערווייל האָט צעזאַרי געזוכט דאָס פשוטע לעבן, דאָס לעבן גופא. ער האָט זיך דערמיט פאַרטרויט פאַרן הער גרובאַשעווסקי. דער האָט אים נישט איבעריק פאַרשטאַנען. אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט מיטן אמתן תמצית פון לעבן, אַ מענטש אַ פראַקטישער, אַ מענטש פון באַקעטע פאַקטן און באַקעטע אינטערעסן אין לעבן, האָט נישט געקענט פאַרשטיין, עמעצער זאָל זוכן דעם תמצית פון

לעבן. אָבער יענער זוכער איז געווען דעם הער היפּאָליטס, דעם פּריצס אַ פּריינט, האָט ער דאָך געמעגט זוכן, וואָס ער וויל. דער הער גרובאָשעווסקי, אַ מענטש, וואָס האָט געלעבט מיטן תּמצית פֿון לעבן, האָט געזען אין דעם זוכער פֿון לעבנס-תּמצית נישט מער ווי אַ קאָנטראָלער, וואָס איז געשיקט געוואָרן דורכן הויף, כּדי אויסצופּאָרשן זיינע מיסברויכן — אַ שפּיאָן, אַ מסור און אפֿילו אַ קאַנדידאַט אויפֿן כּלאָדקער עקאָנאָם-פּאָסטן, זיין כּלומרשטן נאָכפֿאָלגער. האָט ער טאַקע געקוקט אויפֿן גאַסט און געוואַרט. יעדנפֿאַלס האָט ער, ווי ס'איז דער אַלטער מנהג, אויפֿגענומען, געגעבן צו עסן און טרינקען דעם גאַסט; מעג ער זיך אין דער אמתן זיין ווער ער וויל. ווייל אַלעמאָל איז לייכטער עפּעס אָפּצוטון מיט אַ מענטש, וואָס האָט עפּעס אָפּגעגעסן, און בעיקר געשמאַקע זאַכן, וועלכע ער האָט נישט טועם געווען אין דער שטאָט.

באַלד נאָכן פֿרישטיק האָט זיך צעזאַרי געווענדט צו זיין באַלעבאָס מיט אַ פֿאָרשלאַג מיטצוהעלפֿן אים אין דעם פֿאַרשידנאַרטיקן שרייבעכץ, אין פֿירן די ביכער, חשבונות, אויסצוגן, פּאַפּירן. דאָס האָט שוין צומערגסטן געווירקט אויפֿן עקאָנאָם גרובאָשעווסקי.

— זעסטו, אַ בריה! צו פּאַפּירן, צו ביכער, צו חשבונות! ווילסט אַ שנאָבלדיקן שד אײַנשלינגען, איידער איך וועל דיר געבן די „פּאַפּירן"!

— וואָס פֿאַר אַ פּאַפּירן האָבן מיר עס! — האָט ער הויך אָפּגעזיפֿצט. — מיר שרייבן דאָ ווייניק. אַלץ האָבן מיר אין די אויגן און אויף די פֿינגער. אַלץ איז עפּנטלעך און ווי גאָט האָט געבאָטן. מ'שרייבט, פֿאַרשטייט זיך, חשבונות, אויסצוגן, אוודאי! אַן אָרדענונג — דאָס איז בײַ אונדז אין כּלאָדעק די ערשטע זאַך! שוין, דאַנקען גאָט, פֿינף און דרייסיק יאָר אַזוי, און שוין דאָס זעקס און דרייסיקסטע. ביטע, די ביכער וועל איך אייך באַלד ווייזן...

— צו וואָס דאַרף מען ווידער אַזוי באַלד. בײַ אַ געלעגנהייט. כ'וואָלט גערן היינט אָנגעקוקט די באַלעבאַטישקייט, די מיל,

ס'דאַרף. דורכשמועסן זיך מיט מענטשן, הערן, וואָס זיי רעדן, ווי אַזוי זיי רעדן...

דאָ האָט שוין הער גרובאַשעווסקי קיין ברעקל ספק נישט געהאַט, אַז ס'שטייט פאַר אים אַ מענטש, וואָס וויל אים אַרויס-שטופן פון פאָסטן, אַרויסזעצן פון דער כלאָדקער עקאָנאָמיע און „לאָזן אין דער וועלט אַריין מיט אַ טאָרבע". אַ פאַרצווייפלונג האָט זיך צעקנוידערט אין מוח פון דעם מענטשעלע

— וואָס פאַר אַ צופאַל האָט עס דעם חשובן הער געמוזט טרעפן, אַז ס'איז אים געבליבן אַזאַ צייכן אויפן פנים? צי איז עס נאָך פון דער מלחמה?

— ניין. כ'בין באַנאַכט געפאַלן אויף די טרעפ און זיך אַזוי שטאַרק צעקלאַפּט...

די פרוי גרובאַשעווסקאַ האָט תיכף אָנגעהויבן עצהן צו באַ-נוצן פאַרשידענע מעדיקאַמענטן, זי האָט בעיקר רעקאָמענדירט אַ שמירעכץ פון פּיישן וואַקס, בוימל, טערפּענטין און נאָך עפּעס. זי איז אַפילו מונטער אַהינגעלאָפן אין שפּייכלער לעבן דער גרוי-סער קיך, כדי צוצוגרייטן דאָס שמירעכץ לויט אַן אַלטן פאַר-שריפט, וואָס הייסט אין לאַטייניש "Unguendum„ און וועלכע איר פאָטער — האַר אין הימל, באַלייכט זיין נשמה, — האָט ברייט פאַרשפּרייט צווישן די פּויערים. איידער זי האָט זיך אומגעקערט מיטן שמירעכץ, האָט צעזאַרי אויסגעפּועלט בײַ גרובאַשעווסקין אַ שפּאַציר אין מיל אַריין און אַרום די ווירטשאַפטס-געביידעס. די מיל איז געווען אַן אַלטע, פונעם הערשנדיקן מין איבער די פּוילי-שע טייכן און וואַסערן, אויב נישט אין די צייטן פון די פּיאַסטן, פון די יאַגעלאָנער, איז זיכער פון דער צייט פון געוויילטן מלך סטעפאַן באַטאָרי. ס'איז אַפילו געווען עפּעס אַ שיינקייט אין דעם אַלטן שאַרבן, ווייל ער איז זיך אַזוי באַגאַנגען אָן אייזן, באַנוצ-דיק זיך, לויטן אַלטן מנהג, בלויז מיט שטיין און האָלץ, אַז ער איז געווען אַן אויסנאַם אין דער צייט פון אַעראָפּלאַנען און דראָטלאָזן טעלעגראַף.

די אורשפּרינגלעכע הילצערנע מיל-מאַשינען, די אינטערוואַ-סער-רעדער, די פּרעסן, די קאַסטנס, די זיפּן און אַלע אַנדערע מכשירים

זענען געווען געוואַלטיקע דערפֿינדונגען פֿון בוי־מייַסטערס, שטיינהאַקע״ס און זיפּ־מאַכערס — לאַנג פֿאַרוואָרפֿענע „אופֿנים" — וואָס זענען מיט דורות צוריק געוואָרפֿן געוואָרן איבער די כוחות פֿון די ווילדע טייכן און אויף דער האַרטקייט פֿון לעבן־געבנדיקן קערן דורך דער גאונות פֿון לאַנדווירטשאַפֿטלעכן דאָרף.

באַריקאַ האָט זיך געמוזט פֿאַרנעמען מיט די אויסערלעכע דערשיינונגען, און אין אַ געוויסער מאָס, טראַכטן וועגן זיי, כדי גובר צו זיין אין זיך די מאַטערניש פֿון די זכרונות און די צערייצונג פֿון דער בענקשאַפֿט. ער איז אַרומגעגאַנגען, אַרומגעלאָפֿן, געשמועסט, אויסגעפֿרעגט זיך, באַקוקט, באַטראַכט, געלאַכט, געוויצלט זיך, און איבער זיין קאָפּ האָט געבושעוועט דער שרעקלעכער, צעווילדעוועטער שטורעם. ער האָט זיך פֿריילעך און ווי ל־יינגעריש באַקאַנט מיטן מילנער סילוועסטער — געפּלוידערט מיט די פּויערים, וואָס האָבן געוואַרט אויפֿן ראַזעווען מעל און קלייען, און דאָס צעיושעטע האַרץ האָט געקלאַפּט אין זיין ברוסט, ווי אַ צום טויט־פֿאַרמשפּטער אַרעסטאַנט. צוגעגליקיין בשעתן שמועס — אָט איז יענער פּויער פֿון אַ דאָרף לעבן לעניעץ, און יענער ווידער פֿון אָגניכע, וואָס אויפֿן וועג צו אָדאָלאַני — האָבן מיט אים געוואָרפֿ, ווי מיט אַן אָנמעכטיקער כלי אין גרוב פֿון טויבער און אומענדלעכער פֿאַרצווייפֿלונג.

און דאַן האָט ער נאָך העפֿטיקער, נאָך עקשנותדיקער גערעדט, אינטערעסירט זיך, אויסגעפֿרעגט, אויסגעפֿאָרשט, אַריינגעטון זיך אין עצם־ענין.

דער אַלטער מילנער סילוועסטער איז שוין געזעסן אין יענער כלאַדקער מיל אַ פּאָר צענדליק יאָר, ווייל ער איז אַהין אָנגעקומען נאָך פֿאַר גרובאַשעווסקין. וואָס דאָרט — גרובאַשעווסקי! ער איז נאָך געווען בשעתן באַלעבאַטעווען פֿון יענעם עקאָנאָם פֿון פּשעסלאַווסקין. איבער דער גאַנצער ברייט פֿון לאַנד, פֿון דער און יענער זייט יאַסנאַ־גוראַ, זאָגט ער, קענען אים דאָ די מענטשן, ער האָט עס געהאַט לונגזי, אָבער לונגען! ער האָט באמת געדונערט איבער דעם גאַנצן דאָרטיקן לאַנד — יעדעס וואָרט זיינס

האָט איבערגעשריגן אַלע „קרעכצן", טריבן, פּרעסן, פינגער און פּיטלעס וואָס האָבן כסדר דאָס זייעריקע געשריגן.

סילוועסטער האָט זיך, אונטערקרעכצנדיק, צוגעקוקט פון אונטער די ברעמען צו דעם יונגן וועלט־מענטש, וועגן וועלכנס פאַרבאָרגענער מיסיע ס'האָט אים שוין שפּעטשענדיק צו־וויסן געטון דער „אָקומאַן" גרובאַשעווסקי. ער האָט דערפאַר גערעדט מיט נאָך אַ העכער קול און אַלץ מיט אַ הינטער־כוונה כיטרע, צביעותדיק. די מיל איז געווען איבערפולט מיט פויערים.

עס זענען געווען ווייכערע באַלעבאַטים און ווייניק־באַזיצנדיקע קבצנים, וואָס האָבן זיך מיט גיריקע אויגן איינגעקוקט אין סילוועסטערס אומפאַרשטענדלעכע און משונהדיקע מאַשינען, צי ס'ווערט נישט צופעליק אויסגענומען מעל און קלייען איבער דער מאָס.

צעזאַרין האָט גיכער זיך באַנייט מיט דער שמועס מיט די פויערים.

זיי האָבן געהערט, בשעת ער האָט זיי דאָס און יענץ דערציילט וועגן דער מלחמה. זיי האָבן דאָך דאָרט געהאַט זין, ברידער, קרובים. אָבער ווען ער איז אַריבער צו שלום־ענינים, האָבן זיי אים נישט פאַרשטאַנען און ער האָט זיי נישט פאַרשטאַנען. עס איז אפילו נישט געווען אַ נישט פאַרשטיין: דאָס, וואָס ער האָט גערעדט, האָט זיי פשוט נישט אינטערעסירט, ס'האָט זיי געלאַנגווייליקט. זיי האָבן ליב געהאַט צו הערן און צו רעדן נאָר וועגן דעם היימישן, רעאַלן, אַנזעעוודיקן, אייגן־ממשותדיק, אַזוי ממשותדיקן, אַז ער האָט עס ווידער נישט געקענט פאַרשטיין. אַלץ האָט געמוזט פּאַסירן און האָבן אַ שייכות צו די היגע פאַרהעלטעענישן. אַנדערש איז עס געווען פרעמד, ווייט, פון יענער וועלט און דערפאַר — נישט פאַראינטערעסירנדיק. און אַלץ, מיט וואָס זיי האָבן זיך אינטערעסירט, האָט געמוזט האָבן אַ שייכות צו עסן און טרינקען, ס'האָט זיך געדרייט אַרום באַהייצונג און באַקלייַדונג, אַרום דורכלעבן דעם ווינטער און דערלעבן ביזן צווייטן זומער.

און דעם צווייטן זומער און צווייטן האַרבסט וועט ווידער זיין דאָס זעלבע:

אויסאַרבעטן, אַרויספּרעסן פון דער אַכזריותדיקער, האַרטער ערד אַזוי פיל, אַז מען זאָל דעם גאַנצן ווינטער נישט דאַרפן הונגערן, איבערהאַלטן דעם פרילינג — און ווייטער — ביז דעם „נייעם".

אין אַ געוויסן מאָמענט, בשעת דידאָזיקע שמועסן וועגן שפייז און באַקליידונג, האָט צעזאַרין אַ קלאַפּ געטון דאָס מעסער פון כעס: — וואָס פאַר אַ חיהש לעבן איר פירט עס, איר שטאַרקע און געזונטע פויערים! אייניקע האָבן אַזוי פיל שפייז, אַז זיי האָבן זיך דערפון געמאַכט אַ קולט, אַ קרענקלעכע געוווינהייט, אַ מנהג און עפּעס אַ הייליקייט, און די אַנדערע לעבן נאָר דערפאַר, כדי נישט צו פגרן פאַר הונגער! מאַכט־זשע אַ בונט, איר מעכטיקע פויערים, קעגן אייער הינטישן גורל! — האָט זיך צעזאַרי געטראַכט, זיצנדיק אויף אַ זאַק ווייכע קלייען. דער געדאַנק, דער אינערלעכער דונער, איז געוואָרן אַ גייסטיקער כוח, וואָס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם איבער די ווייכע יסודות פון זיין נשמה ווילדעוועדיקן שטורעם.

ער איז ביז מיטאָג געזעסן אין דער מיל שמועסנדיק כסדר פאַרביסן מיט די פויערימלעך. שפּעטער איז ער, אַ קורצע צייט פאַרן מיטאָג, אַרומגעגאַנגען די פערד־שטאַלן, קי־שטאַלן, שייערן און פאָלוואַרק־שפּייכלערס, אַריינקריכנדיק, ווי אַן אמתער דעטעקטיוו אין די קלענסטע איינצלהייטן.

---

צוויי וואָכן האָט ער פאַרבראַכט אין כלאָדעק. אַלס גאַסט פון די גרובאָשעווסקיס, זייענדיק כסדר אונטערן חשד פון וועלן פאַרכאַפּן דעם קאָנאָם־פּאָסטן. ער האָט געגעסן, געטרונקען, געשלאָפן און געאַרבעט פון באַגינען ביז נאַכט. וואָס האָט ער געטון? ער האָט אויסגעפירט אומדערמידלעך עפּעס אַ מין אַרבעט. ער איז אויפגעשטאַנען צוזאַמען מיט הער גרובאָשעווסקי אין דער צייט, ווען ס'האָט זיך נאָך פאַרשפּרייט די פינסטערניש פון אַ

דיצעמבער-נאַכט. שלאָפן איז ער געגאַנגען צוזאַמען מיט די הינער, דאָס הייסט, אַרום פינף אַ זייגער פאַרנאַכט. יעדן טאָג איז ער ערגעץ אַנדערש געווען: אין דער מיל, — אין שייער באַם דרעשן מיט די דרעשערס, באַם רייניקן, מיסטן און אָפפירן פון די ריינע קערנער אין שפייכלער אַריין, — אין וואַלד, באַם האַקן האָלץ אויף באַהייצונג, — באַם פיש-פאַנג אויף חגא — אין די קי-שטאַלן באַם אינדערפרי-און אָוונט-מעלקן. חוץ דעם איז ער אַרומגעקראָכן איבערן דאָרף, אָפטרעטנדיק באַ די ניי-באַקאַנטע פויערים. ער האָט בעיקר אויסגעפאָרשט ס'לעבן פון די ערדלאָזע „סובלאָקאַטאָרן", וואָס זענען נישט ווייניק געווען אין די שכנותדיקע דערפער, וועלכע זענען געווען פונאַנדערגעלייגט אויף בערגלעך און האָבן אַרומגערינגלט דאָס אין טאָל ליגנדיקע כלאָדעק די סובלאָקאַטאָרן, — דאָס זענען געווען פויערים מיט זייערע משפחות, וועלכע האָבן אינגאַנצן נישט פאַרמאָגט קיין ערד און געוווינט אין אַ „ווינקל" באַ די לאַנדווירטן, בעיקר באַ די, וואָס האָבן ווייניק ערד געהאַט, אָבער דאָך געהאַט צו שטיקלעך ערד, הייזלעך, קי-שטאַלעכלעך, שייערן. די סובלאָקאַטאָרן זענען געגאַנגען פאַרדינען אין די הייף, דינענדיק דאָרט אַלס פורמאַנעס און שטאַל-אויפזעער, אָדער באַ די רייכע פויערים, אַרבעטנדיק באַ זיי אַלס לוין-אַרבעטער און פאַראָבקעס אין די רייכערע, בעסער-געפירטע און מער אינווענטאַר-האָבנדיקע ווירטשאַפטן זייערע.

דאָס לעבן פון די סובלאָקאַטאָרן איז געווען דלותדיק, ווי ס'איז זיך נאָר מעגלעך פאָרצושטעלן.

זומער צייט זענען זיי געגאַנגען פאַרדינען אין די רייכערע געגנטן. אַמאָל, „פאַר די גרויסע מלחמות", האָבן זיי מאַסנווייז אַרויסגעוואַנדערט איבער די גרענעצן פון די סלאַווישע לענדער אין דער טיף פון דייטשלאַנד. אין די מלחמה-צייטן האָבן זיי זיך געמערט, צעוואַקסן און אָנגעפולט די דערפער און דערפלעך. די מלחמות האָבן זיי נישט אויסגעראָטן, נאָר דווקא פאַרמערט — נישט געבנדיק זיי אָבער גאָרנישט. אַ סך פון זיי האָבן זיך געבאָדן אין זייער בלוט, מיט וווּנדן זיך באַדעקט און קאַליקעס געוואָרן אין דעם קאַמף פאַר דער פוילישער פרייהייט, אָבער ס'פאָ-

טערלאַנד, דאָס אויפגעבויטע, אַלץ אַ נייע מלוכה, האָט נאָך גאָר־
נישט באַוויזן צו טון פאַר זיי, זייענדיק כסדר פאַרנומען מיטן
קאַמף קעגן דעם אַלגעמיינעם דלות און קעגן דעם אויסערלעכן
שונא.

זיי האָבן געדולדיק געוואַרט — לעבנדיק אין די ווינקעלעך, בײַ אַ פרעמדן אויוון, שלאָפנדיק אויף בענק און אויוונס, נישט האָבנדיק קיין אייגן הויז און נישט האָבנדיק גאָרנישט, וואָס זיי וואָלטן געקענט אָנרופן: אייגנס! דער מין איז אין די דערפער, צווישן די באַזיצנדיקע און האַלב־באַזיצנדיקע, געווען אָן אַ שיעור, אַ המון, אַ מענגע, אַ מאַסע. זיי האָבן געוואַנדערט איבער די וועגן אַלס שנאָרערס, זיי האָבן זיך געדרייט אין די הייף און ווירטשאַפטן, נישט וויסנדיק בײַ וואָס אַ צוזשעפּען די הענט.

ווי שרעקלעך ס'איז געווען זייער ווינטער! וואָס פאַר אַ שרעקלעכע חולאתן האָבן עס בײַ זיי געהערשט! וואָס פאַר אַ יסורים ס'האָבן דורכגעלעבט די פרויען פון דעם פאַריער־פאָלק, ווען זייערע קינדער זענען „אָנגעכאַפּט" געוואָרן דורך „קרענק", אָדער דורך עפּעס שרעקלעכערס, וואָס כאַפּט אָן אין האַלדז און דערדריקט אַ יונג קינד, ווי די אומבאַחמנותדיקע קונץ, וואָס הרגעט אויס אַ שטייג מיט קליינע עופעלעך. דורך די שפּאַלטן אין די שייערן האָט ער זיך צוגעקוקט צו זקנים און זקנות, וואָס זענען דורך זייערע קינדער און אייניקלעך אַרויסגעשלעפּט געוואָרן „צום שטאַרבן" פון די וואַרעמע הייזלעך אין פראָסט און זאַווערוכע — וואָס זענען אַוועקגעלייגט געוואָרן אויף אַ סנאָפּ שטרוי, זיי זאָלן שנעלער „[illegible]" און נישט אויסמאַטערן מיט זייער הוסטן, כ[illegible]א־קען מיט בלוט, אָדער מיט די אומענדלעכע קרעכצן, די לעבנדיקע פאַרהאָ עוועטע אין הונגעריקע. ער האָט באַוווּנדערט די פּרימיטיווע, באַרבאַרישע אומבאַחמנותדיקייט, וואָס איז אַן אומפאַרמיידלעכע עקאָנאָמיע פון דעם לעבן, וועלכעס פירט זיך אין דאָרף.

אָט האָט ער געהאַט פאַר זיינע אויגן די צווייטע אַקסט פון אַ מין מענטשלעכן לעבן אויף דער ערד. קוקנדיק אויף דער איינגעקנאַדערטער זקנה, וואָס האָט, טראָץ אַלעם, נישט געקענט שטאַר־

אויפן סנאָפּ שטרוי, און לעבן אין אַזעלכע באַדינגונגען האָט זי אויך נישט געקענט — האָט ער זיך דערמאַנט זיין מוטער און אירע לעצטע שעהן. דאָרט, אין דער וועלט, וואָס איז איינגעאָרדנט לויטן בעסטן סאָציאַלן אידעאַל, האָט מען זיך גיכער דערליידיקט און דערפאָלגרייכער געהאָלפן צום טויט. צעזאָרי האָט זיך אײַנגעדרייט צווישן די דאָרף-איינוווינער, זיך צוגעקוקט צו זייער אַרבעט און רו, אַריינגעקוקט אין זייערע טעפּלעך, געוואַרעמט אויף אַ פרעמדן פייער, און באַמיט זיך צו וויסן, וואָס זיי עסן. ער איז דורכגעלאָפן די באָוולאָטשער וועלדער, באַאָבאַכטנדיק די שלעכטגעשפּייזטע יינגלעך, די אָפּגעריסענע, די „סאַנקילאָטן”, די אויסגעדאַרטע און קרענקלעכע זקנות, וואָס האָבן געבראָכן טרוקענע צווייגן און שפּעטער זיי געשלעפּט אין בינטלעך אויף זייערע פּלייצעס, פאַלנדיק אונטער דער משא — זיי האָבן זיך געשלעפּט דורך די שניי-פעלדער, כדי זיך צו דערוואַרעמען די פון שטאַרקן פראָסט פאַרגליווערטע הענט און אָפּקאָכן אַ ביסל וואַרעמס אויפן הייליקן פייער. באמת אָפטמאָל ווען ס'האָט געבושעוועט דער בייזער פּוילישער ווינטער — איז אים טיילמאָל דאָס האַרץ צעפּלאַצט געוואָרן. ס'איז אַזוי ערנסט און טיף צעפּלאַצט געוואָרן, אַז זיינע אייגענע עגמת-נפשן זענען אָפּגעשוואַכט.

אין דער קריסטוס-נאַכט האָט ער געגעסן באַם עקאָנאָם גרובאַשעווסקי, אין דער סביבה פון גרובאַשעווסקיס משפחה, זין, איידעמס, טעכטער און אייניקלעך, וואָס זענען פון אַלע זייטן געקומען צו פאָרן קיין כלאָדעק צו די אַלטע. קיין נאָוולאָטש האָט ער נישט געוואָלט פאָרן אויף קריסטוס-נאַכט, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס דער צייכן אויפן פּנים האָט זיך שוין לאַנג פאַרהיילט און נאָר אַ דינער ברוין און בלויער צייכן האָט עדות געזאָגט, אַז דאָרט איז אַמאָל געווען אַ פעסטער שניט. בחנם איז געווען היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקיס קומען קיין כלאָדעק, בחנם איז געווען דאָס אַרויספירן צעזאַרין אין פעלד אַריין און דאָס בעטן אים, ער זאָל קומען קיין נאָוולאָטש. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן.

אין דער צייט פון דעמדאָזיקן וויזיט היפּאָליטס, איז דורך-אַגבדיק געוואָרפן געוואָרן די ידיעה:

— אָבער, אָבער! צי ווייסטו, טשאַרוש, אַז אונדזער שיינע שכנטע, די פרוי לאַורא, הייסט שוין היינט מאַדאַם באַרוויצ-קאַ?

— כ'ווייס גאָרנישט וועגן דעם... — האָט צעזאַרי אויס-געברומט, פילנדיק, ווי דאָס האַרץ און דאָס בלוט אין די אָדערן גליווערן אים.

— אוודאי! זיי האָבן געשיקט אַ חתונה-קאַרטל.

— ווו? וועגן דער חתונה?

— פון קראָקע. אַ חתונה-קאַרטל אויף בריסטאָל, פיין ליטאָ-גראַפירט. מיט טיטולן און גענעאַלאָגיעס. ווילסט, וועל איך עס דיר אַהערברענגען.

— און וואָס גייט עס מיך אָן?

— כ'האָב געמיינט, אַז ס'גייט דיך אָן.

— צום טייוול דערמיט! — האָט צעזאַרי אַ ברום געטון און אָנגעהויבן צו רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

אָבער די ידיעה האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין האַרץ אַריין. איצט זענען שוין אַלע זיינע פאַרבאָרגענע האָפנונגען צעשטערט געוואָרן. ס'האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַלע זיינע אינערלעכע חלומות, די טראָץ-אַלעמען געהאָדעוועטע אין די פינסטערנישן פון זיין יש. די משוגעהדיקייט פון דעם פאַקט, די באַשיימפּערלעכקייט פון באַר-וויצקיס טריומף האָט אים געדריקט באַם האַלדז.

צעזאַרי האָט געמוזט טאָפּלט „אַרבעטן". ער איז געגאַנגען גע-לאָפן, אַריינגעמישט זיך, אַריינגעשטופּט זיין נאָז, אונטערגעקוקט, אונ-טערגעהערט. ער האָט זיך באַקענט מיט די לעצטע סודות פון אָרעמען לעבן. אין אַ געוויסן טאָג האָט ער אָבער דערקלערט דעם הער גרובאָשעווסקין, אַז ס'איז שוין גענוג פאַר אים, אַז מער וועט ער זיך דאָ נישט אַרומשלעפּן. ער פאָרט צוריק אין שטאָט אַריין. ער קערט זיך אום צו זיינע מתימלעך אין פּראָ-זעקטאָריום. דער הער גרובאָשעווסקי האָט זיך דערפרייט, ווי מ'וואָלט אים גאַנץ כלאָדעק אוועקגעגעבן במתנה. צו די מתים אין עפּעס דאָרט אַ פּראָ...? אַ קלייניקייט! ער האָט לכתחילה

באַדאַרפט אַזוי דבֿרן, אַז ס'גייט דאָ נאָר וועגן ראָמאַנסען און פּילאָזאָפּיעס!

צעזאַרי האָט אָנגעשריבן אַ בריוול צו היפּאָליטן, בעטנדיק פּערד צו דער נאָענטסטער סטאַציע. אַז דער די פּערד זענען אָנגעקומען, האָט ער צונויפגענומען זיינע זאַכן, איינגעפּאַקט די וואַליזע און, האָבנדיק זיך האַרציק און פייערדיק געזעגנט, איז ער אַוועקגעפאָרן קיין נאַוואָלאָש. די פּאַני וויִצלאָסלאַווסקאַ און די אויסגעוועבטע מומעס, מיכאַל סקאַלניצקי און מאַטשעיוניאַ, (דער גלח אַנאַסטאַזי איז שוין אַוועקגעפאָרן אין זיין פּאַראַפיע, ווי ער האָט דערפילט דעם אַמט פון אַ וויקאַר), — מיט איין וואָרט, אַלע האָבן זיך מיט אים געזעגנט מיט אַ צער, און וועלכן ס'איז אָבער נישט געווען קיין טרויער נאָכן גאַסט, זיי האָבן געקוקט אויף אים פון אונטער די ברעמען און גאַנץ גנבֿט אים מיט ביטערקייט.

— זיי געזונט, גאַסט — האָבן גערעדט זייערע בליקן. — אונדזער דאַך איז דיין דאַך געווען, אונדזערע טירן זענען אָפן געווען פאַר דיר, אָבער דו ביסט עפּעס אַ מאָדנער גאַסט געווען, גאָט איז מיט דיר!

מ'האָט זיך נאָך באַדאַרפט געזעגענען מיט די טוזשיצקעס, וואָס האָבן אים נישט איין טובֿה געטאָן. צעזאַרי וואָלט גערן רעזיגנירט פון דעם וויזיט, אָבער ס'איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט אַרויסצודרייען זיך דערפון.

די פּראַכטפולע שפּאַן-פּערד — די פּאָר שוואַרצע — וואָס זענען איינגעשפּאַנט געווען צו אַ קליינעכקן שליטן מיט אַ בערן-פעל איבער די פיס, האָבן געקלאַפּט פאַר דער „אַריאַנקע" מיט די קאָפּעטעס און צונאַנדערגעקערט דעם שניי, רייסנדיק זיך צום שפּרונג. דערפאַר האָט דער וויזיט נישט געטאָרט לאַנג דויער. צעזאַרי האָט דאָרט אַ רגע געווײַלט. ער האָט געקושט די פּאַני טוזשיצקאַס הענטעלעך, אָפּגעזאָגט אַ פּאָר קאָמפּלימענטן און אַ סמאַקשקע געטאָן דעם הער טוזשיצקיס וואָנסעס. ער איז אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ. אָבער ווען ער האָט שוין באַדאַרפט אַרויסגיין פון גרויסן הויז, האָט ער נאָך אַ קוק געטאָן אויף די טרעפּ. ס'האָט דאָרט געלויערט, אַן איינגעטוליעטע אין אַ טיפער נישע, ...

איבערגעבויגענע איבער דעם שטיגן-פּאַראַפּעט — וואַנדאַ אָקשינסקאַ. זי איז געווען בלאַס, גרינלעך-בלאַס, ווי די געווייסטע מויער. לעבן וועלכער זי איז געשטאַנען. זי איז געווען אויסגעדאַרט און ווי פאַרעלטערט. אירע אויגן, די אַרומגעריגלטע מיט שוואַרצע רעדער, זענען פאַרטיפט געווען אין דעם העט טשאַרוש, וואָס האָט אַזוי שווער אַ דריק געטון אויף איר לעבן. באַמערקנדיק, אַז ער קוקט צו איר, האָט זי צוויי מאָל צו אים אַ נייג געטון מיטן קאָפּ, און ווען ער איז, פון ווייטנס ענטפערנדיק אויף איר פאַרנייגונג, אַרויסגעלאָפן מיט דער וואַליזקע אין האַנט, איז זי געבליבן הענגען אויפן פּאַראַפּעט. זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און איינגעטויליעט זיך אין דער קאַלטער נישע. איר אומגליקלעכן קאָפּ האָט בלויז די קאַלטע מויער אונטערגעלענט און מיט איר רחמנותדיקער קילקייט זי געמונטערט.

יענדרעק האָט קוים-קוים געקענט איינהאַלטן די לייטשן. די פערד האָבן אַ לויף געטון אין דער מיט אַלעיע, ווי אַ שטורעם. באַם סוף פון דער אַלעיע האָט זיך יענדרעק געווענדט צו זיין העט מיט אַ פראַגע:

— גלייך, צי דורך לעניעץ?

— פאָר, ווי דו ווילסט. מיר וועלן נישט פאַרשפּעטיקן דעם צוג.

— ס'איז אַ שווערער וועג, צו פאָרן אויף גלייך. די פּלויטן זענען באַשנייט. ס'איז שווער איינצוהאַלטן די פערד. מיר וועלן אַריינפאַלן צווישן די פּלויטן. די פערד וועלן שפּרינגען...

— איז דורך לעניעץ. פאָר! מיט דער בייטש קיין ריר נישט! לייכט מיט די לייטשן...

די פערד האָבן אַ שלעפּ געטון דעם שליטן אויפן ברייטן וועג. צעזאַרי האָט אויפגעהויבן די אויגן און אַרומגעקוקט זיך אייבער דער געגנט, דאָס אָרט פון אַזוי פיל דערהייבונגען, פון אַזאַ פרייד, און איצט דער שפּיגל פון אַזאַ צער. וואָס איז געשען עס מיט דער דאָזיקער ערד! די אַרומיקע הויפן זענען געווען באַצויגן מיט אַ בלוילעכן נעפּל אויפן פאָן פון ווייסן שניי און זיי האָבן געהאַט

אין זיך דעם ווינטערדיקן אויסדרוק פון דאָרטיקן לעבן: טרויער, פרומקייט, דאגה. ווי פרעמד זענען איצט געווען, ווי אַנדערש, ווי כמאַריק די בעכערס פון נישט לאַנג פאַרגאַנגענער פרייד! אָט זענען די פעלד-באַרגעס, וועלכע ער איז אַמאָל אַ גליקלעכער פאַרבייגעפאָרן. אָט איז דער וואַלד. אָט זענען די קוסטעס באַם וועג, וואָס האָבן געקענט מיטזינגען אַ ליבעס-ליד פון זיין נשמה. — לעגיעץ! — צעזאַרי האָט זיך פון אונטער די צוגעזשמורעטע אויגנדעקלעך צוגעקוקט צום פּאַלאַץ. ער האָט מיט זיינע אויגן איינגעזאַפּט צום לעצטן מאָל דאָס אויסזען פון דעם גרויסן פענסטער אינדערהייך, די קאָליר פונם גאָרטן. דאָס פענסטער אינדערהייך איז פאַרשטעלט געווען מיט פאָרהענגלעך. אַ סימן, אַז די באַלעבאָסטע איז נישטאָ.

ער האָט זיך נישט געקענט באַהערשן: דיקע, איינזאַמע טרערן, וואָס זענען מיטן גאַנצן כּוח געהאַלטן געוואָרן אונטער די אויגנדעקלעך, האָבן אָנגעהויבן אַראָפּצושווימען איבער די באַקן. היפּאָליט וויעלאָסלאַווסקי האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט עס נישט באַמערקט. ער האָט עפּעס געפּלוידערט צו יענדרעקן, ועגן עפּעס זיך געבייזערט, כּסדר געשריגן: — האַלט דעם ערשטן, האַלט אים! ער האָט נאָר מיט אַ פעסטער זעלנערישער האַנט אַרומגענומען צעזאַרין אין דער העלפט און אונטערן אויסרייד, אַז ער האָט מורא, זיין פריינט זאָל נישט אַראָפּפאַלן פון שטאָלן געזעס, האָט ער אים מיטן גאַנצן כּוח צוגעדריקט צו דער ברוסט.

---

צוריקקומענדיק קיין וואַרשע, האָט זיך צעזאַרי באַריקאַ חי-
דער פֿאַרשריבן אויפֿן מעדיצינישן פֿאַקולטעט און זיך אַריינגע-
צויגן, אָדער בעסער געזאָגט, „ווי־עס־איז געבליבן חוינע" בא
איינעם פֿון זיינע חברים, אַ געוויסן בולאַווניק. דער בולאַווניק
איז געווען פֿון אַ שענקערישער, אָדער קליין־שטעטלדיק פֿאַזקאַרי-
שער אָפּשטאַמונג, און דערפֿאַר האָט ער טאַקע שטענדיק „גע-
עיפּושט מיט געלט". אין געוווינט האָט ער אין אַ וויטער שטאָט-
טייל, אין דער יידישער שטאָט־טייל, אויף דער מילע גאַס, אין אַ
פֿינסטערן, צעשעדיקטן הויז, מיט אַזעלכע שמוציקע שטיגן, אַזעל-
כע דורך גאַז־לאַמפּן פֿאַרקאָפּטשעטע ווענט פֿון די קאָרידאָרן, אַז
מען האָט, באמת, בדאַרפֿט האָבן אַ מלאָכיש האַרץ, צו קע-
נען קוקן אויף דידאָזיקע ווענט און שטיגן „אָן צוין־קריצע-
ניש".

דאָס צימער איז געווען אויפֿן דריטן שטאָק פֿון דעם אָפּגע-
שיילטן צעמזיקטן הויז. דורך אַ צימער, ווו ס'האָבן געוווינט אַל-
טע פּרייליגס, אַ סך אַלטע פּרייליגס, אַ ביסל שטינקנדיקע און

צעשויבערטע, איז מען אַרײַנגעקומען צו בולאָוניקן אין צימער. פון ערשטן בליק אָן האָט מען געקענט באַמערקן, אַז פון אַ ווינקל רינט עפּעס אַרײַן און ס'שמעקט עפּעס נישט ווי געהעריק פון אונ- טער דער פּאָדלאָגע. אויף דער אָנפראַגע וועגן דעם ענין דעם דאָרטיקן סטרוזש, „עווענטועל" הויז-וועכטער, האָט צעזאַרי באַ- קומען פאָלגנדיקע תשובה:

— נו, ווי אַזוי זאָל עס אײַך נישט אַרײַנרינען, אַז דער דאַך אין ווינקל האָט איר אַ גראַנדאָווגע לאָך? אַ קאָזע וואָלט דאָך געקענט דורך דעם לאָך אַרײַנקריכן אין בוידעם.

— פאַרוואָס-זשע איז דאָרט פאַראַן אַ „גראַנדאָווגע לאָך"? אַ דאַך איז דערצו, ס'זאָלן אין אים קיין לעכער טאַקע נישט זײַן, דורך וועלכע אַ קאָזע זאָל אַרײַנקריכן אויפן בוידעם.

— כ'בעט אײַך זייער! — האָט אים דער הויז-וועכטער, עווענ- טועל דער סטרוזש, אָפּגעקלאַפּט. — דרייט נישט קיין ספּאָדעק: איצט האָבן מיר נישט אַזעלכע צײַטן, מ'זאָל זיך פאַרנעמען מיט לעכער אין דאַך. מ'וווינט, און פאַרטיק!

— כ'פאַרשטיי שוין, הער וועכטער. אָבער דאָרט טראָגט זיך עפּעס אַן אומאָנגענעמער ריח פון אונטער דער פּאָדלאָגע. פונוואַנען שטאַמט עס?

— דער ריח טראָגט זיך פון אונטער דער פּאָדלאָגע, ווײַל דאָס איז אַן אָפענע וואַנט. אַ בעלקע פוילט דאָרט אין די פּאָדלאָ- גע פוילט אויך פון אונטן. ווי זאָל עס נישט פוילן, אַז דאָס איז אַן אָפענע וואַנט, און דערצו קומט נאָך צו די מעשה, וואָס דאָס איז אַ זײַטיק צימער.

באַקומענדיק די אויפקלערונגען, האָט צעזאַרי, זײַענדיק שוין באַלערנט און געשטאַרקט אין גייסט, מער זיך נישט „פאַרנומען" מיט די ענינים. ער האָט געוווינט, און פאַרטיק. דאָס צימער איז אים אָבער נישט געפעלן געוואָרן. עס איז געווען קליין — מיט אַ צען יאָר פאַר דער אייראָפּעישער מלחמה געמאָלט מיט אַ קאָליר פון פּאָמידאָרן-זופּ — אומבאַקוועם, קאַלט. דורך טיר און פענסטער האָט אַרײַנגעבלאָזן, אָבער נישט קיין ריינע לופט, נאָר דער ריח פון געוויסע נויטווענדיקע „אָביקאַציעס", וואָס האָבן זיך טאַקע גע-

וּנען אויפֿן הויף, אָבער גראַד אַקעגניבער די פֿענסטער פֿון צעזאַריס וווינונג. חוץ דעם איז באַלד אַקעגניבער געשטאַנען אַ בלעכענער בעקעריי־קוימען, וואָס האָט, ווי אַן איינגעעקשנטער שד, געשלאָגן אין סטודענטישן פֿענסטער אַריין מיט וואָלקנס טונקעל־גרויען רויך. אין מיטן דער נאַכט האָט מען געהערט אַן אַ מאויפֿהערלעכע קלאַפּעריי פֿון ווענגלעך געבעקס, וואָס איז אַרויסגענומען געוואָרן פֿון אויוון, און פֿון דעם געפּולדער האָבן די דינע און אַלטע מויערן געציטערט, ווי אין פֿיבער. ס׳איז מיט איין וואָרט, נישט געווען קיין אָנגענעמער צימער, און בולוורניק איז נישט געווען קיין אָנגענעמער חבר: באַטאָג — אַן עגאָיסט און קמצן, אין אָוונט — אַ ליץ און ניבול־פּהניק, האָט ער אין מיטן דער נאַכט געשנאָרכט פֿאַר צען. אָבער באַריקאַ האָט נישט געהאַט קיין ברירה. ער האָט געמוזט געניסן פֿון דעם אָפּמאַך מיטן חבר, ווייל אין זיין קעשענע האָט געגלאַנצט די פּוסטקייט.

באַלד נאָכן קומען קיין וואַרשע האָט ער אַרויסגענומען פֿון דער וואַליזע דעם פֿראַק מיט זיינע צולאָגן, — האָפּליט וויעלאָסלאַווסקיס פֿריינטלעכע מתנה — און האָט באַשלאָסן צו פֿאַרקויפֿן אָט דאָס איבערבלייבעניש, דעם סימבאָל פֿון נאַוואָלאָטשער לעבן, דעם ערשטן בעסטן סוחר. און ערן אויסרייד פֿון איבערצייגן זיך ווען דעם ווערט פֿון פֿראַק, האָט צעזאַרי אויפֿמערקזאַם באַטראַכט דאָס משונהדיקע מלבוש און, בסוד פֿאַרן אָרדינערן און גראָבהויטיקן בולאַווניק, אַראָפּגעלאָזט אַ טרער אויף אים. דער פֿראַק האָט נאָך געשמעקט מיט „לאַורישע" פּערפֿומען.

אַך, ווי פֿיינלעך איז איצט געווען דער ריח!

ווי דער שטן וואָלט זיך איצט נוקם געווען מיט דעם פֿאַרשווונדנדיקן, אומבאַמערקבאַרן און דאָך אַזוי מעכטיקן מיטל פֿון דערמאָנען זיין פֿאַרשווונדן גליק.

פֿאַר באַריקאַן האָט אָנגעהויבן אַרויסצוטויכן אומקלאָר, ווי פֿון אַ נעפּל, ווי פֿון אַ חלום, אַז אַן אומבאַגרייפֿלעכע וואָג האָט אין דער רגע אָפּגעוויגן דעם אויסגעוועבטן ריח פֿון לאַוראַס פּערפֿומען, פֿאַרגלייכנדיק די שווערקייט פֿון דעם ריח מיט דער וואָג פֿון יענעם, וועלכן קאַראָלינאַ האָט דערפֿילט, בשעת זי

איז געשטויסן געוואָרן פון איין בוים צום אַנדערן, בשעת דעם אָדאָלאַנער באַל. ער איז דאַמאָלס געטראָגן געוואָרן דורך גליקדעמאָגען אין דערזעלבער אַלעיע, האָבנדיק לאַוראַן אין די אָרעמס...

בולאַווניק האָט מיט אַ געניט אויג באַקוקט און באַטראַכט דעם מצב פון די הויזן, ווי אויך פון וועסטל. ער האָט געעצהט דעם „פרייער", ער זאָל אַזאַ מלבוש בשום אופן נישט אוועקגעבן קיין שאַכער, וואָס וועט אים באַצאָלן דערפאַר מיט דאָסיקע גראָשנס, נאָר אַ געוויסן שניידער אויף אַן ערשטקלאַסיקער גאַס. יענער וועט אַ סך מער באַצאָלן.

אַזוי איז עס אויך געשען. יענער שניידער האָט געקויפט דעם פראַק. אָבער דאָס גאַנצע מלבוש האָט זיך שפּעטער געפונען בײַ בולאַווניקן, וועלכער האָט אויפגעקלערט דעם „פרייער", אַז ער האָט דאָס געשעפטל אָפּגעקויפט פון שניידער. דאָס האָט געהאַט די מעלה, וואָס צעוואַרי האָט פון צייט צו צייט, ווען בולאַווניק איז נישט געווען אין דער היים, געקענט שמעקן דאָס באַוולאָטשער פר קל, און גלייכצייטיק האָט ער אויך געלעבט, געגעסן, געטרונקען, געצאָלט דירה-געלט בלויז פון דער טראַנזאַקציע.

אָבער ס'זענען אָנגעקומען שווערע טעג.

דער קאַפּיטאַל איז אויסגעשעפּט געוואָרן. מ'האָט באַדאַרפט צאָלן פאַר באַלייכטונג און באַהייצונג. דער קרעדיט בײַ בולאַווניקן איז געשלאָסן געוואָרן, ד״ר צוטרוי אין שפּייז-געוועלבל איז אַרונטערגעריסן געוואָרן. מ'האָט געמוזט גיין צום הער גאַיאָוויעץ, וואָס צעוואַרי האָט ביז איצט אויסגעמיטן. דער פאַרעלטערטער הער גאַיאָוויעץ האָט זיך שטאַרק דערפרייט — שטאַרק דערפרייט!

אין אַמטלעכן קאַבינעט איז שווער געווען צו רעדן, ווייל דאָרט זענען כסדר אַריין און אַרויסגעגאַנגען אינטערעסאַנטן. דער הער גאַיאָוויעץ האָט, ווי אַמאָל, איינגעלאַדן צעוואַרין צו זיך אין דער פּריוואַטער דירה. ווען דער יונגערמאַן האָט זיך אין אַ געוויסן חגא-טאָג אַרויסגעקליבן אַהין, אין הער גאַיאָוויעצס דירה,

האָט ער נישט געטאָן דעם באַלעבאָס. אָבער די אייגנטימערין פון פענסיאָנאַט, באַ וועלכער דער הויכער באַאַמטער האָט געהאַט זיין סאַלאָן, האָט אַריינגעבעטן דעם יונגנמאַן אין צימער, זייענדיק פאַרויס באַנאַכריכטעט וועגן זיין וויזיט, מעלדנדיק, אַז דער הער „וויצע־מיניסטער" וועט זיך אַ ביסל פאַרשפעטיקן, ווייל ער האָט אין דעם טאָג אַ סך וויכטיקע וויזיטן.

צעזאַרי איז אַריינגעגאַנגען אין צימער אַריין און האָט זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל. ער האָט שוין געקענט דאָס גרויסע צימער מיט די פענסטער, וואָס גייען אַרויס אין אַ קליינעם הויף־גערטנדל.

די שוואַרצע, באַקעטע ביימער־צווייגן האָבן מיט קרומע ליניעס דורכגעשניטן די גרויסע שפיגל־אַרטיקע פענסטער־שויבן. די טירן אין שכנותדיקן צימער, אָדער בעסער געזאָגט, אין דער שלאָף־נישע, זענען פאַרהאָנגען געווען מיט אַ קאָטאַרע. דער גרויסער סאַלאָן איז זייער פיין איינגעאָרדנט געווען. ס'זענען דאָרט געשטאַנען דעם סובלאָקאַטאָרס אייגענע מעבל — אַ גאַרניטור פון מאַהאָגני־האָלץ — און ס'איז געלעגן אַ גרויסער דיוואַן. ס'איז געשטאַנען אַן אָפענע שאַנק מיט שיין־געבונדענע ביכער. אויף די ווענט זענען געהאָנגען אַ סך פאָרטרעטן, ספּעציעל געמאָלטע דורך אַ גוטן מאָלער. אַמאָל האָט צעזאַרי נישט געלייגט קיין אכט אויף די בילדער. איצט, נישט האָבנדיק עפּעס אַנדערש וואָס צו טון, האָט ער, — נאָכן דורכקוקן די טיטולן פון די ביכער, בעיקר עקאָנאָמישע און האַנדלס־ביכער, וואָס זענען אים דורכויס פרעמד געווען, — געווענדט זיין בליק אויף די פאָרטרעטן. דאָס זענען געווען גרויסע קעפּ, ענלעך געמאָלטע, נאָר מיט עפּעס אַ פאָטאָגראַפיע־אַרטיקן פּנים־אויסדרוק, וואָס האָט עדות געזאָגט, אַז זיי זענען נישט געמאַכט געוואָרן פון לעבעדיקע מאָדעלן. אונטער די בילדער זענען געווען אונטערשריפטן, געמאַכטע דורכן הער גאַיאָוויעץ, — ווייזט אויס, די צומיינסטן כאַראַקטעריסטישע ציטאַטן. די אונטערשריפטן זענען געווען: מאַריאַן באָהוש, סטאַניסלאַוו קושעמינסקי, עדוואַרד אַבראַמאָווסקי. די נעמען האָבן גאָרנישט געזאָגט צעזאַרין. עפּעס אומקלאָרע רעמיניסצענצן...

345

ווען דער הער שימאָן גאַיאָוויעץ איז אַהיימגעקומען, האָט ער אָנגעהויבן אויספרעגן דעם יונגן פרינץ וועגן זיינע דאָרף־איינדריקן. אָבער זיין יונגער פריינט האָט אים נישט קיין סך דערציילט. אייגנטלעך — גאָרנישט דערציילט. ער האָט זיך אַרויסגעדרייט דערפון מיט דערציילונגען וועגן קלייניקייטן און איינצלהייטן. צעזאַרי האָט ווידער, פון דער הוילער הויט אַרויס, אָנגעהויבן אויסצופרעגן גאַיאָוויעצן וועגן די פערזאָנען, וואָס זייערע בילדער זענען געהאָנגען אויף די ווענט. ער האָט אויף אַזאַ אופן געוואָלט אָפּשלעפּן דעם הויפּט־ציל פון דעם וויזיט: די בקשה וועגן אַ געצאָלטער באַשעפטיקונג. ער האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי צוצוטרעטן צום ענין, ווייל ער איז שוין געווען גאַיאָוויעצס אַ בעל־חוב, און איצט האָט ער באַדאַרפט מאַכן אַ נייעם דאַנקבאַרקייטס־חוב.

— די פערזאָנען? דאָס זענען „וואַרשאַוויאַקעס" פון אַמאָליקע צייטן: מאַריאַן באָהוש, סטאַניסלאַוו קושעמינסקי, עדוואַרד אַבראַמאָווסקי.

— „וואַרשאַוויאַקעס"? פאַרוואָס גיט איר זיי אַזאַ אַלגעמיינעם און בשותּפותדיקן נאָמען? דערפאַר, וואָס זיי האָבן געוווינט אין וואַרשע?

— ניין, נישט דערפאַר. בשעת דער רוסישער הערשאַפט האָבן מיר דאָ אין וואַרשע געהאַט אויסגעצייכנטע טוער, ליכטיקע כאַראַקטערן, ערשטקלאַסיקע געלערנטע, וואָס האָבן געלעבט צווישן המון, אין פאָלק, און זענען אומבאַמערקבאַר און נישט אָפּגעשאַצט אַדורכגעגאַנגען זייער וועג, פונקט ווי גריכישע קנעכט. די מענטשן האָבן געהערט צו דעם מין, וואָס ווערט צעשווומען אין המון, פאַרשווונדן, אָבער פילט אָן מיט זיך אַ גאַנצן דור. פון די מענטשן האָבן מיר — דאָס הייסט, מיין דור — אויסגעצויגן אַלץ, וואָס מיר פאַרמאָגן.

— כ'האָב נישט געוווּסט ווער זיי זענען, ווייל, כ'וועל זיך אייך אָפנהאַרציק מודה זיין, אַז כ'האָב וועגן זיי נישט געהערט און נישט געלייענט.

— דער ערשטער פון דער רייע — דאָס איז מאַריאַן באָ־

הויש, אַ נאַטורפאָרשער, וואָס וואָלט ערגעץ אַנדערש געוואָרן אַ באַרימטער דאָצענט, אָדער אפילו אַ וויכטיקער פֿילאָסאָף. דאָ איז ער געוואָרן אַ פעליעטאָניסט, איבערזעצער און פּאָפּולאַריזאַטאָר פֿון פֿילאָזאָפֿן און סאָציאָלאָגן. ער האָט זיך געמאַכט גאָר קליין־געלט און אַליין זיך אוועקגעגעבן דעם המון. ער האָט פֿון אַ נישט־עקזיסטירנדיקער קאַטעדרע געלערנט אַ גרופּע אינטעליגענטן. ווען אַלץ איז פֿאַר דערדאָזיקער גרופּע פֿאַרמאַכט געווען, ווען זי האָט געקענט ווילד ווערן און פֿאַלן, האָט ער איר געגעבן אַלץ פֿון דעם, וואָס עס איז געשען געוואָרן אין מערב, וואָס ער האָט געהאַלטן פֿאַר נוצלעך. לעבנדיק אַליין אונטער דעם טאָפּלטן קופּאָל פֿון געפֿאַנגשאַפֿט, אונטער דעם קופּאָל פֿון מאָסקווע און אונטערן קופּאָל, וואָס איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן דורך דער „וולאַסט טמי"*), האָט ער געצוווּנגען זיין דור צו דענקען, צו פֿאַרטיפֿן די סאָציאַלע געפֿילן, צו לערנען זיך, צו וואַכן.

שפּעטער האָבן אַנדערע, אַ שטייגער ווי אַדאָם מאַרבורג, בעסער און סיסטעמאַטישער די אַרבעט אויסגעפֿירט. ער איז אָבער געווען דער ערשטער. און אַלץ — לעבנדיק מיט אַ גלעזל רייניקע טיי און, בפירוש, מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט, אייביק אין צעריסענע שיך און צעשליסענע הויזן. אַלטער, גוטער לערער!... לסוף — איז ער פֿאַרשוווּנדן, ווי אַ שאָטן. ער איז ערגעץ פֿאַרלוירן־געגאַנגען, בלינד־געוואָרן. זייענדיק אין אַ פּאָנישער תּפֿיסה, האָט ער דורכגעלעבט גייסטיקע ליידן. און נישט וועלנדיק שטערן די מענטשן אין זייער לופּעניש, נישט וועלנדיק קיינעם פֿאַרדרייען דעם קאָפּ מיט זיין לוויה — איז ער ערגעץ פֿאַרשוווּנדן געוואָרן, פֿאַרפֿאַלן געוואָרן אויף זיין שטייגער, „אַלטרויִסטיש". ער האָט געלעבט און איז געשטאָרבן, ווי אַ גייסט.

— און דער צווייטער?

— דער צווייטער — דאָס איז סטאַניסלאַוו קושעמינסקי. געווען אין 63־סטן יאָר אַ מיטגליד פֿון דער נאַציאָנאַלער רעגי־

*) „מאַכט פֿון פֿינצטערניש".

רוונג. אַ היסטאָריקער, עסייִסט, ביבליאָפיל און ביבליאָמאַן, און בעיקר — אַ זעלבסטשטענדיקער פאָרשער. דער טיפּ פון אַן ענ־ציקלאָפּעדיסט. עפּעס אַן אומגעהייערער זכּרון. ערגעץ אַנדערש וואָלט ער געווען אַ באַרימטער און געלערנטער שרייבער, וואָלט במנוחה געאַרבעט פאַר זיין רום און דענקמאָל. אין דער אַלטער וואַרשע איז ער געווען אַ פּובליציסט, אַ שרייבער פון פּאָליטישע אַרטיקלען, אַ שמוגלער בײַ דער גרענעץ פון דער אַלטער און נייער צייט, אַן אומבאַמערקבאַרער פאַרן שונא. ער האָט בסוד, פאַר־באָרגן געשריבן וועגן פוילן צו מענטשן, וואָס האָבן אים געשעצט: „די האַרין מײַנע, די גרויסע מלכּה, די האַרציקסטע מוטער". ער האָט פעלזן־פעסט און קעגן דעם גאַנג פון דער ווירקלעכקייט גע־גלייבט אין דער קומענדיקער אומפהעגיקייט פון צעריסענעם און אומגליקלעכן פאָלק, ווייל ער האָט געקענט דעם כּוח פון פאָלק אין דער פאַרגאַנגענהייט, טראָץ די אַלע טעותים און חטאים, וואָס זענען דורכן פאָלק באַגאַנגען געוואָרן. די זיכערקייט פון גלויבן האָט ער זיין גאַנץ לעבן איבערגעגעבן די אַרומיקע. ער האָט אייגנאַרטיק געפאָרשט די פאַרגאַנגענהייט אין איר מקור.

זייענדיק איבער די אויער פאַרגראָבן אין די „טאָמיטשאַ־נען", אין קאָנאַרסקיס דערציִונגס־רעפאָרם, האָט ער אייבצייטיק געשריבן וועגן די נייעסטע שפּיצלען און קונצן פון דער מאָדער־נער דיפּלאָמאַטיע. ער האָט אָן אויפהער, אָן צפרו געאַרבעט, אַלס דער שלאָפלאָזער קאַנצלער פון אַ נישט עקזיסטירנדיקער מלוכה. אַ געבענטשטער „וואַרשאַוויאַק!" ער איז אין זיין אָרעמער דירה אַנטשלאָפן געוואָרן, זייענדיק ביז דער לעצטער רגע אויף דער וואַך איבער דעם גרויסן אַמאָליקן און נייעם פוילן.

— נו, און דער דריטער.

— דער דריטער — דאָס איז עדוואַרד אַבראַמאָווסקי. אַ פּי־לאָזאָף און סאָציאָלאָג. אַ נאָוואַטאָר, אַ פאָרויסגייער אויף אַלע גע־ביטן. דער הויפּט־געביט פון זיין גייסטיקער אַרבעט איז געווען די פּסיכאָלאָגיע. אַ קינד פון זיין צייט, אַ רעוואָלוציאָנערער סאָציאַליסט, אַ מדקדק פון דער מאַרקסיסטישער תּורה, אַ בלאָנדזשעדיקער אַרום איר מיט זיין מאָס פון אָביעקט און פענאָמענאַליזם, האָט ער לסוף

געשאַפן זיין אייגענע טעאָריע פון באָיקאָט פון דער מלוכה דורכן פאַרייניקן זיך פון מענטשן און פאַרבאַנדן, געמיינשאַפטן, קאָאָפּעראַטיוון. ער באַמיט זיך צו שאַפן אַ נייע און אומבאַקאַנטע וועלט, וואָס וועט, לויט זיין מיינונג, זיין אַ גרויסע, אַלגעמיינע עטישע באַוועגונג, — אַן אויסגעחלומטע, אויסגעטראַכטע וועלט. די אין דער צייט פון רוסישער הערשאַפט אויסגעחלומטע געזעלשאַפטלעכע און מאָראַלישע רעוואָלוציע, האָט אים קאָנסעקווענט דערפירט צו דער מדרגה פון אַ טעאָרעטיקער פון פּראַקטישן קאָאָפּעראַטיזם. און דער געדאַנק זיינער צו אָרגאַניזירן מענטשן אויף אַן אַנטי-מלוכהשן אופן האָט אים, אין דער צייט פון דער צאַרישער הערשאַפט איבער פּוילן, דערפירט אין דער פּראַקטיק צום אָנערקענען דאָס נישט עקזיסטירנדיקע פּוילן, אַלס אַ רעאַליזאַציע פון זיין געדאַנק.

— מיט איין וואָרט, אַלץ איז אייביק און אומגעענדערט — פּוילן, פּוילן, פּוילן, פּוילן...

— יאָ, מיר קריגן דאָ אַלע אויף דעם פּונקט. מיר זיינען געבוירן געוואָרן מיט אַ פּוילישקייט-דעפעקט.

— איך רעד נישט וועגן דעם, אַז די פּאָליאַקן זענען פּאָליאַקן, נאָר וועגן דעם אמתן דעפעקט, וועגן דעם, אַז אין די פילאָזאָפישע און סאָציאָלאָגישע באַטראַכטונגען קומט אַלעמאָל אַרויס פּוילן. ס'איז באַקאַנט — deus ex machina *) דער אַנעקדאָט אויף דער טעמע „העלפאַנט". אַ פּאָליאַק, וואָס זאָל דאַרפן נאָך אַנדערע פעלקער אָנשרייבן אַן אַרבעט וועגן העלפאַנטן, וואָלט אָן אַ רגע וואַקלעניש אָנגעשריבן: „דער העלפאַנט און פּוילן". נישט דאָס בין איך אָבער אויסן. כ'האָב געוואָלט פרעגן: פאַרוואָס האָבן די דריי מענטשן פאַרדינט אויף אַזאַ אויסטיילונג אין אייער קאַבינעט! צי זענען אין יענע צייטן נישט געווען קיין אַנדערע פאַר. ינטערעסאַנטע מענטשן?

— יאָ, ס'זענען געווען! ס'איז זיכער אַ סך געווען אַזעל-

*) מאַשין-גאָט.

כּען ס'איז מיר שווער — אָ, ליבער אַז ער ביידזשאַנער! — אויפ־צוקלערן דיר דאָס רעטעניש — די דריי האָבן ספּעציעל פאַרדינט בײַ מיר אויף אַזאַ אויסטיילונג, ווייל זיי זענען געווען מײַנע מדריכים. בײַ זיי האָב איך מיך אין מײַן טיפער פּראָווינץ געלערנט צו האָבן אַן אידעאַל — איך, אַ „טשינאָווניק" פון דער רוסישער רעגירונג. אַ דאַנק זיי האָב איך מײַן נשמה אַדורכגעשמוגלט קיין פּוילן. דעמאָלס איז פון די פּאָליאַקן אָוועקגעריבט געווען יעטוועדע מעגלעכקייט פון טאַט, פון טעטיקייט, פון רעאַליזירן די אידעאַלע שטרעבונגען. די ווייטע און טויטע פילאָזאָפיע, די טעאָרעטיזירנדיקע סאָציאָלאָגיע, די ליטעראַטור, די דיכטונג — אָט דאָס האָט בײַ אונדז פאַרנומען דאָס אָרט פון טאַט, פון טע־טיקייט. אַ ליטעראַרישער פעליעטאָן האָט אָפטמאָל אַ ריס געטון, ווי אַ שטיך מיט אַ שפּיז, אָדער אַ קלאַפּ מיט אַ בײַטש.

— אָ, יאָ! Consolatio servitutis!*)...

— יאָ, יאָ! כ'וועל דיר ברענגען אַ משל. מיט אַ לאַנגער, זייער לאַנגער צייט צוריק, אין יאָר 1891, האָבן מיר דאָ צום ערשטן מאָל נאָכן יאַנואַר־אויפשטאַנד געפייערט די יאָרצייט פון דער קאָנסטיטוציע פון דריטן מײַ. עפנטלעך, מיט אַ מאַניפעסטאַציע־צוג, האָט דעמאָלסט טאָג געפייערט נישט די גאַנצע געזעלשאַפט, נאָר איר ראַדיקאַלער פליגל, די פּובליציסטן, אַקאַדעמיקער, יוגנט. בשעת מ'האָט פונאַנדערגעוואָרפן דעם אויפרוף צום פייערן די יאָרצייט, האָט כמעט די גאַנצע וואַרשעווער פּובליציסטיק, די אַזוי גערופענע „ערנסטע", אָפּגעדרוקט אויף אַן אָנזעעוודיקן אָרט אַן איינשטימיקן פּראָטעסט קעגן עפנטלעכן פייערן פון נאַציאָנאַלן יום־טוב. פאַרשטייט זיך, אַז צוליב טיף־פּאָליטישע סיבות. דאַן האָט די אַקאַדעמישע יוגנט אײַנגעשטילט דעם פּראָטעסט מיט פּעטש.

אַלע „ערנסטע" רעדאַקטאָרן, וואָס האָבן אָפּגעדרוקט דעם פּראָטעסט, האָבן אין דעמזעלבן טאָג און אין דערזעלבער שעה געכאַפּט „אַ פּסק אַריין".

---

*) שוץ קעגן פאַרקנעכטונג.

און אָט דער מאַריאַן באָהוש האָט אין דעם טאָג אָנגעשריבן אַ גאַניאַלן פעליעטאָן. אַ גאַניאַלער, ווייל ס'האָט אים נישט פאַרשטאַנען דער אַלוויסנדיקער „פּרעוווענץ"-צענזאָר, אין דער צייט, ווען יעדער אַנדערער האָט יאָ פאַרשטאַנען. אין דעם פעליעטאָן איז דערציילט געוואָרן אַן אַנעקדאָט וועגן איינעם, וואָס האָט זיך געקליבן מיט אַ נסיעה קיין אַמעריקע און האָט אַנאָנסירט אין די צייטונגען, אַז ער זוכט אַ באַגלייטער. און אָט איז צוליב יענעם אַנאָנס אַריינגעקומען שפּעט באַנאַכט צום רייזנדיקן עפּעס אַ מענטש און דערקלערט מיט אַ געשריי, אַז ער וועט אין דער ווייטער אַמעריקע נישט פאָרן, און אים, דעם אַנאָנסן-געבער, עצהט ער אויך נישט צו פאָרן און פאַרבאָט אים דאָס אפילו צו טון. דער פעליעטאָן איז ווערט געווען מער, ווי אַ באַטאַליאָן געזונטע פוס-גייער. ער האָט געשאַפן פון די אומזיסטע ברויט-פרעסער, לאָבוזעס און טפּשים, אַמאַטאָרן פאַר דער נסיעה קיין אַמעריקע.

— כ'פאַרשטיי, אָבער דאָס...

— נו, וואָס? נו, וואָס? כ'בין זייער נייגעריק!

— דאָס איז אַזוי... פאַרעלטערט...

— אָ, ניין, ברודערקע! דאָס איז נישט פאַרעלטערט! איך האָב געהייסן מאָלן די בילדער און האָב זיי אויפגעהאָנגען אויף די ווענט פון מיין צימער, כדי איך זאָל כסדר האָבן פאַר מיינע אויגן די גרענעץ צווישן די פאַרגאַנגענע און נייע יאָרן. זיי זענען דאָ פאַר מיר אַ גרענעץ און וועגווייזער, ווי אַזוי מ'דאַרף נישט טון אין אונדזער נייער צייט.

— דאָס פאַרשטיי איך שוין לחלוטין נישט.

— קוק, דו פרעמדער! אָט דער סטאַניסלאַוו קושעמינסקי! פּוילן איז פאַר אים געווען — „די האַרין מיינע, די גרויסע מלכּה, די האַרציקסטע מוטער". מיט דעם טיפן געפיל, מיטן אויפריכטיקן גלויבן, וועלכן ער האָט אונדז איבערגעגעבן, האָט זיך זיין ראָל געענדיקט. מיין ראָל — הייבט זיך דאָ ערשט אָן. זיין געפיל, גלויבן, מוז דאַרף אַריינגעפירט ווערן אין אַרבעט, טאַט, און באַקאַנטשאַפט מיט ווירקלעכע פאַרהעלטענישן און ווירקלעכע מענטשן —

זי ווו ליגט באהאלטן דער שווערסטער ענין — אין דעם אימפּ פון רעגירן מיטן לעבן, פאַרהאַלטענישן און רעאַלע מענטשן.

— דאָס הײַנטיקע פּוילן מוז שטאַרק נישט ענלעך זײַן צום אידעאַל פון יענע פּאָליטיקאַניסטן.

— עס איז לכל־הדעות מער ענלעכער צו דעמדאָזיקן אידעאַל, ווי עס איז געווען אין זייערע צײַטן.

— באמת? איך מיין אַז נישט. אָבער, ס׳פאַרשטייט זיך, אַז איך קען זיך נישט אויף דער זאַך און קען זיך טועה זײַן. דערמיט האָב איך אָבער זיכער קיין טעות נישט, אַז דאַמאָלס האָט כאָטש פּוילן קיינעם נישט אונטערגעדריקט, נישט גערודפט, נישט געהאַלטן אין קייטן.

— דאַן זענען דיזעלבע שונאים פון דעם מענטשלעכן סדר געהאַלטן געוואָרן אין קייטן דורך רוסלאַנד, אָדער דײַטשלאַנד און עסטרײַך. אָבער נישט וועגן דעם האַנדלט עס זיך איצט. אָט האָסטו — עדוואַרד אַבראַמאָווסקי. ער האָט געלעבט, און מיר האָבן אים בלינד געגלייבט, געשאַפן א דאַנק זײַן לערע א סך זאַכן און הויכווערטיקע ווערק. מיר האָבן אָרגאַניזירט א מענגע מענטשן אין אויסגעצייכנטע פאַרבינדונגען. פיינסטערע מענטשן זענען דורך אונדז געוואָרן באַוווסטזיניקע בירגער. אָבער די גאַנצקייט פון זײַן לערע איז געווען א חלום אויף דער וואָר, וועגן דער געזעלשאַפט, א חלום, וועגן אָרגאַניזירן די געזעלשאַפט, א מיגאַליזם, somnium vigilantis*). ער האָט פײַנט געהאַט די מלוכה מיט איר מיליטער און מלחמה, מיט אירע געריכטן און פּאָליצײַ, מיט אַלע מלוכהשע פונקציעס, און ער האָט גערופן די מענטשן צו אָרגאַניזירן זיך אין פרײַע פאַרבאַנדן. איך קוק אויף זײַן טייער בילד און שעפּטשע אים טאָג־טעגלעך: שלאָף רויק, ליכטיקעד גייסט! מיר אַרבעטן אָן אָפּרו טאָג און נאַכט, מיר דערפילן דאָס, וואָס דו האָסט געחלומט און געטראַכט, אָבער לחלוטין אַנדערש, דורכויס אַנדערש, אין דער פרײַער פּוילישער

---

*) חלום פון א בלאָנדזשענדיקן.

מלוכה. קוקנדיק אויף דעם פּנים, אויף דעם גייסט, לערן איך מיך, וואָס מ׳דאַרף נישט טון, כּדי אַהין צו דערגרייכן, ווו ער האָט געשטרעבט, ווייל דאָס לעבן גופא האָט טויזנט מאָל סותר געווען די חלומות פון דעם סאָציאַלן מיסטיקער.

— דאָס איז אפילו אַ שיינע דערפּילונג פון עמעצנס פּרינציפּן: דאָס באַנוצן זייער ווידערשפּרוך אין טאַט.

— הער זיך איין! אבראַמאָווסקי האָט געלערנט, אַז מ׳דאַרף באַיקאָטירן די מלוכה אויף דאָרט, ווו זי אַרבעט פּאָזיטיוו, דאָס הייסט, באַיקאָטירן די שולן, דעם פאַבריק-אינספּעקטאָראַט, די מלוכהשע פילאַנטראָפּיע, די קולטורעלע און ווירטשאַפטלעכע אַרבעט — אויסרייסן און אונטערשניידן די וואָרצלען פון דער מלוכה, צעשטערן דעם קאָנטאַקט צווישן די באַדערפענישן פון מענטשן און מלוכהשע אינסטיטוציעס. אויף אָרט פון די באַיקאָטירטע מלוכהשע אינסטיטוציעס, אָדער בעסער געזאָגט, גלייכצייטיק מיטן באַיקאָט קעגן זיי, האָבן זיך באַדאַרפט אַנטוויקלען פרייוויליקע אינסטיטוציעס: אַנשטאָט מלוכהשע געריכטן — בוררים-געריכטן, — אַנשטאָט פּאָליציי — שוץ-פאַריינען, — אַנשטאָט מלוכהשע שולן — פרייע שולן, אָדער פּריוואַט-לימודים — און אַזוי ווייטער. לסוף, אַנשטאָט אַ טעריטאָריאַלער געמיינשאַפט — אַ פאַרבאַנדס-געמיינשאַפט. און איצט, די ווירקלעכקייט. די „שוץ-פאַריינען" — דאָס איז דאָך דיזעלבע פּאָליציי, אויב ס׳דאַרף זיין אַ גוט און פרוכטבאַר ווירקנדיקע אינסטיטוציע.

— נו, נישט אַזוי!

— אַנדערש קען נישט זיין! אין דער לעצטער צייט איז דאָ געשען אַן עקלהאַפטיקער פאַרברעכן, דער אַזוי גערופענער „סקאָלימאָווער מאָרד". צווישן די באַנדיטן, וואָס זענען אָנגעפאַלן אויפן הויז פון סקאָלימאָווער מילנער און אויסגעשחטן די גאַנצע משפחה, האָט זיך אויך געפונען אַ יונגער בחור, דעם מילנערס טאָכטערס חתן. בשעת דער שחיטה האָט די כּלה פאַרוואָרפן אירע הענט אַרום חתנס האַלדז, בעטנדיק מיט די זיסטע ליבעס-ווערטער, ער זאָל זיי העלפן און פאַרטיידיקן, און זעענדיק, אַז ער איז צווישן די אָנפאַלער — האָט זי געבעטן רחמנות. אָבער ער האָט

מיט אַ האַק אָפּגעהאַקט די מיידעלשע הענט, וואָס האָבן אים אין ליבע אַרומגענומען און געוואָלט אָפּהאַלטן פֿון מאָרד. און אין צווייטן טאָג אַרום איז ער, נאָך נישט זייענדיק געכאַפּט דורך דער פּאָליציי, געגאַנגען נאָך דער כלה׳ס עגלה, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן בײַ אַלע רחמנות צו אים. ס׳איז ווייניק, ברודערקע, אַ בוררים-געריכט, אָדער שוץ-פֿאַריין קעגן דער מענטשלעכער פֿאַרברעכערישקייט. און ווי איז אַלעמען אָן בילדונג! און וואָס וואָלטן מיר געטון אָן אַן אַרמיי, בשעת דער אויסערלעכער שונא איז באַפֿאַלן אונדזער יונגע מלוכה? האָבן מיר מיט פֿאַרלייגטע הענט געזאָלט וואַרטן — ווען די וועלט האָט זיך אָפּגעקערט פֿון אונדז — אויף נײַע יאָרהונדערטער פֿון פֿאַרשקלאַפֿונג בײַ מאָסקווע?

— אמת, אמת. אָבער דאָ ווערט ווייניק געטון, כדי אונטערצוברענגען די פֿאַרשקלאַפֿונג פֿון אָרעמע מענטשן, די אינערלעכע פֿאַרשקלאַפֿונג.

— אמת, אמת. ווײַל ס׳איז ערשט דער אָנהייב. מ׳זאָל עס אונדז לאָזן רויִק אַרבעטן אַ פּאָר יאָר! ס׳זאָלן זיך אויפֿהערן מיט אונדז צו פֿאַרנעמען פֿאַרשידענע אויסערלעכע בעלי-טובות! יענע מענטשן, וועלכע דו זעסט אויף די פּאָרטרעטן, האָבן געלעבט בשעתן שווערסטן ווינטער. זיי האָבן געקוקט אויפֿן ווײַטן לעבן דורך פֿאַרפֿרוירענע קראַטן. ווי-זשע האָבן זיי אונדז געקענט געבן אַ גענוגנדיקן באַגריף וועגן דעם לעבן פֿון פֿאַרהאָרעוועטע מענטשן אין די וואַרשטאַטן און נאָרעס? און מיר אַליין ווייסן נאָך אויך נישט, וואָס און ווי אַזוי, ווײַל ס׳האָט ערשט דער ערשטער פֿרילינגס-ווינט אַ בלאָז געטון אין אונדזערע פּנימער. דאָס איז ערשט אונדזער ערב-פֿרילינג. מיר גייען אַרויס אויפֿן דורכגעפֿרוירענעם פֿעלד און באַקוקן די ווײַסע אַקער-חלקים מיר נעמען זיך צו אונדזער אייגענעם אַקער, אַקער-מעסער און מאָטיקע, פֿאַרשטייט זיך, אַז מיט אומזיכערע הענט. מ׳דאַרף האָבן צו טון מיט שטינקעדיקן מיסט, מ׳דאַרף באַהערשן דעם האַרטן, פֿאַרפֿעסטיקטן באָדן.

— מ׳דאַרף עפּעס צו לאַנג וואַרטן, איידער מ׳נעמט זיך דאָ צו דער אַרבעט.

— מיר גלייבן, אַז מיר וועלן דערלעבן אונדזער ליכטיקן פרילינג...

---

גייענדיק אויף די פֿאַרטראָגן אָדער אין פּראָזעקטאָריום אַריין, צוריקקומענדיק פֿון פֿאַרטראַג, אָדער „פֿון שטאָט“, האָט פֿאַבריקאַ געמוזט דורכגיין די ייִדישע געגנט. די ייִדן זענען אַפֿילו געווען פֿאַרשפּרייט איבער גאַנץ וואַרשע, אָבער אין דער געגנט האָבן זיי זיך באַזעצט אַלס אַן איינהייטלעכע מאַסע, שאַפֿן זיך אַ געשלאָסענעם אָרגאַניזם פֿון אַ פּאָר הונדערט טויזנט נפֿשות. לכתּחילה האָט דער אויסזען פֿון די ייִדישע הייזער, דירות און געוועלבן גערייצט זיינע אויגן מיטן ספּעציפֿישן עקל, שפּעטער האָט ער אים שוין אָנגעהויבן אַ ביסל צו פֿאַראינטערעסירן, לסוף האָט עס אים אַלמעכטיק פֿאַרכאַפּט ווי אַ פּראָבלעם. די פֿרייע צייט האָט צעוואַרי געווידמעט דעם באַזוך פֿון די אַרומיקע גאַסן: פֿראַנ-טשישקאַנער, שוויענטאָיערסקיע, גענשע, מילע, נאַלעווקעס און אַנדערע.

די ייִדן, וואָס האָבן געוווינט, אָדער געאַרבעט אין דער געגנט, האָבן געשאַפֿן דאָס אַזוי גערופֿענע „געטאָ“. אָבער דער מקום-מקלט זייערער איז נישט אַנטשטאַנען אין דער פֿאַרגאַנגענ-הייט, ס'האָט נישט געהאַט אונטער זיך קיין געשיכטע. שוין די נעמען פֿון די גאַסן זאָגן עדות, אַז עס איז נישט אַזוי געווען. קיינער האָט זיי דאָ נישט אָפּגעזונדערט, ווי, למשל, דער פּויפּסט פּאַול דער פֿערטער אין רוים, כּדי זיי זאָלן נישט קומען אין באַ-רירונג מיט די קריסטן, — קיינער האָט זיי נישט געצוווּנגען צו וווינען דווקא דאָ און נישט ערגעץ אַנדערש. זיי זענען אַליין אַהערגעשווומען אין דער געגנט, זיך צונויפֿגעקומען איינע צו-און מיט די אַנדערע, און, צוזאַמענדיק כּסדר, האָבן זיי אייגנוויליק געשאַפֿן אַ „געטאָ“.

אין די גאַסן זענען פֿאַרשוווּנדן די פּוילישע אויפֿשריפֿטן

אויף די געשעפטן, סחורה לאַגערס און ווערקשטאַטן. זיי זענען
פאַרטרעטן געוואָרן דורך יידישע אויפשריפטן. קיין פּאָליאַקן האָט
מען דאָ שוין נישט געזען. ס'זענען געווען הייזער, אין וועלכע דער
איינציקער פּאָליאַק איז דער הויז-וועכטער, און גאַסן, וווּ דער
איינציקער פּאָליאַק איז דער פּאָליציאַנט. די גאַסן זענען שטאַרק
נישט חנעוודיק אויס, די הייזער, וואָס זענען געבויט געוואָרן דורך
יידן און געהערן צו זיי, טראָגן אויף זיך דעם צייכן פון גרויס-
שטעטישן טאַנדייט, אומפאַרשעמטער גראָבקייט און חרפּהפולער
מיאוסקייט. די מלחמה האָט זיי אַראָפּגעריסן פון דעם אייל-
אָדער קליי-בוימאָלעכץ. דאָס אייל-מאָלעכץ האָט זיך צונויפגעדרייט אין
רערעלעך און לאָקן און זעט אויס אויף די הייזער, ווי אומריינע
פּאות אויפן פּנים פון אן אומריינעם ייד. די אינעווייניקסטע טיילן
פון די הייזער, די הייף, זענען נישט נאָר ריין פון אן אייל-אָדער
קליי-מאָלעכץ, נאָר האָבן אויך אַרומגעריסענע מויערן, פון וועלכע
עס זענען כסדר שטיקער און פלאַטן אַראָפּגעפאַלן.

עס גלאַנצן די נאַקעטע, ציגעלנע מויער, אָבער אויך זי
איז גליטשיק פון שמוץ, פול מיט לעכער, פלעקן, באַשמירט, באַ-
גאָסן מיט די עקלדיקסטע תּינופת, וואָס אַרן נישט קיינעם פון
די איינוווינער. ווי משוגעדיק זענען דאָרט די קלאָזעטן, מיסט-
קאַסטנס, רערן, גיס-שיסלען, קאַנאַלן און די שטיינפלאַסטערס גופא.
די מערהייט הייף זענען פינסטער, קליין, אָנגעפילט מיט אָפּפאַלן,
גראַטעס און צעבראָכענע כלים, אַלטוואַרג און שמאַטעס. אומבאַ-
שרייבלעך איז די מעלאַנכאָליע פון די הייף, טויב איז דער טרוי-
ער פון די פענסטערס וואָס קוקן אייביק אויף שטינקענדיקע און
כוליהאַפּטיקע געסלעך, אויף צעמזיקטע און באַשמירטע מויערן,
אויף שטיגן און קעלערס, וואָס גיבן פון זיך אַרויס אַ ריח פון
פוילקייט.

ווען ס'גנבעט זיך אַדורך אַ שטראַל פון זון דורך די ווינ-
טער-וואָלקנס און קוקט אַריין אין די אָפּקום-ערטער — שפּילן זיך
דאָרט, אין די תּולאת-אָנגעזאָפּטע שטייגן, מענגעס יידישע קינדער-
לעך, שמוציקע, קראַנקע, שוואַכע, בלאַסע, אויסגעגרינטע. בשעת
דער ווינט בלאָזט און דער פראָסט בייסט, ווערן די קינדער אַריינ-

געשטויסן אין די לעכער, ווו די אַלטע גרעגערן וועגן געשעפטן, רווחים און גיכע פֿאַרדינסטן. צעוואַרי האָט אַמאָל געטראָפֿן צוויי יונגע קינדער, וואָס זענען געווען צוגעטוליעט צו זיך און האָבן ערגעץ געוואַנדערט מיט דער לאַנגער פֿראַנטשישקאַנער גאַס. זייערע פּיסלעך האָבן זיך געבאָדן אין דער שוואַרצער, שיטערער און קלעפּיקער בלאָטע פֿון טראָטוארן און רינשטאָקן, זייערע מלבושים זענען געווען דורכגענעצט און שמוציק. דאָס פּערל איז געווען אויסגעדאַרט איבער אַלע באַשרייבונגען. זייערע פּיסלעך זענען געווען דאַר, ווי שאַר-אייזנס, און די הענטלעך דאַר, ווי פֿייגלשע פּיס-ביינער. די פּנימער זענען אויך נישט געווען קיין מענטשלעכע, נאָר עפּעס ווי פֿון רויב-פֿייגל, די אויגן האָבן געהאַט אַן אויסדרוק פֿון שטרענגקייט, ווי בײַ אַן אַלטן מענטש. די פּאָר אומגליקלעכע האָבן זיך ערגעץ געשלעפּט, פֿאָכענדיק מיט די דורכזיכטיקע הענטלעך, שאָקלענדיק מיט די קעפּלעך, די אַרויסוואַקסנדיקע פֿון דאַרע העלדזלעך. זיי האָבן זיך פֿאַרביסן עקשנותדיק געקריגט צוליב עפּעס.

וועגן וואָס האָבן עס גערעדט די צוויי?

צי אויך וועגן רווחים און גיכע פֿאַרדינסטן? צעוואַרי איז זיי לאַנג נאָכגעגאַנגען, בשעת זיי האָבן זיך אַרומגעקלאַפּט בײַ די ווענט און לאַמטערנעס. און געגאַנגען זענען זיי צו אַ ציל, וואָס איז, באמת, נישט ווערט געווען זייערע באַמיונגען. ער האָט אין דער טיף פֿון האַרצן, אין די פֿאַרבאָרגענע קעמערלעך פֿון זיין נשמה געוויינט, דערמאָנענדיק זיך די גאָלדענע, אמת-מלאַכישע קינדער-יאָרן זיינע...

אין די ערב-שבת-טעג האָט ער זיך אַריינגעגנבעט אין די לאַנגע „גאַסט-הייף״, ווו מ'האָט פֿאַרקויפֿט כשרע מאכלים, געמיזן און נאַשערייען. ער האָט דאָרט פֿאַר זיך געהאַט א בילד, וואָס איז פֿול געווען מיט אַ מאָדנעם הומאָר, וואָס האָט געצוווּנגען צו לאַכן, און איז גלייכצייטיק געווען טיף טרויעריק.

אין די ערטער האָט געהערשט אַ גערודער, אַ געשריי, אומבאַטײַטלעכע קולות, וואָס זענען אַרויסגערופֿן געוואָרן דורכן האַנדל אויף אמת יידישן שטייגער.

— די קויטער און פּאַרקויפער פון שטיקלעך פלייש, גענדזנס, פּיסלעך, קעפּלעך, גערגעלעך, שנאָבלעך, פליגעלעך, הערינג, קאַרטאָפל, שטיקלעך פּאָמעראַנצן, צוקערלעך און פּרוכטן, זענען זיך געשפּרונגען אין די אויגן, געריסן די סחורה פון די הענט, באַוואָרפן מיט קללות, אַרויסגעריסן ס'געלט פון די צונויפגעקוועטשטע פויסטן. אַלע האָבן זיי געהאַט באַפּעדערטע האָר, אַלע זענען זיי געווען באַשפּריצט מיט בלוט פון אומשולדיקע קאַטשקעס און הענער.

אין דעם המון האָבן זיך אַרומגעשלעפּט נישט געזעענע טיפּן, אין ערגעץ אויפן ערד־קוגל נישט באַקאַנטע, אין אַזעלכע אויסגעריבענע שמאַטעס, אַז זיי האָבן אויסגעזען, ווי געמאַכט פון פאַרגליווערטע שטיקלעך פּעטס־שמירעכץ, — ס'זענען אַרומגעקראָכן האַלב־נאַקעטע פּעדלערס און האַלב־נאַקעטע שנאָרערס, וואָס זענען געשטאַנען אָן אַ זייט פון דעם מענטשן־טייך און האָבן זיך געשאָקלט מאָנאָטאָן, ווי אָנמעכטיקע זאַנגען אין פעלד, — באַשווערנדיק אין גאָטס נאָמען, מ'זאָל זיי שענקען אַ נדבה. דער גאַנצער צוזאַמענלויף האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מקום־מקלט פאַר פאַרשאָלטענע, דורכן טייוול באַהערשטע, וואָס האָבן עפּעס פאַרביסן פּנים אל פּנים געקעמפט.

אַממייסטן איז אין דער געגנט צו באַוואונדערן די קלייטן, אָדער בעסער געזאָגט, קלייטלעך, וואָס זענען אַריינגעשטופּט אין די פּאַרטערן פון די הייזער. מיט די קעמערלעך זענען די גאַסן און געסלעך ממש איבערפולט. אויף די טירן פון די קליינע קעמערלעך הענגען בלעכענע אויפשריפטן אין ייִדיש — זענען הייסט עס די סחורות אין די קלייטלעך פאַר דער ייִדישער באַפעלקערונג. ווי אָרעם, ווי אייאַרנטיק זענען די סחורות דאָרט! דער גרונט־קאַפּיטאַל פון יעדן איינעם פון די געשעפטן קען נישט איבערשטייגן קיין צוואַנציק גילדן. אַ ביסל אייזנוואַרג, לעדער, אַ ביסל גאַרן, שיך־בענדלעך, צדער שוואַקס, — דאָס איז דער מקור פון חיונה פאַר די מענטשן, וואָס זיצן פּוסט־און־פּאַס גאַנצע טעג און וואַרטן אין די שמאָלע און נידעריקע שטייגלעך פון ברעטער, פרירן און דרימלען.

אין אַ געוויסן טאָג איז באַריקאַ פאַרקראָכן אין אַ גרויסן הויף אַריין, וואָס קיין שום פעד ר איז נישט אומש טאַנד זיין עקלהאַפטיקייט צו באַשרייבן און זיין אומגעוויינטלעכן אומאָרדנונג, שמוץ, עקלהאַפטן סדר פון די אויף גיך אַוועק געוואָרפענע זאַכן וואָלט קיין זאַך נישט בכח געווען אויסצודריקן. דאָס איז געווען אַ לאַגער פון אייזן, אָדער בעסער געזאָגט, פון אַלטן אייזנוואַרג. און אַזעלכע קלייטלעך מיט אויסגעבראַקירטן, אַלטן, ווערטלאָזן אייזן זענען געווען אַ סך. מען קען זאָגן, אַז דער גאַנצער הויף איז דורכגעפרעסן געוואָרן דורכן זשאַווער, וועלכער איז דאָ איינציק און אַליין פאַרבליבן, אַלס אַ שפור פון די זאַכן, וועלכע ער האָט צו נישט געמאַכט. און די יידן, וואָס זענען דאָרט אַרומגעלאָפן, האָבן געשריגן, געזשומעט און צוליב עפעס זיך געריסן באַ די קעפ. — אויך זיי זענען געווען פאַרזשאַווערט, צום טויט דורכגעפרעסן דורכן אייזנוואַרג.

אין אַ געוויסער רגע איז אין הויף אַרייגעפאָרן אַ גרויסער פראַכט-וואָגן, אויף וועלכן ס'איז געלעגן עפעס אַ גרויסער, אין אַ פלאַכטע איינגעוויקלטער פאַק. מ'האָט תיכף מיט געמיינזאַמע כוחות אַראָפגעשלעפט די משא פון וואָגן און זי אַריינגעוואָרפן אין דער אויפגעטייעטער בלאָטע. אין דער פלאַכטע איז געווען אַ הויפן פון זשאַווער דורכגעפרעסן אייזנוואַרג: געשניטענע שטיקלעך רערן, איבערגעבראָכענע רושטן, שרויפלעך, האַקעס, טיילן פון צווענגלעך, צעבראָכענע אייזערנע מכשירים, קרומע טשוועקעס, צעבראָכענע אייזן-כלים, — ווער ווייסט פון וואָס פאַר אַן אָפּשטאַמונג, — שפיצן און שטאַכעטן פון אייזערנע צוימען, שליסלען, פרעס-אייזנס, פייערקעס, שטיקלעך פענסטער-ריגלען, טיר-הענטלעך און אַ מענגע אייזנוואַרג פון פאַרשידענע מינים.

באַם פונאַנדערפאַקן די פלאַכטע, זענען אַרויסגעקראָכן, אַרויסגעטויכט ווי פון אונטער דער ערד אַ סך יידן און יידענעס, בעיקר אַלטע, קרומע, הויקערדיקע, אויסגעגעלטע, באַוואַקסענע מיט קאָלטענעוואַטע האָר. די גאַנצע טשערעדע האָט אָנגעהויבן מיט קולות און מחלוקות אַרויסצורייסן פאַרשידענע שטיקלעך, ברעקלעך און טיילן פון דעם אייזן-הויפן, — אַלע האָבן אָנגעהויבן צו קויפן

באַ אומבאַשײבלעכע קריגערייען און דינגען זיך. ס׳איז אוממעגלעך געווען צו פאַרשטיין, וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן. סוחרים? שאַכערס? מעקלערס? זאַמלערס?

צעזאַרי האָט באַקומען דעם איינדרוק, אַז דאָס איז אַ פאַרזאַמלונג פון אַלטע ליידיק-גייער, פון ספּעציאַליסטן צו זאַמלען אַלטע אייזן-גראַטעס. ער האָט נישט געקענט באַקומען קיין דרך-ארץ פאַר זייער געטש, און נישט פאַרשטיין דעם זין פון זייער באַשעפטיקונג. זוכנדיק אַ גרויסן ריווח, זענען זיי, ווייזט אויס, אָפּגעפאַלן פון זייער עסק, און איצט באַפרידיקן זיי זיך מיט קליינעם, ממש נישטיקן ריווח, נישט אויפהערנדיק צו חלומען וועגן דעם גרויסן. זיי לויערן, אַזוי ווי יענע אין די קלייטלעך, באַרעס, לעכער, אויף אַ גרויסן ריווח, נישט טוענדיק גאָרנישט, אָבער טאַקע גאָרנישט דערווייל.

וואָס פאַר אַ סאָציאַלע רעפאָרם וואָלט זיי געקענט דערהייבן צו אַ העכערער געזעלשאַפטלעכער מדרגה? וואָס קען מען טון פאַר די מענטשן, כדי זיי אויסצוגלייכן מיט אַנדערע מענטשן אין רעכט, אין באַזיצן די עולם-הזה-אוצרות, אין דער אַרבעט, מנהגים, לעבנס-אַרט? ס׳איז דאָרט געווען אַן איבערפלוס פון שנאָרערס, וואָס האָט אויסגענוצט די איינגעבוירענע ווירעוודיקייט פון דער ייִדישער ראַסע אויף צו באַשווינדלען זיך קעגנזייטיק, אויף אַן אַרבעטסזאַמע קריגעריי וועגן אַ ביסל פון ערגעץ אַרויסגעגאָסענער זופּ, וועגן אַ שטיקל הערינג, אַ פּיצל פלייש, נישט טוענדיק גאָרנישט, בפירוש גאָרנישט, כדי צו פאַרדינען זיך אַן אָרנטלעך פאַרדינסט, אַ שטענדיקס פאַר דער גוט-געצאָלטער אַרבעט אין די פאַבריקן און ווערקשטאַטן.

אַ סך איינוווינער פון די גאַסן האָבן, פאַרשטייט זיך, געאַרבעט איבער די כוחות, ווי, למשל, די טרעגערס, בעל-עגלהס, געהילפן, האַנדלס-אָנגעשטעלטע, און די האָבן שוין אפילו געהאַט אַן אַנדער, אַ נאָרמאַל מענטשלעך אויסערלעך אויסזען. דער דורכשניטלעכער טיפּ אָבער — דאָס איז אַ קאַריקאַטור פון אַ מענטשלעך געשטאַלט. איינגעהויקערטע, אויסגעקרומטע, באַוואַקסענע, באַבערדיקטע, שמוציקע, אומענדלעך לעכערלעכע אין זייערע פלאַכע

היטעלעך און לאַנגע ביז צו די טריט, שמוציקע קאַפּאָטעס, האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, פאַרפלייצט די גאַסן, אַריין-און אַרויסגעגאַנגען, געפלוידערט, געקריגט זיך, נישט טוענדיק גאָרנישט.

צעזאַרי איז אין אַלגעמיין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די יידן, וואָס באַוווינען די געגנט, אין וועלכער ס'איז אים אויסגעקומען צו זיין, זענען אַ צוזאַמענקום פון באַוועגלעכע און רעדעוודיקע ליידיקגייער.

---

אויסער די אַמטלעכע אַרבעטן זיינע וואָס האָבן אים פאַרנומען אַ סך צייט, האָט הער שימאָן גאַיאָוויעץ געאַרבעט אין די נעכט איבער זיינס אַן אייגענער אַרבעט. ער האָט געשריבן אַ בוך וועגן נייעם פוילן, וועגן דעם נישט אָפּהענגיקן פון אונטערדריקער, אָבער דעם אויך נישט אָפּהענגיקן פון די ראָמאַנטיקער, מיסטיקער, דיכטער, נביאים, פאַפּירענע סאָציאַליסטישע און רעאַקציאָנערע דיקטאַטאָרן און פון אַלערליי פלוידערער. ער האָט געהאַט בדעה אויסצומאָלן דאָס ווירקלעכע פוילן, דאָס „צונויפגעשטעלטע פון דריי אומגלייכע העלפטן", ווי ס'האָבן אין זייער צייט געשריבן די האַרציקע פלוידערער — דאָס הולענדיקע און פון שוואַרצער אַרבעט לעבעדיקע פוילן — דאָס באַלאַסטעטע מיט אַ מענגע יידישער באַפעלקערונג און גרענעץ-שונאים — מיט אַ נישט דערליידיקטער אַגראַר-פראַגע און מיט פרעמדע רעכט, וואָס האָבן באַצייכנט פאַרברעכן און שטראָף מיט אַ משונהדיקער פרעמדער מטבעה — דאָס לאַנד, דאָס קאַליע-געמאַכטע דורך די אונטערדריקער, דאָס באַרויבטע פון פיזישע און גייסטיקע גיטער, דאָס פולע מיט פינסטערניש און פוילקייט, שמוץ, באַרבאַריזם און כאַמישקייט.

ערשט אין דעם בילד פון דער ווירקלעכקייט, פון דעם אמתדיקן תמצית און אומרחמנותדיקן רעאַליזם האָט ער געוואָלט אַריינהויכן דעם גייסט פון יענע נביאים און אַפּאָסטאָלן, וועלכע

האָבן אין יאָרן פֿון קנעכטשאַפֿט נישט געלאָזט אויף אייביק אַנטשלאָפֿן ווערן די אומגליקלעכע שעפֿונג, וואָס הייסט דאָס פּוילישע פֿאָלק. דער הער גאַיאַוויעץ האָט געשעפּט די ידיעות צו זיין ריזן־אַרבעט נישט נאָר פֿון געדרוקטע מקורות, די באַקאַנטע און צוגענגלעכע פֿאַר יעדן, נישט נאָר פֿון די דורך די אָקופּאַנטן געמאַכטע סטאַטיסטיקעס און אויסצוגן, נאָר אויך פֿון נייע מקורות, וואָס זענען קיינעם נישט באַקאַנט געווען, וואָס זענען אָנגעזאַמלט געוואָרן דורך די נייע פּוילישע אַמטן. מיט דעם אַלעם, מיט דער מענגע פֿאַקטן, באַמערקונגען און פּועל־יוצאס האָט ער זיך נישט געקענט קיין עצה געבן.

כּדי צו באַהערשן די אַלע ידיעות וועגן לענדער, וואָס זענען איצט פֿאַרייניקט און אין איין גוף צונויפֿגעוואַקסן געוואָרן, כּדי צונויפֿצורעכענען אַלע איינצלהייטן צום אַרויסגעבן די אַנטגילטיקע מיינונג, איז צו ווייניק געווען דער פֿיזישער כּוח פֿון זיין פּערזאָן. דערפֿאַר האָט דער הער גאַיאַוויעץ געזוכט הילף באַ צעזאַרי באַריקאַן.

אַט דער אינטעליגענטער און אַרבעטסזאַמער יונגערמאַן, וואָס איז אים געוויסערמאַס אַזוי נאָענט געווען, איז אים טאַקע צו דער אַרבעט זייער צונוץ געקומען.

דער הער גאַיאַוויעץ האָט נישט געוואָלט „באַגנבענען" דעם מלוכה־אוצר און דורכפֿירן די אַרבעט מיט דער הילף פֿון די אים אונטערגעאָרדנטע באַאַמטע. דערפֿאַר האָט ער טאַקע געצאָלט באַריקאַן אַ געהאַלט פֿון זיין אייגענעם חודשדיק געהאַלט. גענוג, זאָגט ער, האָט ער שוין מיסבּרויכט, באַנוצנדיק זיך מיט ידיעות, וועלכע ער האָט געשעפּט פֿון די אויסצוגן, סטאַטיסטיקעס און אַמטלעכע ביכער.

גאַיאַוויעצס בוך האָט געזאָלט זיין אָנגעשטאָפּט מיט פֿאַקטן, פֿול מיט אויפֿרייס־מאַטעריאַל, ווי אַ קויל. צו וועמען האָט ער עס געזאָלט שיסן מיט דער קויל, וועמען האָט ער עס געוואָלט אַ קלאַפּ טאָן מיט דעם ווערק, וועמען אומוואַרפֿן, וועמען פֿאַרטיידיקן און אויפֿהייבן?

ער האָט געזאָגט, אַז ער שרייבט אַן אָפֿענעם בריוו צו די

בירגער, ער האָט געגלייבט, אַז זיי מיינען איבערלייענען דעם בריוו און אויסהערן זיין וואָרט, ווייל דאָס וואָרט וועט אין זיך אַנטהאַלטן דעם אמת וועגן זייער כּוח, וועלכן זיי אַליין קענען נאָך נישט.

צעזאַרי האָט געפונען אַ גוט געצאָלטע באַשעפטיקונג, האָט ער טאַקע געאַרבעט מיט חשק. אַ דאַנק גאַיאָוויעצס ליטעראַרישער שוואַכקייט האָט ער געהאַט אַ פּאַרדינסטל און, אויף אַ לענגערער צייט, אַ געזיכערט לעבן אין וואַרשע. אינדערפרי און באַטאָג האָט ער געאַרבעט אין פּראָזעקטאָריום, געגאַנגען אויף פּאַרטראַגן, שפּעטער האָט ער מיט די חברים געגעסן מיטאָג, און אין אָוונט האָט ער געאַרבעט אין גאַיאָוויעצס „סאַלאָן", געמישט די פּאַפּירן, געציילט, צוגעגעבן, גאָמירט, געמאַכט אויסצוגן, דורכגעקוקט די מענגעס דאָקומענטן, וועלכע דער „וויצע-מיניסטער" האָט מיטגעברענגט אַהיים.

די באַשעפטיקונג האָט אָבער געהאַט איין חסרון. דאָס צו אָפטע פאַרברענגען אין דער געזעלשאַפט פון אַלטן הער. דער אַלטער הער, ווי כמעט אַלע אַלטע הערן, האָט זיך ליב געהאַט צו דערמאָנען פאַרשידנקייטן פון זיין לעבן און פון כּלל-לעבן. ער האָט ליב געהאַט צו דערציילן, מיט איין וואָרט — דרייען אַ ספּאָדעק. דאָס, וואָס איז געווען באַ באַריקאָן אַן אַלטקייט, פאַרגאַנגענהייט, געשיכטע, ווייל ס'איז געשען פאַר זיין קומען אויף דער וועלט, איז פאַר גאַיאָוויעצן געווען פרישינקע, גלייך פון דער נאָדל אָוועק, טאַקע ניי, וואָס עלטער, אַלץ נייער, ווייל ער האָט עס עמפּינדלעכער אויפגעכאַפּט און בעסער געדענקט. אַלע גרעסערע מענטשן, טאַקע די הערשנדיקע, האָט ער געדענקט פון יענע צייטן. כמעט יעדן האָט ער פאָרגעשטעלט אין יענעם אומבאַקאַנטן, פאַרבאָרגענעם, אַלטן, אוראַלטן געשטאַלט זיינעם.

אָפטמאָל האָט געטראָפן, אַז אַ מענטש, וואָס איז אין באַריקאָס אויגן געווען אַ פּשוטער בשר ודם, אַ געוויינטלעכער בורזשוי, האָט אין גאַיאָוויעצס אויגן אָנגענומען כמעט אַ נייעם קאָליר, צוליב זיין מוטיקער און אויסערגעוויינטלעכער האַנדלונג טאַקע אין יענע פאַרשימלטע, פאַרגאַנגענע צייטן פון „יאָך". אָפטמאָל

ווירער האָט דער נאָמען פון אַ פּיזראָן, וועלכע איז פאַר צעזאַרין געווען סימפּאַטיש, צוציענדיק, אינטערעסאַנט — אַרויסגערופן אויף גאַיאָוויעצס ליפּן אַ סאַרקאַסטיש אָדער גאָר אַ ביטול-געלעכטער, ווייל אין יענע פאַרשימלטע צייטן איז אָט דער, הייסט אזוי מיטיקער און אויפן מויל שטאַרקער בחורעץ, געווען אַ גאַנץ פּשוטער ברויט-עסער, אָדער גאָר גאָטס אַ משולחתל, וואָס האָט זיך דורכגעגליטשט צווישן דער נאַהייקע און דעם ווייכינקן פּוילישן סנאָביזם. צעזאַרי האָט קיינמאָל נישט געקענט טרעפן ווי עס געהער צו זיין.

דער הער שימאָן גאַיאָוויעץ, וואָס האָט געשטרעבט מיט אַלע זיינע כוחות פאַרצושטעלן דאָס ווירקלעכע פּוילן, אַזאַ פּוילן, ווי עס לעבט, ליידט, פרייט זיך, אין דער רעאַלסטער ווירקלעכקייט, איז דאָך אָבער אויך געווען אַ מיסטיקער. ער האָט געגלייבט אין ניסים. ער האָט געגלייבט אין אַ סודותפולער אַפּיטרופּסות איבער דעם לאַנד. אין שמועס מיט צעזאַרין האָט ער מיטן פינגער אָנגעוויזן אויף אַ פּאָר ניסים. דעם הער גאַיאָוויעצס ערשטער „נס" איז, פאַרשטייט זיך, געווען דאָס ווידעראויפלעבן פון דער פּוילישער מלוכה. דער צווייטער „נס" איז געווען דאָס צוריקשטופּן די באָלשעוויקעס אין 1920 יאָר.

די באַווייזן וועגן דעם „נס" זענען פאָלגנדיקע: די באָלשעוויקעס האָבן געהאַט אַ ריזיקע אַרמיי, אַן אויסגעצייכנטע קאַוואַלעריע. מיט דער אַרמיי האָבן זיי פאַרפלייצט כמעט דאָס גאַנצע פּוילישע לאַנד. אויף די באָלשעוויסטישע פענער איז געווען די לאָזונג פון באַפרייען דעם פּראָלעטאַריאַט פון אונטער דער בורזשואַזער אונטערדריקונג, די סאָציאַלע רעוואָלוציע. ווער און וואָס האָט זיך געקענט אַנטקעגנשטעלן דער אַרמיי און דעם מאָראַלישן כוח? דער דאָזיקער כוח האָט דאָך באַדאַרפט געפינען אין פּוילן אָנהענגער, ער האָט באַדאַרפט צעשמעטערן די קליינע פּוילישע באַוואָפנטע כוחות, ווייל הינטער די פּלייצעס פונעם פּוילישן מיליטער האָט זיך באַדאַרפט אַוועקשטעלן אַ צווייטער כוח, די רעוואָלוציאָנירטע פּראָלעטאַרישע מאַסן פון שטאָט און דאָרף. דער צווייטער כוח האָט באַדאַרפט דערלאַנגען די האַנט דער רוסישער

רויטער אַרמיי. דערווייל איז די באָלשעוויסטישע אַרמיי פאַרטריבן געוואָרן, זי איז אַנטלאָפן פון פּויל, ווי אַ באַנדע אָנפאַלער. דאָס איז געווען אַן אמתער, בלי־שום־ספקדיקער „נס בײַ דער ווייסל״.

דער צווייטער סימן, אַז ס׳איז פאַרהאַן אַ סודותפולער אַפּיטרופּס איבער פּוילן — דאָס איז, לויט גאַיאָוויעצן, געווען די געשיכטע פון עטלעכע מענטשן, וועלכע זענען, דורך אים אָנגערופן געוואָרן „די פּוילישע גרויסע כאַראַקטערן״.

עמעצער — זאָגט הער גאַיאָוויעץ — האָט דערוועקט אַ גרויסע נשמה אין אַ פּראָווינצער יונגל. אין אַן אויסגעמאַטערטן מעדיקער, וואָס דערעסט נישט און דערשלאָפט נישט, וואָס ווינט, ווי אַ הינט הינטערן פּלויט — ער זאָל, נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר גיין קעמפן מיטן גאַנצן מאָסקווער צאַראַט, מיט אַלעקסאַנדער דעם דריטנס אימפּעריע, וועגן וועלכע אַלע אין לאַנד האָבן געשמועסט, ווי וועגן אַ מאַכט, וואָס קען דורך קיינעם אויפן גאַנצן ערד־קוגל נישט באַקעמפט ווערן. יענער סטודענט, וועלכער האָט קוים געהאַט געלט אויף צו קויפן טינט, פּעדער און פּאַפּיר, שרייבט יעדעס מאָל אויפרופן צו די אַרבעטער און פּויערים, רופנדיק זיי צו אָרגאַניזירן זיך און קעמפן מיטן אַלמעכטיקן צאַראַט. מיט דער הילף פון חברים קלאַפּט ער אָפּ די רעוואָלוציאָנערע אויפרופן אויף אַ אומלעגאַלן דרוק־מאַשינדל, אַרבעטנדיק אַלס אַ זעצער בײַ אַ שטיקל ליכט, — און שפּעטער נעמט ער אויף די פּלייצעס אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּלאַרן פון דעם אויפרוף, אַריבערגייענדיק דערמיט די פּוילישע גרענעץ. און כדי בסוד אַריבערצוגיין די גוט־באַוואַכטע גרענעץ, מוז ער אין מיטן דער נאַכט אַריבערגיין דעם גרענעץ־טײַך.

ער קלויבט זיך אויס די שווערסטע, פינסטערסטע, רעגנדיקסטע נאַכט, ווען דער גרענעץ־וועכטער וויקלט זיך איין אין וואַרעמען מאַנטל און ווערט אַנטשלאָפן אויפן פערד. דאַמאָלס וואַרפט אַראָפּ דער אינספּיראַטאָר זײַנע שיך און טוט זיך אויס ביזן קרייץ־ביין. אונטערן לינקן אָרעם נעמט ער אַ שטיק האָלץ — מיט אים וועט ער עס טאַפּן אין דער פינסטערניש. טאָמער קריכט ער אַרויף גלײַך אויפן גרענעץ־וועכטער, וואָס שטייט דאָרט בײַם

טייך. אין דער רעכטער האַנט נעמט ער אַ רעוואָלווער, כדי צו שיסן צום זעלנער, אויב ער וועט אים אָנטאַפּן מיטן האָלץ און עס וועט אַנטשטיין אַ קאַמף. דער זעלנער שרייט אַראָפּ פֿון פערד, דערהערנדיק דעם פּליעסק אין טייך:

— „יאַ טיעביאַ וויזשו! יאַ טיעביאַ וויזשו!"*)

לויטן געשריי נאָך, דערקענט דער רעוואָלוציאָנער ווי עס שטייט דער זעלנער. ער גייט לעבן אים פאַרביי, אַ טריט, צוויי טריט פֿון אים. ער הערט, ווי ס'קלירט דאָס זאָטל אונטערן ריי־טער, ווי ס'קלינגען די שפּאָרן און ווי דאָס פערד כאָרכלט דער־שראָקן. ער גייט איבער די שאַרפע דערנער פֿון די געוויקסן אַ באָרוועסער, אַ דורכגעפרוירענער ביזן מאַרך פֿון די ביינער, אַ צי־טערנדיקער, האַלב באַקעטער — ער גייט זיין היימלאַנד וועקן פֿון קנעכטשאַפטס־שלאָף.

דער הער גאַיאָוויץ דערציילט זיין יונגן צוהערער וועגן זעקס יאָר־יערלעכע אַרבעטער־דעמאָנסטראַציעס אין טאָג פֿון ערשטן מאַי, אין וועלכע ער האָט אָנטייל גענומען. מיט אַן אמתער קו־טואַזיע האָט ער אָבער דערציילט וועגן דער ערשטער מאַניפעס־טאַציע, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן דורך דעמזעלבן גרענעץ־שמוגלער. און אויך דאָ, ווי אַלעמאָל, האָט דערזעלבער אינספּי־ראַטאָר אָנגעשריבן אַן אויפרוף צו פייערן דעם ערשטן מאַי אין די וואַרשעווער אויזאַדאָווע אַלעיען ביי די מויערן פֿון בעלוועדער, ווו ס'האָט רעזידירט דער וואַרשעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, דער הערשער איבער פּוילן אין נאָמען פֿון צאַראַט. ער האָט אַליין אָפּגעדרוקט אויף רויטע קוויטלעך אַן אויפרוף און אַליין אים פונאַנדערגעוואָרפן, צעטיילט אין די וואַרשעווער פאַבריק. דער אָרגאַניזאַטאָר האָט זיך שטאָלץ און גלייכגילטיק אַרומגעשפּאַ־צירט, — אַן איבערגעטוענער אַלס ענגלענדער, וואָס איז צופעליק פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן אין דער שטאָט און שפּאַצירט זיך איבער די אַלעיען, אין אַ הויכן, פּלייסיק אַרומגעפּרעסטן צילינדער, (וואָס

*) איך זע דיך!

האָט שטאַרק געשמעקט מיט „וואָלוווקע״-אַלטוואַרג), אין ב׳ו׳ר
ברילן און אַ לאַנגן מאַנטל — צווישן די מאַניפעסטאַנטן-גרופן,
וואָס זענען אין דעם טאָג צום ערשטן מאָל מאַסנווייז געגאַנגען
פון די פאַבריקן און ווערקשטאַטן אַנטקעגן דער מאַכט פון צאַראַט.
די רייטער-זשאַנדאַרמען זענען נאָנט צוגעפאָרן אויף זייערע פּראַכט-
פולע פערד, די זשאַנדאַרמען-אָפיצירן זענען אַרויפגעפאָרן אויפן
טראָטואַר, כדי זיך איינצוקוקן אין פּנים פון דעם וואַנדע׳נדיקן
ענגלענדער. גאַנצע מחנות פּאָליציי און מיליטער האָבן פון אַלע
זייטן אַרומגערינגלט די מאַניפעסטאַנטן, שפּאַרנדיק זיי צום אָפּע-
נעם טויער פון גאָרטן, כדי זיי דאָרט אַריינצושטופּן און פּאַקן.
דער הער גאַיאָוויעץ האָט דערמאַנט די בלאַסע פּנימער פון
יענע מענטשן, יענע ערשטע זעלנער פון דער פרייהייטס-זאַך, וואָס
האָבן דעפּילירט פאַרן בעלוועדער.
— מאָדנע, אויסערגעווייטלעך מאָדנע איז דער כּוח פון
תּפילות — האָט געזאָגט דער הער גאַיאָוויעץ.
און אָט האָט ער זיך דערמאָנט וועגן זיינס אַ תּפילה פאַר
אַ בילד, וואָס איז שוין פאַרשמירט געווען פון רעגנס און אָפּגע-
בליאַקעוועט פון פייכטקייט, פאַרן בילד אין דעם אַלטן אוניטישער
קירכעלע אויפן וועג קיין דראָהיטשין. ער איז דאַמאָלס געשטאַ-
נען לעבן צעזאַרים מוטער. לעבן דער יונגער פריילין יאַדוויגאַ...
ער האָט דאַמאָלס הייס — הייס מתפּלל-געווען ס׳זאָל אַראָפּגעשיקט
ווערן אַ ישועה פאַר די אָרעמע מענטשן פון פּאָדליאַשיע. און
אָט — וועלט-מאַכטן זענען פערביי, הערשער זענען געפאַלן, גרוי-
סע מחנות מיליטער זענען פאַרשוווּנדן געוואָרן, אומבאַזיגבאַרע
פעסטונגען זענען צעפאַלן געוואָרן אין חורבות. די תּפילה האָט
דאָס איריקע געטון...
אַ סך פון דעם מין געהיימנישן האָט דער הויכער באַאַמ-
טער הער גאַיאָוויעץ אָנפאַרטרויט זיין יונגן סעקרעטאַר.

---

אויסהערנדיק אין אַ טיפן שטילשווייגן דידאָזיקע מיסטישער אַלטע דערציילונגען, האָט דער סעקרעטאַר זיי דורכגעלאָזט פאַרביי די אויערן. אין זיינע אויערן האָט בלויז געקלונגען איין כסדר זיך איבערחזרנדיקער נאָמען, ווי קליינע זילבערנע גלעקלעך. דערפאַר האָט ער זייער אָפט, רעדנדיק — נישט גערעדט און, הערנדיק — נישט געהערט.

אונטער דער אויסערלעכער צודעק פון געשפרעך, ויכוחים און אפילו מחלוקה, צווישן טראַכטן, אַנאַליזירן און אפילו חשבונען, איז ווי אַ רוישנדיק וואַסער געשווומען דאָס אייביקע דערמאָנען זיך אין דער שיינער פרוי לאַורא. און איר כסדרדיקע אָפּוועזנהייט, די טויטע סטעפּ פון צעשיידונג, די אויסגעוועבטע און אויסגעטרוקנטע מדבר פון לעבן אָן איר — דאָס האָט אים צערייצט און צעווילדעוועט. עס איז אים נישט געפעלן געוואָרן דאָס זיין אָן איר דאָ, אין דער שטאָט. ער האָט דאָ גאָרנישט געהאַט קיין גרויסעס, ריזיגעס, אויף וועלכן ס'זאָל זיך קענען קאָנצענטרירן זיין געפיל. ער האָט פאַרשטאַנען דעם גאַיאָוויעצס אַרבעטן, די שטרענגע און אויף גאָרנישט אַכטנדיקע אַרבעטן, די איינגעגראָבענע, ווי אַן אַקעראייזן, אין דער צוקונפט פון דעם לאַנד. אָבער ער האָט זיך נישט געקענט איבערנעמען מיט אָט דער קאַלטער, עפעקטלאָזער פּראָזע.

גאַיאָוויעץ האָט געחלומט, ווי וועגן זיין ליק, וועגן דעם אידעאַל פון זיין לעבן — וועגן אַ פוילישער מטבע.

ווען ער האָט אַרויסגערעדט דאָס וואָרט „זלאָטי“, האָט ער אויפגעשיינט, אויפגעשטראַלט, ווי אַ מלאך. ער האָט אַ לאַנגע צייט אויפגעקלערט דעם יונגן חבר זיינעם, וואָס פאַר אַ מין, קאַמף, מאַטערניש — וואָס פאַר אַ מענגע וויסן, פאָרויסזעונגען און באַטראַכטונגען — וואָס פאַר אַ באַקאַנטשאַפט פון די וועגן און שטעגן פון דעם ביים לעבן, וואָס קיין שום סאָציאָלאָגיע איז עס נישט אימשטאַנד פאָרויסצוזען, און נישט קיין פּראָגראַם פון אַ וועלכן ס'איז אינטערנאַציאָנאַל — וואָס פאַר אַ שעפערישע גאונות ס'פאָדערט אָט דער „זלאָטי“.

צעזאַרי האָט מסכים געווען, אָבער צו יענעם „זלאָטי“ האָט

גער מיט קיין ענטוזיאַזם נישט געפלאַנט. ווער דען הער גאַיאָוויעץ זאָל וויסן, וועגן וואָס עס טראַכט דער יונגערמאַן אין דער צייט פון זיינע פאַרוויקלטע ראיות, וואָלט ער פאַרמאַכט ס'מויל מיט זיבן שלעסער.

ווייטער אַריין, וואָס מער באַריקאַ האָט זיך פאַרטיפט אין לעבן, וואָס מער מענטשן ער האָט דערקענט און מער פאַקטן אָב־סערווירט, אַלץ טיפער איז געוואָרן זיין ווידערווילן צום גאַנצן פּאָליאַקן־קאָלעקטיוו, זיי האָבן אים אַלע געשטאָכן מיט זייער צו־געבונדנקייט צו דער פאַרגאַנג נהייט, צו יענעם טרויעריקן געכטן — און מיט זייער פריידפולן באַוווסטויין, מיט דער נאַיווער שמחה פונם שיינעם היינט. ווייל צעזאַרי האָט געזען דעם „היינט" נישט אין פּלפאַרביקן פרייהייטס־קליידל, נאָר אין די פאַרמיאוסטע שמאַטעס פון די ווירקלעכע און באַמעקבאַרע פאַקטן. וואָס האָט עס אים געקענט אַרן, אַז אָט דער לאַנד אין דער שמאַטע איז אַן אומפאַרמיידלעכער פועל־יוצא, דער נאַטירלעכסטער רעזולטאַט פון אַזעלכע און אַזעלכע סיבות, — אַז אָט די מכה, ווונד, פאַר־טרוקנטע קרעץ, דאָס איז די אַרבעט און שולד פון די „אונטער־דריקער", פאַר וועלכע זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך.

באַריקאַ האָט נאָר געזען לעכער, לאַטעס, שמאַטעס, מכות און קרעץ.

חוץ דעם האָט ער געזען פרווינע־בלויע צייכנס אוןביילן, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן דורך די נייע הערשער, וועלכע באַ־מיען זיך נישט צו זיין שוואַכער פון די „אונטערדריקער". אַפילו אַן אָרט, וואָס האָט אויסגעזעען אויסערלעך געזונט און בליענדיק, האָט ער אויך אָנגעהויבן חושד זיין אין אינערלעכער צעפוילט־קייט. ער האָט דורכגעלעכערט דאָס אָרט מיט זיין חשד־נאָדל, אָדער דורכגעשניטן עס מיטן דרייסטן לאַנצעט. ער האָט דאָך געזען דאָס פריצישע דאָרף מיטן דאָרטיקן לעבן. צי דאַרף מען נישט שיקן צום טייוול דאָס גאַנצע גאַוולאָטש מיט די כלאָדקעס? צי דאַרף מען נישט דאָס זעלבע טון מיט לעניעץ, מיטן הער באַר־וויצקי און פרוי באַרוויצקאַ?...

דאָ האָט זיך שוין פאַראייניקט אַן אַנדערע פלעכע פון פילן

די ווירקלעכקייט. די האַנט האָט אָנגעכאַפּט נישט אַ לאַנצעט, נאָר עפּעס אַ מזרחדיקע כּלי צום אָפּרעכענען זיך אין אַזעלכע פאַלן...

---

אין יענער צייט איז אין בולאַווניקס און באַריקאַס בשותּפות־דיקער דירה אָפּגעקומען אַ חבר אַנטאָני לולעק. דאָס איז געווען אַ סטודענט פון די העכערע קורסן פון רעכט־פאַקולטעט. לולעק איז געווען אַ קרענקלעכער, שוואַכער, דאַרינקער בלאָנדין. אויף דער באָלשעוויסטישער מלחמה איז ער נישט געווען צוליב זיין שוואַכן געזונט־צושטאַנד. לולעק איז געווען אויסערגעוויינטלעך באַלעזן און אַן אויסגעצייכנטער דיאַלעקטיקער. ווען נישט די בלוט־אָרעמקייט און אַסטמע, וואָס האָבן אים „צוגענומען דאָס וואָרט", וואָלט ער געקענט איבערפלוידערן אַ צען געזונטע פלוידערער. טיילמאָל האָט ער לחלוטין „נישט גערעדט", דאָס הייסט, ער האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָנגערופן. ער איז בלויז געזעסן, אונטער־שפּאַרנדיק זיך דעם קאָפּ, אָדער ריכטיקער, די באָרד, מיט זיין דאַרער און טרוקענער פויסט און האָט געקוקט מיט פליונע דורכ־דרינגענדיקע אויגן אויף זיין קעגנער — (אין די סטודענטישע צי־מערן קומען זיך צונויף טרינקען קאַלטע טיי, רייכערן פּרעמדע פּאַפּיראָסן און פלוידערן — „קעגנער").

לולעק איז שוין געווען אַן עלטערער בחור. נישט פון איין אויוון האָט ער שוין ברויט געגעסן.

אין דער צייט פון דער וועלט־מלחמה האָט ער זיך געוואַל־גערט איבער פאַרשידענע רוסישע און דייטשישע קרימינאַלן. די „קאָזע" האָט אים צוגענומען אַ גרויסע טייל פון זיין לעבן. אין דער „קאָזע", אָדער ריכטיקער, אין די „קאָזעס", האָט זיך לולעק, האָבנדיק אַ סך צייט, געלערנט פרעמדע שפּראַכן, און באַזיצנדיק די ענגלישע שוואַך), פראַנצויזישע און דייטשעשע (גאַנץ נשקשה־דיק) שפּראַכן, האָט ער כּסדר עפּעס איבערגעזעצט. ער האָט „גע־

ארבעט וויסנשאַפטלעך", האָט מען געשמועסט צווישן די חברים. קיינער האָט אָבער לולעקס וויסנשאַפטלעכע אַרבעטן נישט געזען. שטענדיק האָט עפּעס געזאָלט אַרויסגעגעבן ווערן דורך געוויסע איד נישע אָרגאַניזאַציעס און גרופּן, און שטענדיק איז עס נישט צושטאַנד געקומען, פאַרשטייט זיך — צוליב געלט, וואָס האָט אין די קרייזן נישט אַנדערש געהייסן נאָר „פּעשיע-מאָטשיע".

לולעק האָט ליב געהאַט צו רעדן מיט באַריקאַן, און גיכט מיט בולאַווניקן.

בולאַווניק איז געווען אַ קלאָרער קאָפּ (אַביסל צו קלאָר) אַ ראַציאָנאַליסטיש-גלייכגילטיקער, אַ זעלבער, וואָס האָט פיינט געפילן און סודות, מיט וועלכע לולעק האָט זיך ליב-געהאַט צו פאַרשלייערן.

אויב בולאַווניק האָט צו קאַטעגאָריש, אויף אַ „מאָדערניש" אופן אויפגעוויזן די ריכטיקייט פון זיין מיינונג, איז לולעק אַרויס-געשווומען אויף די ברייטע וואַסערן פון וויסנשאַפטלעכע באַמער-קונגען און ציטאַטן. ער האָט געוואָרפן אַרגומענטן, וועלכע ס'איז נישט לייכט נאָכצויאָגן, און ער האָט פאַרלוירן די שפּורן נאָך זיך. דאָך האָט זיך אָבער לולעק פון צייט צו צייט באַוויזן אין בו-לאַווניקס נאָרע, ווען ער האָט זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער הילף, אין אַ קורץ-טערמיניקער הלוואה. דער לעצטער איז געווען גוט געשטימט צו דעם קליענט זיינעם. ער האָט טאַקע שטאַרק געזאָרגט פאַר זיין אייגענעם, אָדער ריכטיקער, פאַר זיין פאַ-טערס גראָשן. ס'איז אָבער נישט געווען דער פאַל, ער זאָל אָפּ-זאָגן לולעקן אַ „הלוואה", וואָס האָט געקענט זיין — לאָמיר זיך נישט נאַרן — אַן אייביקע.

דערווייל איז לולעק געווען פּענאַמענאַל פּינקטלעך. די חובות האָט ער אָפּ געגעבן אין באַצייכנטן טערמין. די זאַך האָט זיך שוין אַזוי איינגעאָרדנט, אַז לולעק האָט מיט באַריקאַן גערעדט וועגן אַבסטראַקטע וויסנשאַפטלעכע, טעאָרעטישע, סודותפולע ענינים, און מיט בולאַווניקן וועגן געלט. און, אויב בולאַווניק האָט זיך אַריינגעמישט אין זייער געשפּרעך, האָט זיך אָנגעהויבן מתוכח

צו זיין, חכמינען און אויפווייזן, האָט לולעק אים איבערגעריסן איינמאָל, צווײמאָל, שפּעטער שטילער געוואָרן, לסוף איינגאַנצן אַנטשוויגן געבליבן, פאַרכאַפּט פון דער אָטעם, וואָס האָט אים „צוגענומען דאָס וואָרט".

„צוקוקנדיק זיך" מיט זיינע קאַלטע אויגן צום קעגנערס אַרגומענטן, איז ער אויף אַ לאַנגע צייט פאַרשטיינערט געוואָרן. לולעקס קלאַנגלאָז געלעכטער איז פאַר בילאַווניקן הונדערט מאָל ערגער געווען, ווי די וואָרט־אַרגומענטן.

וועגן וואָס האָט עס לולעק דיסקוטירט מיט באַריקאַן ? בעיקר וועגן זיינע באַקינישע און מאָסקווער איבערלעבונגען. לולעק איז קיינמאָל נישט געווען אין רוסלאַנד, האָט נישט געזען מאָסקווע, נישט עפּיס אַ טאָלע, און דאָך איז ער אַזוי גוט אינפאָרמירט געווען וועגן רוסישע ענינים, ווי ער וואָלט דאָרט טאַקע פאַרבראַכט דאָס גאַנצע לעבן. און דאָס אַלץ איז געווען פון ביכער, צייטונגען און צייטונגלעך, דער פענאָמענאַלער זכּרון האָט אים דערלויבט יעדע רגע זיך צו באַנוצן מיט ציטאַטן פון אַלע דעקרעטן, וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך פאַרשידענע באָלשעוויסטישע אינסטאַנצן מיט די משונהדיקסטע נעמען, מיט דאַטן, ציפערן, ווערטלעכע טעקסטן פון פאַראָרדנונגען, מיטן אינהאַלט פון געזעצן, פּינקטלעכע פאָרמולן פון דרשות פון די פירער און ווערטלעכע תשובות פון די אָפּאָזיציאָנערן. לולעקס וויסן האָט זיך געדרייט אין די גרענעצן, וואָס זענען אָנגעצייכנט געוואָרן דורך אָט די דאָקטערינעס, וואָס זענען אַריינגעקוועטשט געוואָרן אין די ראַמען פון אָט די געזעצן און אויפקלערונגען.

חוץ דעם, איז לולעק געווען נישט קיין קלענער, (אַזוי גערופענער) „פּסיכאָלאָג". ער האָט זיך געקענט אָריענטירן אין דער מענגע פאַקטן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן דורך צעזאַרין, ער האָט געקענט אַרויספילן דעם תמצית פון זיינע אויפרעגונגען און דעם ווירקלעכן כּוח פון זיינע ספקות און יאוש.

און אָט אין די ערטער, אין די צעווייטיקטע געגנטן, האָט ער אים געקענט אַ שטופּ טון אין דער פּאַסיקער רגע מיטן לאַנגן שטילעט פון שפּאָט און בייסיקער לצנות. באַריקאַ האָט זיך געפּו-

גען אונטער לולעקס השפעה און איז אומבאַמערקבאַר, פּאַמעלעך אַריבערגעגאַנגען אונטער זיין גייסטיקער שליטה. ס'איז דערגאַנגען דערצו, אַז צעזאַרי האָט אַנפאַרטרויט דעם „פּסיכאָלאָג" געוויסע סודות פון זיין לעבן אין נאַוואָלאָטש און לעניעץ. ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט דערציילט וועגן אַלץ, נאָר דערמאָנט וועגן דעם און יענעם. יענער האָט אויסגעהערט מיט אַן אויסערגעוויינטלעכער אויפמערקזאַמקייט, אונטערשפּאַרנדיק מיט דער נאַקעטער פויסט די נאַקעטע גאָמבע. ער האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין די ענינים מיט קיין שום עצה, נישט מיט קיין באַמערקונג, אָבער ס'האָט זיך געלאָזט באַמערקן, אַז ער גיט אַ געוויסע באַדייטונג דעם יונגנמאַנס האַלבער ווידוי.

פאַר באַריקאַן איז די באַדערפעניש פון מתוודה זיין זיך געווען אַ נשמה-נויטווענדיקייט.

ווי שטאַרק ער וואָלט געוואָלט אַלצדינג, אַלצדינג אויסדערציילן! אַראָפּוואַרפן פון האַרצן די שטיינער, וואָס האָבן אים געדריקט, מתוודה זיין זיך, ווי ס'האָט אים אַמאָל געראָטן דער גלח אַנאַסטאַזי! אָבער מיט לולעקן האָט מען נישט געקענט אָנהייבן אַזעלכע מיני ראָמאַנסן, ווייל ער האָט אין די אַפּערעס עפּעס אַנדערש געזוכט. אים איז געגאַנגען אין פאַרביטערן באַריקאַן, דערפירן אים צו אַ מצב פון עקל און — צו וואָס זאָל מען עס איינוויקלען אין זייד! — צו אַ מצב פון נקמה-זוכן. צו דעם צוועק האָט לולעק באַנוצט געוויסע פּאַרקירצונגען.

ווען ער האָט גערעדט וועגן פּריצנטום, וועגן דעם פּאַראַזיטישן, אָפּגעלעבטן קלאַס — האָט ער נישט געזאָגט „פּריצים", נישט „בורזשואַזיע", אָדער אַן אַנדערן ענלעכן נאָמען, נאָר „נאַוואָלאָטש". די גייסטיקע געפאַלנקייט, נידערטרעכטיקייט, צעפוילטקייט פון די פּריצישע פרויען בכלל, האָט בא אים געהייסן: „לאַוראַ" „לאַורינקאַ". דאָס גראָבע, געדאַנקענלאָזע פיליסטערטום האָט ער אָנגערופן — „באַרוויצקיס". דער אופן האָט זיך געוויסערמאָסן צוגעפּאַסט צו צעזאַריס געפילן, ס'איז אים עפּעס געווען, ווי צוגעזאָגט. אין די געשפּרעכן האָט ער אָפטמאָל אַליין זיך באַנוצט מיט די זעלבע אויסדריקן. ס'מאַכט נישט אויס, וואָס ער האָט שפּע-

טער אין זיך געפילט אַ ציטער אין בייסנדיקן כּעס, פּאַרוואָס ער האָט זיך אַזוי אָנטבלויזט מיט דעם אַלעם און פּלוידערט אַזוי אויס אַלץ.

אָבער לולעק האָט געקענט באַהערשן אָט די פּאַרביילויפּנ־דיקע רעפלעקסן. ער האָט געוואָרפן פאַר די אויגן פון זיין פריינט נאָך נישט געזעענע בילדער פון פּאָלקס-אָרימקייט, און האָט אים ממש גישטאָכן אין האַרץ אַריין ער האָט דערוועקט אין אים דעם גאַנצן סכום פון אַלע מאָל און מיט אַ קורצער צייט צוריק געזעע־נע זאַכן — ער האָט אים געבריט מיט דעם אייזן, וואָס איז צע־גליט געוואָרן אין דעם גרויסן פייער פון פּראָלעטאַרישע ליידן. ער האָט אים נישט געלאָזט זיך אומקערן אויף די אויסגעטרעטענע, באַקוועמע וועגן פון געפיל און האָט אים געטריבן אויף נייע וועגן. צי האָט לולעק אַליין געפילט די ליידן פון די אונטערדריקטע? גאָט ווייסט! ער האָט וועגן דידאָזיקע ליידן גערעדט מיט פּגע־ריבענע פאָרמולן, אַלעמאָל אויף דעמזעלבן, סומאַריש, עפּיטעטן־אַרטיקן אופן, וואָס איז לאַנגווייליק און פּראָכטלאָז געווען ביז עקל, און האָט דאָך אין זיך אַנטהאַלטן דעם אמת פון נאַקעטע זאַכן.

דאָס הויפּטוואָרט „פּראָלעטאַריאַט" האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ געווּיסער זילבן-פּאַרקירצונג, ווי דאָס וואָרט וואָלט גלאַטיק, קיילעכדיק און ווייך געוואָרן פון דעם שטענדיק דרייען זיך בײַ אים אין מויל און באַנעצן מיט שפּייעכץ זיינע צונג-קאַנטן. דאָס הויפּטוואָרט „רעוואָלוציע" האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ געוויסן צופּייף און נאָכפּייף, וואָס האָט צוגעגעבן דעם וואָרט אַ קלאַנג פון אַן אונטערגעמעבדיקן „C".

מיט אַ באַזונדערער אַנטיפּאַטיע, שנאה, עקל און שפּאָט האָט ער באַשאָנקען די אַרטיקע נאַציאָנאַל-באַפּאַרבטע סאָציאַליס־טישע אָרגאַניזאַציע.

ווען ער האָט גערעדט וועגן די מענטשן און וועגן דער טע־טיקייט פון דער גרופּע, איז זיין נאָז געוואָרן העל-ברין, און די אויגן זענען באַצויגן געוואָרן מיט אַ פּאַרווייסונג. אויף אַנדערע „בורזשואַזע" פּאַרטייען, נאַציאָנאַלע, פּויליש, פּראָגרעסיווע, קאָ־

טוילישע אָדער קאָנפעסיאָנעלע האָט ער געקוקט מיט אַ גרעסערן גנאָד, פשוט דערפּאַר, ווייל די שנאה אין זיין נשמה איז געוואַקסן קעגנזעצלעך־פּראָפּאָרציאָנעל צו די אידעישע חילוקים: וואָס קלענער דער חילוק, אַלץ גרעסער די שנאה. לולעק האָט נישט אַנטקעגנגעשטעלט זיינע מיינונגען און אָפּלייקענונגען קעגן די אַרויסטרעטונגען פון יענע פּאַרטייען און שטימען פון זייערע הויפּט־פאָרשטייער. ער האָט זיך נאָר צוגעקוקט צו זייערע טענות און אַרגומענטן פונקט אַזוי, ווי צו בולאָוונים באַטראַכטונגען. ער איז דאָך געווען דער באַזיצער פון אַבסאָלוטן אמת, צו וואָס־זשע האָט ער באַדאַרפט אָנצושטרענגען זיין געזונט צוליב אַזאַ, אָדער אַן אַנדערן נאַציאָנאַליזם

אין דער אמתן האָט אָבער דער קרענקלעכער מענטש יאָ אָנגעשטרענגט זיין געזונט, פילנדיק שוין אַ פולשטענדיקע שנאה און טראַגנדיק אין האַרצן אַ נקמה־געפיל קעגן דער ניי־אַנטשטאַנענער פוילישער רעפובליק. יעדער נישט געלונגענער טאַט, יעדע אויסגליטשונג, מפלה, אָדער סטיכיש אומגליק פון דער פוילישער מלוכה און רעגירונג אַלס גאַנצעס, אַלס פּאָליטישער אין סאָציאַלער יש, האָט אין לולעקס ברוסט, אין זיין האַרץ, דערוועקט אַ פריידפול געלעכטער. ער האָט אויפריכטיק און פלייסיק געלויערט אויפן טויט פון דער שעפונג, וואָס ער האָט כסדר אָנגערופן „דער רעאַקציאָנערסטער אָפּפאַל פון דער מענטשהייט".

דאָס, וואָס ער האָט זיך דערוווסט פון באַריקאַן — למשל, וועגן גאַיאָוויעצס אַרבעטן — האָט דערוועקט אין זיין נשמה אַ שרעקלעכע ווייטיק, אמתע יסורים, אַ גייסטיקע אַסטמע, וואָס האָט אונטערגעגראָבן זיין פיזישן געזונט־צושטאַנד נאָכמער, ווי זיין חלאת גופא. דאָס האָט געקענט פאַרטונקלען זיין אידעאַל, און אין דער פּראַקטיק — פאַרשלעפן פוילנס טויט. און פאַרן צואיילן דעם טויט איז לולעק גרייט געווען מקריב צו זיין בעבעכדיק געזונט און נישט פרייליך לעבן.

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער יעדן אינדערפרי געכאַפּט צייטונגען, כדי איבערצולייענען עפּעס „פרייליכס", וועגן עפּעס אַן עפנטלעכער מפלה, אַ טיפן און גראָבן איינברוך, אַ קאָמפּראָ-

מיטאַציע לגבי אויסלאַנד, עמעצענס אַ דראָונג, אַ צעשטערונגס־צוזאָג, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן דורך עפּעס אַן ענגלישן קאַרפּ־קאָפּ, אָדער אַ דייטשישן עקס־גענעראַל. דער פאַרבאָרגנסטער און אויפריכטיקסטער קרעכץ, אַ געוויסער מין תּפילה איז בײַ אים געוואָרן די לאָזונג:

— אַבי איבערצוהאַלטן ביזן גיכסטן סוף פֿון אָט דער „יומ־אָפּזאָגיקייט“, און דאַמאָלס וועל איך נאָך פרייער אָפּאָטעמען אויף דער וועלט!

מען מוז מודה זיין, אַז אין די שטימונגען איז נישט געווען קיין, פֿון היינט צו האַנט דורך אַ „שכנותדיקער מלוכה“, מאַטעריעל דערלאַנגטער אימפּולס. לולעק איז געווען אַ אידעען־מענטש פֿון ריינסטן מין. ער האָט געלעבט אין טיפסטן דלות און איז גרייט געווען פאַרפוילט צו ווערן און שטאַרבן אין עפּעס אַ „קאַזע“ פאַר זיינע שוואַכקייטן, סימפּאַטיע און שנאה. אָבער קיינער האָט אים נישט אַרעסטירט. זיינע ליידן זענען פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען ער האָט געהערט, אָדער געליינט וועגן די פּאַמעלעכדיקע אָבער סדרדיקע רעפאָרמען, פאַרבעסערונגען, פאַריכטונגען, וועגן איינפירן אין לעבן וועלכע עס איז ענדערונגען צום גוטן. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ גרעסערן פאַרברעכן, ווי די בולטע שפּרונגען צו רעאַקציע. ער האָט פֿון גאַנצן האַרצן פיינט געהאַט יענע פאַרבעסערער, די פאָרזיכטיקע פאַריכטער. ער האָט עס אַלץ גערופן — „גאַיאָווּשטשיזנאַ“ און צו דער „גאַיאָווּשטשיזנאַ“ האָט ער פאַררעכנט אפילו גאַנצע רויטע און רויטלעכע פאַרטייען. דאַקעגן האָט ער געפלאַמט מיט פאַרערונג פאַר די רעפאָרמאַטאָרישע אָנהייבן פֿון דער „שכנותדיקער מלוכה“.

בשעת ער האָט געליינט וועגן די שטרענגע שטראָפן פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן, וועגן דערשיסן הונדערטער און טויזנטער מענטשן, וועגן די מאָרדן אָן אַ משפּט און וועגן צענדליקן די עובניקעס, איז ער בלאַס געוואָרן פֿון הנאה. זיינע הענט האָבן דאַמאָלס געציטערט און דאָס פּנים האָט געשיינט, ווי פֿון אַ טיפער באַגייסטערונג. דער טרוקענער הוסט האָט אויסגעזען, ווי אַ סדרדיקע הסכּמה. לולעק האָט דאַמאָלס נישט נאָר געפילט, נאָר

אויך געווירקט אין גייסט „in parfibus infidelium„*) און ווייל ער האָט באַזונדערס נישט געקענט פאַרטראָגן דאָס פּוילישע מיליטער, איז ער גרייט געווען צו צעשטערן דאָס לאַנד שוין בלויז צוליב דעם „מיליטאַריזם“, און נישט קענענדיק זיך קיין עצה געבן מיטן ביי-עם דערפאָלג פון דעם „מיליטאַריזם“ אין דעם אָפּטויט פון דער באָלשעוויסטישער אינוואַזיע דורכן פּוילישן מיליטער, „איז ער גע-ווען געצווּנגען“ צו זוכן הילף אויסער דער גרענעץ פון דעם לאַנד.

לולעק האָט כסדר בסוד געשריבן אַרטיקלען, אמתע ראַפּאָרטן פון רכילות אויף פּוילן, וועלכע ער האָט געשיקט צו די אויסלענ-דישע צייטונגען, די אידעיִש-ענלעכע צו אים.

ער האָט זיך אויף זיין אופן געפרייט, ווען ער האָט זיך דערוווּסט, אַז נישט נאָר ער באַשמוצט דאָס זינדיקע פּוילן פאַרן „אייראָפּעיִשן“ אַעראָפּאַ.

ער האָט דערציילט צעזאַרין, אַז ער קען אַ דיכטער, וואָס באַקומט פון אַ געוויסער עקסטרעמער צייטונג אַ שטענדיקן חודש-דיקן געהאַלט — אַכט דאָלאַר — פאַר, צושטעלן דערזעלבער צײַ-טונג, וואָס דערשיינט אין דער פּוילישער שפּראַך, נישט מער ווי געגראַמטע פּאַשקווילן אויפן פירער פון דער פּוילישער רעאַקציע, איגנאַצי פּאַדערעווסקי. נישט ווייניקער שרעקלעך, ווי אויפן מי-ליטערישן געביט, האָט, לויט לולעקס מיינונג, אויסגעזען דאָס אומגליקלעכע פּוילן אויפן געביט פון בילדונג, געריכטס-וועזן, און בעיקר, דער סיסטעם פון תפיסות און דער אופן פון פייניק, וואָס ווערט דאָרט באַנוצט. דאַקעגן האָט לולעק מיט קיין איין וואָרט נישט געטאַדלט די אונטערצונדער פון פּ לווער-לאַגערס, — וואָס האָבן אויפגעריסן נישט נאָר פּרטייקונגס-איינאָרדנונגען פון פּוילישן „מיליטאַריזם“, נאָר אויך די שכנותדיקע הייזער און געגנטן, צוזאַמען מיט די פרויען, קינדער און קאַליקעס, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען, — נישט זייערע אָנהענגער, געהילפן

*) „אין די נישט-גלייביקע טיילן“.

און אינסטרוקטאָרן. די אַלע האָבן באַ אים געהייסן: „די אידישע קעגנער פון דער פוילישער בירזשואַזער רעגירונג".

לויט זיין מיינונג האָט די פוילישע רעגירונג נישט געהאַט קיין רעכט צו פאַרטיידיקן זיך פאַר דידאָזיקע „אידישע קעגנער", צו ענטפערן אויף אַן אָנפאַל מיט מאַכן אומשעדלעך זיי און באַשטראָפן, נאָר זי האָט באַדאַרפט אַוועקלייגן דאָס געווער באַ זייערע טריט און בכלל אָפּטרעטן פון די רעכטלאָז-פאַרנומענע „ישובים פון דער טיראַניי". די ישובים האָבן תיכף ומיד באַדאַרפט איבערגיין אין באַזיץ צו די אידישע קעגנער פון דער פוילישער רעגירונג. פאַרשטייט זיך, אַז לולעק איז נישט געשטאַנען אויף פוילנס צד אין דעם קאַמף מיט די באָלשעוויסטישע מחנות.

און דאָ זענען געווען חילוקי-דעות צווישן לולעקן און באַריקאַן.

צעזאַרי איז נישט געשטאַנען אויף דער זייט פון באָלשעוויסטישן מיליטער, וואָס האָט אין זיין צייט פאַרפלייצט אַ העלפט פוילן. ער איז אין דער ווירקלעכקייט, ווי אויך אידעיש געשטאַנען אויף דער זייט פון פוילישן מיליטער. ער האָט דורכגעלעבט אַ מענגע מלחמה-באַגייסטערונגען און דערהייבונגען, וואָס קיין זאַך איז נישט בכוח געווען אים דאָס צוצונעמען און צו מאַכן פאַרגעסן אין דעם.

לולעק האָט בשעת די שמועסן באַמערקט, אַז דעם ענין דאַרף מען אפילו נישט אָנרירן, אַז לעת-עתה איז נישטאָ קיין שום שאַנסן אויסצוואָרצלען פון זיין תלמידס זכרון די „ריטערלעכע" איבערלעבונגען זיינע. דערפאַר האָט ער טאַקע אויסגעמיטן דעם ענין. ער האָט נאָר אין אַלגעמיין באַקעמפט דעם באַרבאַרישן נאַציאָנאַליזם, דאָס אויפבלאָזן די טאַטן פון פאַרשידענע היסטאָרישע פערזענלעכקייטן, די, ווי ער האָט געזאָגט, ספּעציפיש פוילישע, צעגאָסענע און אויסמאַטערנדיקע מאַלאַריע פון נשמות — דער היסטאָריזם, וואָס איז קודם כל געבויט געווען אויפן פונאַנדערטראָגן און פונאַנדערשמירן מיט קונסט-מיטלען די כלומרשטע פאַרדינסטן פון פוילישן מיליטאַריזם.

אַנטאָני לולעקס פּרינציפּן זענען נישט פרעמד און נישט אומ-באַקאַנט געווען פאַר צעזאַרי באַריקאַן.

אין דער שטורמישער און ווילד-יונגערישער באַקינישער תקופה פון זיין נישט לאַנגן לעבן, אין דער אַזוי גערופענער „יוגנט" זיינער, וואָס „איז שטענדיק אַזאַ קינסטלעריין, אַז זי פאַרמט אויס דאָס גאַנצע לעבן", — האָט ער נישט ווייניק זיך אָנגעהערט אָט די פּרינציפּן. ער האָט מיט זיי געלעבט נישט נאָר אין זיינע געדאַנקען און געפילן, נאָר, געוויסערמאַסן, פיזיש, אַ סטאַדע-לעבן, אַ חבריש, געזעלשאַפטלעך און סנאָביסטיש לעבן. די פּרינציפּן זענען געווען מאַדיש אין זיין וועלט. ווער האָט זיך דען געקענט מודה זיין אין דעם קרייז פון זיינע באַקינישע חברימלעך אין רוסישן פּאַטריאָטיזם, אין הערשנדיקן, פאַרמלחמהדיקן, צאַרישן פּאַטריאָטיזם? דער וואָלט דאָך געווען אַ שוואַרץ-מאהניק, אַ כוליגאַן, אַ קאַריערע-זוכער און אויסוואורף.

דעם פּוילישן פּאַטריאָטיזם האָט צעזאַרי דאַן נישט געפילט. דאָס זענען דאַן פאַר אים געווען די חלשותדיקע געפילן פון זיין מוטער, דער רעאַקציאָנערין, קאַטוילקין, וואָס האָט געבענקט און געכליפּעט פּונקט אַזוי צוליב דעם רעזמאַניזם, ווי צוליב דעם פּוילן, וואָס האָט איר געפעלט. אַזוי אַרום איז פּוילן געווען פאַר אים געוויסערמאַסן, — דער מאַמעס רעומאַטיזם, אַרטרעטיזם, סקלעראָזע און הוסט.

אָבער נאָכן קומען קיין פּוילן, איז אין זיין נשמה עפּעס אָנגעוואַקסן.

די באָלשעוויסטישע אידעען זענען שוין פאַר אים נישט געווען אַזוי גענוגנדיק און ריין.

בשעת לולעק האָט טעראָריזירט, האָט צעזאַרי זיך אויסגע-מאָלט די אידעען אין זייערע פּאַקטישע פאָרמען, ער האָט זיי וויזער געזען, פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט. ס'האָט אים אָבער עפּעס שאַרף געשטערט צו פילן עס, ווי אַמאָל.

ווען לולעק האָט, באַמיענדיק זיך צו דערנידעריקן די אידעע פון פעלקער-קולט, באַווייזן מיט אַ סך משלים, אַז די פעלקער-קאַמפן פירן צו גאָרנישט, נאָר פּערקערט, זיי שאַפן נאָר אַ טיפערן

תחום צווישן די פעלקער, זיי ברענגען צו אַלץ אַ שטאַרקערער אונטערדריקונג פון איין טייל פעלקער דורך די אַנדערע — און געוויינטלעך, פון די שוואַכערע דורך די שטאַרקערע, — אַז די איינציקע גרענעץ, וועלכע ס'קען אַנערקענען אַ שכלדיקער מענטש, איז די, וואָס ציט זיך איבער דער גאַנצער וועלט און צעטיילט די ענגלישע, פראַנצויזישע, דייטשישע, רוסישע, פוילישע, אוקראַאינישע אַרבעטער פון דער בורזשואַזיע דער ענגלישער, פראַנצויזישער, דייטשישער א. א. וו. — האָט צעזאַרי דערפילט, אַז מיט דעם ענין איז „נישט אַזוי כשורה". ער האָט געפילט, אַז לולעק רעדט אַזוי נישט דערפאַר, ווייל ער איז קלוג און איינגעלעזן מיט מאַרקסן, נאָר גיכער דערפאַר, ווייל ער איז געוויסערמאָסן באַגרענעצט, אפילו טעמפּ.

ער האָט עס פאַרשטאַנען, אַז לולעקן איז אַזוי לייכט צו זיין ראַדיקאַל, ס'איז אים אַזוי לייכט זיך אָפּצוזאָגן פון די פוילישע גרענעצן, ווייל ער האָט זיי נישט געזען מיט זיינע אויגן, — ער האָט נישט געזען די גרענעץ-סלופּעס, וועלכע זענען געקושט געוואָרן מיט געוויין דורך אָרעמע אויסגעפּייניקטע מענטשן. עס איז אים אויך גאַנץ לייכט בכלל זיך צו באַפרייען — פון פאַרשידענע גייסטיקע ענינים און געשעענישן, וואָס שאַפן בפירוש אָט די גרענעצן. די גרענעץ-בערגלעך האָט אָנגעשאָטן — קודם-כל — די פאַרגאַנגענהייט. און נישט אַ מיליטאַריסטישע פאַרגאַנגענהייט, נאָר טאָקע אַ פרידלעכע, שטילענקע, אומשולדיקע פאַרגאַנגענהייט פון אַ מאַגנע רויִקע אַרבעטן אויפן געביט פון סובטעלע זאַכן. דעם באַגריף וועגן דעם עבר האָט צעזאַרי זיך פאַרשאַפן, בשעת דעם אַנטי-באָלשעוויסטישן צוג אין דער ברייט און לענג פוילן, ווו ער האָט געזען צעראַבירטע ביבליאָטעקן, צעשטערטע קונסט-ווערק, שטיקלעך, ברעקלעך דרוק-זאַכן און פּאַפּירן. דעם זעלבן באַגריף האָט ער זיך אויך פאַרשאַפט, בשעת די געשפּרעכן מיט גאַיאָוויעצן. דער הער גאַיאָוויעץ האָט גערעדט וועגן דעם אַלעם, אָבער צעזאַרי האָט דעמאָלס זיך געווערט קעגן דעם און פּראָטעסטירט. ווען לולעק אָבער האָט קיין וואָרט נישט געוואָלט הערן וועגן דעם, ער האָט עס נישט דערשאַצט, ס'האָט אים נישט אינטערעסירט. —

איז פון אינטער דער ערד אַרויסגעקראָכן און זיך באַוויזן די נישט-פאָלקאָמקייט, געלעמטקייט, און אָפטמאָל לעכערלעכע פּאַר-קריפּלטהייט פון לולעקס טעזן.

ווען לולעק האָט מיט אַ פּלאַם אויפגעקלערט אין מיטן די הוסט-אַטאַקן, אַז דאָס וואָרט פּאַטריאָטיזם ווערט היינט באַנוצט נאָר, כּדי אויפצוּוועקן די פינסטערסטע אינסטינקטן בא די פינסטערסטע מאַסן, ווייל די, וואָס באַנוצן זיך מיט דעם וואָרט, דערדאָזיקער כלומרשטער אידעע, באַהאַלטן אונטער איר זייערע מאַטעריעלע אינטערעסן, ווייל ס'גייט זיי אין דעם, זיי זאָלן קענען מיט דער פּראַזע איינשלעפערן, איינשטילן, צו נישט-מאַכן די וואַכזאַמקייט פון די מאַסן און איינהאַלטן אויך אויף ווייטער אין זייערע הענט די אוצרות און די ממשלה, — האָט צעזאַרי ווידער געזען, אַז מיט לולעקן איז „נישט אַזוי כּשורה". ס'איז געווען נאָך עפּעס מער. ער האָט עס נישט געקענט אַרויסלייגן אויפן טיש, אָבער ס'איז געווען.

חוץ דעם איז נאָך צוגעקומען די יידן-פּראַגע, דער ענין מיט די איינוווינער פון פראַנטשישקאַנער, שוויענטאָיערסקע, מילע, און אויך נאַלעווקעס. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פאָדערט, אַז די בורזשואַזיע זאָל זיך פּטרען, ווייל זי איז אַ פאַרעלטערטער קלאַס. אויב זי וועט עס נישט וועלן טאָן אַליין, דאַרף מען עס דורכפירן מיט געוואַלט, מיט צוואַנג, אויף אַ רעוואָלוציאָנערן וועג. די גאַנ-צע מאַכט וועלן איבערנעמען די אַרבעטער.

און וואָס וועט דעמאָלס ווערן מיט דעם אָרעמסטן פון אַלע פּראָלעטאַריאַטן, מיט דער אָרעמקייט פון דער פראַנטשישקאַנער און די אַרומיקע געסלעך? זענען עס דען אַרבעטער? איז עס דען אַ בורזשואַזיע? צעזאַרי האָט אין האַרץ מורא געהאַט, אויפן סמך פון דעם אַלעם, וואָס ער האָט אין זיין לעבן שוין געזען אין רע-וואָלוציע-פּראַגן, אַז די יידישע בורזשואַזיע, און גלייכצייטיק דאָס יידישע געטאָ — אַז די מענטשן אָן אַן עבר און אָן אַ צוקונפט, וועלכע לעבן אין פּוילן אין אַ צאָל פון איבער דריי מיליאָן, — קאַנדידאַטן, — זיי זאָלן, אונטערן אויסרייד, אַז זיי זענען עס טאַ-קע די אַרבעטער-וועלט, — דער פּראָלעטאַריאַט, — זיי זאָלן

נישט איבערנעמען די מאַכט אין זייערע הענט איבער די חורבות פון אַלעם, ווייל זיין מיינונג איז נישט געווען, אַז דאָס וועט זיין בוצלעך פאַרן פראַגרעס פון דער וועלט.

---

אין אַ געוויסן אינדערפרי איז לולעק געקומען צו גיין, אָדער ריכטיקער געזאָגט, צו לויפן אין צעזאַרים דירה אַריין, אַ פאַר־יאָכמעטער און שטאַרק אומגעדולדיקער, אָבער ס'איז דאָרט אומ־מעגלעך געווען פריי צו רעדן, ווייל בולאַווניק איז געזעסן, ווי אַ שטיין, ער האָט זיך עפּעס עקשנותדיק געלערנט, באַקוקנדיק מענטשלעכע ביינער. לולעק האָט אַלץ אומגעדולדיקער צוגעהוסט. לסוף האָט צעזאַרי געפונען אַ מיטל, ווי אַזוי אַרויס־וטראַנספּ ר־טירן בולאַווניקן פון צימער: ער האָט אַרויסגענומען אַ ביסל געלט און געשיקט דעם בעל־דבר קויפן קישקעלעך, זעמל, צוקער און טיטון.

ווי נאָר בולאַווניק האָט אַ קלאַפּ געטון מיט דער טיר, אַז די שויבן אין דער אַמעניצע האָבן אַזש אַ קלונג געטון, האָט לו־לולעק אַרויסגעקוויטשעט:

— הער! דו!

איידער באַריקאַ האָט נאָך באַוויזן צו הערן, וואָס עס איז אים געזאָגט געוואָרן, האָט ער זיך פריער געמוזט באַקענען מיט אַ סעריע גראָבע און דינע הוסטן. ווען דאָס האָט זיך אַ ביסל איינגעשטילט, האָט לולעק אָנגעהויבן צו רעדן:

— נאָר פאַר דיר טו איך עס, פאַר דיר דאָך אַ ביסל ליכ־טיק צו מאַכן דעם מוח...

— צופיל גנאָד שענקסט איר מיר, גנעדיקער הער.

— כדי דיר ליכטיק צו מאַכן דעם מוח. מעגסט זיך וועגן דעם טראַכטן, וואָס דו ווילסט. איצט האָסטו די מעגלעכקייט ענד־לעך צו הערן דעם אמת...

— די הקדמה האָב איך שוין געהערט אפשר וועסטו שוין דערלאַנגען דאָס ערשטע קאַפּיטל...

— נו... הער זיך איין.

לולעק האָט זיך אָנגעבויגן און גערעדט שעפּטשענדיק, ווי צום שטילסטן. דאָס שעפּטשען איז באמת געווען אַ סך שטילער, ווי דאָס פּייַען, כאַרכלען און באַמבלען פון די פאַרשידענע מיקראָבן אין זיינע ברוסטן.

— מאָרגן אין דער פרי וועט דאָ פאָרקומען אַ קאָנפערענץ.

— וואָסערע ?

— אַ פּאַרטייִשע — אָדער, ריכטיקער געזאָגט, — אַן אָרגאַניזאַציאָנעל-אינפאָרמאַטיווע.

— נו ?

— כ׳וויל דיר טון די טובה און מיטנעמען דיך אויף דער קאָנפערענץ. וועסט ענדלעך דערהערן אויטענטישע מענטשן פון דעם לאַנד.

— כ׳וועל דערהערן אויטענטישע מענטשן... איז עס עפּעס אַ „צעקאַער״ ?

— ע ! וואָס האָב איך דאַרט מיט דיר צו דברן ! איך וועל אַזאַ עקס-זעלנערל עפּעס אַריינפירן אויף אַ זיצונג פון „צעקאַער״ ! — ווען ער זאָל אפילו זיין ! ... כ׳זאָג דאָך דיר : אַן אָרגאַניזאַציאָנעל-אינפאָרמאַטיווע קאָנפערענץ.

— „אָרגאַניזאַציאָנעל-אינפאָרמאַטיווע״ — דאָס איז contradictio in adjecto*) אָדער אַן אָרגאַניזאַציאָנעלע, אָדער אַן אינפאָרמאַטיווע.

— און די קאָנפערענץ איז דווקא אַזעלכע, ווי איך זאָג. ס׳וועלן זיין מענטשן פון די אָרגאַניזאַציע און ס׳וועלן זיין אַזעלכע, ווי דו, וועלכע מ׳דאַרף באַוווסטזיניק מאַכן און נעמען אין דער האַנט אַריין.

*) ווידערשפרוך.

— מיך וועט קיינער נישט נעמען אין דער האַנט אַריין, ווייל איך בין נישט קיין פּראָסאָל און נישט קיין לעפל.

— אָבער דיין געדאַנק דאַרף מען איינשאַנען. פּונקט אַזוי, ווי די לייטונג פון דער פּאַרטיי איז דער מוח פון אַרבעטער-קלאַס, אַזוי דאַרף מען אויך אַזעלכע שכלען, ווי דיינער, — די וואַקלדיקע, פולע מיט בורזשואַזע איבערבלייבענישן, — אָנשטעלן און קערעווען דורך אַ צענטראַלן שכל, דורך דער מאַמע-אידעע.

— גוט, כ'וועל גיין אויף דעם ראַט.

— און וועל דיר געבן אַ ראַט, דו נאַכלאַטשער ראַמאַנסן-פּירער.

— איך קען זיך צוהערן, וואָס איר גריגערט דאָרט איינער נאָכן אַנדערן מיט די דורך קיין-שום זייטיקן שכל נישט קאָנטראָלירטע פראַזן, וואָס זענען שוין אַזש צעריבן אויף צין-פּולווער דער מוח פון אַרבעטער-קלאַס! דאָס געפעלט מיר!

— ס'איז דאָ איין תנאי: דיסקרעציע! וועסט קיין פּיפּס נישט טון וועגן דעם, — אָבער, געדענק! — אין אייגענעם אינטערעס.

— „אין אייגענעם אינטערעס". דאָס איז שוין מוראדיק, דו, לולעק, האָסט מאָמענטן פון געוואַלטיקער אויפגעבלאָזנקייט. און וווּ דאַרף עס זיין? ווייט? מסתמא ערגעץ בײַם סוף פון דער לענגסטער טראַמוויי-ליניע? צי דאַרף מען דאָרט אין שוואַרצן — אין הויזן — אין אַ זשאַקעט — מיט אַ נאָז-טיכל? אין מאַנקעטן, וואָס זאָלן זיין אויסגעדרייט מיט דער ווייסער זייט אין דער ריכטונג פון „צעקאַר"?

לולעק האָט שטאַרק געהוסט. נאָכן אויסהוסטן זיך האָט ער אַרויסגעצישעט:

— כ'וועל קומען נאָך דיר אַ זייגער צען אין דערפרי.

— וועסט מיר פאַרבינדן די אויגן?

— כ'וועל דיר נאָר פאַרקניפּן די צונג, דו זאָלסט נישט אויספּלוידערן דיינע ליבע גאַיאָוויעצס. האָסט פאַרשטאַנען?

— נו, גוט. וועגן דעם האָב איך שוין געהערט. כ'וועל מאָרגן זיין אין דער היים. הייסט עס, צען אַ זייגער?

— צען אַ זייגער... — האָט לולעק אַרויסגעשעפּטשעט, אויפהייבנדיק אַ פּאָר בעטנדיקע אויגן אויף צעזאַרין, אַ פּאָר טרויעריקע אויגן, אַ פּאָר קאַלטע אויגן פון אַ פאַנאַטיקער.

---

צומאָרגנס צען אַ זייגער אינדערפרי זענען זיי ביידע אַרויסגעגאַנגען פון דער יידישער געגנט אין די באַוועגלעכע און ריינערע גאַסן אַריין. לולעק האָט אָפט פאָרזיכטיק זיך אַרומגעקוקט. מאַכנדיק דעם אָנשטעל, ווי ער וואָלט אָנגעצונדן אַ פּאַפּיראָס, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געוואָרפן אין דער טיף פון גאַס אַזאַ פאָרשנדיקן בליק, אַז ס'איז לעכערלעך געווען ביז דער העכסטער מדרגה. ווי צו להכעיס האָט אים קיינער נישט „נאָכשפּיאָנירט". אויב ס'איז אים עמעצער יאָ פאַרעקשנט נאָכגעגאַנגען, זענען עס געווען אַלטע ייִדענעס מיט קוישן עפּל, אָדער ציטרינען. אין אַ געוויסער רגע, ווען זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם שטאָטישן פּלאַץ, האָט לולעק צוגערופן אַ דראָזשקע. צעזאַרי האָט אַרויסגעשאָסן מיט אַ שאַרף געלעכטער:

— לולעק אין אַ דראָזשקע! שוין בלויז דערפאַר אַליין דאַרף מען דיך אַרעסטירן, איינזעצן און גיליאָטינירן! דו, בורזשוי!

— קריך אַריין איןביידל! — האָט דער רעכט-סטודענט אויסגעדונערט, אַרומקוקנדיק זיך אין אַלע זייטן.

צעזאַרי איז גערן און גיך אַריינגעקראָכן אין ביידל, ווייל דער שניי מיטן רעגן האָבן נישט אויף קאַטאָוועס געשמיסן. זיי זענען געפאָרן. צעזאַרי האָט זייטיק באַטראַכט דאָס דאַרע, נישטיקע, געלבלעכע געשטאַלט פון רעוואָלוציאָנער, די טריבע, מיט טונקעלע רענדער אַרומגענומענע אויגן, די קליינינקע, אָרימע וואָנסעלעך, וועלכע זענען כסדר געציפּט געווען דורך זיי-

נע דאַרע פינגער, אָפּגעבלאַקירט פון דעם רויך פון שלעכטע פּאַפּיראָסן; ער האָט געקוקט אויף די אומנויטיקע, פּאָמעראַנץ־קאָלירטע וואָנסעלען אונטער דער בלייכער נאָז. ער האָט רחמנות געהאַט אויף אַנטאָני לולעק! אַזוי זיך צו פּלאָגן פאַר דער מענטשהייט! אַזוי מותר צו זיין אויף די בורזשואַזע תענוגים צוליב די צוקונפטיקע גאָלדענע צייטן!

דערזעלבער הונגער־מענטש האָט דאָך געקענט שפּילן אין קאָרטן, גיין אין עפנטלעכע הייזער, הוליען אין קנייפּעס און מאַכן אַ קאַפּיטאַל אין האַנדל מיט אַקציעס. דערווייל זאָגט ער זיך אָפּ פון אַלעם, כדי צו באַפרידיקן זיין נישט געזעטיקטע מאַניע פון אויסלייזן די ליידנדיקע. צעזאַרין האָט אָבער געטרייסט די האָפענונג, אַז לולעק וועט נאָך אַמאָל אויפלעבן, — אויב ער וועט דערלעבן, — ווען ס׳וועט פאַרענדיקט ווערן דער קלאַסן־קאַמף, ווען איין קלאַס וועט נאָר פאַרבלייבן אויף דער ערד, ווען אַלע וועלן האָבן דיזעלבע דירות, שפּייכלערס, דיזעלבע היטלען, רעקלעך און קאָלאָשן.

יעדע פאָר מינוט האָט זיך לולעק אַרויסגעבויגן פוןביידל, פאַרקוקט זיך הינטער זיך און פאַר זיך.

ווי צו להכעיס האָט זיי נישט נאָכגעיאָגט קיין איין אויטאָמאָביל, קיין איין פּאָליציי־וואָגן!

— איך האָב דעם איינדרוק, אַז קיין שום בורזשואַזע פּוילישע רעגירונג האָט דיך נישט בדעה נאָכצויאָגן, אַרעסטירן און אָראָפּהאַקן מיט אַ שווערד דאָס ווין־אָרט פון דיין מוח, וואָס איז דאָך דער שכל פון גאַנצן אַרבעטער־קלאַס. נאָך ערגער: איך האָב דעם איינדרוק, אַז די בורזשואַזע רעגירונג לאַכט זיך אויס פון דיר, זי לאַכט זיך אויס פון דיר, דאָס הייסט גאַנץ פּשוט — זי האַלט דיך פאַר אַ געוויסן זעראָ אין דעם רעוואָלוציאָנערן טערמאָמעטער.

— זיץ און שווייג. באַמי זיך נישט צו וויצלען. ס׳איז נישט דיין פאַך.

די דראָזשקע האָט זיך מיט אירע שפּרונגען געטראָגן איבער דער בשעת מלחמה רויִנירטער וואַרשעווער גאַס־דעקונג.

אָבער אָט האָט לולעק אָנגעהויבן צו שלעפּן דעם גרויסן הינ־טערשטן קנאָפּ, וואָס איז אָנגעבייט געווען אויף דער קאַפּאָטע אי־בער דעם בעל-עגלהס לינקער ניר. די דאָראָזשקע האָט זיך אָפּגע־שטעלט. לולעק האָט ווי צום גיכסטן באַצאָלט דעם חבר בעל-עגלה אַזאַ גרויסן סומע, אַז יענער האָט זיך אפילו נישט אָנגעהויבן צו קריגן און אויסרעכענען די פּרייזן פון האָבער און די הייך פון די שטייערן. ביידע גונטאָוואָטשיקעס האָבן זיך געלאָזט גיין מיט גיכע טריט. צעזאַרי האָט זיך נישט געקענט אָריענטירן אויף וועלכער גאַס זיי זענען, כאָטש ס'איז געווען דער צענטער פון דער שטאָט און די געשעפטן זענען דאָרט געווען ערשט־קלאַסיקע. לולעק איז גיך אַריינגעגאַנגען אין אַ געוויסן טויער. דאָ האָט ער זיך שוין אפילו נישט אַרומגעקוקט. ער האָט גיך געשפּרייזט איבער די שטיגן ביזן דריטן שטאָק און אָפּגעשטעלט זיך ערשט פאַר אַ טיר, אויף וועלכער ס'איז געהאָנגען אַ גענוג־אומרייניגע שילד מיטן אויפ־שריפט:

„פּאָלעקס. — פּוילישער עקספּאָרט פון מאַנופאַקטור און ערד־פּירות".

— „פון מאַנופאַקטור און ערד־פּירות"... — האָט צעזאַרי איבערגעלייענט מיט דרך־ארץ. — מ'האָט נישט געשריבן וואָהין...

לולעק האָט אים נישט געקענט ענטפערן, ווייל ער האָט גראָד אָנגעקלינגען אַ סעריע הוסטן. טראָץ־דעם האָט ער אָבער אַראָפּגעקוקט פון די שטיגן און פלייסיק זיך צוגעהערט. ענדלעך, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער שפּיאָנירט אים נישט נאָך, האָט ער אַ דריק־געטון דאָס טיר-הענטל און אַריינגעגאַנגען. נאָך אים איז געגאַנגען צעזאַרי. אין קאָרידאָר פון „פּאָלעקס" איז אַזוי פיל רויך געווען, פּשוט — אויף לאַגער הינטערן סופיט, אַז ס'איז באמת כדאי געווען אַ טייל פון רויך ערגעץ ווו אין דרויסן אַרויסצופירן. ס'זענען דאָ געשטאַנען פאַרשידענע פּשוטע מענטשן אין אַרבעטער-מלבושים און אפילו אין פויערישע סוקמאַ־נעס. ס'האָט אויך נישט געפעלט קיין טוזשורקעס.

איינער האָט אויף דער האַנט געהאַלטן אַ פיין־צונויפגעלייגטן מאַנטל, מיט אַ שיינער זיידענער פאַטשיווקע. לולעק האָט זיך

דורכגעגליטשט צווישן די אַלע און איז אַריין אין אַ היבשן זאַל, וואָס איז אַמאָל געווען אַ האַלב־בורזשואַזן סאַלאָנדל. דאָרט איז געווען אַ שפּאָר ביסל מענטשן, מינדעסטנס — אַ פּערטל הונדערטער. לולעק האָט ערגעץ באַ דער וואַנט געפונען אַ שטול און דערלאַנגט באַריקאַן, מיט דער עצה:

— זעץ דיך.

באַלד, ווי ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, האָט זיך צוגערוקט צו אים עפּעס אַ מענטשל מיט אַ ביטערן פּנים און דורכבויערנדיקע אויגן. יענער האָט איינגעגראָבן אין באַריקאַן זיין אומאָנגענעמען בליק. דער רעכט־סטודענט האָט אים עפּעס אַריינגעשעפּטשעט אין אויער אַריין, בשעת צעזאַרי האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן זאַל. און דאָ איז אויך נישט ווייניק רויִק געווען, די מענטשן האָבן גערעדט צווישן זיך שעפּטשענדיק, ווי אין אַ קירכע אָדער אויף אַ לוויה. באַריקאַן האָט אַרומגענומען, ווי ס׳געשעט שטענדיק בשעת פּייערלעכע זיצונגען, אַ לצניש געמיט. ס׳האָט זיך אים געגלוסט לאַכן פון דעם אַלעם, וואָס געשעט דאָ, און פון די אַלע פאַרזאַמלטע. מער ווי אַלץ האָט אים אַזוי געשטימט לולעקס פּייערלעכע און כמעט באַגייסטערטע מינע. ס׳האָט אים אויך אַריינגעברענגט אין אַ לצנות־שטימונג דאָס אויסזען פון יענעם ביטערן, קליינעם, פעטן, פּליכעוואַטן הער, מיט זיין אַ ביסל אין אַ זייט פאַרדרייטן בערדל. ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אייגנטימער פון אַ קאָלאָניאַל־געוועלב, וואָס האָט ליב צו זאָגן וועגן אַלעם זיין מיינונג, ווייל ער קען זיך אויף אַלץ, ווי קיינער נישט אין זיין פאָרשטאָט. אָט דאָס „סוחרל" האָט נאָכגעפאָרשט אַלע אָנוועזנדע. און אַזוי ווי דער איז געווען באַוועגלעך און אויפמערקזאַם צו אַלעם, אַזוי זענען די איבעריקע אָנוועזנדיקע מערסטנטיילס געזעסן פּאָמפּאַטיש, אָדער האָבן זיך דורכגעשמועסט מיט אַ האַלב מויל, ווי זיי וואָלטן די גאַנצע זאָרג וועגן זייער זיכערקייט אַרויפגעוואָרפן אויף יענעם. אַלע האָבן עקשנותדיק גערייכערט איין פּאַפּיראָס נאָכן אַנדערן. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז זיי זענען צוליב דעם טאַקע אַהערגעקומען. אין אַלגעמיין האָבן זיי אַלע געמאַכט נישט אַזאַ מוראדיקן איינדרוק.

פלוצלינג האָט זיך געעפנט די טיר פון שכנותדיקן צימער און ס׳זענען אריינגעקומען זיבן מענטשן.

איצט האָט צעזאָרי פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען די קאַרפּן־קעפּ. קיין שום באַגריסונגען זענען נישט געווען. אַ פּאָר האָבן נאָר אָפּגעהוסט און זיך אָפּגעווישט די נעז.

די זיבן האָבן זיך אַוועקגעזעצט, — עטלעכע הינטער דעם טישל, וואָס האָט סימולירט די סודות פון „פּאַלעקס״ — עטלעכע צווישן עולם אויפן זאַל. די אויגן פון אַלע אָנוועזנדיקע האָבן זיך געווענדט אין דער ריכטונג פון אַ דרייסיק־יעריקער פרוי, פון פיי־נעם אויסזען, אַ שלאַנקע, באַשיידן און ריין־אָנגעטוענע, מיט נאַ־טורעל פאַרקעמטע האָר. דער „פּרויס״ אויגן זענען געווען גרוי־בלויע, שטרענגע, די פּנים־שטריכן לענגלעכע, די נאָז אַ שיין־געפאָרמטע און דער גאַנצער פּנים־אויסדרוק אַ סימפּאַטישער. די דריטע־פיגור איז אָבער, ווייזט אויס, געווען אַ דיקלעך מענטשל מיט אַ באַוואַקסן פּנים, אַ ריין פּוילישער, פּראָלעטאַרישער, פּשוטער טיפּ פון אַ בלאָנדין. זיינע אויגן האָבן געקוקט שאַרף, קאַלט, מיט אויפמערקזאַמקייט, מיטן אויסדרוק פון שכל און חכמה, גבורה און דעטערמינאַציע.

עפּעס ווי אַ שמייכל — אָבער נישט קיין שמייכל — האָט זיך דורכגעגליטשט איבער זיין געריבנצלט פּנים, בשעת ער האָט אַזוי ווי באַגריסט די פאַרזאַמלטע. עס האָט זיך תיכף געלאָזט באַ־מערקן, אַז ער וועט אַ סך רעדן, אַז ער גלעט, שטעלט אויס אין רייען און לאָזט שוין אַרויס פון די נעסטן די געפאַנגענע געדאַנקען. לעבן אים איז געזעסן, מיטן קאָפּ אָנגעלענט אויף דער האַנט, אַ מענטש שוין אַן עלטערער, אַ גרויליכער, פאַרטראַכטער, עפּעס ווי ער וואָלט געווען אַ פּריץ פון אַ פאָלוואַרק, וואָס זאָרגט וועגן זיין ווינטער־זריעה, שניידן און פאַרשפּרוצונגען. ווייטער האָט זיך אומרויק געדרייט אויף זיין שטול אַ שיינער, פעסטער „מאַלאַ־יעץ״, ווייזט אויס אַ רוטיינער, ווייל ער האָט געטראָגן עפּעס אַ מאָדנע העמד, מיט אַ רויט אויסגעניייטן שטייענדיקן קאָלנער. הינ־טער זיי האָט מען געזען נאָך דריי יונגע מענטשן, פאַרבלאָזע, ווייזט אויס — באַאַמטע.

דאָס וואָרט האָט גענומען דער דיקלעכער בלאָנדין. ער האָט אָפּגעהוסט און אַרויסגעזעצט מיט אַן איינטאָניקן קול:

— „חברים! מיר פרייען זיך, וואָס מיר קענען זיך דאָ צונויפזאַמלען אין אַ גרעסערע צאָל, כדי זיך דורכצושמועסן וועגן אונדזערע ענינים. איר ווייסט שוין מסתמא, אַז אונדזער לערער, דער אומשטערבלעכער קאַרל מאַרקס, האָט געלערנט: די געשיכטע פון דער מענטשהייט, דאָס איז אַ געשיכטע פון קלאַסן־קאַמפּ. דער קאַמף צווישן געזעלשאַפטלעכע קלאַסן איז אַזוי אַלט, ווי די מענטשלעכע געזעלשאַפט גופא. מיר אַלע, דינענדיק דעם קלאַס, פון וועלכן מיר שטאַמען, דינען מיר אויך אונדזער מוטער, דער מענטשהייט. דער בורזשואַזיע, וואָס האַלט די מאַכט אין אירע הענט, איז שוין צו ענג, דערפאַר זענען די מלחמות צווישן בורזשואַזע מלוכות אומפאַרמיידלעך און באַשטענדיק. די בורזשואַזיע פון אַלע לענדער קען שוין נישט שטילן אירע אַפּעטיטן בלויז מיט דעם, וואָס זי פאַרמאַכט פאַרן אַרבעטער דעם וועג צום לעבן; זי מוז אויך פירן מלחמות, כדי זיך קעגנזייטיק אַרויסצורייסן פאַרשידענע לענדער, גרובנס און אַלערליי מקורות פון רייכטום, כדי אויף אַזאַ אופן צו פאַרגרעסערן דעם קרייז פון עקספּלאָאַטאַציע אויפן חשבון פון אַן אַנדערער בורזשואַזיע. ס'האָט זיך שוין געענדיקט די ראָל פון דער בורזשואַזיע, אַלס אַ טרעגערין פון פּראָגרעס און קולטור. איר ראָל איז היינט אַ צעשטערנדיקע, דעסטרוקטיווע. אויב די אַרבעטער וועלן נישט באַווייזן צו צווינגען די בורזשואַזיע זאָל אָפּטרעטן, אויב די אַרבעטער וועלן איר נישט אַרויסרייסן די מאַכט פון דער האַנט, וועט די מענטשהייט כסדר שטיין פאַר דער סכנה פון די אומאויפהערלעכע, אַזוי גרויסע, פּאַטריאָטישע מלחמות, שחיטות, מאָרדן און פאַרווילדערונג. נאָר דער אַרבעטער־קלאַס איז בכוח צו פירן דעם עקאָנאָמישן פּראָגרעס. דער וועג צו דעם ציל איז, פאַרשטייט זיך, די אָרגאַניזירונג פונם אַרבעטער־קלאַס.

די אָרגאַניזירונג וועט מיט דער צייט דערפירן דעם אַרבעטער־קלאַס צום איבערנעמען די מאַכט אין זיינע הענט. כדי צו דערגרייכן דעם ציל, כדי אַוועקצושטעלן אַ ניי לעבן, וואָס זאָל

געבויט זיין נישט אויף מלחמות, שחיטות און מאָרדן, נאָר אויף דער געמיינשאַפטלעכער אַרבעט פון מענטשן, איז נאָך ווייניק צו פאַרייניקן די אַרבעטער אין די ראַמען פון איין געזעלשאַפט, פון איין מלוכה, נאָר ס׳אַנטשטייט אַלס מוז, אַלס אומרחמנותדיקער באַפעל, די אידעע פון פאַרייניקן די אַרבעטער פון אַלע לענדער, פון אַלע מלוכות. די מאָס פון אונטערדריקונג, די גרייס פון אויסנוצן דעם אַרבעטער איז פאַרשידן אין פאַרשידענע לענדער, אָבער דער תמצית פון אָט דער אונטערדריקונג איז אין אַלע לענדער דערזעלבער. אויף דער גאַנצער וועלט האָבן מיר איין און דעמזעלבן שונא, דאָס איז די סיבה פון אונדזער אונטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַריטעט״.

אַרויסלייגנדיק די אמתן, האָט זיך דער רעדנער אַ טאַפּ געטון אין דער לינקער קעשענע פון רעקל און זיך אַוועקגעזעצט. ער האָט באַלד אַרויסגעצויגן אַ פּאַפּירן שאַכטל פּאַפּיראָסן און, פאַררייכערנדיק אַ פּאַפּיראָס, זיך שטאַרק פאַרצויגן מיטן רויך. ער האָט איך פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס, ווי ער וואָלט געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז ער וועט שוין מער גאָרנישט נישט זאָגן.

ווען מ׳האָט שוין געקענט פאַרשטיין, צוליב דער לאַנגער הפסקה, אַז דער חבר ערשטער רעדנער וועט שוין מער גישט איבערגעבן קיין שום ידיעות און דערקלערונגען — האָט די פרוי־חבריטע זיך אויפגעשטעלט פון איר שטול מיט אַ גאַנץ סימפּאַטישער און ווי מעלאָדישער באַוועגונג. זי איז צוגעגאַנגען צום טישל און אָנגעלענט זיך דערויף מיט דער האַנט. אין דער באַוועגונג אָבער האָט זיך געפילט די נויטווענדיקייט פון אַ געוויסער באַשיינונג, די באַדערפעניש צו שטיין אין אַ שיינער פּאָזע. דער חבריטעס קול איז געווען אָנגענעם, קלאַנגפול און טיף. זי האָט געזאָגט:

— „חברים! די מלוכה — דאָס איז אַן אָרגאַניזאַציע, ווו אַ טייל מענטשן האַלטן די מאַכט, און די אַנדערע וואַרפן זיך אונטער דער מאַכט. דערפאַר איז אין יעדער מלוכה, אויך דאָ אין דער ביי־געשאַפענער, פאַראַן אַ הערשנדיקער קלאַס און אַ

קלאַס איבער וועלכן מען הערשט. ווער-זשע הערשט באַ אונדז אַן אויף וועלכן סמך? באַרעכטיקט צום הערשן אין אונדזער הײַניטיקער געזעלשאַפט, ווו אין אַלע אַנדערע, — אויסער אײן-אײנציקן לאַנד אויפן גאַנצן ערד-קוגל — איז דער עקאָנאָמישער כּוח פון איין קלאַס, פון דער בורזשואַזיע. דאָס אָנזאַמלען די רײַכטימער, דאָס באַזיצן די ערד און פאַבריקן. דאָס איז דער מאַכט-יסוד פון אונדזערע הײַנטיקע הערשער, און דאָס איז דער פּרינציפּ, וואָס גיט זיי דאָס רעכט צו הערשן. אין דער הײַנטיקער געזעלשאַפט קען דער אַרבעטער נישט הערשן, ווײַל ער פאַרמאָגט נישט קיין ערד און רײַכטימער, וועלכע גיבן די מעגלעכקייט צו האַלטן די מאַכט. די מאַכט אין דער הײַנטיקער געזעלשאַפט געהערט צו איין קלאַסבאַזיצער, וואָס נוצט אויס די מאַכט צום פאַרטיידיקן זײַן סאָציאַלע עקזיסטענץ. די הײַנטיקע מלוכה, דאָס איז אַן אונטערדריקונגס-וועריקצייג. מיר, אַלס פאָרשטייער פון אַרבעטער-קלאַס, מוזן אַרויסטרעטן קעגן דער מלוכה, ווײַל מיר זענען די אויסדרוק-געבער פון דער אונטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער-אָרגאַניזאַציע. ס'קען עמעצער זאָגן, אַז דער אַרבעטער-קלאַס וועט, נאָכן איבערנעמען די מאַכט אין דער געגעבענער געזעלשאַפט און מלוכה, אויך אונטערדריקן אַנדערע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און, אַז די מלוכה וועט אין די הענט פון פּראָלעטאַריאַט אויך ווערן אַן אונטערדריקונגס-וועריקצייג. דאָס וואָלט געקענט געשען, ווען די עקזיסטענץ פון פאַרשידענע קלאַסן וואָלט געווען אַן אייביקע. אָבער אײגנטלעך ווײַל דער אַרבעטער-קלאַס איבערנעמען די מאַכט, נישט כּדי צו אונטערדריקן אַנדערע סאָציאַלע קלאַסן, נאָר כּדי אָפּצושאַפן די צעטיילונג פון דער מענטשהייט אויף קלאַסן. ס'וועט נישט קענען זײַן קיין קלאַסן-קעגנשאַפט באַ אַזאַ אָרדנונג, אין וועלכער ס'וועלן בכלל נישט זײַן קיין קלאַסן, בשעת אַלע מענטשן וועלן זײַן אַרבעטער. אונדזער שטרעבונג איז, אָפּצושאַפן די הערשאַפט פון מענטשן איבער מענטשן, צו נישט צו מאַכן די קנעכטשאַפט פון אַ טייל און דאָס לײַדיק גיין פון אַנדערע, שאַפן אַ געזעלשאַפט פון אַרבעטנדיקע און פרײַע מענטשן".

די רעדנערן האָט זיך גלײַך געמאַכט אירע שוואַרצע

כמעט פיאָלעטע האָר און ווייטער גערעדט מיט אַ ביסל אַ געענדערטער שטים, אָנשטעלנדיק זי אויף אַן אַנדערן טאָן:

— ס'איז שוין דאָ געזאָגט געוואָרן, אַז אונדזער ציל איז אומצוברענגען דעם קאַפּיטאַליזם — דער טריומף פון סאָציאַליזם. אויב ס'וועט אין דעם קאַמף קומען צו אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד וועט עס זיין נאָר דערפאַר, ווייל די באַזיצנדיקע קלאַסן פאַרשטיין נישט דעם היסטאָרישן מאָמענט, וועלכן מיר לעבן איבער. דיזעלבע קלאַסן פאַרשטייען אויך נישט אונדזער באַציונג צו די סאָוויעטן.

ווען ס'האָט אויסגעבראָכן די מלחמה צווישן פּוילן און סאָוויעטן־רוסלאַנד, די מלחמה, וואָס האָט געהאַט דעם ציל, צו פאַרקלענערן די שטחים, איבער וועלכע עס רעגירט אַן אַרבעטער־ און פּויערים־מאַכט, — וואָס איז געווען אונדזער חוב, דער חוב פון פּראָלעטאַרישע פאַרשטייער? צי האָבן מיר באַדאַרפט קעמפן אויף דעם צד, וועלכער האָט געוואָלט פאַרקלענערן דעם שוין דערגרייכטן אַרבעטער־און פּויערים־נצחון? פאַרשטייט זיך, אַז ווען דעם האָט קיין רייד נישט געקענט זיין! מיר וואָלטן פאַראַטן די אַרבעטער־זאַך.

ווידער אַ קליינע הפסקה. די רעדנערין האָט צונויפגעצויגן די ברעמען. איר שלאַנקער, געשיקטער און שיינער קערפּער האָט זיך אַ ביסל איבערגעבויגן אין אַ זייט. ס'האָט זיך ווידער דערהערט אַ מעטאַליש, רויִק קול:

— איך בין אַ דאָקטאָרין פון באַרוף און אַלס אַזעלכע האָב איך פון דער נאָנט און אין אייגענער דערפאַרונג זיך באַקאַנט מיט דער צעפוילטקייט פון דער היינטיקער וועלט. איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז ס'הערשט היינט אַ שרעקלעכע דעגענעראַציע. דער אַרבעטער־קלאַס ווערט דעגענערירט אין דלות און פינסטערניש. די היינטיקע קאַפּיטאַליסטישע געזעלשאַפטלעכע אָרדנונג פירט די גאַנצע מענטשהייט צום זינקען. דאָ אין דער שטאָט וואַרשע, האָבן 85 פּראָצענט קינדער אין שול־עלטער סימנים פון שווינדזוכט. די דורכשניטלעכע עלטער פון אַן אַרבעטערס לעבן איז 39 יאָר, די דורכשניטלעכע עלטער פון אַ גלחס לעבן איז 60 יאָר.

אין 1918 איז אין ווארשע אויף 33,000 טויט-פאלן געווען 25,000, וואס זענען געשטארבן פון שווינדזוכט. דער גאנצער ארבעטער-קלאס איז דורכגעפרעסן פון ארימקייט און חולאתן. דאס לעבן, וואס אן ארבעטער פירט אויף דער ערד, דאס שטארבן פון דלות, — דערפירט צו דעגענעראציע; דאס געניסן איבער דער מאס, די איבערזעטיקונג פון דער בורזשואזיע — דערפירט זי אויך צו דעגענעראציע. די ארבעטער-מאסן האבן נישט קיין צוטריט צו די קולטור-אוצרות. זייערע שעפערישע כוחות ווערן נישט אויסגענוצט. דער קולטור-מצב פון דער בורזשואזיע ווערט אויך אלץ קלעגלעכער. געלט הערשט איבער אלץ און אלעמען.

די אויפקלערונגען פון דער חברטע-דאקטארין האבן געמאכט א גרויסן איינדרוק אויף די אנוועזנדיקע. זיי האבן ארויסגערופן אן אויפרודערונג אין די מוחות, וואס האבן זיך ביז איצט געפונען אין מצב פון פאסיוון הערן די ווערטער: „קלאס, פראלעטאריאט, בורזשואזיע, ארבעטער, קלאסן-קאמף" א. א. וו. אבער צוליב די אויפקלערונגען האט אויך צעזארין אנגעכאפט זיין צולהכעיסדיקע נייגונג, ווייל יעדע ווערטלעכע אנטפלעקונג פון געוויסע אמתן האט אים אויך אנטפלעקט די הינקענדיקע זייט און חסרונות פון דער ארגומענטאציע און ארויסגערופן אין זיין זכרון די בילדער פון דער ווירקלעכקייט, וואס האבן דורכויס אפגעלייקנט די אלס אמתן ארויסגעזאגטע ווערטער. כמעט יעדעס ווארט האט אין דעם צוהערערס מוח דערוועקט א קעגן-ווארט, און יעדער ארויסגעזאגטער אמת האט געשטויסן צום ארויסרוקן און אוועקשטעלן א קעגן-אמת. ווען די חברטע-רעדנערין איז אויף א רגע שטיל געווארן, זאמלענדיק די ווייטערדיקע ארגומענטן, האט צעזארי אויפגעהויבן די האנט, בעטנדיק דאס ווארט.

דער חבר ערשטער רעדנער, וואס איז, ווייזט אויס, געווען דער פארזיצנדער פון דער פארזאמלונג, מסתמא צוליב די פארדינסטן, וועלכע ער האט פאר דער ארבעטער-עמאנציפאציע, — האט מיט פארוואונדערונג א קוק געטון אויפן שנעק, וואס האט איבערגעריסן די רעדע פון אזא אויסגעצייכנטער אגיטאטארין. אבער צעזארי האט זיך נישט געוואלט אפזאגן פון ווארט. לויטע האט

זיך באַאומרויִקט. ער איז אַ בלאַסער און אומרויִקער אַרויסגעשפּרונגען פון המון אין מיטן צימער אַריין און געמאַכט צייכנס מיט די הענט, זיין חוצפּהדיקער חבר זאָל שווייגן. ס'האָט גאָרנישט געהאָלפן. דער פּאָרזיצער האָט געזאָגט:

— איצט רעדט די חברטע. שפּעטער וועל איך אייך, חבר, געבן דאָס וואָרט.

— פאַרוואָס נישט איצט? איך וויל נאָר אַ פּאָר ווערטער...

— נו, ביטע — אָבער אַ פּאָר ווערטער! — האָט אומרויִק געזאָגט דער קאָפּ פון דער פאַרזאַמלונג.

— כ'האָב געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער — ווי זאָל איך עס באַצייכענען? — כמעט וועגן אַ פאָרמעלער פראַגע, — האָט צעזאַרי אָנגעהויבן. — כ'האָב געוואָלט אויפמערקזאַם מאַכן אויף דער צוועקלאָזיקייט פון אַזאַ פּראָפּאַגאַנדע, ווי די, וועלכע איך האָב מיט אַ רגע צוריק געהערט.

אויב אונדזער אַרבעטער־קלאַס איז דורכגעפּרעסן מיט דלות און חולאת, אויב דער קלאַס געפינט זיך אין אַ מצב פון דעגענעראַציע, אָדער אויפן וועג צו דעגענעראַציע, אויב דער קלאַס איז קולטורלאָז, — טאָ אויף וואָס פאַר אַן אופן און מיט וועלכע רעכט קען זיך דער קלאַס כאַפּן צו דער ראָל פון אַ ווידעראויפלעבער פון דער געזעלשאַפט? אַזעלכע אַרגומענטן דאַרף מען נישט באַנוצן. מען דאַרף בעסער באַהאַלטן די פאַקטן אויף דער דעק, אויפן סאַמע אונטן פון די אויספירונגען, ווייל דאָס איז אייגנטלעך אַן אַרגומענט קעגן דער ראַציאָנאַליטעט פון די קאָמוניסטישע פּרעטענזיעס. אַ קלאַס, וואָס איז דורכגעפּרעסן מיט דלות און חולאת, קען בלויז זיין דער אָביעקט פון אַ ווידעראויפלעבונגס־אַקציע, אָבער בשום אופן נישט דער ווירקנדיקער פאַקטאָר פון דער ווידעראויפלעבונג. דער חולה, וואָס קרענקט אויף קולטורלאָזיקייט, קען דאָך נישט ווי געהעריק היילן, נישט זיך אַליין און נישט עמעצן אַנדערש. דעם קראַנקן מוז היילן אַ מענטש אַ באַוווסטזיניקער — אַ דאָקטאָר.

— ווער דאַרף זיין, לויט אייער מיינונג, חבר, דער ווידער־

אויפֿלעבונגס־פֿאַקטאָר, דער דאָקטאָר? — האָט געפֿרעגט דער ערשטער רעדנער מיט אַ שפּאָטישן און בייסיקן שמייכל.

— דאָס ווייס איך נישט. איך הער דאָך בלויז. כ׳לערן זיך דאָ. איך צייכן נישט די וועגן פֿון ראַציאָנעלער אַנטוויקלונג, נישט פֿאַר די באַוווינער פֿון ערד־קוגל בכלל און אפֿילו נישט פֿאַר אָט דעם קיבוץ, וועלכן יעדער, וואָס וויל נאָר, כאָטש ער איז קראַנק אויף קולטורלאָזקייט, קען האַקן קלעפּקעס אויפֿן קאָפּ. איך ווייס פּשוט נישט. אָבער ס׳קען זיין, — אָך זאָג עס, כאָטש איך בין נישט אינגאַנצן זיכער דערין, — ס׳קען זיין, אַז דער פֿאַקטאָר אין דעם אויפֿלעבונגס־פּראָצעס פֿון אַלע מענטשן אויף די שטחים, וועלכע גייען אַריין אין דער יונגער מלוכה, וועט טאַקע זיין דאָס ווידעראויפֿגעלעבטע און זיך־אַנטוויקלענדיקע פּוילן.

אַ שטעקן, וואָס ווערט אַריינגעקלאַפּט אין אַ מוראַזשקעס־נעסט, מאַכט נישט אָן אַזאַ צערודערונג צווישן די מוראַזשקעס, ווי די ווערטער האָבן געמאַכט צווישן די פּאַרזאַמלטע. קודם־כּל, האָט זיך לולעק באַוויזן לעבן צוזאַרין און, פֿאָכנדיק מיט די געבײַלטע פֿויסטן פֿאַר זיין נאָז, געמורמעלט עפּעס שווידערהאַפֿטע ווערטער. די איבעריקע פּאַרזאַמלטע האָבן אויך איינע די אַנדערע געוואָרפֿן שטאַרק אומאָנגענעמע ווערטער. ס׳איז געוואָרן אַ גערפֿילדער. דאָס אַלץ האָט איינגעשטילט דער פֿאָרזיצער, וואָס האָט שטרענג אויפֿגעפֿאָדערט די פּאַרזאַמלטע מ׳זאָל זיך באַרויקן. אַליין האָט ער געשטעלט די פֿראַגע:

— אייער מיינונג איז, מיין „הער“, אַז פּוילן קען פֿאַרטרעטן אַ באַוווסטזיניקע און פּלאַנמעסיקע אַקציע פֿון אָרגאַניזירטן און טעטיקן פּראָלעטאַריאַט?

— ס׳איז נישט מיין מיינונג, ווייל כ׳ווייס נאָך אַליין נישט, צי ס׳קען אַזוי זיין. כ׳וויל איצט ערשט געוווּיר ווערן. כ׳האָב געוואָרפֿן אַ פֿראַגע. כ׳האָב געוואָרפֿן אַ פֿראַגע דערפֿאַר, ווייל פּוילן, די פּוילישע רעגירונג, נישט נאָר זי אונטערדריקט נישט די אַרבעטער אַלס אַזעלכע, נאָר זי שטעלט זיך נאָך אַ מאָל אויפֿן צד פֿון די אַרבעטער אין די סיכסוכים מיט דער בורזשואַזיע וועגן

אַרבעטס-לוין און רעכט. די מיינונג, אַז אין פּוילן הערשט די בורזשואַזיע, איז נישט ריכטיק.

— איך בעט דאָס וואָרט! — האָט זיך אָנגערופן דער יונגער מענטש מיטן אויסגעבייטן העמד. — איר, מיין הער, ווייסט נאָך נישט, וואָס אַזוינס עס איז אייער פּוילן, איר ווערט ערשט איצט געווויר, ווע'ל איך אייך דאָ איבערגעבן אייניקע איינצלהייטן — איר זאָלט זיך דערוויסן...

— די חברטע „קאַרילאַ" האָט נאָך נישט פאַרענדיקט... — האָט זיך באַוואָרנט דער פאָרזיצער.

— כ'זאָג זיך אָפּ, כ'זאָג זיך אָפּ פון מיין וואָרט לטובת דעם חבר מיראָסלאַוו... — האָט מיט אַ וויערוויליקן זשעסט אַ זאָג געטון די חברטע „קאַרילאַ".

— איר האָט געהערט, חברים, — האָט „מיראָסלאַוו" אָנגעהויבן, — אַז דער „הער" האָט דאָ אין זיין „פאָרמעלער פראַגע" אַרויסגעשלעפּט פּוילן אויף אַזאַ באָדן, וואָס וואָלט זי אַליין שטאַרק זשעניִרט, ווען זי זאָל קענען האָבן דאָס באַוווסטזיין און דעם כוח אַרויסצוזאָגן איר מיינונג. איך מוז באַלייכטן די דאָזיקע מיינונג, כ'מוז זי אויפקלערן פאַר אים און פאַר אייך אַלע...

אַלע אויגן זענען איצט געווענדט געווען אויף צעזאַרין מיט אַזאַ פאַרביסנקייט און שנאה, ווי די גאַנצע בעסטיאַלישע בורזשואַזיע, וואָס רעגירט מיט דער פּוילישער מלוכה וואָלט איצט אין זיין פּערזאָן געזעסן אויף דעם הילצערנעם בענקל. די ראָל פון אַ פאַרטיידיקער פון דער בורזשואַזיע האָט אים פולשטענדיק לעכערלעך געמאַכט און דערנידעריקט אין אַלעמענס אויגן, נאָכמער דערפאַר, וואָס לולעק האָט זיך יעדע רגע אַרויסגערוקט פאַר אים פון הינטער פרעמדע פּלייצעס אָפּער און כסדר געוואָרפן בייסיקע חוזק-עפּיטעטן, באַדעקנדיק זיי מיט אַ היסטערישן הוסט.

— אין „אייער" פּוילן... — האָט אָנגעהויבן דער רעדנער.

— דאָס פּוילן איז נישט „מיין" פּוילן. כ'בעט צו רעדן: אין פּוילן, אין דער היינטיקער פּוילישער מלוכה... — האָט באַריקאַ מיט כעס צוריקגעוואָרפן.

— גוט! איך בין אַ שטילער רוסינער. שלאָג אים, רייס אים די האָר — ער וועט שטענדיק בלייבן אַזעלכער, אַז כאָטש נעם און לייג אים צו אַ מכה צו... אין פוילן, אין דער היינטיקער פוילישער מלוכה, ווערן אונטערדריקט פארשידענע פעלקער, וואָס זייערע לענדער זענען פארכאַפט געוואָרן דורך פוילן. מיר זענען קעגנער פון אָט דער פעלקער-פארקנעכטונג. מיר זענען די טרעגער נישט נאָר פון קלאַסן-פרייהייט, נאָר אויך פון פרייהייט פון די פעלקער, וואָס ווערן אין פוילן אונטעריאָכט און אונטערדריקט. דאָס באַדייט נישט, אַז מיר זאָלן האָבן אינערלעכע סאָלידאַריטעטס-אינטערעסן מיט די פעלקער, אַלס גאַנצע, ווייל אויך אין שויס פון די אַלע פעלקער קומט פאָר דער קלאַסן-קאַמף...

— נישט באַ אַלע, — האָט צעזאַרי זיך אַריינגעמישט. — אויף וויפיל איך ווייס, האָבן נישט אַלע פעלקער, וואָס ווערן אונטערדריקט פון פוילן, באַוויזן זיך צו פארלאָזן אַ בורזשואַזיע. עס זענען דאָ אַזעלכע צווישן די פעלקער, וואָס באַזיצן נאָך נישט קיין אייגענעם בורזשואַזיע-קרעבס, דערפאַר איז פאַרהאַן אַ קלאַסן-קאַמף אין די אונטערדריקטע געגנטן נאָר אויפן פאַפיר פון אייער פאַרטיי-פראָגראַם.

— נאָך ערגער פאַר פוילן! — האָט הייס אָפגעענטפערט דער רעדנער, — די ראָל פון דער בורזשואַזיע באַ די ווייניק-אַנטוויקלטע פעלקער דערפילן די פאַליאַקן. „פאַליאַקן" הייסן טאַקע באַ די אומגליקלעכע — די הערן, אייגנטימער פון די לאַטיפונדיעס, די פארבונדעטע פון די צאַרישע און „נאַציאָנאַלע" רעגירונגען, די הארן פון גרויסע פאַבריקן און אינדוסטריען. אָבער איך האָב דאָ געזאָגט, אַז אונדזער פאַרטיי טאַדלט דעם פאַקט, וואָס אין דער היינטיקער פוילישער מלוכה, וואָס קען נאָך אַליין נישט איינשטילן די פון אויסנווייניק אויסגעלערנטע, יאָמער און קלאָג-רייד, וועגן דער נישט לאַנג-פאַרגאַנגענער נאַציאָנאַלער קנעכטשאַפט, — אַז אין דער פוילישער מלוכה ווערט אָנגערירט און אונטערדריקט די פרייהייט פון אַ גאַנצער ריי פעלקער. זינט דער אַנטשטייונג פון דער פוילישער מלוכה, ווערט די אַרבעטער-באַוועגונג גערודפט.

— די קאָמוניסטישע אַרבעטער-באַוועגונג, וואָס שטייט אין דער צייט פון דער פויליש-רוסישער מלחמה אויף דער זייט פון רוסלאַנד, ווי ס'איז שוין דאָ פעסטגעשטעלט געוואָרן? — האָט צעזאָרי געפרעגט.

— יאָ! די קאָמוניסטישע! — האָט דער רעדנער דעצידירט, אַ קלאַפּ-טוענדיק מיט דער פויסט אין טיש.

אַלע פאַרזאַמלטע האָבן זיך אַ ריר געטון און עפּעס ווי זיך דערנענטערט צו צעזאַרין. אים איז ווידער באַפאַלן זיין קריגערישע שטימונג, זיין בייגונג — אָפּצולייקענען, איבערשפּאַרן און אפילו סתם עמעצן אָנמאַכן קרענקונג. ער האָט געשוויגן, רויק זיך צוקוקנדיק צום רעדנער און זיינע אָנהענגער.

— די תפיסות זענען איבערפולט מיט אַרעסטירטע אַרבעטער און פאַרשטייער פון די אונטערדריקטע פעלקער. פיר טויזנט פּאָליטישע אַרעסטירטע שמאַכטן אין די פוילישע תפיסות. די באַדינגונגען, אין וועלכע עס געפינען זיך די אַרעסטאַנטן, שטייגן אָפּטמאָל אַריבער די טורמעס פון צאַרישן רוסלאַנד און פאַרוואַנדלען די תפיסה אין אַ פאַרפייניקונגס-אָרט. אויף דעם זאָגן עדות די כסדרדיקע הונגער-שטרייקן, וואָס פאַרגרעסערן זיך פון יאָר צו יאָר. די הונגער-שטרייקן ענדיקן זיך אָפּטמאָל מיטן טויט פון די קעמפנדיקע אַרעסטאַנטן. בשעת די הונגער-שטרייקן ווערן די הונגערנדיקע מערדערלעך געשלאָגן דורך די וועכטער. די אויספאָרשונגען קומען פאָר בײַ דער באַגלייטונג פון קלעפּ און מיטל-אַלטערלעכע פאַרפייניקונגען. דעם נאַקעט-אויסגעטועטעם ניקאָפאָר באַרגיטשוק האָט דער קאָמיסאַר קאַידאַן געפּאָרשט מיט אַן עלעקטרישן שטראָם...

— אַנטשולדיקט... כ'האָב מיך געוואָלט אינפאָרמירן. צי קומען פאָר אַזעלכע אויספאָרשונגען מיט טאָרטורן מיט דער הסכמה פון גערעכטיקייט-מיניסטעריום? צי האָט די רעגירונג ספּעציעל פאַראָרדנט זיך צו באַנוצן מיט אַזעלכע טאָרטורן? צי אַסיגנירט די פוילישע רעגירונג דאָס געלט אויף צו קויפן עלעקטרישע מאַשינען? כ'האָב מיך געוואָלט דערוויסן... — האָט צעזאָרי אַ דערשלאָגענער און צערודערטער געפרעגט.

— כ'ווייס נישט. מיר זענען נישט אינפאָרמירט און, דעם

אמת געזאָגט, נישט נייגעריק צו וויסן, ווער עס הייסט טון און ווער עס גיט דאָס געלט אויף די מכשירים. מיר ווייסן נאָר ווער עס טוט דאָס. די פּאָליציי שלאָגט אַלע.

— עס איז אינטערעסאַנט צו וויסן, צי זי שלאָגט אויך די, וואָס רייסן אויף פּולווער־לאַגערס, און באַמיִען זיך אַרויסצו־עקספּעדירען אין דער לופטן גאַנצע געגנטן, וועלכע ווערן באַוווינט דורך דער אָרימער יידישער באַפעלקערונג?

אַ טויט־שטילקייט האָט אים דערויף געענטפערט. אָבער די שטילקייט איז געריסן געוואָרן דורך בליקן, וואָס האָבן גאָר קיין גוטס נישט פאָרויסגעזאָגט.

צעזאַרי האָט דערפילט אין זיך אַן אומפאַרשטענדלעכע מפלה און פּיין, ווי דאַמאָלס, ווען ער האָט געהאַקט באַרוויצקין איבערן קאָפּ און אַ קלאַפּ געטון די טייערסטע איבערן פּנים.

— כ'וועל נישט ענטפערן אויף אַזעלכע פראַגן, ווייל כ'האָב אייך עפּעס וויכטיקערס מודיע צו זיין, — האָט ווייטער גערעדט דער חבר מיראָסלאַוו. — איך וויל, אַז איר אַלע, חברים, זאָלט עס גוט געדענקען! די פּוילישע פּאָליציי באַנוצט זיך מיט אָט אַזעלכע טאָרטורן: דעם פאַרמשפּטנס ביידע הענט ווערן צונויפגעשמידט און צווישן זיי ווערן אַריינגעצויגן ביידע קני. צווישן די הענט און קני ווערט אַריינגערוקט אַן אייזערנער דראָנג, צוליב וועלכן דער פאַרמשפּטער ווערט צונויפגעדרייט אין אַ רעדל. שפּעטער דרייט מען איבער דעם קרבן אויף די פּלייצעס און מ' לאָגט אים מיט אַ בייטש אין די נאַקעטע טריט אַזוי לאַנג, ביז ער הייבט אָן חלשן. דאַמאָלס מונטערט מען אים אויף און מ'הייבט אָן פון דאָס ניי „די אויספאָרשונג". מ'גיסט אַריין שטראָמעוויז וואַסער אין האַלדז און נאָז אַריין, ביז צום דערוואָרגן ווערן פון פאַרמשפּטן.

— צי איז דאָס אמת? — האָט צעזאַרי געפרעגט, אויפשטייענדיק פון זיין אָרט.

— צי דאָס איז אמת?! וואַרט אַ ביסל אונטער! כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת! אַ געוויסן שמיד פון פאָלוואַרק וואַסילקאָווסטשיז־

בֿאַ אין וואָלקאָווויסקער קרייז, איינעם אַ קאָזלאָווסקי, האָט מען צו־נויפֿגעבונדן די הענט, אַרײַנגעשטופּט צווישן זיי די קני, און צווישן די הענט און קני האָט מען אַרײַנגערוקט אַן אײַזערנעם דראָנג. ווי פּאָליציאַנטן האָבן אָנגעוומען קאָזלאָווסקין באַם דראָנג און, צעווינגנדיק זיך, האָבן זיי אים געוואָרפֿן אַן וואַנט. קאָזלאָווסקי האָט זיך ווי אַ באַל אָפּגעקלאַפּט פֿון דער וואַנט, איז געפֿאַלן אויף דער ערד, פֿון וועלכער ער האָט זיך ווידער אויף אַן ענלעכן אופֿן אָפּגעקלאַפּט. די פּראָצעדור האָט געדויערט פֿופֿצן מינוט. דער באַ־פֿרײַטער קאָזלאָווסקי איז אין דרײַ טעג אַרום געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסורים.

— פֿאַרוואָס האָט מען אים אַזוי געפּײַניקט?

— אַלץ איינס, פֿאַרוואָס מ׳האָט אים אַזוי געפּײַניקט!

— און ווער האָט עס געזען?

— ס׳איז אײַך נאָך ווייניק? נאָך ווייניק? וויל איך אײַך נאָך מער דערציילן! באַ דער אויספֿאָרשונג צו שלאָגן אין די פּיענטעס, קוועטשן די פֿינגער מיט צוואַנגען, בשעת עס ליגט אַ בלײַפֿעדער, אָדער אַן אַנדערע האַרטע זאַך צווישן די פֿינגער, אויסהאַקן די ציין מיט אַ הערב־רינג, צעקוועטשן די נעגל, צוזאַ־מען מיטן היימישן אַלט־פּוילישן פּאַטשן די כאַמעס איבערן פּנים און אַלטמאָדישן ברעכן די ביינער מיט די שטיוול — דאָס אַלץ איז אין דער מאָדע, דאָס אַלץ איז אמת! און אויב ס׳איז אײַך נאָך ווייניק? וועלן מיר אײַך נאָך דערציילן! אין דאָרף דזשיע־דאָווע, אין מינסקער קרייז, האָט מען צום טויט פֿאַרשמיסן אַ פּאָר מעוברתדיקע פֿרויען. נאָך ווייניק?

— וואָס האָט איר זיך אָנגעזעצט אויף מיר? — האָט צע־טאָרי, אײַנגאַנצן אַ צעווילדעוועטער, אויסגעשריגן. ער האָט האַס־טיק אָפּגערוקט דאָס בענקל און איז אַרויסגעגאַנגען פֿון דער פֿאַר־זאַמלונג. אײדער ער האָט אָבער פֿאַרקלאַפּט די טיר הינטער זיך, האָט ער כּסדר געהערט אַרום זיך לויטעס הוסט, זײַן אויפֿ־רײַצנדיק געלעכטער און פּייַנדיקע, ציִשענדיקע, קרעכצנדיקע זילבן:

— גיי! גיי! גיי! גיי, יונגעלע! טייערער פּטריאָט! שרײַק־לאָזער זעלנער! גיי! באַקלאָג דיך פאַרן פעטערל גאַיאָתיעץ! ער וועט דיך טרייסטן! ער וועט עס דיר אַלץ אויסטײַטשן, אַפּלייקענען! ער וועט דיר געבן אַן אויפקלערנדיקע תשובה אויף די אַלע רכילותן פון די בונטאָווטשטשיקעס, פאַרעטער, שונאים...

---

גייענדיק דורך די גאַסן פון שטאָט, ווען דער ווינטערדיקער נעפּל איז געהאָנגען איבער די אָנגעשטאָלטע הייזער, האָט צע־זאָרי זיך געראַנגלט מיט זיין נשמה. ער האָט אין זיך געהערט דעם פאָטערס מוראדיק געשריי און דער מוטערס טריב כליפּען. ער האָט זיך געוויגט אַהין און צוריק, נישט ווייסנדיק, ווו דער וועג איז. מיט די האָט ער נישט מסכים געווען, מיט די אַנדערע האָט ער נישט מסכים געווען, און קיין אייגענעם וועג האָט ער נישט גע־האַט אונטער זיינע פיס.

— אָט האָב איך ערשט באַקומען אַ פּאַטש! — האָט ער געשעפּטשעט אין זיין טיפער געפּאַלנקייט.

וואָס האָט ער אייגער אַליין געקענט זיך העלפן, דערצו לוי־לעקס געלעכטער, וואָס האָט אים געהייסן גיין צו גאַיאָוויעצן, האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג צו גאַיאָוויעצן.

— ס'איז קיינער נישט געווען, קיינער נישט...

ער איז אַרויס אויף אַ ברייטער גאַס. ס'איז דאָ פול געווען מיט מענטשן, וואָס האָבן צעשפּריצט די שיטערע בלאָטע מיט זיי־ערע פיס. דער שניי, וואָס איז צונויפגעשאַרט געווען פון די גאַסן, האָט געשאָפן עפּעס, ווי שאַנצן אין דער לענג פון די גאַסן. מענטשן זענען געלאָפן. זייערע פיס האָבן זיך געטונקען אין פייכטקייט און שמוץ, זייערע קעפּ האָבן זיך געטויכט אין גרויס־שטעטישן נעפּל. אַלע אינאיינעם האָבן זיי געשאַפן אַ משונהדיק פאַנטאַזיע־בילד פון מענטשלעכן לעבן. אין צעזאָריס קאָפּ האָבן געפילדערט די באַ־שולדיקונגס־ווערטער. אין זיינע אויערן האָט זיך אַריינגעשניטן

דאָס געלעכטער פון אַלע יענע. זיי האָבן אים באַשולדיקט: קעגן אים האָבן זיי געהערט די אַלע שרעקלעכע געשיכטעס און זיי־ער אומברחמנותדיק געלעכטער. וואָס האָבן זיי געוואָלט פון אים? אַך, זיי האָבן געפילט אין אים אַ שונא, ווייל ער האָט דאָך אָנ־טייל גענומען אין די קאַמפן קעגן דער רויטער אַרמיי. פאַר־וואָס האָבן זיי אים אַרומגערינגלט מיט אַ ראָד פון אַזאַ פאַרביסענער שנאה? ווען נישט דאָס, וואָס ער האָט זיך געשלאָגן אין די קאַמפן און איז געקראָכן איבער פעלדער, זוכנדיק זיין פאָטערס גלעזערנע הייזער... ס'האָבן זיך דערוועקט אין אים יסורים, ווי דאָס וואָיען פון אַן איינזאַמען הונט אין לערן פעלד.

— זיי ווילן דאָ שאַפן אַן ערדיש גן-עדן, — אַזוינס ווי אין באַקו... — האָט ער צו זיך אַ מורמל געטון. דער פשוטער חוזק האָט אים אַ ביסל געשטאַרקט און אונטערגעלעבט, ווי אַ גוטער חבר. צעזאַרי האָט זיך בעסער פאַרקנעפלט און גיכער גע־גאַנגען זיין וועגס. ס'איז אים קאַלט געווען. אַ קלעפּיקע פייכטקייט פון דעם שניי, וואָס האָט זיך שוין געשמאָלצן און איז אויסגעמישט געווען מיט פערדס-מיסט און אורין האָט זיך איינגע־גראָבן אין זיין גוף ביז אין די ביינער. — עפּעס טרינקען! דער־וואַרעמען זיך אַ ביסל, צום טייוול!

ער האָט דערזען פאַר זיך די ריזיקע שוי-פענסטער פון אַ מאָדישן קאַפע-הויז. אַ שטורמישע מוזיק האָט געשלעפּט צו זיך, ווי אַ רוף. צעזאַרי איז אַריינגעגאַנגען. ס'איז פול געווען, ווי אין אַ בינשטאָק. די אַרבעטסזאַמע פּאַסקאַרישע בינעלעך האָבן גע־זשומעט אין גרויסן זאַל. נאָך אַ לאַנגן זוכן האָט ער געפונען אַ פריי אָרט בײַ אַ טישל, וואָס איז שוין פאַרנומען געווען דורך אַ פּאָר פּאַסקאַזשעס. באַריקאַ האָט געבעטן מיט אַ בייג פון קאָפּ, מ'זאָל אים דערלויבן צו פאַרנעמען אַן אָרט און ער האָט באַקו־מען אַן אומווילִיקן צוריקשאָקל פון אַ קאָפּ. ער האָט זיך געהייסן דערלאַנגען טיי מיט אַ ביסל ראָם. כדי יענע זאָלן נישט מיינען, אַז ס'גייען אים אָן זייערע שווינדלען, האָט ער זיך אויסגעדרייט צום פענסטער. די גאַנצע קאָוויאַרניע האָט ער כמעט, ווי נישט

געזעגן, און די מוזיק, ווי נישט געהערט. דאָס אָרט איז געווען לעבן דעם גרויסן פענסטער. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז ס׳איז גאָר קיין שויבן נישטאָ און אַז מ׳איז אויף דער פרייער לופט. אין מיטן גאַס, אויף אַ לענגלעכער דערהייבונג פון פּאָלירטע שטיינער, האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרכמאַרעטער פּאָליציאַנט אין אַ גוטן, שיינעם און עלעגאַנטן אוניפאָרם.

פינף טריט אין איין ריכטונג. — איינס, — צוויי, — דריי, — פיר, — פינף... פינף טריט אין דער אַנדערער ריכטונג: — איינס, — צוויי, — דריי, — פיר, — פינף.. אַהין — צוריק. אַן אמתע זייגער־וואָג.

— אָך, דאָס איז איינער פון די, וואָס רוקן אַריין אַ בלייפעדער דעם פאַרמשפּטן צווישן די פינגער, און שפּעטער קוועטשן זיי די פינגער מיט אַזאַ ספּעציעל מאַשינדל. איינער פון די, וואָס שטעקט דורך אַן אייזערנעם דראָט צווישן די צונויפגעפלאָכטענע הענט און פיס, מאַכנדיק אַ באַל פונם מענטש..

אונטערשפּאַרנדיק די גאָמבע מיט זיינע הענט, האָט זיך באַריקאַ צוגעקוקט צו דער שרעקלעכער פיגור, ער האָט פלייסיק אָבסערווירט דעם תלין. ער האָט אים געמאָסטן מיט אַן אויפמערקזאַמען בליק פון קאָפּ ביז די פיס. און נאָכן אויסטרינקען א ביסל ראָם, האָט זיך אים אין דער האַלב־שלאָף־זעונג אויסגעדוכט, אַז דאָס שטייט עס ער אַליין אויף דער שטיינערנער גאַס־דעקונג, אין אָנגעטוענער אין פּאָליציישן אוניפאָרם. ס׳האָט זיך אים אין דעם האַלב־שלאָף־דרימל אויסגעדוכט, אַז דאָס גייט ער אַליין אַזוי אַהין און צוריק, ער — דער שולדיקער אין אַלעם שלעכטן.

ער קוקט פּאַדער מיט אַ קלוגן בליק אויף דעם רוישנדיקן און שטורעמדיקן טייך. ס׳פאַרדילט אים זיין קאָפּ דאָס גרויסע גערויש, ס׳קלאַפּט אים אין שטערן, ווי דאָס ווידערקול פון האַמערס, וואָס קלאַפּן אויף אַ קאָוואַדלע. אָבער זיין קאָפּ איז כסדר פלייסיק אָנגעשטרענגט און פול מיט רויקער אויפמערקזאַמקייט. עס ווילט אים גאָרנישט אַז, קיינער נישט אָפּווענדן פון דער ווייטער גאַס. ס׳וועט אים נישט אָפּווענדן דאָס געוויין פון אַ קראַנקן זונדל. וואָס גייט עס וועמען אָן, אַז דער דאָקטאָר דרייט אים איצט איבער פון איין

זייט אויף דער אַנדערער, זוכנדיק די שרעקלעכע קרעצלעך? וואָס אַרט עס עמעצן, אַז די ווייטיק צעעפנט זיך איצט אונטערן מונדיר, ווי אַ וווּנד, וואָס איז אויפגעריסן געוואָרן דורך אַ מערדערישן מעסער?

פינף טריט אין איין ריכטונג: — איינס, — צוויי, דריי, — פיר, — פינף... פינף טריט אין דער אַנדערער ריכטונג: — איינס, — צוויי, — דריי, פיר.

קיינער וועט נישט זען די טרערן, וואָס פליסן דורך אים און קיינער וועט נישט הערן קיין קלאָג-וואָרט פון די פעסט-צונויפגעפרעסטע ליפן. אַרום, הויך און נידעריק — די אומבאַוועגלעכע, שטומע ציגל, אויסגעטרעטענע און גליטשיקע שטיינער, טויבער בעטאָן, פאַרזשאַווערט אייזן, טינק און שויבן פאַרשוויצטע. ס'דערהייבן זיך ציגל-הייזער, וואָס מאַכן מיט זייער נישטיקער פאַרב דעם אָנשטעל פון מאַרמאָר. אומבאַוועגלעך שטייט דער גרויסער עלעקטרישער לאַמטערן, וואָס גלאַנצט אפילו באַטאָג איבערן קאָפּ פון פּאָליציאַנט אין דער פינסטערער, נעפּלדיקער ווייטקייט. עס לויפן פאַרביי רעכטס און לינקס איילנדיקע אויטאָמאָבילן, וואָס פירן אין קאַראַקולן אָנגעטועטע ייִדענעס, אויפגעקומענע גבירים — אין טייערע ביבער-פוטערס, הויכע באַמטע — אין די בעסטע קאָרט-מלבושים. פון די אַלע איילנדיקע מענטשן איז ער איינער אומבאַוועגלעך, ווי דער לאַמטערן איבער זיין קאָפּ, ווי די אין וואַנט אַריינגעמויערטע ציגל, ווי די שטיינער, ווי די פענסטער-שויבן, — טויט, ווי דאָס אייזן און בעטאָן.

ער דרייט זיך, אַהין — צוריק, ענלעך צו אַ זייגער-וואָג, וואָס צעטיילט אויף צוויי טיילן דאָס אַנטלויפנדיקע מענטשן-זאַמד. מיט אַ מעכאַנישער האַנט-באַוועגונג צעטיילט ער דעם שטורמענדיקן און ברויזנדיקן טייך אין דער, אָדער יענער זייט.

טיילמאָל טרייבט ער אונטער ס'לעבן.

אָט דאָרט איילט ער מיט אַ צייכן צו עפּעס אַן אויסגעמאַטערט ייִדל, וואָס שלעפּט אַ האַנט-וועגעלע, אַ פּולס מיט עפּעס אַ שווערער משא. דער דישעל קעמפט מיט זיינע אָנמעכטיקע הענט, האַקט זיך אַריין אין זיין ברוסטן-ברעט, צילט אפילו אין די נידעריקערע טיילן פון קערפּער, כדי זיי — גאָט באַהיט! — צו

צעשעדיקן. וואָס פאַר אַ גרויסע משא מוז עס זיין, אויב ס'איז זי אַזוי שווער צו שלעפּן! די רעדער פאַלן אַריין אין די גריבער פון דער הילצערנער גאַסן-דעקונג און דער כּוח פון איין פאָר דאַרע הענט, פון איין ברוסטן-ברעט און איין בײכל איז צו ווייניק, כּדי זיי פון דאָרט אַרויסצושלעפּן, אַ שטופּ טון, באַוועגן. דער דישעל — דאָס איז אַ פערזענלעכער שונא, אַ תּלין, אַן אָנפאַלער און רוצח.

צי איז נישט בעסער צו שלעפּן דאָס וועגעלע, ווי אַ פערד, איידער צו שטופּן, ווי אַ מענטש?

אַ שוואַרץ היטעלע מיט אַ קליינעם דאַשעק, — אַ פאַרמאַסקירט קאַפּל, — נישט קיין לאַנגער ראָק, וואָס גרייכט ביז די קני, — אַ פאַרמאַסקירטע קאַפּאָטע, — וואָס איז נישט צו שטאַרק וואַרעם פאַר אַזאַ ר גן-צייט און צו וואַרעם בײַ אַזאַ אינטענסיווער אַרבעט. אַ ביסל צו שטאַרק פאַרשפּריצטע הויזן, — בררר! — פאַרשפּריצטע ייִדישע הויזן! אַ ביסל צו שטאַרק דורכגענעצטע שקאַרפּעטן, — בררר! — דורכגענעצטע ייִדישע שקאַרפּעטן! די אויסגעקרומטע טילקעס פון די משונהדיקע שיך גליטשן זיך פון איין גרוב אין אַנדערן אַריין, די דאַרע פּיס פּלאָנטערן זיך אין די דורכגעפּוילטע תּחתונים, וואָס זענען אַרומגעקלעפּט מיטן גאַנצן תּינופות פון די גאַסן.

— אַך, וואָס פאַר אַ ווייטיקדיקן בל ק עס וואַרפט עס אויפן הער פאָליציאַנט דער לעבעדיקער מת! אַ שווייס גיסט ז ך שטראָמענווייז איבערן גרינעם פּנים. די קאָליר פונם פּנים איז, באמת, נישט צוגעפּאַסט צו דער ברויזנדיקער גרויסשטעטישער גאַס, צו דער מיט לעבן שפּראָדלענדיקער גאַס, — זי פּאַסט זיך גיכער צום עונג פון די אונטער אַ געלבלעכן ליים און גרינעם גראָז. און וואָס איז דאָ דער מער? אַ לונגען-אַנטצינדונג און די פּריזער-דערמאָנטע שווינדזוכט, פון וועלכער עס שטאַרבן אויס יאָריערלעך פינף ג ן צוואַנציק טויזנט מענטשן. איינער פון פינף און צוואַנציק טויזנט.

— הײדאַ! געגאַנגען! נו! — דערהערט ער די ווערטער פון באַפעל.

צי טראַכט דען דער הער פּאַל־ציאַנט אין דער רגע באַ זיך אין האַרצן:

— פּאַרוואָס שטופּסטו, ברודער, די משא, די שווערע איבער דיינע כּוחות? פּאַרוואָס איילסטו ביז דעם לעצטן קלאַפּ פון דיין האַרץ מיטן שלעפּן פון דער גרויסער פרעמדער משא?

— כּדי אַ שטיקל ברויט, ברודער, צו קייען און אַ שליינג בראָנפן צו האָבן.

עס וועט זיך נישט אַרויסרייסן די פאַרגליווערטקייט פון איר פאַרבאָרגענעם געלעגער, כּדי אָנצונעמען דעם שלעכטן דישעל און אַ שטופּ טון צוזאַמען מיטן טרעגער די משא, וואָס איז איבער זיינע כּוחות.

פינף טריט אין איין ריכטונג: — איינס, — צוויי, — דריי, — פיר, — פינף. פינף טריט אין דער אַנדערער ריכטונג: — איינס, — צוויי, — דריי, — פיר...

ס'וועלן אים נישט רירן די קליינע קוילן־גנבים, וואָס לויפן אַרויס, ווי די שטשורעס פון די הינטערגעסלעך, פון ווינקעלעך, באַרעס, לעכער, ווען ס'פאָרט אַן דער גרויסער וואָגן מיט קוילן, כּדי צוצושטעלן דעם הער אין פיין־געמאָלטן הויז וואַרעמקייט אויף דער צייט פון שטרענגען ווינטער, — ווען די גרויסע, שוואַרצע מענטשן מיט שוואַרצע זעק אויף די קעפּ הויבן אָן אַריינצושליידערן גרויסע ברילעס אין דעם עקלהאַפטיקן קעלער־פענסטער. — ווען די פערד פאַרען, די מענטשן קרעכצן און שעלטן, אין דער נאַסער, שוואַרצער מיאָל פאַלט אויף די גליטשיקע טראָטואַרן צום צער פון די פאַרבייגייענדיקע, — באַווייזן זיי זיך, ווי די דורכגעפרוירענע ערד וואָלט זיי אַרויסגעוואָרפן פון אירע שפּאַלטן, ווי דער צפון־ווינט וואָלט זיי אַרויסגעבלאָזן פון די שניי־בערג.

זיי בליען אַרויס פון ערגעץ און פון גאָרנישט, ווי די פראָסט־בלימעלעך אויפן פענסטער פון אַ וואַרעמער באַלעבאַטישער דירה. יעדער פון זיי האָט אַ קיישל אין דער האַנט, אָדער אַן אָנגעבונדן זעקל, וואָס איז צונויפגענייט פון פאַרשידענע שמאַטעס, אי־

פארבלייבענישן פון אַרבעט-פּאַרטוכער. יעדער האָט אין דער האַנט אַ בעזעמל, אַ בינטל בירקן-צווייגן, געגנבעטע פון די סאָלידע הויז-בעזעמס, אָדער אויף אַ נישט לייטישן אופן צונויפגעקליבענע הינטער די פּלייצעס פון אייגנטימער פון אַ בעזעם-געשעפט. איילנדיקע, ווי סטאַדעס שפּערלינגען, וועלכע לאָזן זיך אַראָפּ צו צעשאָטענע ברעקלעך, מיט באַוועגונגען גיכע, ווי אַן אויגנבליק, צוטאַנצנדיק, צושפּרינגעדיק, דרייענדיק זיך און בייגנדיק, קלייבן די יונגלעך צונויף פון די בעטאָן-געזימסן אויפן טראָטואַר, פון די בלאָטיקע הויקערס און לעכער פון מיטן גאַס, די פונאַנדערגעשאָטענע ברעקלעך קוילן.

זיי כאַפּן מיט די פינגער די קלענסטע שטיקלעך, ברעקלעך, אָפּגעפאַלענע פון גרויסע קוילן-שטיקער, אָפּפאַלן פון מינימאַלער גרייס. זיי גראָבן אויס מיט די רויטע הענט דעם מיאַל, וואָס שווימט צוזאַמען מיט דער געדיכטער מאַסע אין רינשטאָק. מיט געשיקטע באַוועגונגען, גיכע וואָרפן, באַהאַלטן זיי די צונויפגעשאַרטע מיאוזגע אין די זעקלעך און קיישלעך. און דאָס אַלץ טוט מען פלינק, גיך, פליענדיק, שפּרינגענדיק, איידער דער הער פּאָליציאַנט וועט זיך אויסדרייען, איידער ער וועט אַ קוק טון, איידער ער וועט באַמערקן, איידער ער וועט צולויפן, כדי צו פאַרטיידיקן דאָס אייגנטום פון יעדן, וואָס פאַרמאָגט געלט.

דאַמאָלס צעפליען זיי זיך, ווי שטאַר-פייגעלעך, איינגעבויגענע, לויפן צווישן די אויטאָמאָבילן, ווי די מייז, מאַכן פּיס, ווי יאַגד-הינטלעך, ווערן צעבלאָזן אויף אַלע זייטן, ווי אַ רויך, פאַרשווונדן, ווי געשפּענסטער, ווערן ווי דער רעגן אין דער ערד אַריינגעזאַפּט. און דער הער פּאָליציאַנט קוקט זיך ווידער מיט אַ קאַלטן בליק אויף די פאַרביילויפנדיקע אויטאָס, אויף זייערע פאַרשיידענע קאָלירן — גרוי, גרין, גראַנאַט, — אויף זייערע שטענדיק אַנדערע פאָרמען. ער הערט זיך צו צו זייער געבריל און מעקען, שטענדיק דעמזעלבן אין דעם כאַאָס. ער היט די אָרדנונג אין זייער אָן-סופיקן לויף.

ס'גליטשן זיך דורך פאַרביי אים די קאַלטע בליקן פון הער, וואָס זיצט אין אויטאָ. מיט זיין געשטאַלט איילן עס גרויסע ענינים,

גרויסע אַפערעס, גרויסע געשעפטן, גרויסע רווחים. דאָרט זיצט אַ הער מיט ברילן אויף דער נאָז, מיט אַזעלכע גרויסע ברילן, ווי די רעדער באַם וועגעלע פון אָנמעכטיקן ייִדל. גרויסע איינפאַלן, גרויסע אינטריגעס, גרויסע פּלענער. אַ הער מיט אַ זיסן שמייכל אויף די ליפּן, מיט אַ גענוס־פולן שטאָלץ אין בליק: אַ וויזיט, אַ באַצויבערנדיקער שמועס, אַ טרעפונג.

אַ בלאַס־פּנימדיקע פרוי, אַן איינגעוויקלטע אין אַ לוטער־פוטער. איר גליק — דאָס איז דאָס פוטער. זי לעבט דערפאַר, זי זאָל עס ווייזן אויף זיך די אַלע, וואָס לויפן אַרום דורכגעפרוירענע. אַ דורכנעמענדיקער ריח פון פּערפומען. אַ באַצויבערנדיק פריילין פון דער רעכטער זייט, אַ בלאָנד פריילין פון דער לינקער. אַן אָפיציר. וואָס פאַר אַ צעווילדעוועטע בליקן! אָ, פרייהייט! אָ, אומגעצוימטער גענוס! אָ, לעבן! אָ, גליק! אָ, יוגנט, יוגנט! צווישן זיי אַלע, צווישן אַ לוויה און אַ פּראַכט־וואָגן, צווישן די אָנגעפּילטע טראַמווייען און פאַרשפּריצטע דראָזשקעס רוקט זיך אין שאָטן אַן אַנאַנאַס. דאָס קאַפּעלושל אַראָפּגעצויגן אויף אַ זייט צום אויער צו. דאָס אויער באַהאַלטן אין סאַמעט־קאָלנער פון וואַטעמאַנטל. אין פּיסק אַ פּאַפּיראָס. די לאַפּעס אין די טיפע קעשענעס. די שיך נאָך וואָס באַם ראָג אויסגעפּוצטע, ביז צום גלאַנצן.

ביסט דאָ, דו רוצח! ווען אַלע שלאָפן, אָדער וואַרגן זיך אין ליידנשאַפטלעכע אָרעמס, — די, וואָס זיצן אין די לויפנדיקע אויטאָס און די, וואָס שאָקלען זיך צו אין די דראָזשקעס, וואָס קנעטן און שטופּן זיך אין די טראַמווייען, און די, וואָס קריכן, כלאַפּענדיק מיט דער בלאָטע אויפן בעטאָן, — די, וואָס דרימלען אין די שענקען, אָדער אַרבעטן שלאָפלאָזע ביזן פּלאַצן פון שטאַרקן שאַרבן, — שטייט אויף דער הער פּאָליציאַנט פון זיין געלעגער, ווען ס'איז אַ רחמנות אַ הונט אַרויסצולאָזן אויף דער גאַס, ווייל די נאַכט איז אַזוי גרויזאַם, ווייל דער רעגן שניידט, דער ווינטער בלאָזט, קאַלט, אַ זאַווערוכע, פאַרגנבעט ער זיך באַנאַכט, כדי אָנצוקלאַפּן אין דער טיר פון רוצח, וואָס האָט שוין אַ הונדערט אומשולדיקע אוועקגעלייגט, — וועגן וואָס קיינער ווייסט נישט. הייסט אים עפענען די טיר! און יענער שלאָפט נישט,

וואָרט. זיי הייבן צוזאַמען אויף די קורצע לופּעס, און ביידע קוקן אין דער פינסטערניש מיט די טויט-טראַגנדיקע עפנונגען פון די לופּעס. ווער וועט פון זיי דער ערשטער אויסנוצן די פּאַסיקע רגע ?

ווער ווען ? ווער וועט פריער ? פינף טריט רעכטס. — צוריק. — פינף טריט לינקס.

אַך, הער פּאָליציאַנט, אַך הער פּאָליציאַנט, פאַרוואָס איז דיין פּנים אַזוי טרויעריק ? דו האָסט דאָך דאָס רעכט צו אויס-פּאַרשן מיט דער הילף פון אַן עלעקטרישן שטראָם, האָסט דאָך דאָס רעכט אַריינצולייגן אַ בלייפעדער צווישן די פינגער, און שפּעטער זיי צונויפקוועטשן מיט אַ מאַשינדל. אויף דיר שטייט דאָך, אויף דיר פאַרלאָזט זיך דאָך אָט די גאַנצע ווירבלענדיקע וועלט. ווען נישט דו, אַ רויקער און מוטיקער, וואָלטן זיי זיך קעגנזייטיק גע-וואָרפן צו די העלדזער און צונויפגעקנוילט אין איין שלאַנגען-קנויל פון תאוות. זיי וואָלטן קעגנזייטיק נישט נאָר אַראָפּגעריסן פון זיך די שמאַטעס און תחתונים, נאָר אויך זיך קעגנזייטיק אויס-געקראַצט די אויגן און אַרויסגעריסן פון די צאַפּלדיקע אינגערן די לעבעדיקע נשמה, כדי זי צוצעטרעטן מיט די פיס אין דער אָט בלאָטע פון דער גאַס.

אַך, הער פּאָליציאַנט, אַך, הער פּאָליציאַנט, פאַרוואָס איז דיין פּנים אַזוי טרויעריק ?

האַלטנדיק דעם שווער-געוואָרענעם קאָפּ אויף די פויסטן, האָט זיך באַריקאַ געטונקען אין ביטערע מחשבות. ער האָט כסדר נישט געוווסט, וווהין צו גיין פון דעם קאָפּע-הויז, ער האָט זיך כסדר געוואַקלט.

דאַמאָלס האָט אויפגעוואַכט אין זיין זכרון אַ זאַץ פון פּלאָ-טאָנען, פון „סאָקראַטעסעס פאַרטיידיקונג", וואָס ער האָט מיט אַזאַ קורצער צייט צוריק איבערגעזעצט אין דער באַקונישער שול : — „ס'רופט זיך אָן אין מיר עפּעס אַן אינערלעכע שטים, וועלכע שלעפּט מיך אַוועק כסדר, ווי נאָר זי רופט זיך אָן, פון דעם, וואָס כ'האָב אין יענער רגע בדעה צו טון, אָבער אַליין שטויסט זי מיך צו גאָרנישט נישט" . . .

די אַלטע חכמים האָבן זיך געקענט אויף דער אינערלעכער שטים. זיי האָבן געוווּסט, אַז אַזאַ שטים, דער אינערלעכער „דאַי-מאָניאָן", פלעגט און פאַרפירט דעם מענטש. זיי האָבן זי אָנגע-רופן „די נביאישע שטים", אַ דערשיינונג, וואָס קומט פון די גע-טער. צי קען דען זיין עפעס פשוטערס, ווי אומקערן זיך גלייך פון קאַפע-הויז צו יענער פאַרזאַמלונג, מודה זיין זיך אין דעם געמאַכטן טעות, אויסשיסן מיט אַ דרשה, ווי הונדערט טויזנט שרים, פאַרשאַפן זיך הונדערט טויזנט אַפּלאָדיסמענטס, — דערוועקן צו הונדערט טויזנט אַזעלכע טאַטן, וואָס פון זיי זאָל דיראַזיקע אַלטע ערד, וואָס האָט שוין אַזוי פיל קרעכצן אויפגעהערט, ווידער אַ קרעכץ טון, ווי קיינמאָל נאָך ביז איצט נישט. נאָר וואָס? די אינערלעכע נביאישע שטים איבערצייגט, אַז דער וועג פירט אין ערגעץ נישט. דער וועג וואָלט געפירט אין אַ בלוטיקער פּוסטקייט אַריין. . .

---

מ'האָט אָבער געמוזט גיין אַרבעטן צו גאַיאָוויעצן. צעזאַן האָט געהאָפט, אַז דער „אַלטער" וועט נישט זיין אין דער היים, וועט ער קענען רויק אַרבעטן, וועט ער קענען אַ ביסל איינשטילן די צעשרויפטע געהירן. ווי צום אומגליק איז גאַיאָוויעץ געבליבן „שטיקן" אין דער היים. דערזעענדיק אים, האָט באַריקאַ, אַנשטאָט דעם, וואָס ער האָט געהאָפט זיך איינצושטילן די צעשרויפטע געהירן, דערפילט אַ גיהנומדיק פאַרביסנקייט. באַלד נאָך דער באַ-גריסונג האָט ער געזאָגט מיט אַ טייוולאָנישער הנאה:

— כ'קום נאָר וואָס צוריק פון אַ קאָמוניסטישער פאַרזאַמ-לונג.

— כ'גראַטוליר דיר מיט דער נייער באַקאַנטשאַפט!

— און ווו דען האָב איך צו גיין?

— וואָס הייסט — ווו דו האָסט צו גיין? דאַרפסט זיך לער-נען מעדיצין.

— איך לערן זיך איצט בא די קאָמוניסטן דערקענען פוילן.

— דאָס האָט פיאָטר מאַרטשינאַ געלערנט.

— ניין! — האָט צעזאַרי אויסגעשריגן. — ניין! ווען נישט זיי, וואָלט איך געווען פינסטער, ווי דער טאַביק. איר ווייסט נאָך אויך נישט דעם גאַנצן אמת.

— בא אייך וועל איך דאָס ערשט געוויר ווערן!

— יאָ! מיין מאַמע איז געשטאָרבן נישט פון דלות און נישט פון די קלעפ און נישט פון די חולאתן, נאָר פון בענקשאַפט נאָך פוילן. מיין טאַטע... מיין טאַטע און מיין מאַמע! און איר, מושלים, וואָס האָט איר געמאַכט פון דער בענקשאַפט פון שטאַרבנדיקע? אַ פייניקונגס-אָרט! מ'שלאָגט! מ'שלאָגט צום טויט אין די תפיסות! מ'פייניקט! אַ פּאָליציאַנט, אַ פּאַרזעענער מיט טאָרטור-מכשירים, דאָס איז פוילנס איינציקער אָנלען!

— לעסטערסט, יונגערמאַן!

— כ'לעסטער נישט. כ'זאָג דעם אמת. ווען איך וואָלט אָנגעהויבן צו „לעסטערן", וואָלט איך שוין נישט צוריקגעקומען צו אייך. און איך בין נאָך היינט צוריקגעקומען.

— נאָך היינט?

— נאָך היינט! איך פרעג אייך, פאַרוואָס גיט איר נישט אַוועק די ערד די מענטשן אָן ערד?

— מיר האָבן נישט קיין געלט די אויסצוקויפן.

— אויסצוקויפן! איר זענט נישט דערוואַקסן צו צעברעכן די מאַגנאַטעריע, וואָס האָט שוין איינמאָל אַראָפּגעבראַנגט די קנעכטשאַפט אויף פוילן. איר האָט נישט לודוויק דעם עלפטנס נשמה, כדי צו צעברעכן די פריצישע געוואַלט און פאַרוואַנדלען דאָס לאַנד אין אַ קיבוץ פון אַרבעטסזאַמע מענטשן. פאַרוואָס דריקט איר אונטער די נישט-פּאָליאַקן אין נאָמען פון פוילן? פאַרוואָס איז דאָ אַזאַ דלות? פאַרוואָס איז יעדעס ווינקל אין יעדער מויער דורכגעפוילט פון שנאָרערס? פאַרוואָס קערן דאָ די קינדער צונויף אויף די גאַסן דעם נאַסן קוילן-שטויב, כדי זיך אַ ביסל צו דערוואַרעמען צוליבן שווערן ווינטער?

— באַלד, באַלד! וואַרט אונטער! צופיל פראַגן מיטאַמאָל! אַ ביסל פּאַמעלעכער!

— אויף אַלץ וועט איר געפינען אַן אויסטייטשונג! כ׳וויס! אָבער איך וויל נישט, כ׳וויל נישט אייערע אויסטייטשונגען. איך וויל זען אַן אַפּליקעצונג אין טאַט!

— מיר גיבן זיי יעדן טאָג, פּאַמעלעך, מיט שוועריקייטן, ווייניק, — אָבער מיר גיבן.

— איך שטעל איצט פראַגן! און כ׳פרעג: אויף וואָס וואַרט איר? דער גורל האָט אייך געגעבן אין דער האַנט אַריין אַ פריי פּאַטערלאַנד, אַ פרייע מלוכה, די מלוכה פון די יאַגעלאָנער! ער האָט אייך געגעבן פרעמדע פעלקער, אָרימע, פּשוטע, כּדי איר זאָלט זיי דערוואַרעמען באַם האַרץ פון דער מלכּה, דער האַרין, דער מאַמע, כּדי איר זאָלט זיי צום האַרצן צוטוליען. אַ הויפּט-שטאָט פון פרייהייט האָט ער אייך דאָ געגעבן! און איר וואַרט! וואַרט! וואַרט, ביז מען וועט אייך ווידער אָנטון דעם יאָך.

— מ׳וועט נישט אָנטון! מיר וועלן שטאַרבן, אָבער דעם יאָך וועט מען אונדז שוין נישט אָנטון! זיי וועלן נישט דערלעבן, מיר זאָלן זיך צוקוקן דערצו.

— כ׳גלייב נישט! איר וועט שוין אויספשטעלען די סיבּות פון אייער נייער קנעכטשאַפט. איר וועט אָנגעבן אַלע סיבּות און קלאָר מאַכן דעם פּועל-יוצא. פאַר אייך, חכמים, וועט, ווי שטענדיק, פאַלן — די יוגנט! איך ווייס דאָך, וואָס איך רעד, ווייל כ׳בין דאָך נישט געזעסן אונטערן אויוון, ווען די יונגע זענען געבאַנגען שטאַרבן. איר וועט עס ווידער אויסקוילן אייער יוגנט — מיט אייער חכמה, ווייל די איינציקע חכמה אייערע, דאָס איז דער פּאָליציאַנט, נו — און דער זעלנער.

— יאָ, דער זעלנער! און וואָס האָסטו נאָך פאַר אַ פאַרטיידיקונג?

— איך האָב נאָך פאַר אַ פאַרטיידיקונג — רעפאָרמען! רעפאָרמען, וואָס וואָלטן איבערגעשטיגן די באָלשעוויסטישע אין דייטשעשע, וואָס וואָלטן די גרענעץ-פעלקער צוריק צוגעצויגן צו

פוילן, און נישט צו רוסלאַנד. אָבער איר זעענט קליינע מענטשן און — פּחדנים!

— דאָס איז נאָר אַ באַליידיקונג. קיין טראָפּן אמת איז אין דעם גישט פאַראַן.

— איר האָט מורא פאַר אַ גרויסער טאַט, פאַר אַ גרויסער אַגראַר־רעפאָרם, פאַר דער אומבאַקאַנטער איבעראַנדערשונג פון די אַלטע תּפיסות. איר מוזט זיך נאָכשלעפּן נאָך „אייראָפּע". אין ערגעץ איז עס נישט געשען, ווי־זשע קען עס געשען בײַ אונדז? האָט איר דען לעניגס מוט, כּדי אָנצוהייבן אַן אומבאַקאַנט ווערק, צעשטערן דאָס אַלטע און אויפבויען נײַעס? איר קענט נאָר אויסטראַכטן, באַשמוצן, רכילות־טרײַבן. האָט איר דען אין זיך דעם עקשנותדיקן מוט פון יענע מענטשן, די אומבאַקעמפּבאַרע Virtus*), וואָס קען זיך טועה זײַן אין איר אויסרעכנונג, אָבער ס'איז אָן־שום־ספק אַ גרויסער פּרווו צו פאַרבעסערן די מענטשהייט? קיינער טראַכט נישט וועגן דעם, איר זאָלט ווערן די אָנהענגער, נאָכטוער, אויספירער פון יענע געדאַנקען, איר זאָלט זײַן שעוויקעס, אָבער צי האָט איר זייער מוט?

— „כ'וועל מיך קיינמאָל נישט באַרימען, אַז איך באַזיץ אַ באַוואונדערן מוט. איך קען מיך נאָר מקריב זײַן פאַר מײַנע נאָנטע. אין תהום עמעצן אַראָפּשטויסן, דאָס קען איך נישט"...

— דאָס זענען אַלטע, מאַגנאַטישע, ראָמאַנטישע טעקסטן, מיט וועלכע מ'פאַרשמירט בעת־צרה די היינט־געשטעלטע פראַגן. איר זאָגט, אַז איר האָט זיך שוין באַפרייט פון ראָמאַנטיזם, און דאָך, אויב עס גייט אייך אין אָפּוואַרפן אַ פאָרוווּרף, באַנוצט איר זיך מיט אַ ראָמאַנטישן טעקסט, פּונקט ווי אַ גלח, וואָס טײַטשט אויס די פּסוקים פון די הייליקע שריפטן אַזוי, ווי עס טויג אים. דער מחבר פון די שורות האָט יאָ „אַראָפּגעשטויסן אין תהום" און „די פּײַן פון נאָנטע" האָט אים נישט „געגליווערט דאָס בלוט" — נאָר ער האָט יעדן טאָג, אומבאַמערקבאַר, נאַטירלעך,

*) העלדישקייט.

געדריקט ביזן טויט זיינע פאַנשטשיזנע-קנעכט. ס'האָט אים ווי געטון „די פיין פון די נאָנטע", אָבער נאָר פון די פריצים. אָבער נישט דאָס איז וויכטיק. מ'דאַרף האָבן מוט, מוט אַוועקצושטעלן אַ נייע אידעע. וואָסער אידעע פון פוילן האָט איר אין דער נייער וועלט, אין דער אַזוי אויסערגעוויינטלעך נייער? וואָסערע?

— כ'האָב דיך געבעטן זאָלסט אַרבעטן מיט מיר. די הויפנס פּאַפּיר אַנטהאַלטן פוילנס נייע אידעע.

— דאָס זענען הויפנס פּאַפּיר, אָבער נישט מער. דאָס אויסגעהונגערטע פאָלק אין די דערפער, דאָס אויסגעמאַטערטע פאָלק אין די פאַבריקן, דאָס היימלאָזע פאָלק אין די פאָרשטעט. ווי אַזוי האָט איר בדעה צו פאַרבעסערן דאָס לעבן פון די יידן, וואָס זענען צונויפגעפּרעסט אין די געטאָס? איר ווייסט גאָרנישט. איר האָט נישט קיין שום אידעע.

— עס גייט אונדז נישט אין דעם, וואָס פאַר אַ אידעע עפּעס אַ טרוימער וועט זיך אויסגראַבלען פון מות, אַ אידעע, וואָס וועט פּאַסן צום לעבן, ווי אַ פויסט צו דער נאָז. אונדז גייט אין אַ קלוג איינאָרדענען דאָס אמתע לעבן אויף די יסודות פון קלוגסטן צוזאַמענלעבן

— ניין! פוילן מוז דרינגענדיק האָבן אַ גרויסע אידעע! זאָל עס זיין די אַגראַר-רעפאָרם, דאָס גרינדן פון נייע אינדוסטריע-צווייגן, אָבער עפּעס אַ גרויסער טאַט, מיט וועלכע מענטשן זאָלן קענען אָטעמען, ווי מיט לופט. דאָ הערשט אַ שטיקעניש. דאָס זיין פון דער גרויסער מלוכה, פון דעם גאָלדענעם פּאַטערלאַנד, פון דעם הייליקן וואָרט, פאַר וועלכן מאַרטירער זיינען געשטאָרבן, פוילנס זיין, — פאַר אַ אידעע! אייער אידעע דאָס איז די אַלטע לאָזונג פון שלימזלען, וואָס האָבן פוילן פאַרפּוּשט: ס'וועט שוין זיין ס'איז זיין!"

— מיר האָבן צופיל שונאים אַרום זיך און אויף דער ברייטער וועלט, אינערלעכע און אויסערלעכע, מיר זאָלן קענען היינט און אפילו אין יאָרן אַרום אויסאַרבעטן און אַוועקשטעלן אויף אונדזערע וועגן אַן אידעע. ווען ס'וועט מיך עמעצער באַפאַלן אין מיטן נאַכט, וועט דאַמאָלס זיין מיין אידעע — פאַרטיידיקן זיך! ווען ער דראָט

מיר מסדר, אַז ער וועט מיך אַרויסטרייבן פון מיין הויז און נעמען מיך אַלס זיין קנעכט, מוז איך דאָך עפּעס צוגרייטן זיך אַלט פאַרטיידיקונג. פאַרטיידיקן זיך פאַר דער שרעקלעכער פאַרייניקונג פון שונאים — דאָס איז די ערשטע אידעע. נישט אָוועקגעבן דאָס הייליקע פוילן, נישט אָוועקגעבן לעמבערג, נישט אָוועקגעבן פּויזן, נישט אָוועקגעבן דעם ים ברעג, נישט אָוועקגעבן ווילנע — קיינעם נישט פון די אַלע, וואָס ציִען אויס די הענט נאָך רויב, — דייטשן, רוסן, ליטווינער. נישט לאָזן, אַז די אונדז נאָנטע פעלקער זאָלן רוסיפיצירט ווערן...

— פאַרשמייסן צום טויט, אָבער נישט געבן!

— אויב מ'פאַרשמייסט בּאַ אונדז צום טויט, ווי דו זאָגסט, איז עס פאַר רוסיפיקאַציע, פאַרן פאַרקויפן זיך צום פּאָניע, פאַר דינען אים קעגן פוילן. דאָס איז אַ בלוטיקער און נידערטרעכטיקער מעטאָד פון אונדזערע שונאים, אָבער מיר באַניצן זיך מיט אים צוליב נויטווענדיקייט.

— נויטווענדיקייט... אָ, פאַלשקייט! אָ, שקר!

— דו קענסט דאָך מאָסקווע. איך וועל דיך פרעגן, צי דאַרט שטראָפט מען, ווי בּאַ אונדז, די אַלע, וואָס פאַראַטן, וואָס בונטעווען זיך קעגן די הערשנדיקע רעכט? כ'וועל דיר איין פאַקט דערמאָנען: דער אַלס עירובניק געווּמענער, — אַ גוטער מנהג! — וויטאָלד יאַרקאָווסקי, אַ געניאַלער דערפינדער, אויסגעצייכנטער טעאָרעטיקער פון אַוויאַטיק, אַ פּראָפעסאָר, די טייערסטע מענטשלעכע נשמה, דער שטאָלץ פון מענטשלעכן מין, איז אַלס צ.בנטער אין דער שורה אָוועקגעשטעלט געוואָרן לעבן דער וואַנט און אַ שום חטא נידערטרעכטיק דורכגעלעכערט געוואָרן מיט קוילן...

— בּאַ אונדז דאַרף זיין נישט ערגער, נישט דאָס זעלבע, נאָר בעסער!

— בּאַ אונדז וועט זיין בעסער. אין די גרענעצן פון דעם פוילן, וואָס איז אונדז איבערגעגעבן געוואָרן דורכן גורל, וועלן געשאַפן ווערן פרייע און גלייכע פאַרייניקטע שטאַטן. מיר וועלן אַלץ אויסאַרבעטן. מיר וועלן אויפבויען אַ געמיינזאַם הויז. אָבער

מיר מוזן דאָך אָנהייבן פון פונדאַמענט, און קודם־כל דאַרפן מיר האָבן מיט וואָס צו בויען. אָן געלט קען מען נישט בויען.

— כ'ווייס — „דער גילדן"...

— אָט־אָט. האָסט עס מיר פון מויל אַרויסגענומען. מיר קענען נישט אַוועקגעבן אין קנעכטשאַפט אונדזער ברודער אין אוקראַינע. דער גאַנצער גשמיש פון רוסינער, פאַליאַקן, ליטווינער מוז לעבן אין דער פוילישער רעפובליק. ווען מיר וועלן אויסבויען אונדזער הויז, וועלן מיר אָפּגעבן „דעם ברודער רוסינער אַ גרוס, ברודערלעכקייט און גלייכע רעכט אין אַלעם". מיר וועלן געבן „אַ פעלד באַם הויז פון יעדער משפחה, אין דאָס פעלד וועט זיך געפינען אונטער דער שוץ פון דער קהלה". אַלץ וועט זיין! מיר וועלן געבן אַנטשעדיקונג פאַר די עוולות, מיר וועלן זיך איבערבעטן מיט אַלע, מיר וועלן זיך דערהייבן...

---

אין אַ געוויסן טאָג, אין אָנהייב חודש מערץ, האָט צעזאַרי באַריקאַ באַקומען אין קאָרידאָר פון כראָזעקטאָריום אַ בריוו, וואָס איז געבראַנגט געוואָרן דורך אַ גאָסן־שליח. אויפן קאָנווערט איז דייטלעך געווען אויפגעשריבן דער אַדרעס, נאָמען און פאַמיליען־נאָמען, אַזוי, אַז עס האָט נישט געקענט האָבן דאָ פאָרגעקומען עפּעס אַ טעות. אין בריוו האָט זיך געפונען אַ בויגן פּאַפּיר מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„כ'בין געקומען אויף אַ קורצער צייט קיין וואַרשע. אויב ס'מאַכט אייך נישט אויס, בעט איך אייך זיך צו טרעפן מיט מיר. כ'וועל הייגט צווייי אַ זייגער נאָך מיטאָג זיין אין זאַקסישן גאָרטן לעבן דעם פאָנטאַן. — לאַורא".

די ווערטער האָבן דורכגעבויערט צעזאַרין ביזן מאַרך פון די ביינער. לכתחילה האָט ער געהאַט אַ חשד: דאָס פאַרגאַרט מיך דער באַרוויצקי אין אַ נעץ אַריין. „לאַורא" — דאָס איז די נאַרשפּייז, דאָרט, לעבן דעם פאָנטאַן, וועלן מיך באַפאַלן אַ פּאָר אויס־

ווורפן. אַ גוט אָרט. ווייל באַלד נאָך דער אָפּעראַציע וועט מען זיך קענען אָפּשוועכן. שפּעטער קומען די רעפלעקסן: פאַרוואָס עפּעס באַרוויצקי? אויב יאָ, איז פאַרוואָס עפּעס אין גאָרטן, לעבן דעם פאָנטאַן, אַ ווייניק-באַוועגלעך אָרט? אויב באַרוויצקי — איז ערגעץ אין אַ קאַפע-הויז, אין טעאַטער, אויף אַ פּלאַץ. פאַרוואָס זאָל עס טאַקע נישט זיין לאַורא?

לאַורא! דער קלאַנג פון דעם נאָמען, דאָס שעפּטשען פון דעם נאָמען, זיין ריח...

צעזאַרי האָט זיך שוין נישט אומגעקערט צו די מתים, וואָס האָבן אים איצט ווינציקער געשמעקט. ער האָט זיך אָפּגעוואַשן, אויסגעשמירט מיט שפּירטוס, אויסגעפּוצט, אויסגעלופטערט. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן אין דער ריכטונג פון טראַמוויי. עס איז נאָך געווען אַ סך צייט, דערפאַר האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט פון ווייטנס צו אָבסערווירן דאָס אָרט. ער האָט בא זיך אַליין אויסגעזען לעכערלעך, בשעת ער האָט פון הינטער די ביימער אָפּער אויסגעפּאָרשט די געגנט אַרום דעם פאָנטאַן, דאָ פון איין זייט, דאָ פון דער אַנדערער. געציילטע דורכגייער האָבן זיך געשלעפּט אין די בלאָטעס און מיט אַ געוויסער פאַרוווּנדערונג זיך צוגעקוקט צום יונגנמאַן, וואָס האָט אַזוי עקשנותדיק אַרומשפּאַצירט אין דער ליידיקער אַלעע. נישט איינער (נישט איינע) האָט געטראַכט:

— אַ, מסתמא אַ „ראַנדעוו“... אוי, יונגער, יונגער!

„אַ ראַנדעוו!“ מיט לאַוראַן! נאָך אַזוי פיל בענקשאַפט, צער, האָפענונגסלאָזיקייט און יאוש! אַ שוידער האָט אים דורכגענומען, דאָס האַרץ האָט אים געקלאַפּט. עס פאַרפעלט אָטעם. טרויער און פלאַמיקע פרייד. זכרונות און חלומות. מורא און בקשות. קיינער איז נישט אָנגעקומען. קיינער האָט זיך נישט פאַרבייגערוקט פאַרביי דעם פאָנטאַן. וואָס איז געוואָרן דער אויסדרוק פון יסורים, אַ משוגעדיק געשטאַלט פון בענקשאַפט, קאָשמאַר, פון האַלוצינאַציעס. עס זענען געווען מינוטן, ווען צעזאַרי האָט באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון דאַנען, אַוועקגיין, אַוועקגיין! דאָס האָט אים די אומ-

בעדולדיקייט אַזוי געטראָגן, אַז ער האָט דעם אָטעם נישט געקענט כאַפּן אין איין־שטיין אַ סעקונדע אויף איין אָרט, — דאָס האָט אים די קאַלטע פאַראַכטונג אָנגעפילט די ברוסט, ווי אַ סם, וואָס גליווערט דאָס בלוט אין די אָדערן. אויסערגעוויינטלעך לעכערלעך זענען געווען די איבערגאַנגען פון איין ראַנד צום אַנדערן, פון דעם קאַלטסטן אַנאַליזירן, אַז דאָס איז דאָך אַ באַשיימפּערלעך שפּיצל, — ביז דעם צעשמאָלצן ווערן אין גליק פון געפיל, וואָס וועט גאָרנישט און וויל גאָרנישט נישט וויסן.

דאָס האַרץ האָט זיך געוואָרפן אין דער ברוסט.

אין אַ געוויסער רגע האָט צעזאַרי דערזען לאַוראַן, בשעת זי איז אַרויסגעגאַנגען פון הויז, די זײַלן באַם זאַקסישן פּלאַץ. דאָס בילד האָט אים נישט דורכגענומען מיט דער געהעריקער פרייד. זײַנע אויגן האָבן זיך נאָר געזעטיקט מיטן אמת, אַז דאָס איז זי. זי האָט אים אויסגעזען צו זײַן יינגער מיט אַ פינף, זעקס יאָר. אַן אמת זעכצן־יעריק מיידל. אָנגעטון איז זי געווען אין אַ קורצן סויבעלנעם מאַנטל און אין נישט קיין לאַנגן קלייד. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ שיינעם הוט מיט אַ שוואַרצער פעדער, אויף די פיס — הויכע, ווייסע שיך. זי איז דאָך געווען די שענסטע פון די פרויען! — זי איז געווען די עלעגאַנטסטע פון אַלע פרויען אין דער גרויסער שטאָט! אָ, ווי שיין זי איז געווען! וואָס פאַר אַן אומבאַשרייבלעך געפיל עס האָט זיך אַרום איר געטראָגן, בשעת זי איז געגאַנגען פאַר זיך, אַרומקוקנדיק זיך אַרום פאָנטאַן!

צעזאַרי האָט געקוקט אויף איר, אויף דעם אומפאַרגלייכלעכן בילד, און ער האָט זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. ער האָט דורכגעלעבט זײַן העכסט גליק. אַלץ איינס! אָך, אַלץ איינס! לעבן און טויט איז גאָרנישט. דאָס איז דאָך זי, לאַוראַ. זי האָט אים פון דערווייטנס דערזען. זי האָט אויפגעהויבן צום פּנים די צוויי סויבעלנע מאַנקעטן פון אַרבל, פאַרדעקנדיק זיך די אויגן. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און געוואַרט. ער האָט זיך דערנענטערט און איז שטיין געבליבן אַקעגן איר.

— צי וועסטו מיך ווידער שלאָגן מיט אַ בייטש אין אירן פּנים? — האָט זי שטיל געפרעגט.

— ניין! — האָט ער אויסגעקרעכצט — קיינמאָל נישט! כ'בין דאַן אַזוי אומגליקלעך געווען... כ'דאַנק דיר דערפאַר, וואָס דו האָסט געוואָלט זיך זען מיט מיר.

— פאַרוואָס ביסטו פון דאָרט אַרויסגעפאָרן?

— האָסט חתונה געהאַט מיט באַרוויצקין.

— דאָס האָט דיך נישט געדאַרפט אַרן.

ער האָט זיך צעלאַכט, ווי אַ טיפּש.

— ער איז אויך דאָ אין וואַרשע?

— יאָ.

— מסתמא שפּאַצירט ער אונדז.

— האָסט מורא, טשאַרוש?

— כ'האָב מורא. איך האָב דאָך דיר שוין באַוויזן, ווי שטאַרק כ'האָב מורא פאַר אים. אָ, איך האָב מורא! כ'וואָלט אים געוואָלט פּאַקן אין מיינע הענט אַריין. ווייסט? כ'וואָלט גרייט געווען אויפצופלאַקערן אַ רעוואָלוציע, כּדי אים אַנצוקריגן אין מיינע הענט אַריין.

— אַ פיינע רעוואָלוציע קען עס שוין זיין, אויב איר ציל איז באַרוויצקי בעצמו ובכבודו. און מיך ווילסטו אויך פּאַקן און פּייניקן אַזוי ווי אים?

— דיך... דיך — ניין. נאָר דיך האָב איך דאָך ליב דיך האָב איך ליב ביז שגעון. איך קען נישט אַנדערש רעדן און כ'רעד ווי אין טעאַטער, אָדער אין אַ ראָמאַן: „ביז שגעון". דו ביסט דאָך — לאַורע.

— און דו ביסט נאָך אַלץ בייז אויף מיר?

— בייז?... מיר וועלן דאָך קיינמאָל נישט זיין צוזאַמען! שטענדיק וועט יענער מעגטש זיין מיט דיר! זאָג, קען עס נישט אַריינברענגען אין פאַרצווייפלונג!

— טראַכט נישט וועגן דעם.

— טאָ וועגן וואָס דען האָב איך צו טראַכטן? ווייסטו נישט צופעליק וועגן וואָס איך האָב צו טראַכטן?

— האָסטו געטראַכט וועגן מיר?

— כ'האָב טעג און נעכט געטראַכט וועגן דיר. אומעטום, שטענדיק! אין פּראָזעקטאָריום, בײַ דער אַרבעט, בײַם שרײַבן ציפערן פֿאַר עפּעס אַ באַאַמטן, אויף דער גאַס, אינדערהיים, בײַ מוזיק, אין שענק, אין טעאַטער, בײַם טיש, בײַ שמועסן, בײַ דיסקוסיעס, בײַ סקאַנדאַלן, — אומעטום, וווּ נאָר כ'בין געווען. ביסט לעבן מיר געשטאַנען. כ'האָב דיך געפֿילט האַרט הינטער מײַנע אָרעמס, כ'האָב געפֿילט דײַן ריח, כ'האָב דיך געפֿילט אין זיך, אין מײַן בלוט, אין מײַן ברוסט, אין מײַנע אָדערן. כ'האָב דיך געקושט אינמיטן דער נאַכט. — מסתּמא דאַן, ווען יענער האָט דיך געקושט, — כ'האָב איבערן גאַנצן לײַב אויסגעשטרעקט צו דיר די הענט, — מסתּמא דאַן, ווען יענער האָט דיך אַרומגענומען! דו ביסט אַזוי פּשוט — פּרעכטיק, דו ביסט אַזוי שיין, אַזוי עלעגאַנט, אַזוי געשיקט, אַזוי דופטנדיק, אַזוי איינציק — אויסדערוויילט, ליבע! דו ביסט אַרומגערינגלט דורך אוממעגלעכע, אויסגעחלומטע, ראַפינירטע קאָלירן! דו ביסט לאַורא! לאַורא! לאַורא!

זיי זענען געגאַנגען דורך אַ ווײַטיקער אַלעיע. די ליידיקע ביימער זענען אומבאַוועגלעך געשטאַנען, ווי זיי וואָלטן אויסגעהערט די ווידוי. די ביימער זענען געווען, ווי אָנגעשוואָלן פֿון די פֿײַכטקייט, פֿון דעם, וואָס דער פֿראָסט האָט געלאָזט, פֿון די זויער=ווערנדיקע עלעמענטן, וואָס האָבן שוין געברויזט אין דער ערד נאָך די לאַנגדויערנדע רעגנס. די פֿרוי לאַורא באַריצקאַ האָט זיך ביטער צעוויינט און האָט ווייטער גערעדט:

— ביסט נישט געווען אַזוי לאַנג! כ'האָב שוין טיילמאָל געטראַכט, אַז דו ביסט לחלוטין נישט געווען. כ'האָב טיילמאָל געטראַכט, אַז דו ביסט נאָר געווען אַ שיינע פּאָעזיע, וועלכע כ'האָב געלייענט אין די גליקלעכע צײַטן פֿון מײַנע קינדער-יאָרן. כ'האָב טיילמאָל געטראַכט, אַז ביסט נאָר געווען אַ פֿאַרנעפּלטע דערציילונג, מײַן חלום וועגן אַ שיינקייט, וועגן דער שענסטער פֿרוי פֿון מענטשלעכן מין. טיילמאָל האָב איך אין מײַן בענקשאַפֿט דיך געבעטן, דו זאָלסט צו מיר קומען אין חלום. און איצט ביסטו אַליין געקומען. ביסט געקומען אַ פּרעכטיקערע, ווי אין לעגיען. אַ שע-

נערע נאָך, אַ רייצנדערע, ליכטיקערע! ביסט איצט אזוי שלאַנק, אזוי צאַרט. אָבער דו ביסט אַזוי בלאַס, אַזוי טרויעריק. פאַרוואָס ביסטו טרויעריק?

זי האָט גאָרנישט געענטפערט. אַ טרער האָט אַ טרער פאַרגאָסן, און איבער די באַקן זענען געפלאָסן דיקע שניירלעך. זי האָט אויפגעהויבן דעם חאַל, און עס האָבן זיך געזען אירע דורכזיכטיקע, ווינטערדיק־ווייסע באַקן. זי האָט נישט געקענט אויפהייבן די אויגן, ווייל זיי זענען איבערפולט געווען מיט טרערן־כוואַליעס. זי האָט נישט געקענט רעדן, ווייל איר מויל איז פול געווען מיט געזאָלצענער ביטערקייט. ענדלעך איז זי שטיין געבליבן.

— זעכט, וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט! — האָט זי אַרויסגעוואָרפן פון דער ברוסט־טיפעניש.

— וואָס?

— אַך, דו! — האָט זי אויסגעשאָסן. — ווען דו וואָלסט דאַמאָלס נישט געווען געמאַכט יענעם סקאַנדאַל, וואָלט איך דאָך אפשר אַרויסגעקראָכן פון דער בעץ.

— יענעם סקאַנדאַל... — האָט ער איבערגעחזרט, ווי אַן עכאָ.

— כ'וואָלט מיך אפשר געזען פון אים אַרויסגעדרייט! איך וואָלט שוין אפשר געווען געפינען מיטלען, ווי אַזוי פונאַנדערצופליאָנטערן, פונאַנדערצווויקלען דעם קנויל פון מיינע געשעפטן, כ'וואָלט געווען געהאָרעוועט ביזן טויט, אָבער לסוף וואָלט איך דאָך געווען אַרויסגעקראָכן דערפון. דו האָסט אַלס אָנגעמאַכט, וואָס כ'האָב באַלד געמוזט חתונה האָבן! כ'האָב געמוזט, אָדער ראַטעווען מיין נאָמען, אָדער פאַרלוירן גיין. דו, משוגענער, ווילדער מאַסקוויטש! כ'האָב געקענט זיין דיינע, און איצט מוז איך זיין מיט באַרהיצקין, כ'מוז זיין זיין ווייב!

ס'האָט זי אָנגעכאַפּט אַ שטום, דערדריקט, ספּאַזמאַטיש געוויין, אַ משוגע כליפּען. אויף אַ רגע האָט זי זיך גובר געווען, פאַרטראַכט זיך. זי האָט קוים־קוים אַרויסגעברענגט די ווערטער, וואָס זי האָט מיט געוואָלט אַרויסגעריסן פון דער ברוסט:

— איצט מוז איך... מוז איך... אַזוי אָט... שטאַרבן פון בענקשאַפט... נאָך דיר...

צעזאַרי האָט זיך אַ וואַקל געטון. ער האָט געפילט, ווי ער וואָלט באַקומען אַ שרעקלעכן שנייד מיט אַ שפּיצרוט צווישן די אויגן. ער האָט ווי פאַרלוירן זיין קול. קיין איין וואָרט נישט געענטפערט. ער איז שטיין געבליבן אַ פאַרגאַפטער און פאַרשטומטער. בעטן זי ? איבערבעטן זי ? צוזאָגן עפּעס ? אויספּײַנערן זיך פאַר איר ? קיין איין געדאַנק, קיין איין באַשלוס.

ער האָט שטיל אַרויסגעקרעכצט:

— לאָמיר גיין פון דאַנען...

— וווהין ?

האָט ער דען געוווסט וווהין ? וווער איז עס געווען די פרוי ? איצט האָט ער זיך ערשט דערוווסט וועגן איר. ווען ער זאָל קענען וואַרפן זיך פאַר אירע קני, ווען ער זאָל קענען צודריקן צום מויל דעם ברעג פון איר קליידל, ווען ער זאָל קענען אויסקושן אירע טריט !

פאַרשידענע מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען און געקוקט אויף דער אַזוי שיינער און אַזוי ביטער וויינענדיקער דאַמע. מ'האָט אומבאַדינגט באַדאַרפט אַוועקצוגיין פון דאַנען. האָט ער ווידער געזאָגט:

— לאָמיר גיין פון דאַנען !

— און וווהין וועלן מיר גיין ?

זי האָט אָנגעשטעלט אירע אויגן אויף אים. ס'האָט זיך דורכגעגליטשט איבער איר אַזוי שיין אויסגעשניטן מויל אַ בלאַסער שמייכל, אַ פאַרבלאָנדזשעטער גאַסט.

— ניין, טשאַרוש, — האָט זי געזאָגט, — כ'וועל שוין מיט דיר אין ערגעץ נישט גיין.

— קיינמאָל נישט ?

— קיינמאָל.

— איז צו וואַס-זשע האָסטו מיך גערופן ?

— כ'האָב דיך אַהערגערופן. — האָט זי אַרויסגעקרעכצט.

פון די טיפסטע טיפעגישן פון איר חייטיק, — כ׳יי אַ קוק צו טון אויף דיר, אויף די איינציקע, איינציקע ליבע פון מיין האַרץ! אויף מיין פאַרלוירן, פאַרלוירן גליק! און דו האָסט געמיינט, אַז סתם אַזוי אויף אַ ראַנדעווו! אין אַ האָטעל אַריין? אַ פיין ווייבל... אין אַ האָטעל אַריין?

— כ׳האָב גאָרנישט געמיינט.

— זאָגסטו, אַז כ׳בין דאַר געוואָרן? זעס! — דאָס איז אײַבער דיר! און דו?

זי האָט אַ ביסל אָפּגעווישט אירע פאַרוויינטע און רויטע אויגן און געקוקט אויף אים מיט אַן אומבאַשרייבלעכער ליבע, מיט אַן אומגעהייערער זיסקייט. זי האָט באַטראַכט צעזאַרים מויל, זיינע אויגן, באָרד און באַקן, ווי זי וואָלט זיי געקושט מיט די אויגן. הונדערט מאָל האָט זי אויף אים אויפגעהויבן די אויגן און הונדערט מאָל זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט.

— אַזוי, אַזוי — האָט ער אָפּגעקרעכצט, — איצט ביסטו שוין באַרוויצקיס לעגאַלע ווייב.

— יאָ.

— און די חתונה איז אַ מניעה פאַר אונדזער גליק?

זי האָט זיך אַ וואַקל געטון, אַ חיג געטון אויפן אָרט, נישט קענענדיק ווייטער גיין. לסוף האָט זי געזאָגט:

— חתונה, נישט חתונה... וואָס גייט מיך אָן באַרוויצקי! אָבער דאָס וואָרט. דאָס געגעבענע ערן-וואָרט.

— ערן-וואָרט...

— יאָ, טשאַרוש. איך בין געווען פריי און דו ביסט געווען פריי. מיר זענען געווען צוויי פרייע פייגל. מיר האָבן געוואָלט... אָבער דו האָסט עס אַליין צעטרעטן מיט די פיס! [...]

— דו זאָגסט ליגן! דאָס טרעטסטו איצט אַליין מיט דיינע פיס! אונדזער גליק!

— בייזער דיך נישט אויף מיר! בייזער דיך נישט איצט אויף מיר! מיט דער רגע וועל איך דאָך לעבן... לאַנגע חדשים, לאַנגע חדשים... נעם מיר נישט צו די רגע!

זי האָט געוואָלט אָנכאַפּן אומבאַמערקטערהייט זיין האַנט, אָבער ער האָט זי אַרויסגעריסן. ס'איז אים ווידער באַפאַלן די שלאַנג פון אייפערזוכט, דער שרעקלעכסטער פון אַלע דעמאָנען. ער האָט זיך ווילד פונאַנדערגעלאַכט:

— ערן-וואָרט! ערן-וואָרט!

ער האָט זיך פון ווייטנס פאַרנייגט.

— טשאַרוש! גיי נישט! טשאַרוש! — האָט זי גערופן אין פאַרצווייפלונג, אין ווילדע יסורים.

אָבער ער האָט זיך שוין נישט אומגעקערט. ס'האָט זיך איינגעקלאַמערט אין אים די ווילדקייט פון געפיל, ווי ס'וואָלט זיך אויפגעכאַפּט אין זיין ברוסט דאָס האַרץ פון אַ צעווילדעוועטן האַביכט, ווי די נעגל פון דעם נקמהדיקן רויב-פויגל וואָלטן אויסגעוואַקסן אויף זיינע פינגער. ער איז געגאַנגען, פונאַנדערשפּריצנדיק די בלאָטע מיט די פיס, פייפנדיק מיט התמדה צווישן די טויבע ביימער.

---

ס'איז געווען דער ערשטער טאָג פון ערב-פרילינג. אַ דרום-ווינט האָט צעהערגעבלאָזן און פאַרוואַנדלט די צונויפגעשאַרטע שניי-בערג, וואָס זענען געלעגן לענגאויס די טראָטואַרן, אין אַ פליסיקער בלאָטע. דער טרוקענער און קאַפּריזער ווינט, האָט געבלאָזן איבער די האָר און מיילעכלעך, נאָזלעכער, באַק און אויערן פון די קינדער, וואָס האָבן געאיילט אין שול אַריין. טויזנטער שפּערלינגען האָבן פריידיק, שטאָלץ און עקשנותדיק געצווי-טשערט אויף די גזימסן פון אָפּגעקראַכענע מויערן, אויף די ריינע-לעכער און שוואַרצע צווייגן פון קאַשטאַן-בוים, דעם אַרעסטאַנט אין הויף פון אַ יידישער קאָמעניצע. די בלאַס-גרינע יידעלעך האָבן אַרויסגעשטעקט זייערע בלויע נעזלעך פון די קעלערס און פון די אַזוי גערופענע דירות אויף דער פראַנטשישקאַנער גאַס.

אין די רייַנע אַלעיען זענען די דורכגייער געגאַנגען פרייליך,
טופּענדיק מיט די טרוקענע שיך איבערן בעטאָן פון טראָטואַר, וואָס
איז בליץ-שנעל טרוקן געוואָרן. אויפן ראָג פון דער גאַס האָט
זיך שוין אַרומגעדרייט אַ יונגע גאַסן-מויד אין אַ צו פּרי אָנגעטו-
ענעם פרילינגס-קלייד, כדי אַ ביסל מער באַקעטקייט צו ווייזן די
לאַבוזעס אַלס צוצײַונג. אַ פרילינגס-וואָלקן איז פאַרבייגעשוועמען
איבער דער שטאָט, ווי אַ געטלעכער מלאך, וואָס האָט ליב אי די
פרומע, אי די זינדיקע. אַ גלאָק האָט זיך דערטראָגן פון אַ וויטן
טורעם, — ווי אויפן באַפעל פון מלאך, וואָס איז אונטערן הימל
געפלויגן און גערופן צו דער גאַנצער אָרימקייט, דער אויסגעמאַ-
טערטער און דורך חולאתן דורכגעפרעסנשר: — פרילינג, איר
ערדישע אָרימקייט!

אין דעם טאָג איז גראָד געגאַנגען אַ גרויסע אַרבעטער-
מאַניפעסטאַציע פון דער נייער וועלט, איבער דעם פּלאַץ פון די
„דריי צלמים” אין דער זייט פון בעלוועדער. אַרבעטסלאָזע פון
דעם פאַבריקאַנטישן לאַקאַוט, שטרייקנדיקע צוליב דעם יקרות און
דער אוממעגלעכקייט זיך אויסצולעבן פון דעם אַזוי קלעגלעכן
אַרבעטס-לוין, וועלכן זיי האָבן באַקומען, און — די באַוווסטזיני-
קע קאָמוניסטן. די האָבן מאַרשירט איובנאָן, די יונגע גוואַרדיע,
אָדער בעסער געזאָגט, דער אַוואַנגאַרד פון די סאָוויעטן.

די מענטשן זענען אַהערגעקומען פון נידעריקן וויסל-ברעג
אָדער פון דער ווייטער וואָלע. זיי האָבן זיך איינציקווייז דורכגע-
גנבעט דורך פאַרשידענע גאַסן, און ערשט דאָ, בײַ דעם ראָג פון די
אויאַזדאָווע אַלעיען, האָבן זיי זיך צונויפגעטראָפן און מיט פרייד
זיך פאַרזאַמלט אין איין מחנה. די אייגנטלעכע סיבה פון דער מאַ-
ניפעסטאַציע איז געווען פאָלגנדיקע:

אין איינער פון די פאַבריקן האָבן די אַרבעטער געפאָדערט
אַ לוין-העכערונג פון 50 פראָצענט. ווען די דירעקציע האָט זיך
קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו דערפילן די פאָדערונג, האָבן זיי גאַנץ
פיין אָנגענומען דעם הער דירעקטאָר אונטער די אָרעמס און
אַרויסגעפירט אים אויפן הויף, און פון דאָרט אויף יענער זייט

טויער. דארט האבן זיי אים מיט דער קני געבעטן, ער זאל זיך גיין אהיים און נישט דרייען זיך דארט, וווּ מ'דארף אים נישט. אליין האבן זיי צוריק פארנומען די ערטער בא די מאשינען, יעדער ארבעטער אויף זיין ארט. זיי האבן פראקלאמירט די פאבריק אלס א געוואונענע אין באזיץ פון ארבעטער-ראט. דער אייגנטימער פון דער פאבריק האט ווידער פון זיין זייט געמאלדן, אז ער שליסט די פאבריק אויף אן אומבאשטימטער צייט און זאגט אפ אלע ארבעטער. דאמאלס האבן די ארבעטער דערקלערט, אז זיי וועלן נישט דערלויבן שליסן די פאבריק, אז זיי וועלן אליין ארבעטן און קיינעם נישט איבערגעבן די פאבריק. דאמאלס האט די פאליציי ארומגערינגלט די פאבריק און געפאדערט פון די ארבעטער, זיי זאלן תיכף אפטרעטן, אויב זיי ווילן נישט, מען זאל זיי מיט געוואלט ארויספירן.

גראד אין יענע טעג האט די לייטונג פון דער פארטיי געפאדערט אן אונטערשטיצונג מצד דעם ארבעטער-כלל. די מאניפעסטאציע איז פלוצלינג ארויס פון פלאן און האט מארשירט צום בעלוועדער. אין דער ערשטער רייע פון דער גרויסער מחנה זענען געגאנגען, האלטנדיק זיך בא די הענט, די אידישע פארשטייער, צווישן אנדערע אויך לולעק און באריקא. באריקא איז סאמע מיט, אנגעטון, אין א זעלנערישן רעקל און זעלנעריש היטל. — זיי האבן געזונגען. — גראד האט זיך באוויזן אויף איינער פון די זייטיקע גאסן אן אפטיילונג פון רייטער-פאליציי. דער אפיציר, אן אנגעטוענער אין א גומענעם מאנטל, א צוגעקנעפלטן אויף די ברוסטן, איז אויף א שיינעם פערד געשפרונגען און געריטן לעבן דעם גרויען און געלן המון, וואס האט זיך צונויפגעפרעסט און צונויפגעגאסן אין איין גוף. דער אפיציר האט זיך אויפמערקזאם צוגעקוקט צו די אידישע, בעיקר אויפמערקזאם — צו דעם אין זעלנערישן היטל. ווען דער המון האט זיך דערנענטערט צום בעלוועדערישן פאלאץ, האט זיך פון דעם זעלנערישן וואך-הויז ארויסגערוקט אן אפטיילונג פוסגייער און אוועקגעשטעלט זיך אין דער ברייט פון גאס, ווי עס וואלט דארט פלוצלינג אויסגעוואקסן א גרויע וואנט, א פעסטער

פּאַרק, אַ מויער, נישט צום איינגעמען. באַריקאַ איז אַרויס פֿון דער צוּבעסטער-רייע און איז אַליין געגאַנגען גלייך אויף דער גרויסער זעלנער-מויער, — און נאָך אים איז געגאַנגען דער אַרימער המון.

# סוף

קאָס אנציי, דעם 21 סעפּטעמבער 1924.

# רשימה פון באמערקטע וויכטיקערע גרייזן.

| זייט | שורה | אנשטאט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 7 | 16 | גרונט-געהיינטלעכע | היימישע |
| 9 | 9 | באריגא | באריניא |
| „ | 15 | אייגנטלעכקייטן | אייגנטימלעכקייטן |
| 16 | 3 | זיד | זיך |
| 34 | 5 | רייט | רייטן |
| „ | 11 | האט אים | איז אויף |
| „ | 19 | פעלערס | פעלערן |
| 40 | 27 | קאנטאר | קאנטר |
| 42 | 30 | עלבע | זעלבע |
| 43 | 11 | אצעפט | אדעפט |
| „ | 20 | קובא | קורא |
| 47 | 9=10 | קאלדערע | קאלדרע |
| „ | 21 | ס'רייס | ס'רייסן |
| 50 | 10 | אידיוחידיום | [illegible] |
| „ | 27 | חי | [illegible] |
| 51 | 7 | געייען | נעהען |
| 56 | 19 | זיד | [illegible] |
| 60 | 21 | נעסטאסעס | נעסעסאסעס |
| 77 | 11 | דערצויגענע | צעצויגענע |
| 79 | 31 | דערקענט | געקענט |
| 85 | 16 | דאס באהאלטונגס-אמט | די באהעלטעניש |
| 86 | 31 | חאגן | חאגאן |
| 95 | 11 | לאנד | לאך |
| 105 | 28 | עשעלאן | עשאלאן |
| 107 | 32 | עלאנעלן | פלאנעלן! |
| 112 | „ | גאגן | נאגן |
| 113 | 30 | העלזעריי | העלזעריי |
| 129 | | דארף די באמערקונג זיין: „יענער טאג, דער טאג פון כעס" | |
| „ | 5 | „irse" | „irae" |
| 132 | 29 | עס | ער |
| 145 | 16 | בריה | בריאה |
| 151 | 10 | מאזאחיעצק | מאזאחשע |
| „ | 13 | ניראסטעניקער | נעוראסטעניקער |
| 155 | 3 | לעציענישע | לעניעצער |
| 158 | „ | געוויר | געבוירן |
| „ | 21 | הער | הערב |
| „ | | צום סוף פון דער לעצטער שורה פעלט דאס ווארט „מיט" | |
| 159 | 17 | גאנעל | גאנשערל |
| 162 | 2 | די ערד | דאס לאנד |
| „ | 28 | צווישן „צוהעלפן" און „הינטער", פעלט „ואס האט געהאלפן" | |

| זייט | שורה | אַנשטאַט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 172 | 7 | זיך | גיך |
| 181 | 24 | זאַפן | זאַפטן |
| 188 | 4 | דלער | אָדלער |
| 192 | 7 | אָן | פון |
| 195 | 3 | אַסטעראַטיקער | אַסטמאַטיקער |
| 203 | 17 | בקשה | בקשות |
| 207 | 26 | איז | זענען |
| 220 | 6 | און | אין |
| 223 | 3 | ב׳זאָל | זאָל |
| 231 | 25 | ב וּדער | ברידער |
| 233 | 11 | זומענדיקן | זומערדיקן |
| 243 | 26 | שטריך | שטריק |
| 245 | 10 | קאַטשיעניעצקין | קאַשטשיעניעצקין |
| 256 | „ | פון דער באַמערקונג: אַנשטאַט אַלדיאַס — אַליציאַס | |
| 267 | 1 | [illegible]אַרנאָקשיענזש[illegible]ק | טשאַרנאָקשיענזשניק |
| 271 | 25 | קעמ[illegible]ן | קעמפן |
| 275 | 12 | אוקראַינע | אוקראַינקע |
| 278 | 11 | און | אין |
| „ | 30 | אַריסאָקראַטישע | אַריסטאָקראַטישע |
| 301 | 29 | צווישן „געווען" און „גוט", דאָס וואָרט „אַזוי" | |
| 318 | „ | קאָנפעסיאָנאַט | קאָנפעסיאָנאַל |
| 319 | 5 | פאַלט אַרויס דאָס וואָרט „זיך" | |
| 342 | 4 | פון סוף אַנשטאַט „דעם" | ביים |
| 343 | 9 | בולוורניק | בולאַווניק |
| 351 | 23 | וועגייזער | וועגווייזער |
| 362 | 28 | קול | קויל |
| 364 | 22 | קאַוואַלריע | קאַוואַלעריע |
| 366 | 12 | צווישן „גייט" און „זיין", פעלט „אין" | |
| 367 | 4 | פון סוף, דאַרף זיין אַנשטאַט הורבעס—חורבות | |
| 372 | 20 | הלווה | הלוואה |
| 373 | 23 | דאָקטערינעס | דאָקטערינעס |
| 379 | 26 | טעראָריזירט | טעראָרעטיזירט |
| 385 | 2 | פון סוף, דאַרף זיין אַנשטאַט רענדער—רעדער | |
| 392 | 3 | ווו | ווי |
| 411 | 3 | מאַרטשינא | מאַרטשינען |
| 421 | 22 | באַריצקאַ | באַרוויצקאַ |
| „ | 23 | צווישן „און" און „האָט" פעלט „ער" | |
| 425 | 5 | נאָכן שטריך, דאַרף זיין | |